# ד ו ר   ה פ ל ג ה

דער ערשטער וואָס איז אַוועקגעפאָרן פון כושטיוקע קיין אַמעריקע איז געווען יאָסקע פון דער טאָרהאָוויצע.

יאָסקע פון דער טאָרהאָוויצע האָט מען אים גערופן בלויז צוליב „שיינקייט", דער אמתער נאָמען זיינער איז געווען יאָסקע דער פערד גנב, ווייל אויף דער טאָרהאָוויצע האָט ער ניט איין מאָל פאַרקויפט אָדער געקויפט אַ געגנבעט פערד, און ער איז אויך ניט  אַ ו ו ע ק־ ג ע פ אָ ר ן  קיין אַמעריקע, ער איז, ריכטיקער, אַנטלאָפן, און טאַקע צוליב אַ מסחר אויף דער טאָרהאָוויצע.  אויף זיין ווייב גנענדל האָט כושטיוקע שוין געקוקט ווי אויף אַן עגונה: יאָסקע פון דער טאָרהאָוויצע וועט עס אינזינען האָבן אַ ווייב!  אין אַ צייט אַרום איז אָבער צו דער „עגונה" אָנגעקומען אַ בריוו פון אַמעריקע, אַ בילד פון יאָסקען אין אַ שוואַרצן פידזשאַק, אַ האַרטן קאַפּעליוש, מיט אַ זייגער קייטל איבער דער ברוסט; אַ פּאָוויעסטקע אויף געלט, און אַן אָנזאָג אַז אינגיכן וועט ער צושיקן אַ שיפסקאַרטע.  פון אַן עגונה איז גנענדל געוואָרן די אַמעריקאַנקע פון שטעטל.  זי איז געגאַנגען צו שמשון שרייבער ער זאָל איר שרייבן די בריוו און די אַדרעסן צו איר מאַן, און שמשון שרייבער האָט געלייענט די בריוו פון יאָסקען, געשריבן די בריוו צו יאָסקען „ . . . און זיי וויסן, מיין ליבער הויכגעשעצטער געמאל . . ." און אויך געשריבן און געלייענט דעם ענגלישן אַדרעס צו יאָסקען, וועלכער האָט זיך געפונען אין

קלעוועלאַנד, אָהיאָ. כושטיווקער לצים האָבן דעם נאָמען גלייך אײַבערגעדרייט אויף קעלעוו־לאַנד און זיך געוויצלט: גאָט שיקט צו דעם הונט זיין וואַנט . . . און דעם כלב זיין לאַנד, אָבער מאַלע וואָס כושטיווקער לצים האָבן גערעדט, וואָס שמשון שרייבער האָט געלייענט, געשריבן האָט ער ריכטיק, אָט ווי דער אַדרעס איז אָנגעקומען, קליוולאַנד, אָהייאָ, די בריוו זיינע זיינען אָנגעקומען און איין ענטפער אויף זיינעם אַ בריוו איז געווען אַ שיפסקאַרטע פאַר גנענדלען.

נאָך אָט דער שיפסקאַרטע איז קליוולאַנד, אָהייאָ, געוואָרן אַ טייל פון אַמעריקע, און אַז אַ כושטיווקער איז געפאָרן קיין אַמעריקע איז ער ניט געפאָרן קיין ניו יאָרק, באָסטאָן אָדער פילאַדעלפיאַ, נאָר קיין קליוולאַנד. און ווען מיט יאָרן שפּעטער האָט דוד פּיניע עטיע דבורהס באַדאַרפט אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע איז ער אויך געפאָרן קיין קליוולאַנד.

דוד פּיניע עטיע דבורהס האָט זיך גאָרניט אָנגעקערט מיט יאָסקען פון דער טאָרהאָוויצע. פאַר דער חתונה האָט ער געהייסן דוד דעם חזנ׳ס. דער טאַטע זיינער, שמואל אבא דער חזן, איז ניט געווען פון די חזנים פאַר וועלכע שטעט האָבן זיך געשלאָגן. קיין שטימע האָט ער ניט געהאַט, דערפאַר אָבער אַן אמתער בעל תפילה, פון זיינעם אַ מוסף האָט מען געקענט צעגיין פאַר געוויין, אַזוי האָבן געזאָגט די כושטיווקער אידן, און דערפאַר האָבן זיי אים געצאָלט אַ גאַנצן פינפאונצוואַנציקער אַ יאָר, דערצו האָט ער נאָך געהאַט זייטיקע הכנסות — אַן אל מלא רחמים, אַ ברית, אַ חתונה. דער עמוד און די זייטיקע הכנסות האָבן אָבער ניט אריינגעבראַכט גענוג אויף צום לעבן, שמואל אבא דער חזן איז געווען אַ בעל מטופל מיט אַ ווייב און פינף קינדער, האָט ער נאָך צו דער חזנות פריער אַביסל צוגעהאַנדעלט, געכאַפּט אַמאָל אַ מעקלעריי, מערסטנס אָבער געכאַפּט אַ גמילות חסד, און שפּעטער צו גאָר גענומען אונטערקנעלן, ניט געענוי אַ מלמד מיט אַ חדר, בלויז אַ פּאָר אינגלעך, נגידישע קינדער.

זיין עלטסטער זון, דוד שמואל אבא דעם חזנס, אָדער ווי ער האָט זיך שוין גערופן, דוד כאַזאַנאָוויטש, איז שוין געווען אַן אויפגעקלערטער. דאָס יונגע בערדל זיינס האָט ער יעדן פרייטיק אונטערגעשאָרן לאַזנדיק בלויז אַ סמן פון אַ בערדל. ער האָט געלייענט

דעם „המליץ״, וואָס איז אָנגעקומען צו פּיניע עטיע דבורהס, זיין צוקונפטיקן שווער, האָט גשפּילט פידל — אַליין זיך אויסגעלערנט—, געחלומט וועגן פאַרן קיין פּייטערבאָרג, געשריבן צו דער חברה מפיצי השכלה אַ לאַנגן העברעאישן בריוו, פול מיט מליצה, זיי זאָלן אים העלפן זיך אַרויסרייסן פונם פינסטערן, קליינעם שטעטל, אים העלפן קומען אין דער הויפט שטאָט, דאָס אָרט פון ליכט, חכמה און וויסנשאַפט. זיי האָבן ניט געענטפערט, אפילו אַ קאַרטל ניט אָנגע־שריבן. האָט ער זיך אַרומגעדרייט אויפן מאַרק, אַרום וואָקזאַל, גע־חלומט ווערן אַ קאָמיסיאָנער און געוואָרן . . . פּיניע עטיע דבורהס אַן איידים.

כושטיוועקע, דאָס שטעטל פון שוסטער, שניידער, קירזשנער, מור־ליאַרעס, סטאָליאַרעס, קרעמער, סוחרים און מעקלער, האָט אַ צייט לאַנג גערעדט וועגן דעם שידוך. די שניידער מיידלעך און שוסטער יונגען האָבן גערעדט וועגן דער ליבע צווישן דוד דעם חזנס און אסתרקע פּיניע עטיע דבורהס, דוד — דער העלד מיטן שיינעם רוסיאַווען בערדל, מיט די גרויסע, ברוינע אויגן, דער איידעלער יונגערמאַן וואָס לייענט דעם „המליץ״, שפּילט פידל אַלע שבת צו־נאַכטס; אסתרקע — די ראָמאַנטישע פאַרליבטע וועמען עס גייט אויס דאָס חיות ווען זי הערט אים שפּילן פידל. די סוחרים האָבן זיך געהאַט זייערע השערות: ווייזט אויס ס'האַלט גאַנץ שמאָל מיט פּיניע עטיע דבורהס, אַז מ׳גיט אויס אַ טאָכטער פאַרן חזנס זונדל. אמת, די קלייטן, פּיניע עטיע דבורהס קלייטן אינמיטן מאַרק, שטייען ווי פריער, עטיע דבורה גייט נאָך אַלע אינדערפרי אַרויס מיטן בינט שליסל אין איר שניט קראָם; די טאָכטער, אסתרקע, איז ניט אַזאַ יפת תואר און האַלט שוין ניט ווייט פון שלושים, מ׳מוז פון איר פּטור ווערן כדי אַנדערע טעכטער, נאָך דריי, זאָלן זיי געזונט און שטאַרק זיין, זאָלן קענען חתונה האָבן, פונדעסטוועגן ווען עס זאָל זיין דער אמתער נדן וואָלט עטיע דבורה ניט געטון דעם שידוך. ווייזט אויס אַז דער אמתער נדן איז נ י ט אַ .

ווער פון די כושטיוועקער איז געווען גערעכט איז ניט זיכער, דער שידוך איז אָבער זיכער געווען אַ שידוך, אַ חתונה האָט מען געפּראַוועט ווי עס פּאַסט זיך פאַר פּיניע עטיע דבורהס, פאַר עטיע דבורהן, און דוד דעם חזנס איז געוואָרן דוד פּיניע עטיע דבורהס.

אַ יאָר צייט איז ער געזעסן אויף קעסט, זיך געדרייט, ווי פריער, אויפֿן מאַרק, ביים וואָקזאַל, אָבער אויך אַריינגעקוקט צו שווער און שוויגער אין שניט קראָם און נאָכן יאָר, נאָכדעם ווי עטיע דבורה האָט געקראָגן דאָס ערשטע אייניקל, האָט זי אַריינגעזעצט איר איידים אין אַן אייגענער שניט קראָם, אַ קלענערע פֿון אירער און ניט פּונקט אינמיטן מאַרק, אָבער אַ שניט קראָם מיט ציץ, מולטאָן, פלאַנעל, קאָרט און אפילו געוואַנט און — צי פּרנסה פאַר זיך מיט ווייב און קינד.

כּושטיווקער סוחרים האָבן ווידער גערעדט: אפנים מ׳לאָדעט ניט. אַ קראָם פאַר זיך, און פון הויז זיך אַרויסגעקליבן, אייניקע האָבן אפילו אונטערגעלאַכט: אָץ אַ סוחר, דץ אַ קרעמער! אָבער דוד, פּיניע עטיע דבורהס איידים, איז געשטאַנען אין קראָם, שבת און יום טוב געגאַנגען צוגאָסט צו שווער און שוויגער און אויך צו טאַטע מאַמע, אַמאָל אַ שבת צונאַכטס געשפּילט פידל אויך, געפּאָרן מיטן שווער נאָך סחורה, נאָכדעם שוין אַליין געפאָרן, געפירט די קראָם איינער אַליין, און נאָכן ערשטן קינד, יעדע צוויי יאָר געפּראַוועט אַ ברית.

פיר בריתן האָט דוד פּיניע עטיע דבורהס געפּראַוועט; חיים, ברוך, שלום און מלך. די משפּחה איז געוואַקסן, געוואַקסן אויך די הוצאות, אָבער די קראָם איז ניט געוואַקסן. פאַרקערט. כּושטיווקער סוחרים וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן דודס קראָם כאַפּן מיט אים אַ שמועס — קיין צופיל קונים זיינען ניט אַריינגעקומען — און האָבן בלויז געכאַפּט אַ קוק אויף די פּאָליצעס, האָבן גערעדט אַז ביי דודן אויף די פּאָליצעס איז דאָ גענוג פּלאַץ פאַר נאָך אַ שניט קראָם, די מחיה, ווייזט אויס, שעפּיטיעט ניט. און די כּושטיווקער סוחרים האָבן געהאַט שאַרפע אויגן. ווען דיזעלבע כּושטיווקער סוחרים האָבן איינמאָל דערזען ווי עטיע דבורה גייט אינמיטן העלן טאָג אַריבער צו איר איידים אין קראָם האָבן זיי דערשמעקט אַז עפּעס טוט זיך דאָרט. און כּושטיווקער סוחרים האָבן געהאַט אַ גוטן חוש הריח.

אינגיכן נאָך דער שוויגערס באַזוך אינמיטן העלן טאָג איז אויף דוד פּיניע עטיע דבורהס קראָם געהאַנגען אַ שלאָס. אייניקע כּוש־טיווקער סוחרים האָבן גערעדט מיט זיכערקייט אַז דוד האָט זיך געשטעלט, פּשוט אָנגעזעצט, מ׳וואָלט אים באַדאַרפט אָוועקשטעלן

אַ ווייס פערד ביי דער טיר, אַנדערע האָבן באַוויזן אַז ס׳הויבט זיך ניט אָן, ער האָט ניט  ג ע ק ע נ ט  זיך שטעלן: וואָס מיינסטו, וואָס? דוד וועט ניט צאָלן קיין וועקסלען און עטיע דבורה וועט האַלטן אָפן איר קראָם?

— פאַרלאָז זיך אויף עטיע דבורהן! — האָבן די ווייסער געענטפערט.

און אויף עטיע דבורהן האָט מען זיך געקענט פאַרלאָזן. צי זי האָט געצאָלט דעם איידימס וועקסלען האָבן די סוחרים זיך טאַקע ניט דערוואוסט, אָבער גאַנץ כושטיוווקע איז מיט אַמאָל געוואוירע געוואָרן, אַז דוד פּיניע עטיע דבורהס מיטן ווייב, מיט די פיר קינדער זיינען אַוועקגעפאָרן, אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

און אַוועקגעפאָרן זיינען זיי קיין קליוולאַנד, אין דער שטאָט וואוהין יאָסקע פון דער טאַרהאָוויצע איז אַמאָל מיט יאָרן צוריק פאַרפאָרן, וואוהין כושטיוווקע איז פון דאַן אָן געפאָרן. ניט אומזיסט זאָגט מען: גיב דעם טייוול אַ פינגער נעמט ער די גאַנצע האַנט.

(2)

— גֹעסט! געסט! ווען זייט איר געקומען? ווי איז געווען די רייזע? וואָס מאַכט דער טאַטע, די מאַמע?

אסתר כאַזאנאָוויטש, אסתר, פּיניע עטיע דבורהס טאָכטער, האָט צעטומלט געקוקט אויף די פרעגער, די פרעגערינס. וואָס האָט צו טון אָט די אַ שפרה חנה לאהס, שפרה די קורעלאַפּניטשקע, מיט איר, אסתרס, טאַטע מאַמע צו פרעגן וואָס זיי מאַכן? אָבער שפרה די קורעלאַפּניטשקע, די מרס. בערמאַן, וואַרט אפילו ניט אויף אסתרס ענטפער, זי האַלט אין איין פרעגן: און וואָס מאַכט . . . ? און וואָס מאַכט . . . ?

די מרס. בערמאַן איז ניט די איינציקע פראַגע שטעלערין. גאַנץ כושטיוווקע, כושטיוווקע וואָס האָט זיך באַזעצט אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, אין דער שטאָט קליוולאַנד, אין דעם געגנט פון פּערי סטריט און וואודלאַנד עוועניו, איז געקומען זען די גרינע. שפרה די קורעלאַפּניטשקע און חיה ביילע די קנעטערין, און איציע דעם קצבס, און בערל דער דאַמסקע שניידער, און . . .

בערל דער דאַמסקע שניידער, ער, וואָס איז געזעסן ביי פּיניע עטיע דבורהס אין הויז געגייט די חתונה קליידער פאַר אסתרן, ער האָט זיך גאָר געפילט היימיש מיט דער „כלה“ און אויך מיטן חתן.
— נו, ווי גלייכסטו אַמעריקע? — האָט ער געקלאַפּט דודן אין פּלייצע. — אַ פיינע קאָונטרי, האַ? צ׳אָלרייט, וועסט אָפּזיין אַ פּאָר וואָכן וועסטו זען. אַמעריקע איז אָלרייט.
אויף אים גופא האָט זיך ניט אַזוי שטאַרק אָנגעזען דער „אָל־רייט“ פון אַמעריקע. אין די צען יאָר זינט ער האָט פאַרלאָזט כוש־טיווקע איז ער געעלטערט געוואָרן אפשר אויף צוואַנציק לויטן אויס־זען, אַ פליך האָט זיך אים שוין געשניטן, דער פּנים געקנייטשט, אָבער ער האָט גערעדט אַזוי האָפערדיק. אים האָט שטאַרק הנאה געטון צו זען גרינע ביים אָנקומען, נאָכמער האָט אים הנאה געטון צו זען אָט ד י גרינע, די מיוחסים, דוד פּיניע עטיע דבורהס, אסתרקע, דאָ ביי אים, אין זיין אַמעריקע. אָט אַזוי, מיוחסים האַ? אין אַמעריקע ניטאָ קיין יחוס. ער איז אפילו גרייט צו געבן דודן אַרבעט, טאַקע ביי זיך אין שאַפּ. — זאָלסט זיך גאָרניט זאָרגן, — קלאַפּט ער דודן פריינדליך אין פּלייצע. — וועסט ניט פאַרפאַלן ווערן. אין אַמעריקע ווערט מען ניט פאַרפאַלן. ווילסט קענסטו אפילו מאָרגן אַרויפגיין אַרבעטן צו מיר אין שאַפּ.
— אין וואָס?
בערל דער שניידער, באַרני קאָהן, איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ געלעכטער. — אוי, סאַראַ גרינע! אין שאַפּ! אַ שאַפּ, אַ פאַבריק. אַ פאַבריק פון קליידלעך. פריער געאַרבעט פאַר יענעם, געוואָרן אויסגעריסן, איצט האָב איך אַ שאַפּ פאַר זיך, ניט קיין גרויסער שאַפּ, אינגאַנצן זעקס מאַשינקעס, אָבער מ׳מאַכט אַ לעבן. און נאָך מער ווי אַ לעבן. אפשר אַרויפברייינגען אַ קעסעלע ביר?
באַרני קאָהן האָט אַריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע, פלינק אַרויסגעכאַפּט אַ מטבע און אַריינגעשטופּט איינעם פון די באַזוכער: נאָ, גיי ברייננ אַרויף אַ קעסעלע ביר!
ביים טרינקען דעם ביר איז באַרני קאָהן, די אַנדערע באַזוכער, געוואָרן נאָך מער באַרעדעוודיק, נאָך היימישער . . . דוד כאַזאַנאָוויטש האָט צעטומלט געקוקט אויף די מאַנסבילן, אויף זייער הילוך — אָן היטלען, אָן רעקלעך, די העמדער צעכראַסטעט, די אַרבל פון די העמ־

דער פּאַרקאַטשעט, פּאַסיקעס אַרום די בייכער. אַט דער הילוך האָט אַזוי ניט האַרמאָנירט מיט די פּאָטאָגראַפיעס, וואָס פלעגן אָנקומען קיין כושטיוּוקע, די פּאָטאָגראַפיעס פון מענער מיט האַרטע קאָפּער־ליושן, שוואַרצע פּיזשאַקעס, קייטלעך אויף דער ברוסט. אַלע אַזוי צעכראַסטעט אין הילוך, אַזוי צעכראַסטעט אין באַנעמונג, אַלע אויף דו. מיט זיי אינאייינעם חזרים געפּאַשעט. היינט אַ שפּראַך! ער פאַרשטייט אפשר איין וואָרט פון צען. און זיי רעדן דאָך אידיש!

די באַזוכער זיינען געקומען אויספּרעגן, געוואוירע ווערן, אָפּ־נעמען גרוסן, אָבער זיי האָבן גערעדט מער ווי די נאָר וואָס אָנגע־קומענע, גערעדט טאָקע וועגן כושטיוּוקע, און מיט וואָס פאַר אַ איב־טערעס, מיט וואָס פאַר אַ ליבע! שפרה די קורעלאָפּניטשקע האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף אַלע נגידישע הייזער וואוהין זי פלעגט אריינ־טראָגן הינער. — וואָס גייען איר אָן די אַלע הייזער, די אַלע מענטשן?

— האָט אסתר ניט געקענט באַגרייפן, ווייל זי האָט ניט פאַרשטאַנען אַז שפרה די קורעלאָפּניטשקע פרעגט אויף די אַלע הייזער ניט ווייל זיי זיינען ביי איר געווען אַזוי איינגעבאַקן אין האַרצן, זי האָט געפרעגט אויף די הייזער און מיינען האָט זי געמיינט — כושטיוּוקע, איר היים, איר שטיבל דאָרט, די ערד, דעם הימל איבער כושטיוּוקע. אסתר האָט דאָס ניט באַגריפן און געפילט אַ מין באַליידיקונג אין שפרה דער קורעלאָפּניטשקעס היימישקייט מיט איר און איז געווען ברוגז אויף דער אַמעריקע וואו אַזאַ זאַך איז גאָר מעגליך.

שפרה די קורעלאָפּניטשקע, בערל דער שניידער, לאַנג שוין פון כושטיוּוקע, וועלן שוין קיינמאָל ניט זיין דאָרט, האָבן שוין גאָר ניט געוואָלט זיין דאָרט, האָבן אָבער געבייינקט אַהין, געבייינקט נאָך די יונגע יאָרן, אַ גרוס פון דאָרט איז אַ גרוס פון דער קינדהייט, און אויס דאַנקבאַרקייט פאַר אַט דעם „גרוס", פאַר דער געלעגענהייט צו רעדן וועגן כושטיוּוקע, פרעגן זיי זיך נאָך אויף מענטשן מיט וועמען זיי האָבן קיינמאָל קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, און אַט די כושטיוּו־קער, אַט די וואָס זיינען נאָר וואָס געקומען פון דאָרט, זיינען זיי גרייט צו העלפן מיט אַן עצה און אפילו מיט אַ פּאָר דאָלאַר אויך.

— אפשר פעלט אייך אַ פּאָר דאָלאַר? שעמט זיך ניט! — זאָגט בערל דער שניידער און זיין האַנט איז שוין אין קעשענע.

— אַ דאַנק, אַ שיינעם דאַנק אייך, — ענטפערט דוד כאַזאַנאָ־

וויטש. — מיר האָבן שוין, גאָט צו דאַנקען, אַלעס, שוין אַלעס איינ־געקויפט, זיך אַביסל אויסגעקליידט און נאָך געבליבן אַ פּאָר דאָלאר אויך. מיר'ן זיך אַרומקוקן וועלן מיר זען.

— איז אַלרייט. „עני טיים" איר'ט דאַרפן אַ פּאָר דאָלאר, — גיט בערל דער שניידער אַ מאַך מיט דער האַנט, און די האַנט דער־ענדיקט — איז קומט צו מיר. — און דערוויייל — גוד באַי!

בערל דער שניידער איז אַוועקגעגאַנגען אַ צופרידענער. צופרידן וואָס ער האָט אָפּגענומען אַ גרוס פון כושטיווקע, צופרידן וואָס ער איז געוועזן ביי דוד און אסתר פּיניע עטיע דבורהס, געזען זיי, דערביי איז ער דער אַמעריקאַנער און זיי די גרינע, צופרידן וואָס ער האָט זיי פאָרגעשלאָגן אַ פּאָר דאָלאר. ער וואָלט זיי געגעבן אויך. פאַר־וואָס ניט? לאַנדסלייט. און אויך צופרידן וואָס זיי האָבן די פּאָר דאָלאר ניט אָנגענומען. בארני קאָהן איז גאָרניט געווען אַזאַ צעוואָר־פענער . . . זיי האָבן ניט גענומען ווייל ס'איז זיי ניט אָנגעשטאַנען? נאַרישקייט! אין אַמעריקע אַז מ'גיט נעמט מען. 'עלן זיך אויס־גרינען. ער ווייסט שוין. בארני קאָהן איז געווען צופרידן.

דוד און אסתר זיינען געווען ניט אַזוי צופרידן פון די אַלע באַ־זוכער. טאַקע גוט, פיין, אַלע קומען, אַלע פרעגן, אייניקע ווילן אפילו העלפן, אָבער צופיל, צופיל יאַריד און צו . . . היימיש. דער איינ־ציקער אָנגעלייגטער גאַסט איז זלמן זיידמאַן, צו וועמען זיי זיינען פאַרפאָרן דעם ערשטן טאָג. ער אַז ער קומט איז עפּעס אַנדערש. פאָרט אַן איידעלער מענטש, ניט ווי די אַ . . .

זלמן זיידמאַן, אַ געבוירענער יורד, וועמעס פאָטער האָט שוין געטראָגן אַן אויסגעטריפּעטן זיידענעם סורדוט פון די „גוטע צייטן", האָט זיך לאַנג געקווײנקלט איידער ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע, אָבער געפאָרן איז ער, אַ ברירה האָט ער געהאַט? אין כושטיווקע איז שוין ניט געווען מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען און דער זון אין קליוולאַנד האָט געשריבן: קום, געשיקט שיפסקאַרטן, איז ער געפאָרן. מיטגענומען האָט ער מיט זיך דעם דלות און דעם יורדישן שטאָלץ, און אין די פיר יאָר וואָס ער האָט שוין פאַרבראַכט אין אַמעריקע האָט ער ניט באַוויזן פּטור צו ווערן ניט פון דלות און ניט פונם שטאָלץ.

— פאַר אונזערן אַ מענטשן איז דאָ שווער, זייער שווער די

ערשטע צייט, — האָט ער גערעדט טרויעריקליך אָבער געלאַסן. — איר זאָגט בערל דער שניידער. זיי, די שניידער, די שוסטער, זיי איז דאָ גוט. ער האָט עפּעס געהאַט צו פאַרלירן? וואָס האָט ער, וואָס דאַרף ער און וואָס פעלט אים? אייך שוין פאַרגעשלאָגן גיין צו אים אַרבעטן? נו, וואָס דען. מלאכה מלוכה. איר זאָלט זיך עס אַרויס־שלאָגן פון קאָפּ. איר'ט שוין אין דער שניידערישער שול ניט דאַוו־נען.

— דאָ שולן דאָ?

— וואָס פרעגט איר? — האָט שוין זיידמאַן זיך אַזש אַ רוק געטון אויף זיין ביינקל. — וואָס מיינט איר? דאָ זיינען אידן קיין אידן ניט? דאָ שולן, מ'דאַווענט, מ'לערנט אַ פּרק משניות, אפילו אַ בלאַט גמרא. שבת, אַז מירן דערלעבן און געזונט זיין, וועל איך אייך נעמען אין מיין שול, וועט זיך באַקענען מיט אידן, איר'ט זען, דאָ אידן וואָס קענען לערנען, ניט קיין גוואַלדיקע למדנים, אָבער ניט קיין עמי הארצים. ניט אַלע אידן זיינען געוואָרן שניידער. איר'ט מיך פאָלגן איז — מסחר. איר פאַרשטייט? אין געשעפט איז ווי איינער טרעפט, פון מלאכה איז ביי קיינעם קיין מזל ברכה. דערפאַר זאָג איך — מסחר. מ'הויבט אָן קליין, אָבער טאַקע גאָר קליין, מ'נעמט אַ קוישיקל דאָרט מיט אַלערליי שמאָכטעס און מ'גייט אַרויס פאַרקויפן.

— מ'דאַרף דאָך אָבער קענען ריידן?

— ריידן. איר'ט זיך שוין אויסלערנען. וויפיל איר דאַרפט וועט איר זיך אויסלערנען דעם ערשטן טאָג. אָט בין איך שוין דאָ פיר יאָר, דאָס פינפטע, קען ניט רעדן, פונדעסטוועגן קום איך אויס. אודאי אַז מ'קען שאַדט ניט, אָבער ס'קומט אָן שווער אַ אונזעריקן. זיי, — האָט ער אָנגעוויזן אויף די קינדער, — זיי כאַפּן די שפּראַך איינס און צוויי. פאַר זיי איז דאָ אַ לעבעדיקע וועלט. אַהער דאַרף מען קומען ווען מ'איז יונג. זיי וועט שוין זיין גרינגער פון אונז. אָבער גאָרנישט, גאָט איז אַ פאָטער. מ'ווערט ניט פאַרפאַלן. נו, איר האָט שוין אַלץ? שוין אַלץ איינגעשטעלט? וועט זיך איינשטעלן. נאָר ניט געזאָרגט.

יעדער איינער האָט געהייסן זיך ניט זאָרגן, יעדער איינער האָט פאַרזיכערט אַז מ'וועט ניט פאַרפאַלן ווערן, דאָך האָבן דוד און אסתר

געפילט, ניט ווי פאַרפאַלענע, נאָר ווי פאַרלאָרענע. אפילו די פיר אינגלעך, וועגן וועמען אַלע זיינען געווען איינשטימיק אַז זיי איז גוט, זיי וועלן שוין ניט פאַרפאַלן ווערן, זיי האָבן זיך אויך געפילט ווי פאַרלאָרענע.

אַ פאַרלאָרענער האָט זיך דערפילט דער זיבצניאָריקער חיים ווען דער שערער האָט אים צום ערשטן מאָל אַוועקגעלייגט אויפן ראַזיר שטול, אים אָנגעזייפט די באַקן און גענומען שאַרפן דעם גאָל מעסער אָפּצוגאָלן זיין „באָרד״. ער האָט שוין לאַנג געטאָפּט די לאַנגע בלאָנדע האָר אויף זיינע באַקן און קין, זיי געצופּט און שטי־לערהייד, טאַטע מאַמע זאָלן ניט זען, זיי געפּרואווט אָפּשערן, דאָס שערל האָט אָבער ניט פאַרכאַפּט גענוג און די האָר זיינען געוואַקסן אַזעלכע דינע, אָבער אַזוינע לאַנגע, אַזעלכע ווייכע. איצט ליגט ער, דער שערער שאַרפט דעם מעסער. ווען ער קען זיך אויפהויבן, כאָטש זיצן, ניט ליגן. אָט שטעלט ער אָן דעם גאָל מעסער. זיך אויפהויבן, אַנטלויפן! דער גאָל מעסער האָט געגלעט די באַק, אין שפּיגל האָט ער דערזען די באַק זיינע, אַ ריינע, אַ ראָזעווע. ניט אַזוי געפערליך, הייסט עס, און נאָכדעם, ווען ער איז געשטאַנען, זיך געשפּיגלט אין זיין פרישן אָפּגעגאָלענעם פּנים, פאַרצויגן זיין אַמע־ריקאַנעם לאַנגן שניפּס איבער דער אַמעריקאַנער העמד, געזען נאָך אַמאָל די אַמעריקאַנער הויזן מיט די פאַרקאַשערטע קאַלאשניעס, כאָטש ס׳איז זומער, ניטאָ קיין בלאָטע, האָט ער זיך געפילט אַז ער איז עפּעס געוואָרן אַן אַנדערער, אָבער דאָך ניט קיין אַמעריקאַנער, נאָר אַ פרעמדער, אַ גרינער.

— נו, גרינער, געפעלט דיר?

— צ׳אָלרייט, — האָט חיים געענטפערט און רויט געוואָרן.

— „דעם טוטין, צ׳אָלרייט״, — האָט דער שערער געשמייכלט.

— אַ גרינער, — האָט ער דערקלערט אַ צווייטן קונה, — ערשט געקומען, שמעקט נאָך מיט שיף און ווייסט שוין צ׳אָלרייט. „טהיינק יו! קאָל אגיין״.

„גרינער. גרינער״ . . . דאָס וואָרט האָט נאָכגעיאָגט דעם זיבצניאָריקן חיים. אים האָט זיך געדוכט אַז אַלע, יעדער איינער וואָס גייט פאַרביי, יעדער מאַן, יעדער בחור, יעדע מיידל . . . זעט אַז ער איז אַ גרינער און זי לאַכט פון אים. די מיידלעך דאָ —

עפּעס אַנדערע. קוקן אַזוי . . . פֿרעך. אין כּושטיוּוקע אויך געווען מיידלעך — חייקע, טייבל, שיקסלעך. די שיקסלעך זיינען געגאַנגען באַרוויס, די פּיס האָבן זיך אַרויסגעזעצן ביז די קני און ווען יאַוודאָכע איז אַריבערגעקראָכן דעם פּלייט . . . דאָ, אָט די מיידל גייט, דוכט זיך אָנגעטון, אַ בלוזקע, אַ קליידל, שיך, און זאָקן, דאָך זעט זיך אַרויס מער . . . אַנדערע מיידלעך. איינגאַנצן אַנדערש. היינט אַזוי פּיל מענטשן! אַזוי פּיל מענטשן! אַזאַ טומל, אַזוי הייס. זיך אויסבאָדן. דער טייך. מיידלעך, איינגלעך באָדן זיך, מ׳שווימט אונטער אונטערן וואַסער, מ׳כאַפּט אָן פֿאַר די פּיס, קערט איבער . . . דאָ באָדט מען זיך אין קליידער. אַנדערש. אַלץ אַנדערש. זיך איבעראַנדערשן. זיך אויסגרינען, ווערן אויס גרינער!

— „וואָטס יור ניים?״ — האָט דער עלפּיאַריקער מלך, דער איינגסטער, דערהערט ביי זיין אַרויסקומען אין גאַס.

אין דעם יונגן מח האָט אַ בליץ געטון: ניים—נאָמען. דאָס פֿרעגט מען אים זיין נאָמען, ווי ער הייסט.

— מיין ניים (ביידע נונען האָבן זיך דערנעענטערט ביים אַרויסריידן) איז מלך.

— וו ־ א ־ ס?!

די שאַרפֿע, פּאַטשערקע, שוואַרצע אויגלעך האָבן זיך אַ וואָרף געטון, דערשראָקן אַ קוק געטון און געבליבן שטיין פֿאַרוואונדערטע: וואָס אַזוינס האָט ער געזאָגט וואָס זאָל קענען אַרויסרופֿן אָט דעם וו ־ אַ ־ ס ?

— וואָס האָסטו געזאָגט איז דיין נאָמען?

— מיין ניים . . .

— זיין נאָמען איז גריני. גרי־ני! גרי־ני! גרי־ני!

אין די אויערן האָט געקלונגען גרין, פֿאַר די אויגן האָט געשווינדלט גרין, טאָמער איז נאָך ווינציק, איז איין אינגל צוגעקומען, אַ לייג געטון דעם נאָז צו זיין גאַרניטורל — אַ ניי אַמעריקאַנער גאַרניטורל מיט קורצע הויזלעך — פֿאַרקרומט דעם נאָז און פֿאַרקוועטשט אים מיט צוויי פֿינגער: עס שטינקט מיט שיף! אַ צווייטער אינגל האָט אַ צופּ געטון ביים לאַץ. מלך האָט געפֿילט זיין ליפּ ציטערט, אין די אויגן איז אים הייס, באַלד פּלאַצט ער אויס אין אַ געוויין, אַנטלויפֿט. ניין, ער׳ט ניט אַנטלויפֿן. ער׳ט ניט אַנטלויפֿן!

ער וועט . . . ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, אַ שטויס געטון דעם אינגל וואָס האָט געטשעפּעט זיין לאַץ.

— וואַנאַפּאַיט? — (ווילסט זיך שלאָגן?)

מלך האָט ניט פאַרשטאַנען „דאָס וואָרט", ער האָט אָבער געזען די קולאַקלעך פון דעם אינגל, זיין שטעל, און ער האָט באַגריפן וואָס מ'וויל פון אים. ער האָט ניט געוואָלט זיך שלאָגן, ער'ט אָבער ניט אַנטלויפן. ער'ט ניט אַנטלויפן, ער'ט . . . ער איז געגאַנגען אַנט־קעגן. ער האָט ניט געקענט מאַכן מיט די קולעקלעך ווי סעמי לעווין, וועלכער איז שוין געווען אין אַמעריקע גאַנצע צוויי יאָר, דערפאַר אָבער איז זיין ארעם געווען לייגגער, זיינע פיס אַ ביסל פלינקער. מוז מען זיך עס שלאָגן מיט קולאַקעס? קען מען דען ניט גראבלען, קראַצן, דראַפּען?

דאָס נייע גארניטורל איז געווען אויסגעשמירט, די היטל צע־קנייטשט, אין די זייטן האָט ער געכאַפּט אַ פּאָר בוכענציעס און שטור־כענציעס, אָבער יענעם אינגלס גאַרניטורל איז געווען צעריסן ביי דער קעשענע, דער פּנים זיינער איז געווען צעדראַפּעט, און, דער עיקר, מלך איז ניט אַנטלאָפן, ער האָט יענעם דערלאַנגט, אַזוי אַז איין אינגל וואָס איז געשטאַנען פון ווייטן, זיך ניט אריינגעמישט, האָט אים חבריש אַ קלאַפּ געטון אין נאקן: „גרינער! יו'ר אָלרייט", אָבער דאָס א, — האָט ער אים געוויזן אויף די באַקן, — דאָס איז ניט גוט. אַזוי דאַרף מען ניט. אַזוי אָ! — האָט ער אים געוויזן מיט די קולאַקעס. — „אנדערסטענד?"

מלך האָט פאַרשטאַנען. ער מוז זיך אויסגרינען. ער וועט זיך אויסגרינען.

(3)

„באַי"

אין דוד כאַזאַנאָוויטשעס ענגלישן ווערטער אוצר זיינען שוין געווען אַ פּאָר צענדליק ווערטער. אייניקע ווערטער האָט ער פּשוט דערקענט: פינגער איז אַ פינגער, הענד איז אַ האַנט, פוט איז אַ פוס, סיסטער איז אַ שוועסטער און בראָדער איז אַ ברודער, דאָס איז דאָך אידישע ווערטער, אידיש! וואָן איז איינס, טוואו איז צוויי, אויך

כמעט אידיש, און טרי איז דריי, גאַר רוסיש, פֿאַר איז פֿיר, ווידער אידיש, און אויף פינעף זאָגט מען פייף, אי גערעכט אין פינעף אי לייכט אַרויסצוזאָגן, געדיינקען — פייף! דוד כאַזאַנאָוויטש האָט שוין געקענט אַ סך ווערטער אין ענגליש, ער האָט זיי אָבער געקענט בלויז אין קאָפּ, אין קאָפּ האָט ער זיי געהערט דייטליך, זיי געדיינקט, ווען ער האָט זיי אָבער אַרויסגעבראַכט פון מויל האָט ער זיי ניט דערקענט. גאַר ווי עפּעס אַ ניגון. אין קאָפּ, דוכט זיך, האָט ער אים, אויפן פידל קומט אָבער אַרויס עפּעס אַנדערש, פאַרדרייט. ער האָט ניט דערקענט די ווערטער ווי זיי זיינען ביי אים אַרויסגעקומען און די צו וועמען ער האָט געפּרוּאווט רעדן האָבן זיי אויך ניט דער־קענט. מאָדנע מענטשן, אַ מאָדנע שפּראַך. רעדן נאָך אידן אָט די מאָדנע שפּראַך פאַרשטייט ער נאָך עפּעס, כאַפּט ער נאָך אַ וואָרט, צוויי, ריידן אָבער גויים, פאַרשטייט ער ניט אַ וואָרט. ערשטענס כאַפּן זיי אַזוי, ריידן אַזוי גיך, היינט דאָס גאַנצע ריידן, די ווערטער ווערן דאָך צעקוועטשט ביי זיי אין האַלז. אַן אומגליק מיט דער שפּראַך. דאָס בעסטע איז ניט צו רעדן, זאָגן בלויז דאָס איינע וואָרט — באַי — קויף.

אָט דאָס קורצע וואָרט „באַי" איז ניט געווען קיין שם המפורש, עס האָט ניט געעפנט אַלע טירן פאַר דודן. אין די טירן האָט ער באַדאַרפט אָנקלאַפּן. — גייט פון טיר צו טיר, — האָט אים געלערנט דער סוחר וואָס האָט אים אויסגעשטאַט זיין קראָם, אים אָנגעלייגט אַ קוישיקל מיט האַרנאַדלען, שפּילקעס — שאַרפע און פאַרמאַכטע — בייוועלעך, נאָדלען, פינגערהוטן, שיך בענדלעך און אַנדערע „סחורות". — זאָלט ניט דורכלאָזן אַ טיר. — אַזוי האָט ער אים אָנגעזאָגט. לייכט צו זאָגן — אָנקלאַפּן. אויף אראַנזש עוועניו, וואו ער האָט זיך באַזעצט, האָט ער באַין אופן ניט געוואָלט אָנהויבן קלאַפּן. — ווען איך ווייס אַז איך גיי אויס פון הונגער וועל איך עס ניט טון. איך וועל נ י ט ג י י ן.

דער סוחר האָט געשמייכלט. — דאָ גענוג גאַסן אָן א י י ע ר גאַס. איר לאָזט זיך אַרויס צו די „האַנקיס" — פּאָליאַקן, סלאָוואַקן, ווייסט'אַך, האַנדלען זאָל מען מיט גויים, אָבער דאָרטן — איז טיר נאָך טיר.

האָט זיך דוד אַרויסגעלאָזט טאַקע אין יענעם געגנט. ווען ער

איז אָבער צוגעגאַנגען צו דער ערשטער טיר, געפּרואווט אַרויפשטעלן אַ פוס אויפן ערשטן טרעפּל, האָט די פוס גענומען ציטערן, און ווען ער האָט קוים קוים צוגערירט די פינגער ביינדלעך צו דער טיר, לייכט, גאָר לייכט אָנגעקלאַפּט, האָט ער דערהערט ווי זיין האַרץ קלאַפּט, קלאַפּט אַזוי שטאַרק. אַנטלויפן! אַנטלויפן איידער עמיצער קומט אַרויס. אָבער די ציטערנדיקע פיס האָבן זיך ניט גערירט, די פאַרשפּיצטע אויערן האָבן דערהערט אַ שאָרך פון אינעווייניק: מ׳גייט. ווי דאָס האַרץ קלאַפּט, קלאַפּט! באַלד. באַלד. די טיר וועט זיך עפענען, עמיצער וועט אַרויסקומען, ער׳ט דאַרפן עפּעס זאָגן, גוט מאָרגן, גוד מאָרנינג. דער שפּיץ צונג האָט שוין באַנעצט די ליפּן — די גענעראַל רעפּעטיציע פאַרן אַרויסברייינגען די צוויי ווערטער. די טיר האָט זיך געעפנט. אַ פרוי אין אַ געקעסטלט ציצן קליידל איז געשטאַנען, געטורעמט איבער אים, זיין קוק אויף אַרויף האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן אירע בולטע בריסט, אַ דערשראָקענער אַ שפּרונג געטון אַרויף צו איר פּנים צו, דערביי אַזאַ צעמישעניש אין קאָפּ. פאַרשוואונדן דער גוט מאָרגן, אָפּגענומען דאָס לשון, צוגענומען דער שכל . . .

— וואָס ווילט איר?

ניט די ווערטער, בלויז דעם טאָן האָט ער באַנומען, און דער גאַנצער קערפּער האָט זיך געגעבן אַ שטריינג אָן צו ענטפערן. דער אָרעם מיטן קוישיקל דאַרויף האָט זיך געגעבן אַ רוק צו דער פרוי, און פון האַלז, פון גאַנצן קערפּער האָט זיך אַרויסגעריסן דאָס איינע וואָרט — באַי! — קויפט!

עפּעס האָט זי גערעדט די גויע, אָבער ניט נאָר האָט ער ניט פאַרשטאַנען, ער האָט קוים געהערט קלאַנגען. פאַר די אויגן האָט געשווינדלט אַ פּנים, אַ פאַרריסן נעזל, בלאָנדע האָר, אַ האַלז אויסשניט וואָס ביים אַנבויגן זיך צו זיין קוישיקל איז ער אפּגעשטאַנען פון ברוסט קאַסטן, געשאַפן אַ עפענונג צו די לויזע בריסט, אָן אַנטבלויזטער אָרעם, אַ האַנט וואָס איז שוין אין זיין קוישיקל, טאַפּט זיין סחורה. די אויגן זיינען אַריבערגעשפּרונגען צו דער סחורה. די היץ האָט אָפּגעטראָטן, דאָס האַרץ האָט אויפגעהערט צו האַמערן, די אויגן פאָלגן שוין נאָך די פינגער פון דער גויע, שפּרינגען איבער די אַרטיקלען אין זיין קוישיקל.

— וויפיל איז דאָס? און וויפיל איז דאָס?

פינף, צען און אפילו פופצן — אידישע ווערטער, טוואנטי — צוואַנציק איז אפילו אויך אידיש, אָט ווי אַ קינד וואָס קען ניט ארויס־רעדן קיין צאַדעק, אָבער די גויע פאַרשטייט אפנים ניט דוד׳ס צוואַנ־ציק. אירע האנטפלאכן באַגעגענען זיך איין מאָל, צענעמען זיך, באַגעגענען זיך נאָכאַמאָל — טווענטי סענטס, יאָ?

דוד שאָקלט מיטן קאָפּ, שמייכלט: יאָ, יאָ, צוואַנציק, לכתחלה געזאָגט צוואַנציק. אודאי, אודאי, צוואַנציק סענט. פאַרשטייט מען זיך דאָך. איז דאָך גוט. אודאי איז גוט. אָט זאָגט זי דאָך אויך אָלרייט, און אָלרייט איז . . . אָלרייט, איז גוט. אָבער וואוהין גייט זי דאָס אַוועק מיט זיין בריוועלע נאָדלען, קלעצעלע פאָדים, פעקעלע האָרנאָדלען, בלעטל שפילקעס? זי זאָל עס כאָטש ניט צונעמען. זי האָט ניט צוגענומען. אָט קומט זי צוריק. — האָט אַ ניקל?

— אַ ניקל?

— אַ ניקל! פינף סענט! זעט? — ווייזט זי אים, — דאָס איז אַ קוואָטער, פינף און צוואַנציק סענט, אייך צוואַנציק, מיר פינף. פינף סענט, אַ ניקל. פאַרשטאַנען?

יאָ, יאָ, ער האָט פאַרשטאַנען. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס קאָ־שיקל, פאַרזיכטיק אָט ווי דאָרט וואָלטן ליגן אייער, עס אַוועקגע־שטעלט אויף אַ טרעפּל, אַרויסגעצויגן אַ בייטעלע פון קעשענע, טיף אריינגעקוקט אַהין, אַרויסגעצויגן אַ ניקל, אים באַטראַכט און דער־לאַנגט דער גויע. איר שמייכל האָט געבלאָנזעט פון זיין פּנים צו זיין בייטעלע, צו די פינגער מיט דער מטבע און מיט אַ שמייכל איבער אים אינגאַנצן, דעם פרעמדן וואָס האַלט געלט אין אַ בייטעלע, דעם גרינעם וואָס פעדלט אַ שטומער, אים דערלאַנגט איר מטבע, דעם קוואָדער.

ער איז שוין געווען אַרונטער פון די טרעפּ און דער שמייכל, האָט ער געפילט, גייט אים נאָך. ער האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ זיכער אַז ער וועט נאָך זען דעם שמייכל, די גויע אויף די טרעפּ. אַ טויבע טיר האָט געקוקט אויף אים: האַ? ער האָט זיך פאַרשעמט, אויסגעדרייט דעם קאָפּ: זאָל זי שמייכלען. ווען אַרט עס? גע־געבן צו לייזן צוואַנציק סענט. וויפיל קאָסט אים די סחורה? אַ קוק אויף דער סחורה, אַ חשבון: דאָס בריוועלע נאָדלען . . . דאָס

קלעצעלע פּאָדים . . . אַ צען סענט ריוח, אפשר נאָך מער. צען אַזעלכע קונים מיינט עס אַ דאָלאַר, צוויי רובל, צוואַנציק אַזעלכע קונים . . . צוואַנציק טירן . . . ער׳ט טאַקע קלאַפּן פון טיר צו טיר. אָבער אָט האָט ער דאָך שוין איבערגעהיפּט אַ טיר. זיך אומקערן? ניין, יענע הויז וועט ער שוין דורכלאָזן, דערפאַר אָבער דאָס הויז. זיינע אויגן האָבן באַטאַפּט דאָס הויז פון דרויסן, אריינגעדרונגען אינעווייניק, געוואָלט זען די גויע דאָרט, אַזאַ ווי די? דער קאָפּ האָט זיך אַ דריי געטון צו יענער גויע, אפשר שטייט זי פּאָרט און . . . שמייכלט? דאָרט איז קיין גויע ניט געשטאַנען און ניט געשמייכלט און די גויע, אין ד ע ר טיר . . . ער האָט אָנגעקלאַפּט. דער קלאַפּ א דרייסטערער. די פּיס ציטערן שוין ניט, אָבער דאָס האַרץ קלאַפּט און אַ מאָדנע היץ, אַ היץ ניט אין קאָפּ נאָר גאָר אין אונטערטשן טייל קערפּער, אָט ווי ער וואָלט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פון אַ געהיימן באַרדעל. די טיר האָט זיך אַן עפן געטון. פאַר די אויגן האָט אַ שימער געטון אַ פּנים, אַ פעט, פאַרלאָפּן פּנים, צוויי קליינע, שאַרפע, גרויע אויגלעך האָבן אַ שניט געטון, און נאָך איידער דער ארעם מיטן קוישיקל האָט זיך אַ רוק געטון, האָט ער דערפילט אַ פּאָך פון אַ טיר און גלייך די טיר גופא, זיין פּנים האָט זיך שיר ניט אָנגעשלאָגן אַן דער פאַרמאַכטער טיר.

וואָס . . . וואָס . . . מיינט דאָס?

דער מח האָט נאָך ניט געענוי באַגריפן וואָס האָט פּאַסירט און די פּיס האָבן שוין געטראָטן, זיך דערווייטערט פון הויז. דוד האָט שוין אויך פאַרשטאַנען. ניט אין יעדער טיר באַווייזט זיך אַ בלאָנדע גויע מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, ניט יעדע הויז איז צוואַנציק סענט לייזונג, צען סענט ריוח, אין אייניקע טירן באַווייזן זיך גויעס מיט פאַרלאָפּענע פּנימער, בייזע אויגן, איין טיר עפנט זיך, איין טיר פאַרהאַקט זיך גלייך פאַר דער נאָז. טירן, טירן, טירן. קלאַפּן אין די טירן. אין ד ע ר טיר אָנקלאַפּן? ניין, עפּעס געפעלט אים ניט די טיר. און דאָ? דאָ ליגט אַ הונט. אַהער דאַרף מען אודאי ניט גיין, אפשר גאָר אַריבערגיין אויף דער צווייטער זייט? אין אָט יענער טיר וועט ער אָנקלאַפּן. אוי, דאָס אָנקלאַפּן אין טיר. גיין איבער די הייזער. אָבער אַזוי גייט עס שוין. אַזוי, זאָגן זיי, האָבן אַלע אָנגעהויבן. די איצטיקע גבירים מיט די גרויסע געשעפטן איינ־

מיטן שטאָט האָבן אויך אָנגעהויבן מיט אַ קוישיקל סחורה ווי זיינס, געגאַנגען איבער די הייזער, געקלאַפּט אין טירן: קויפּט! וועט ער זיך נאָך אַרויפאַרבעטן, שטיין מיט אַ געשעפט, אַ גרויס געשעפט, אַ שניט קראָם? גאָט ווייסט. די קינדער אפשר, זיי זאָלן שוין ניט דאַרפן קלאַפּן אין די טירן. דערווייל אָבער מוז ער קלאַפּן.

יעדער טיר אַ באַרג אויף וועלכן ער דאַרף אַרויפקריכן און צווישן באַרג און באַרג אַ טאָל. נאָך אַ „גוטער" טיר איז דער וועג אין טאָל אַזאַ לייכטער, עס גייט זיך פון זיך, און דער טאָל אַזאַ גרינגער, אַזאַ רואיקער, דער אויסזיכט אויפן צווייטן באַרג אַזאַ פּיי־נער, דאָס אַרויפגיין דאַרף גאָרניט זיין אַזוי שווער. דערפאַר אָבער נאָך אַ שלעכטער טיר פליט ער פון באַרג אַרונטער, ברעכט שיר ניט האַלז און נאַקן, דער טאָל פול מיט שפּיציקע שאַרפע שטיינדלעך און דער באַרג דערביי אויף וועלכן ער דאַרף אַרויפקלעטערן אַזאַ משו־פּעדיקער, שווערער באַרג, אפשר אים גאָר אויסמיידן, אים אַרומגיין? אָבער מ'מוז קלעטערן, קלעטערן באַרג אַרויף. וועט ער אַמאָל אַרויפ־קלעטערן? אַלע האָבן אַזוי אָנגעהויבן. דאָס איז געשעפט. גע שעפט. זיין געשעפט אין כושטיוווקע. אַ קראָם מיט שניט סחורה, קראָמען, דער מאַרק, דער בית מדרש, דער הימל, דער וואַלד, דער טייך. דוד האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, אַ קוק געטון אויפן הימל. אפילו דער הימל אַן אַנדערער, עפּעס ניט דאָס, ניט . . . אַלץ אַזוי אַנדערש, אַזוי פרעמד . . . אַמעריקע . . .

אַמעריקע?

— צאַ כצע?

האַ? דאָס איז דאָך פּויליש! פּויליש! אין כושטיוווקע זיינען געווען ווינציק פּאָליאַקן, דוד כאַזאַנאָוויטש האָט זיי ניט איבעריק ליב געהאַט, נאָך ווינציקער האָט ער ליב געהאַט זייער שפּראַך — מענטשן זאָלן רעדן שיפּענדיק זש . . . זש . . . זש . . . שלאַנגען. אָבער דאָס איז אַלץ געווען אין כושטיוווקע, ביי אים אין קראָם. דאָ אין אַמעריקע, אין קליוולאַנד, אויף קאָסציושקאָ גאַס האָט דער „צאַ כצע" ניט קיין שיפּע געטון, ניט קיין שטאָך געטון, נאָר אַ גלעט, אַ וואַרים געטון אַזוי היימיש, די אויגן האָבן אויפגעלויכטן, דער צונג איז לויז געוואָרן . . .

איינגיכן האָט דוד כאַזאַנאָוויטש אויסגעפונען אַז קענען ריידן,

ענגליש, פויליש, אָדער אפילו אידיש איז ניט קיין מעלה צו זיינע געשעפטן . . . אַז ער קען ריידן איז ער דאָך אַ מענטש מיט אַלע מענטשן גלייך, קען מען יאָ קויפן און זיך דינגען אָדער גאָרניט קויפן, אַ סך בעסער איז אַז מ׳קען ניט ריידן, ווען מ׳גיט בלויז אַ רוק אונ־טער דאָס קוישיקל און מ׳זאָגט אַרויס דאָס איינע וואָרט — באַי! אָדער אפילו אָן דעם וואָרט, מיט די אויגן בלויז בעטן: קויפט! דאַן פאַרקויפט מען גיכער.

— עפנט אַ גאַיע די טיר, אַ שפּעלטעלע בלויז, אַ שפּאַרונע, איז גלייך אריינגעשטעלט די פוס. זי זאָל שוין ניט קענען פאַרמאַכן. — האָט מעשה אויטאָריטעט גערעדט מר. פישמאַן. איינער פון די פעדלערס אין אלטמאַנס פעדלער קראָם. — מ׳דאַרף קענען אריינ־שטעלן אַ פוס. — האָט ער צוגעגעבן מעשה בעל מלאכה וואָס שמייכלט פון קאַליקעס.

— און אַז מ׳פאַרהאַקט די טיר גלייך פאַרן נאָז, נאָך איידער וואָס ווען?

— פאַרהאַקט די הינטערשטע טיר גייט מען דורך דער פעדער־שטער.

— אַזוי גאָר?

— וואָס דען? אַט וועל איך אייך דערציילן וואָס מיט מיר האָט פאַסירט. איך קלאַפּ אָן אין איין טיר, כ׳הער מ׳גייט, אַזעלכע פעסטע, גיכע טריט. ניט קיין גוטער סימן. גייט די באַלעבאָסטע פאַמעליך, שלעפּט די פיס ביסטו זיכערער מיט איר ווי ווען זי גייט ווי אַ סאָלדאַט. מילא, גרייט איך שוין צו מיין פיסל. ערשט איך זע עס עפנט זיך אַ מין פאַרטקעלע, די גרויס ווי אָן אויג, אין דער טיר גופא, און איך דערהער אַ בייזן: ניט היינט! אָפּגעזאָגט און ניטאָ. גיי איך אַוועק. אַ ברירה האָב איך? מיר האָט אָבער פאַר־דראָסן די מעשה. אַ גאַיע זאָל האָבן אַ פאַרטקעלע אין דער הינ־טערשטער טיר! איכ׳ל דיך שוין ניט אָפּלאָזן. און דער טאָג איז געווען אַ ביטערער, וואו מ׳קלאַפּט אָן — ניט היינט. ניטאָ קיין געלט. וואָס טויג אייך מעשיות, אין אַ פאָר שעה אַרום קלאַפּ איך ווידער אָן, דאָס מאָל שוין אין דער פעדערשטער טיר, און איך שטיי און הער, דער סאָלדאַט גייט. האַלט איך שוין גרייט מיין פוס, און ווי נאָר זי האָט אָן עפן געטון די טיר — האָט זיך ניט געריכט

אַ פעדלער זאָל אָנקלאַפּן אין דער פעדערשטער טיר — מײַן פּוס איז שוין געווען אינעווייניק.

— זייט איר ניט געווען דאָ אינדערפרי?

— יעס מעם, זאָג איך, איך בין געווען אינדערפרי, אָבער איך האָב עפּעס פאַרגעסן, בין איך געקומען נאָכאַמאָל.

— פאַרגעסן עפּעס? דאָ?

— יעס מעם, איך האָב פאַרגעסן אייך צו זאָגן אַז איך האָב אַ ווייב מיט דריי קינדער.

— אַ ווייב און דריי קינדער?

— יעס מעם, זאָג איך, אַ ווייב מיט דריי קינדער. איר האָט דאָך אויך קינדער, ניין?

— יאָ, איך האָב.

— אויב אַזוי, — מאַך איך צו איר און גיב איר אַ טראָג אונטער מײַן קוישיקל. און וואָס טויג אייך מעשיות, זי האָט מיר געגעבן צו לייזן אַ ה אַ ל ב ן דאָלאַר, אַ גאַנצן האַלבן דאָלאַר!

— גיי ווייס אַז אַ ווייב און קינדער זײַנען אַ סגולה צו פּרנסה.

— ניט נאָר צו פּרנסה, צו עפּעס אַנדערש אויך, — האָט זיך אָנגערופן אייב מידלער, דער יונגסטער פעדלער, מיט אַ פעט שמייכעלע אין די אויגן.

— אייבעלע מיט זײַנע מעשיות, — האָט אים איינער כלומרשט איבערגעשלאָגן און אין דער אמתן איינגעלאַדן, ריכטנדיק זיך אויף עפּעס טשיקאַווע.

— לאָמיר שוין הערן, נו, — האָט געפּאָדערט אַ צווייטער.

— איך קלאַפּ אַזוי אָן אין אַ טיר, ערשט מ'עפנט ניט, קלאַפּ איך נאָך אַמאָל, שטאַרקער, איר ווייסט דאָך, אַז מ'קלאַפּט אָן דערפילט מען צי עמיצער איז דאָ אינעווייניק אָדער ניט, דאָ פיל איך עמיצער איז דאָ אָבער מ'ענטפערט ניט. קלאַפּ איך נאָך שטאַרקער און איך הער טרעפּ סקריפּען, מ'גייט פון „אפּסטערז". גרייט איך זיך שוין צו, ווייסט'אַך. די טיר עפנט זיך, אַ שפּעלטעלע קוים, כאַטש נעם רוק אריין דעם נאָז בלויז, אָבער איך זע אַ יונגע גאַיקע, נאָך גאָר אַ יונגע, אין אַ קימאָנאָ, איין האַנט ביי דער ברוסט, עלעהיי אַ שפּילקע. מיר איז געוואָרן וואַרים . . . — גוט מאָרגן, אַ פײַנער

פרימאָרגן, — הויב איך אָן, ווי דער שטייגער. — איך האָף, איך האָב אייך ניט אויפגעוועקט.

ניין, איך האָב זי ניט אויפגעוועקט, אָבער וואָס וויל איך?

— איך וויל . . . איך וויל . . . אַ טרונק וואַסער, — האָט זיך ביי מיר אַרויסגעכאַפּט. ווייסט׳אַך, אָבי אַריין אין הויז. האָט זי מיר דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער. אויסגעטרונקען, באַדאַנקט, רוף איך זיך אָן: אַ פיינע הויז, אַלץ אַזוי שיין, פיין, שטיל.

— יאָ, — מאַכט זי, — עס איז פיין און שטיל.

— ביי מיר, — זאָג איך, — איז אינדערפרי אַ גיהנום. שטעלט זיך פאָר פינף קינדער . . .

— א י ר האָט פינף קינדער?

— יעס מעם, פינף קינדער, און אַלע אינגלעך.

— פינף אינגלעך! — האָט זי זיך גאָרניט געקענט אָפּחידושן.

— פינעף חברה! — זאָג איך שוין ניט אָן שטאָלץ, ווי איינער רעדט: אַ גוטער בעל מלאכה, האַ? און גלייך טו איך אַ פרעג: אַנט־שולדיקט, האָט איר עפּעס קינדער?

— איך וואָלט געגעבן כ׳ווייס ניט וואָס אָבי האָבן איין קינד!

— איר זייט נאָך אַ יונגע פרוי!

— יאָ, אָבער . . . וואָס האָט איר צו פאַרקויפן?

שטעל איך אַוועק דאָס קוישיקל אויף אַ קאַנאַפּקע, זי האָט זיך אָנגעבויגן צום קוישיקל, איך אויך, זי האָט גענומען טאַפּן די וואַרע, איך זע אירע פינגער ציטערן, די קימאָנע האָט זיך צעגומען . . . איר׳ט זיין קוואָטער, מר. ליפּמאַן?

— אייבעניו מיט זיינע מעשיות, — האָבן די פעדלער גע־שמייכלט.

קיינער האָט ניט געגלויבט, דאָך האָבן אַלע געהערט, געהערט מיט הנאה, די הנאה פון הונגעריקע וואָס ריידן פון געשמאַקע מאכלים. דאָס האָט מען זיך פאַרגיטיקט פאַר דעם: ניט היינט! אַוועק פון דאַנען! פאַרדאַמטער איד! פאַר אָנגערייצטע הינט, בזיונות, דערני־דערונגען, באַליידיקונגען. אויך דוד כאזאנאָוויטש האָט געהערט אייבעניוס מעשיות, די מעשיות מיט אַריינשטעלן אַ פוס, איינריידן, איינטענהן, ער האָט אָבער זייער ווינציק געגלויבט אין די מעשיות און געטראַכט: אפשר, אַז מען געוויינט זיך צו, מ׳לערנט זיך אויס

די מלאכה ווי עס באַדאַרף צו זיין איז . . . דערווייל אָבער, אים פאַלן איין די דמים ביי יעדן קלאַפּ אין טיר און ווען די טיר עפנט זיך שוין פילט ער ווי זיינע אויגן, זיין גאַנצער קערפּער שטריינגט זיך אָן און בעט, בעט רחמים: קויפט! און דאָס איז דער איינציקער וועג, די אַלע אַנדערע מעשיות . . . טאַקע ניט מער ווי מעשיות. ס׳איז גיין איבער די הייזער . . . נאָר מילא, אפשר וועט ער פאַרט זיך צו עפּעס דערשלאָגן, און דער עיקר, די קינדער, זיי זאָלן שוין כאָטש ניט דאַרפן אָנקומען צו די פּרנסות . . .

(4)

דער זומער האָט געמאַכט אַ לעצטן פאַרזוך. ענדע אויגוסט. שוין אינדערפרי איז די היץ געשטאַנען אַ שווערע, אַ נאַסע. אויף דער זון האָט ממש געשטאָכן און אין שאָטן האָט געשטיקט, געפּאַ־רעט, די לופט איין גרויסער דעמפּער ליילעך.

— אַ היץ!

— וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן.

— מסתם רעגענען.

די קינדער אויף אָראַנזש עוועניו האָבן ניט געוואָלט וואַרטן אויפן רעגן פון הימל. זיי האָבן געקראָגן אַ וואַסער רער און נאַקעטע, האַלב נאַקעטע, אין באָד אָנצוגן, אָדער גאָר אין צעפליקטע הויזלעך, זיך געשטעלט אונטער דער וואַסער שפּריץ, געשפּרונגען, געטאַנצט און געליאַרעמט.

חיים כאַזאַנאָוויטש איז אַ האַלב נאַקעטער געזעסן ביי זיך אויפן בעטל, אַרויסגעקוקט אין דרויסן, געזען און געהערט די קינדער שטיפן, געזען זיין ברודערל מלך צווישן זיי און איז זיי, אים מקנא געווען — זיי איז גוט. שפּריצן זיך, גיסן זיך, אים, מלכן, איז גוט. באַלד וועט ער אַוועקגיין אין שול, ער, שלום, אפשר ברוך אויך, בלויז ער, דער עלטסטער, דאַרף גיין אַרבעטן. אים אַרט עס ניט. ער וואָלט געגאַנגען אַרבעטן אפילו היינט, ער וואָלט געגאַנגען ער ווייסט אליין ניט וואו, טון וואָס ס׳ניט איז אָבי ניט זען ווי דער טאַטע קומט פון זיין טאָג פּעדלען, קרעכצט, זיפצט און, דער עיקר, די מאַמע מיט איר ריידן וועגן די פיר מיילער וואָס ווילן עסן און איר קוקן דערביי

אויף אים. פאַרוואָס לאָזט זי אים ניט גיין אַרבעטן צו בערל דעם שניי־דער? עטל האָט דאָך איר געזאָגט אַז זי קען רעדן מיט בערל דעם שניידער ער זאָל אים ארייננעמען, אויסלערנען שטעפּן אויף דער מאַ־שין אָדער גאָר שניידן. עטל. ווי אַלט איז זי? ניט עלטער פון אים, און זי אַרבעט, פאַרדינט, העלפט אַרויס אין שטוב. אַזעלכע שוואַרצע האָר, מער ניט די ברעמען אַביסל צו געדיכט, און דער מויל, אַזאַ קליין מיילעכל . . . ער וואָלט געאַרבעט מיט איר אין איין פלאַץ . . . וויל זי ניט, די מאַמע.

די מאַמע . . . עס זעען זיך שוין ביי איר גרויע האָר, געוואָרן דאַר, אַ סך דאַרער און בייזער . . . אַמאָל, אין דערהיים, אין כוש־טיווקע . . . דאָס הויז, דער זאָל מיטן בליץ לאָמפּ, דער מאַמעס „ספּאַלניע״ — צוויי בעטן, זיין בעטל . . .

חיים רייסט זיך אַרויס פון דער הויז אין כושטיווקע, קוקט אַרויס אין גאַס אויף אָראַנזש עוועניו צו די קינדער וואָס שטיפן נאָך אַלץ, שפּריצן זיך, דער טייך פון כושטיווקע, אַזאַ ברייטער, אַזאַ לאַנגער טייך טוט זיך אַ שפּרייט אויס, פאַרשטעלט דאָס שפּריצן, די קינדער. ווי גוט עס איז צו באָדן זיך, שווימען, לייגן קלאַפּטער, נאַזדניק, צושווימען צו די מיידלעך, אונטערשווימען . . . טייבל אַ נאַקעטע אין טייך . . . אה, פאַרוואָס לאָזט זי אים ניט גיין אַרבעטן צו בערל דעם שניידער, די מאַמע? די מאַמע . . .

אַ לייכטער קלאַפּ אין טיר. חיים איז ניט זיכער צי עמיצער האָט אָנגעקלאַפּט, דאָך רופט ער אויס: קומט אריין! שוין אַ דייט־ליכער קלאַפּ, אַ העכערער "קומט אריין", אָבער קיינער קומט ניט. מיט פאַרדרוס הויבט זיך חיים אויף, גייט צו צום טיר, טוט זי ראש אַן עפן.

אַ איד אין אַ קורץ שוואַרץ רעקל, אַ האַרטן אָפּגעריבענעם קאַ־פּעליוש וואָס דריקט ממש אַרונטער זיינע אויערן, מיט אַ קוישיקל אויפן ארעם איז געשטאַנען, זיך גענויגט. איין נויג, אַ צווייטער, אַ דריטער. חיים איז אין כעס געוואָרן אויף זיין נויגן זיך. — וואָס ווילט איר? — האָט ער בייז אַ פרעג געטון אויף ענגליש.

דער איד האָט אַ רוק געטון דאָס קוישיקל צו אים, מיט דער אַנדערער האַנט אָנגעוויזן אויף זיינע סחורות דאָרט און אַרויסגע־שטאַמלט: באַי! גרין.

— איך דאַרף גאָרניט, — האָט חיים דערשלאָגן אַ זאָג געטון אויף אידיש.

— אַ איד?! — דער איד אין האַרטן קאַפּעליוש האָט אויפגע־לעבט. — זאָלט איר מיר געזונט זיין, געמיינט אַ שייגעץ. קיין הרע אַזאַ הויכער, אַזאַ געזונטער, אַזאַ . . . קויפט עפּעס. קויפט עפּעס!

— אָבער אַז איך דאַרף גאָרניט!

— אפשר שיך שנירלעך, טשויגאַם, אַ בריוועלע נאָדלען פאַר דער מאַמע? קויפט עפּעס . . . אַ ניקל, בלויז אַ ניקל.

חיים האָט גענומען שאַרן אין די הויזן קעשענעס, אָבער גאָרניט חוץ ברעקלעך דאָרט אָנגעשאַרט, און דער איד איז געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, געקוקט מיט די שוואַרצע אויגן, אַזעלכע בעטנדיקע, פייכטע אויגן, ביי אַ הונט האָט ער געזען אַזעלכע אויגן, אַ קליין הינטל. ניט זען אָט די אויגן. זאָל ער אַוועקגיין. חיים האָט זיך געלאָזט אין די צימערן זוכן געלט, אַ ניקל. ער האָט געזוכט אין אַלע קעשענעס פון זיין רעקל, קאַמזויל, געזוכט אויפן טיש, אין פאַ־דערשטן צימער, אין קליאַש וואָס איז געשטאַנען אויפן טיש, ענדליך, אין קיך, אין שאַפקע דאָרט, אין אַ טעפּעלע געפונען . . . צוויי סענט. גייענדיק צוריק צו דער טיר האָט ער באַטראַכט די צוויי סענט און צוקומנדיק צום טיר זיי דערלאַנגט דעם אידן. דער איד האָט אויף אים אַ קוק געטון. — מער האָב איך ניט, — האָט חיים פאַרשעמט געענטפערט. — די מאַמע איז ניטאָ.

— נעמט! — האָט דער איד אים אריינגעשטופּט צוויי שטיק־לעך קיי־גומי, איינגעמאַסטעט דאָס קוישיקל אויפן ארעם און צוא־וואַרפנדיק אַ „דאַנק" זיך געלאָזט גיין.

חיים איז געבליבן שטיין ביי דער אָפענער טיר, נאָכגעקוקט דעם אידן ווי ער גייט, קוקט אויף רעכטס, אויף לינקס, דאַן האָט ער פאַ־מעליך צוגעמאַכט די טיר און געבליבן שטיין מיט דער האַנט אויף דעם טיר הענטל, דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזט. ווען ער האָט אויפ־געהויבן דעם קאָפּ זיינען די אויגן געווען פאַרלאָפן — אָט דאָס איז עס. אָט אַזוי גייט עס זיין טאַטע. אָט אַזוי „פאַרדינט" ער עס דעם דאָלאַר, צוויי דאָלאַר אַ טאָג. ער . . .

די צוויי שטיקלעך גומי האָבן זיך אַרויסגעגליטשט פון צווישן די פינגער, אַ פאַל געטון צו דער ערד. ער האָט זיך אָנגעבויגן, זיי

אויפגעהויבן, באַטראַכט זיי, אַ שמיץ געטון און גענומען אַרומלויפן פון קיך אין פעדערשטן צימער און צוריק. — איכ׳ל . . .! איכ׳ל . . .!

— ער האָט דערזען זיין אויבערשטע העמד זיך וואַלגערן, זיינע שיך און זאָקן. ער האָט געכאַפּט אַרויפציען אויף זיך די העמד שטופנדיק בלינד די קולאַקעס אין די אַרבל וואָס האָבן זיך פאַרעקשנט, פאַר־דרייט; מיט זיך טרייסלענדיקע פינגער געשפיליעט די קנעפלעך, האַסטיק געשפּאַרט די העמד ברעגן אונטערן רימען אַרום די הויזן, דאַן האָט ער ראשיק אַ צי געטון אַ שוך, שווער געשטופּט דעם פוס אין שוך אריין און, ווען די זאפראַוועו האָט זיך פאַרבויגן, האָט ער מיט גוואַלד אריינגערוקט די פּיאַטע, דעם פוס, אַ טופּע געטון. אַנט־לויפן! אַרויסלויפן אין גאַס! קערן די גאַס, צונעמען דאָס מיסט, טון . . .

— וואוהין איז? וואוהין לויפסטו?

— איך . . .

די מאַמע האָט פאַרשטעלט דעם וועג. — קום אַריין, זון, איך דאַרף דיר עפּעס דערציילן.

וואָס קען זי אים דערציילן? פאַרוואָס לאָזט זי אים ניט גיין צו בערל דעם שניידער? ער׳ט א י ר דערציילן!

— איך קום איצט פונם קצב וואו איך קויף פלייש, דאָ דערביי. ער דאַרף אַ „באָי״, דאַרף ער, אים אַרויסהעלפן, גיין אַ גאַנג. ניט קיין שווערע אַרבעט. צוויי דאָלאַר אַ וואָך און נאָך אַ שטיקל פלייש יעדן טאָג פאַרן שטוב. דיינקסטו . . . ?

— וואו איז ער?

— ווער? דער קצב? אָט דאָ דערביי, די דריטע טיר, מר. שטיינבערג הייסט ער . . . וואַרט, וואוהין לויפסטו?

חיים האָט שוין ניט געהערט דער מאַמעס נאָכשרייען. ער איז אַרויסגעלאָפן פון הויז. דער קצב, מר. שטיינבערג. צוויי דאָלאַר אַ וואָך. פלייש. די מאַמע . . . זי האָט דאָך געקראָגן פאַר אים אַרבעט. ער׳ט אַרבעטן, ער׳ט . . .

(5)

אַרבעט.

דאָס לאַנד פון אַרבעט.

— נו, וואָס הערט זיך? אַרבעטסט? — אָדער גאָר — שאַפסט?
— די פראַגע אויף די ליפּן פון אַלע אימיגראַנטן. אפילו דוד כאַזאַ־נאָוויטש וואָס האָט זיך גענומען צו „געשעפט" האָט גערעדט וועגן אַרויסגיין אינדערפרי צו דער אַרבעט, מיט זיין קוישיקל, פאַרשטייט זיך. דער עלטערער זון, חיים, האָט געאַרבעט אַלס שיק אינגל ביים קצב, מר. שטיינבערג פון דער זבחי צדק יאטקע. דער יונגערער פופצניאַריקער ברוך אויף וועמען ס'איז געווען אַ שאלה צו דאַרף ער גיין אין שול אָדער ער מעג שוין גיין אַרבעטן, האָט שוין אויך גע־אַרבעט אַלס שיק אינגל און דוקא ביי בערל דעם שניידער, און נאָך אַ דאַנק דער רעקאָמענדאַציע פון זלמן זיידמאַן. רעקאָמענדירט האָט טאַקע זיין מיידל עטל וואָס האָט געאַרבעט ביי בערל דעם שניי־דער, אָבער זלמן זיידמאַן וואָס האָט גערעדט אַזוי פאַרביטערט וועגן בערל דעם שניידער, בארני קאהן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַוועקזעצן דוד כאַזאַנאָוויטש ביי דער מאַשין, האָט גערעדט גאַנץ אַנדערע דבורים וועגן שיקן דאָס אינגל ברוך אין שאַפּ. פאַרשטייט זיך ניט כדי ווערן אַ שניידער. גאָט באַהיט. זיין עטל זיצט אפילו ביי דער מאַשין און נייט, אָבער, ערשטנס, האָט ער עס אויך ניט געוואָלט, צווייטנס, איז אַ מיידל אַ שניידערקע ניט קיין שניידער, אַ מיידל אַרבעט ביז דער חתונה, אַ אינגל ווערט טאַקע אַ שניידער, אַ פּאַלגע. ניין, ניט ביי דער מאַשין. זאָל ער זיך לערנען געשעפט. דאָ פירט זיך שוין אַזוי, דאָ הויבט מען אָן פון סאַמע אונטן. ער'ט כאַפּן די שפּראַך, כאַפּן דעם שניט פון געשעפט וועט ער אויך ווערן אַ געשעפטסמאַן. דערוויייל אָבער איז דער פופצניאַריקער בחורל גע־גאַנגען אין שאַפּ אַלס שיק ינגל. אַי ער איז נאָך ניט קיין זעכצן? עס שטייט אָנגעשריבן ביי אים אויפן פּנים? פופצן יאָר איז דאָך אים שוין געוואָרן, איז ער זעכצן. אויך דער דרייצניאַריקער שלום האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַרבעטן. ער, דער דרייצניאַריקער, איז נאָך געווען דער פריעסטער אויפצושטיין צו דער אַרבעט — טראָגן צייַ־טונגען. פינסטער אין דרויסן, נאָך פינסטערער אין הויז, פינסטער־ניש אונטערגעבעט מיט שטילקייט, פינסטערניש און שטילקייט — אַ צודעק איבער גאַסן, הייזער, מענטשן. אַ ביסל זאַמד גיט זיך אַ שאָט צווישן די ווענט, אַ בעט טוט אַ סקריפּע, אַ מייזל לויפט דורך, אַרום די אַלע נאַכטיקע קלאַנגען — דאָס הויז, די ווענט וואָס לאָזן

ניט אַרויס די קלאַנגען און דאָסזעלבע הויז, דיזעלבע ווענט צאַמען אויך די קלאַנגען פון דרויסן, פינסטער און שטיל. אַ שרילע קלינגעריי פון אַ וועק זייגער און די שטילקייט ווערט צעשאָטן. שלום כאַפּט זיך אויף, טוט אַ נעם דעם וועק זייגער, זוכט דעם קלינגער, ניט געפינענדיק אים, גיט ער אַ רוק דעם זייגער אונטערן קישן — שווייג! אָבער פאַרפאַלן, די שטילקייט איז צעשאָטן, באַלד שטעכט זיך אריין אַ ליכט שפּיז אין דער פינסטערניש, א לאָמפּ לייכט אויף, שלום טוט זיך אָן אויף שנעל, לויפן צו דער אַרבעט. די מאַמע איז שוין אויך וואַך, זי וועט ניט אַרויסלאָזן איר קינד אין גאַס אָן אַ גלעזל וואַרימס. אַ וואָך, צוויי, און דעם זייגער האָט מען שוין מער ניט אָנגעשטעלט צום קלינגען, אָדער שלום האָט זיך אַליין אויפגעכאַפּט, און אויב ער האָט זיך פאַרשלאָפן איז די מאַמע געווען דער וועק זייגער. דער ווינטער האָט זיך געשטעלט אַ פריער. אַ שניי האָט אָנגעשאָטן עטליכע צאָל די טיף, און דער שניי איז געטריבן געוואָרן פון אַ באַסן, קאַלטן ווינט וואָס איז געקומען פון לייק אירי, אַ גאַנצע נאַכט האָט געדרייט און איצט, פיר פאַרטאָג, דרייט נאָך אַלץ, אַן עבירה אַ משוגענעם הונט אַרויסצולאָזן אין גאַס. אַ ציטערנדיקע פאַר קעלט שטייט די מאַמע ביי שלום און מלכ׳ס בעטל, קוקט אויף אירע שלאָפנדיקע יונגסטע אינגלעך: ווי וועקט מען עס אים אַזוי פריי? אין אַזאַ דרויסן! אָבער פאַרפאַלן, אַז דאָס קינד האָט זיך אריינגענומען אַ מאנקאליע אין קאָפּ ער וויל דוקא צעטראָגן צייטונגען אינדערפרי איידער ער גייט אין שול, פאַרדינען אויף זיין עסן, אַזוי האָט ער בפירוש געזאָגט, אַניט גייט ער ניט אין שול אויך, און די צייטונגען, קיין איד זאָל זיי ניט קענען, מוז מען טראָגן יעדן טאָג, יעדן טאָג, מעג דונערן און בליצן, מ׳טאָר ניט פאַרפעלן. אים לאָזן שלאָפן נאָך פינף מינוט, זי וועט דערווייל צושטעלן די מילך אָנוואַרימען. אוי, ביטער לעבן. אַרויפגעשטעלט די מילך, גייט זי, לייגט אַרויף די האַנט אויף שלומס קעפּל, איר זאָל זיין פאַר זיין קעפּעלע, פירט די האַנט איבער די האָר, שלאָפט נעבעך אַזוי געשמאַק. די פינגער רירן אָן דעם וואַרימען שטערן, דער קאָפּ גיט זיך אַ צאַפּל, דער אויבערשטער האַלבער קערפּער טוט זיך אַ כאַפּ אויף: האַ? שפּעט? — טוט ער אַ זאָג און ערשט דאַן באַנעמען זיינע אויגן אַ קוים זעבאַרן סילועט פון אַ מענטשלעכער פיגור, זיין מאַמע, די

מאַמע אין שלאָף ראַק, שטעק שיך אויף באָרוויסע פיס. דעם שלאָף ראַק וואָס די מאַמע האַלט אַלע מאָל אין איין פאַרמאַכן ביים בוזים, די שטעק שיך אויף די באָרוויסע פיס, דאָס זעט שלום אין דער פינס־טער אַ דערזאינערונג פון דעם וואָס ער האָט געזען אין קיך נעכטן און אייערנעכטן ווען די מאַמע האָט זיך געפּארעט געבענדיק אים אָנבייסן.

— האָסט נאָך צייט, — זאָגט די מאַמע, אָבער שלום איז שוין אַזוי געוואוינט  אָ ר ו י פ כ אַ פּ ן  אויף זיך די קליידער אַז ניט ער טוט זיך אָן, נאָר ער וואַרפט זיך אַריין אין די הויזן, שיך.

— טו אָן נאָך אַ סוועטערל, נאַ!

— ס'מיר ניט קאַלט.

— טו אָן, מיין קינד, אין דרויסן איז זייער קאַלט.

— מיר איז ניט קאַלט, איך גיס זיך אָפּ מיט קאַלטע וואַסער, — שאַרט ער אַוועק דאָס סוועטערל און לויפט זיך וואַשן מיט קאַלט וואַסער, דעם פּנים, דעם אויבערשטן האַלבן קערפּער. אַלע אינגלעך טוען אַזוי. אַלע אינגלעך האָבן אָבער, קענטיק, מאַמעס, יעדער איינער קומט מיט אַ סוועטערל, אַ שאַליקל אויפן האַלז, אַ היטל מיט לעפּלעך איבער די אויערן, און אויך שלום גיט זיך אונטער, טוט אָן דאָס סוועטערל וואָס די מאַמע ווערט גאָר ניט מיד דער־לאַנגען. ער טרינקט אויס די גלאָז מילך און לויפט אַרויס צו זיין ראַג וואו אַ פּעקל צייטונגען ליגט שוין און וואַרט אויף אים.

די מאַמע לייגט זיך צוריק אין בעט, דער טאַטע גיט זיך אַ דריי איבער, אַמאָל הערט זיך אַ שטילער פליסטערן צווישן טאַטע מאַמע אַזוי שוין ביז עס ווערט טאָג, די שטוב שטייט אויף, און אַמאָל דרימלט נאָך איין די מאַמע ביים טאַטנס זייט, שלאָפט איין אויף אַ שעה, צוויי ביז זי שטייט אויף און פּראַוואַדעט אַרויס די דערוואַקסענע צו דער אַרבעט, מלכן אין שול אַריין.

קאַלט און בייז איז דער פרימאָרגן ביי דוד כאַזאַנאָוויטש אין הויז, שווער און אומעטיק דער טאָג פאַר אסתרן — קאָכן, באַקן, ראַמען, וואַשן, פּרעסן, און אַלץ אַליין, אַליין אין הויז ביז פאַרנאַכט ווען שלום און מלך קומען פון שול, ביזן אָוונט ווען אַלע קומען פון דער אַרבעט. דערפאַר איז אָבער וואַרים און ליכטיק אין אָוונט. וואַרים איז אין קיך פונם אויוון וואו דאָס אָפּגעקאָכטע עסן שטייט

גרייט, עס שלאָגט פון איווון די וואַרימקייט און אויך די ריחות פון די פאַרשידענע עסנס וואָס די מאַמע האָט צוגעגרייט. הענט רייבן זיך, מיילער הור־קען, דער נאָז פאַרזוכט דער ערשטער דאָס עסן און עס פאַרשמעקט אים אַזוי גוט, אַז ער רייצט דעם צונג, דעם גומען — אַ עסיק פלייש, די מאַמע האָט געמאַכט אַ עסיק פלייש!

— כאַפּ ניט, כ'על דיר דערלאַנגען, 'על קיינעם ניט פאַרטיילן, — בייזערט זיך כלומרשט די מאַמע אויף ברוכן, אָבער זי האָט הנאה צו זען ווי די קינדער, קיין עין הרע, עסן.

— דאָס פלייש שמעקט פיין! — גיט דוד אַ קאָמפּלימענט זיין ווייב אויף איר קאָכן.

דער אַלטער הינער פּרעסער. דאָס פלייש איז טאַקע געשמאַק, אָבער דעם קאָמפּלימענט גיט ער דער עיקר דערפאַר, ווייל ער ווייסט אַז זיין אסתר האָט ליב ווען מ'לויבט איר געקעכץ. פאַרוואָס ניט צוליב טון איר? . . .

— הם, יאם, יאם! — רייבט דעם בויך מיט דער האַנט דער יונגסטער מלך, שוין מעשה אַמעריקאַנער נאַשער, און די מאַמע שיינקט דעם עלטסטן זון אירן, חיימען, אַ דאַנקבאַרן קוק: דאָס האָס־טו, מיין זון, אַריינגעבראַכט דאָס שטיקל פלייש.

אַהיים איז חיים געקומען ניט אַזאַ צופרידענער פונם טאָג אַרומ־לויפן, פון זיין באַלעבאָס, דעם מר. שטיינבערג, פון די ווייבער, די קונים. ער קריגט שוין אפילו דריי דאָלאַר אַ וואָך, דאָך האָט ער שוין געטראַכט וועגן אַוועקוואַרפן דעם מר. שטיינבערג, אַוועקגיין זוכן אַרבעט, אמתע אַרבעט, אַרבעטן, ניט זיין אַ שיק אינגל, אַ . . . משרת. אָבער איצטער, אונטער דער מאַמעס קוק, דאָס אָפּגעקאָכטע פלייש פאַרן נאָז, פאַרן מויל, אָפּגעקאָכטס, ניט קיין רוי פלייש, די מאַמע, דער טאַטע, די ברידער, ניט קיין ווייבער, ווערט אים אויך פרייליכער, דאָס פלייש שמעקט אַזוי באַטעמט, עס איז אַזוי גוט. גוט צו זיין אין דערהיים, זיצן און עסן.

אַמבעסטן פילט זיך דער יונגסטער, מלך. ער איז ניט אַזוי הונגעריק ווי די אַנדערע. קומענדיק אַהיים פון שול לאָזט די מאַמע ניט אַרויסלויפן אין גאַס אָדער זיך נעמען צו די ביכלעך ביז ער נעמט עפּעס ניט אין מויל. איצט עסט ער ניט אַזוי אימפּעטיק ווי די

אַנדערע, ער האָט הנאה פונם עסן, אָבער נאָך מער האָט ער הנאה פון ריידן דערביי: זאָגט די לערערקע . . .

— עס אַז דו עסט. אַז מ׳עסט רעדט מען ניט, — פּרואווט דער טאַטע לערנען דרך ארץ מיט זיין יונגסטן. מלך גיט אַ זייטיקן קוק אויפן פֿאָטער, פֿאַרטיפט זיך כלומרשט אין טעלער, אָבער ער וויל דוקא ריידן, דערציילן זיין ברודער שלום וואָס גייט מיט אים אין איין שול, הגם אין אַ העכערן קלאַס, וואָס די לערערקע האָט געזאָגט, און ניט נאָר זיין ברודער מיט וועמען ער יאָגט זיך אין שול, וויל אים דוקא דעריאָגן, אויך די אַנדערע צוויי ברידער, די עלטערע, די וואָס ווילן מיט אים ניט רעדן אַזוי גערן ווייל זיי אַרבעטן שוין, אויך זיי וויל ער דערציילן, זאָלן זיי הערן וואָס די לערערקע האָט אים געזאָגט, און זאָלן אויך טאַטע מאַמע הערן ווי ער רעדט . . . ענגליש.

— זאָגט די לערערקע, — שעפּטשעט ער שוין צו זיין ברודער שלום.

— אָה, דריי מיר ניט קיין קאָפּ מיט דיין לערערקע, — גיט אים שלום אַ לייכטן שטורך, — דיך הערן וואָלט מען געקענט מיינען אַז נאָר דו האָסט אַ לערערקע, ווייטער קיינער ניט. — הינטער די ווער־טער ליגט: דו אויספּיינער! באַרימער! שפּרינגער! ווילסט דוקא דערשפּרינגען, זיין אַזוי גרויס ווי איך, קענען ווי איך, אָבער איך בין פֿאַרט גרעסער פון דיר, גיי פֿאַרט אין אַ העכערן קלאַס, כאַטש אריין אין שול דעמזעלבן טאָג, און וואָס נאָך מער, איך טראָג צייטונגען אינדערפֿרי, פֿאַרדין געלט, און דו אַ פּעפּער, אַ . . . פּישער.

— אודאי האָסטו אַ לערערקע, אָבער זי רעדט ניט צו דיר, ווייל דו ביסט אַ דומקאָפּ.

— דו ביסט דער קלוגער.

— קלוגער פון דיר!

— אַזוי זאָגסטו.

— איך בין דער בעסטער אין קלאַס?

— ביסטו?

— אודאי בין איך. און דו ביסט ניט.

— פון וואַנען ווייסטו אַז ניט?

— ווייל דו ביסט אַ דומקאָפּ.

עס איז ניט דאָס וואָרט דומקאָפּ, עס איז דער גרויסהאַלטערישער

קוק פון די שאַרפע, שוואַרצע אויגלעך וואָס גיט אַ ברי דעם שטילן שלום מיט די פאַרטראַכטע ברוינע אויגן, עס איז די פלינקייט פון די רייד וואָס פאַלן אַזוי שנעל, שנעל, וואָס דערוועקט אין שלומען דעם פאַרלאַנג, אַ דראַנג, אַ מוז אָפּצושטעלן אָט דאָס שנעלע פאַלן פון ווערטער, אָט די שאַרפע חוצפּהדיקע קוקן, אָפּשטעלן מיט אַמאָל. ער דערלאַנגט דעם יונגערן ברודער זיינעם אַ שטורך. דער ברודערל איז אָבער ניט פון די וואָס וועלן צונעמען אַ שטורך און ניט געבן קיין אויסגאַב. דעם ערשטן טאָג וואָס ער איז געקומען קיין אַמעריקע האָט ער צעדראָפּעט אַ אינגל דעם פּנים פאַר אָנרירן זיין רעקל, פאַר רופן „גריני", און איצט איז ער שוין ניט קיין גרינער, ער רעדט שוין ענגליש, רעדט בעסער פון אַלעמען דאָ אין הויז, וועט ער צונע־מען אַ שטורך, נאָך פון אַ ברודער, פון שלומען און שווייגן? ער דראָפּעט שוין מער ניט, פאַרקלעמט אַ קולאַק און — בוכץ! אַ שטורך פאַר אַ שטורך. ביינקלעך רוקן זיך, צוויי הענדלעך זיינען גרייט זיך טשובען.

— קינדער! — שרייט אויס די מאַמע אין שרעק.

— זעצט זיך אָנידער ביים טיש! — באַפעלט דער טאַטע מיט אַ טאָן וואָס דאַרף אַרויסרופן דרך ארץ, אָבער דער דרך ארץ איז ניט אַרויסגערופן.

— ע ר האָט מ י ר דערלאַנגט! ע ר הויבט אַלע מאָל אָן! — שרייען ביידע. קיינער וויל זיך שוין ניט שלאָגן, אָבער קיינער וויל ניט אויפגעבן דער ערשטער ביז דער שווייגנדיקער חיים, דער עלטסטער, טוט זיך אַ הויב אויף, צענעמט די צוויי חברה ווי ער וואָלט איבערגעבראָכן אַ שטיקל ברויט, שיקט שלומן אַוועק צו זיין ביינקל און מלכן גיט ער אַ שטופּ צו זיין ביינקל, אַ שטאַרקערן שטופּ ווי שלומען.

— וואָס מישסטו זיך אַריין?—רופט אויס צאַרנדיק דאָס יונגסטע ברודערל, — דו . . . גרינהאָרן!

דאָס וואָרט גרינהאָרן? ניט נאָר דאָס וואָרט, דאָס צעגערן פאַרן וואָרט, דער טאָן, דער קוק, אַלעס צוזאַמען — אַ שנאַל אין נאָז, אַ שנאַל מיט אַ ביינדל וואָס אָט דער אַ . . . סמאַרק, זיין ב ר ו ד ע ר ל, האָט אָנגעצויגן מיט אַ פאָדים, געצילעוועט גלייך אין פּנים און אָפּגעלאָזט. חיימס פּנים איז פאַרלאָפן געוואָרן רויט

פון ווייטיק, פון חרפה, אַ ליפּ האָט אַ ציטער געטון, אַ האַנט האָט
זיך אַ הויב געטון און מיט דער בייִנערדיקער זייט אַ פּאַטש געטון
אין פּנים נאָענט צום שלייף. אַ „קעלניע" האָט מען אין כושטיווקע
גערופן אַזאַ פּאַטש, ווייל אַזוי גיט דער מוליאַר אַ וואָרף מיט דער
קעלניע, און דאָס איז געווען ניט אַזוי אַ ווייטיק פּאַטש, ווי אַ פאַר־
אַכטונג פּאַטש.

מלכּס לעבעדיק פּנימל האָט זיך פאַרקרומט, די פּאַטשערקע
אויגלעך, הייס פון כּעס, זייַנען דאָך פאַרלאָפן געוואָרן. טוט ווי
אַביסל, אָבער ער איז ניט געשלאָגן, זייַן גאַנצער דינער, זשוואווער
קערפּערל איז אַ פּילקע וואָס טאַנצט אונטער, די קולאַקלעך פליען,
פאַלן אויף דעם געוויקסיקן חיימס קליבעס, אָבער די קולאַקלעך רייסן
זיך העכער, העכער, דערלאַנגען צום פּנים. און דער געוויקסיקער
חיים? ווי ער וואָלט געוואָלט דערלאַנגען אַ כּמאַל אָט דעם . . .
ווערוריק, אָט דעם . . . אָבער ער גיט ניט קיין קלאַפּ, ער ווערט זיך
בלויז מיט זייַנע געזונטע הענט, לאָזט ניט צו דעם קליינעם שפּרינגער
צו נאָענט, האַלט אים אַרעם־ווייט פון זיך, און דאָס רייצט דעם יונגן
נאָך מער, ער שפּרינגט נאָך האַסטיקער. די מאַמע איז צוגעלאָפן.

— נעם אים צו פון מיר ווייל איכ'ל אים דערהרגענען.

— וואָס שלאָגסטו דאָס קינד?

ווען חיים קען א י ר דערלאַנגען פאַר אָט דעם „וואָס שלאָגסטו
דאָס קינד". דאָס קינד! ווי ער האָסט אָט דאָס קינד! ווי ער האָסט
זי, האָסט אַלעמען. אַנטלויפן פון דאַנען. אַנטלויפן פון שטוב,
אַנטלויפן פון . . . דער וועלט.

חיים אַנטלויפט בלויז פון טיש, גייט אַוועק אין פאָדערשטן צי־
מער וואו עס איז פינסטער און קאַלט, דעם אויוון הייצט מען בלויז
אין קיך, און גיט זיך אַ וואָרף אויף דער קאַנאַפּע דאָרט.

— נו ווער הייסט דיר זיך אָנהויבן מיט אים?

— איך האָב אים נישט . . .

— נו געַנוג, געַנוג. זעץ זיך אַוועק און עס, — ווישט די מאַמע
מלכּס אויגן. — אַלע האָבן שוין אָפּגעגעסן און דייַן טעלער שטייט
נאָך. אָט אַזוי. זייַ און עס. וואו איז ער אַהינגעקומען? חיים!
חיים, פאַרוואָס גייסטו ניט טרינקען דייַן טיי? די טיי ווערט קאַלט!
שטיל, קיין ענטפער.

אַ פאַרזאָרגטע שטייט אסתר ביים קראַן און טאַפּטשאַן, וואַשט און ווישט דאָס געפעס. חיים, איר ערשטער, איר עלטסטער. אַזאַ וואויל קינד געווען. אַ שטילס. ביינאַכט קיינמאָל ניט געוויינט, און געוואקסן, קיין הרע ניט, אַזוי פיין. אינגאַנצן אין ז י י ן ברודער געראָטן, אָבער, ווי דער פעטער, ניט קיין גרויסער קאָפּ מענטש. חלילה ניט קיין גראָבער קאָפּ, נאָר עפּעס האָט ער ניט געוואָלט, ניט געוואָלט לערנען פון קינדווייז אָן, און דאָ אויך. דערפאַר אָבער אַזאַ גוטער, וואָלט אָוועקגעגעבן דאָס לעצטע. נעמט אָפּ די דריי דאָלאַר גיט ער זיי אָוועק אינגאַנצן, זי גיט אים בלויז קליינגעלט. שוין אַ גרויסער בחור, אַ חתן בחור. אַ חתן . . . דער צווייטער שוין ניט אַזוי, יענער נעמט פריער אַראָפּ פאַר זיך און דאָס איבעריקע גיט ער אָפּ, וואַקסט אַ געשעפטסמענטש. געראַטן אין דער מאַמע. דאַרף שוין זיין אַ בריוו פון דער מאַמע, דעם טאַטן . . . שלומקע ווידער איז שוין „ער" מיט די ביינער. גיט אָפּ דאָס געלט, אָבער קיין חשבון ווייסט זי ביי אים ניט, איין וואָך אַזוי פיל, די צווייטע אַזוי פיל, ווייסט נישט וואָס געלט איז. מלכל? אסתרס אויגן שיינען אויף. ע ר וועט שוין אויסוואַקסן עפּעס. לערנט אַזוי גוט, רעדט שוין אַזוי פיין ענגליש, אַ געזונט אין זיינע ביינדעלעך, אָבער אַ ביסל אַ כעסן. אין וועמען קען ער עס געראָטן זיין? דוכט זיך אין איר משפּחה . . .

זיידעס, באָבעס, טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער, שוואָגערס, שוועגערינס, קינדער, חיים, ברוך, שלום, מלך. פיר קינדער, פיר זין, קיין עין הרע, און קיין מיידל . . . אַ מיידל, אַ טאָכטער . . .

אסתר האָט, ווישנדיק די טעלער, געוואָרפן אַ קוק אין פאָדערשטן צימער אריין, דאָרט איז שוין געווען ליכטיק, דודן האָט זי אָבער ניט געזען דאָרט. — זיך צוגעשפּאַרט מסתם, — איז דורכגעלאָפן דער געדאַנק. — אין אַזאַ טאָג זיך אַרומשלעפּן . . . מיטן קאָשיקל . . . מ'דאַרף עפּעס זען . . .

(6)

די גרינקייט האָט זיך אָפּגעטון פון דער משפּחה כאזאנאָוויטש. פון די יונגערע קינדער האָט די גרינקייט זיך אָפּגעשיילט ווי די קאָרע

פון אַ עקאַליפּטוס בוים, זיי געלאָזט נאַקעט, און דער אַמעריקאַנער באָדן האָט געגעבן געגנוג זאַפט פאַר אַ נייער אַמעריקאַנער קאָרע; ביי דעם עלטערן בחור חיים האָט די גרינקייט זיך גענומען שיילן ווי עס שיילט זיך פאַרב פון אַ צעטריקנט הילצערן הויז, לאָזנדיק ערטער־ווייז גאַנצע פּליאַמעס, און אפילו ביי טאַטע מאַמע האָט די גרינקייט גענומען אָפּבליאַקעווען. אסתר האָט שוין געקויפט אויף שבת אַ „טשיקן״ ביים „בוטשער״, ניט קיין עוף ביים קצב, און איר האָט זיך געדוכט אַז אין כושטיווקע איז זי אויך געגאַנגען צום „בוטשער״. בוטשער פּאַסט זיך אַזוי גוט צו רויע פליייש, בלוט, האַק און מעסער, ווי זאָגט מען טאַקע אויף אַ בוטשער אין ענגליש? בוטשער איז דאָך אידיש. אַזוי האָט זיך געדוכט אסתרן. און דוד, דוכט זיך ער האָט אַממינדסטן אַרונטערגעוואָרפן פון זיך די גרינקייט, דאָך איז ער ניט געווען דער דוד וואָס איז מיט אַ קנאַפּן יאָר צוריק געקומען קיין קליוולאַנד. ער האָט נאָך געטראָגן זיין בערדל, אָבער עס איז שוין געווען אַנדערש צוגעפוצט, ניט ער אַליין האָט עס שוין אַרומגעשוירן יעדן פרייטיק, נאָר דער שערער, און יעדער מאָל איז דאָס בערדל אַרויסגעקומען שמעלער, קלענער, כמעט אַ קמץ, אַ נקודה בלויז, די אַמעריקאַנער מלבושים זיינען שוין ניט געלעגן אויף אים ווי אויף אַ פרעמדן, זיי זיינען געוואָרן אָפּגעטראָגן, דערפאַר מער היימיש, און אפילו דער כושטיווקער סורדוט אין וועלכן ער איז נאָך געגאַנגען שבת אין שול האָט זיך אויך ווי אַמעריקאַניזירט, זיך צוגעפּאַסט צו דער אַמעריקאַנער שול.

תחילת האָט די שול אים אויסגעזען ווי עפּעס אַ נאָכגעמאַכטע. כושטיווקע איז טאַקע ניט געווען קיין כרך, האָט ניט געהאַט קיין גאָר גרויסע שול, אויך ניט קיין גאָר קליינע, איינגעפאַלענע אַלטע שול וואָס זאָל ווירקן מיט איר אַלטקייט, דאָך ווען מען איז אריינגעקומען אין דער קאַלטער שול האָט מען געפילט, מ׳איז אין אַ מקום קדוש. די הויך פון דער שול, דער אויסגעמאָלטער סופיט, דער ארון קודש, די בימה, די סטענדערס און אפילו דער פּאַליש וואו ער פלעגט אָפּט מער שטיין ווי אין שול גופא — ניט געווען צו פרום דוד כאַזאַנאָוויטש — איז געווען אַזוי אַנדערש פון דער שטוב, דער קלייט אַז מ׳האָט געפילט מ׳איז אין אַ שול. דאָ, אין דער שול וואוהין זלמן זיידמאַן האָט אים אריינגעפירט, האָט ער ניט דערפילט די שול. אים האָט

זיך געדוכט ער איז אין אַ קראָם, אַ גרויסע קראָם, וואו אָנשטאָט פּאָליצעס אויף די ווענט, האָט מען אָנגעשטעלט פּאָליצעס־בײַנק אויף דער פּאָדלאָגע, ניטאָ קיין סטענדערס, די בימה קיין בימה, דער ארון קודש עפּעס אַ שאַפע, די ספר תורה? נו יאָ, די תורה די זעלבע, אָבער דאָס לייענען, דאָס דאַווענען, די טליתימלעך, די דאַוונער . . .

אַ וואָך און צוויי, ער האָט זיך באַקאַנט מיט די דאַוונער, לאַנדס־לייט פון כושטיווקע טאַקע, פון שטעטלעך אַרום, און פרעמדע אידן, און ער האָט זיך דערפילט מער היימיש. ווען לאַנדסלייט זיינען צוגעשטאַנען צו אים ער זאָל דאַוונען פאַר זיי אַ מוסף, האָט ער זיך געוועגט — ער איז ניט קיין חזן, קיינמאָל ניט געדאַוונט פאַרן עמוד, אָבער די לאַנדסלייט האָבן זיך געטענהט זייערס: „נעוועך מאַי" ניט קיין חזן. זיי האָבן ניט געוואָלט קיין חזנישן מוסף, זיי האָט זיך פאַרבייינקט נאָך זיין טאַטנס אַ בעל תפילהשן מוסף, און ער האָט ניט אָן פאַרגניגן אָפּגעדאַוונט אַ מוסף. איינער, אַ צווייטער איז צוגעגאַנגען צו אים, געדריקט די האַנט, אַרויסגעזאָגט: שוין לאַנג, לאַנג ניט געהערט אַזאַ האַרציקן מוסף, און דוד האָט געשמייכלט פאַר תענוג. ער האָט גאָרניט געוואוסט אַז ער קען דאַוונען פאַרן עמוד. ער האָט דערפילט אין זיך אַ נייעם כח, אַ זיכערקייט. יאָ, שבת אין שול איז דוד כאַזאַנאָוויטש ניט געווען דוד דער פעדלער מיטן קוישיקל וואָס קלאַפּט אין די טירן מיט אַ ציטערנדיקער האַנט און איז שטום, אָן לשון. אין שול האָט ער ניט נאָר געדעדט פאַר זיך, ער איז געווען דער שליח ציבור, דאָרט האָט ער געקראָגן זי־כערקייט אין זיך, חשיבות, ער איז דערפאַר געגאַנגען אַהין מיט מער חשק ווי אין כושטיווקע גופא. אינגיכן האָט ער אויסגעפונען אַז די אַלע אַנדערע שול גייער, די מתפללים, אָט די וואָס זיינען אים תחלת ניט געפעלן געוואָרן מיט זייערע טליתימלעך, זייערע קאַפּע־ליושן ביים דאַוונען, זיינען גאָרניט אַזעלכע עמי הארצים, אַזעלכע „צעכראַסטעטע" ווי ער האָט געדיינקט. פאַרקערט, די וואָס ער האָט געזען אין דערוואַכן אַזעלכע צעכראַסטעטע האָבן זיך שבת אין שול אַרויסגעוויזן פאַר אָפּנהאַרציקע, צוגעלאָזטע מענטשן וואָס זיינען גערן אַ טובה טון אַ אידן, ווער שמועסט נאָך זייערן אַ אידן וואָס קען אָפּדאַוונען אַ מוסף. אָט צערעדט זיך מיט אים מר. פעלדמאַן, פרעגט זיך נאָך וואָס ער טוט: — גייט נאָך אַלץ מיטן קוישיקל?

ניט קיין אַרבעט פאַר אַזאַ אידן ווי איר. די ערשטע צייט מאַכט ניט אויס, מע געוויינט זיך צו אָנקלאַפּן אין אַ טיר, כאַפּן אַ ביסל די שפּראַך, אָבער איצט וואָלט איר שוין געמעגט זיך נעמען פאַר עפּעס בעסערס. קומט אַריין צו מיר אין קראָם מאָרגן, וועלן מיר אַ רעד טון. —

הייסט עס, אידן זיינען אידן, שבת איז שבת, אפילו אין אַמע־ריקע. דוד האָט איבערגערעדט וועגן דעם מיט אסתרן. ריידנדיק וועגן דעם האָט ער אגב אורחא דערציילט פון זיין מוסף דאַוונען און ער האָט געזען איר האָט עס הנאה געטון. זי האָט אים אונטערגע־געבן חשק, זאָל ער צוגיין צו דעם מר. פעלדמאַן, וואָס קען ער אָנ־ווערן? איז ער געגאַנגען. דעם מר. פעלדמאַן, וואָס ער האָט גע־טראָפן אין קראָם איז שוין אפילו געווען ניט דער מר. פעלדמאַן וואָס אין שול — אָן אַ היטל, אָן אַ רעקל, די אַרבל פאַרקאַשערט, „צע־כראַסטעט", אָבער אויפגענומען דודן האָט ער גאַנץ פריינטליך, גע־בעטן זיצן און גלייך צוגעטראָטן צום עסק. אָנשטאָט אַ קאָשיקל מיט האָרנאָדלען, שפּילקעס, שוועבעלעך און נאָך שמאַכטעס וועט מר. פעלדמאַן אויסשטאַטן דוד כאַזאַנאָוויטש מיט אַ פּעקל שניט סחורה. שניט סחורה. אַזוי היימיש, אַזוי באַקאַנט. כּושטיוועקע. פון די ווייטערדיקע רייד ווערט דוד געוואוירע, אַז עס איז ניט געננו שניט סחורה, אין דעם פּעקל גייען אויך אַריין טישטוכער, האַנטוכער, דעקעס, קאָלדרעס, אַ קליידל אפילו, אַלץ וואָס די גויע דאַרף האָבן, און אויב זי דאַרף אפילו ניט מוז מען איר איינריידן אַז זי דאַרף, נישקשה ער'ט שוין קענען זיך דורכריידן, ווייסט'אך, חצי אידיש פּאָלאווינע גויאיש, מ'קומט דורך, און, דער עיקר, דאָס געלט, דאָס איינמאָנען. פאַרקויפן דאַרף מען פאַר דריי מאָל דעם פּרייז וואָס עס קאָסט אים, דעם קרן דאַרף מען קריגן גלייך, דאָס איבעריקע אויף וועכענטליכע צאָלונגען, און ביי יעדער איינצאָלונג פאַרקויפן נאָך עפּעס, די גויע זאָל שטענדיק זיין שולדיק. פאַרפאַלן ווערן? אודאי ווערט פאַרפאַלן, דערפאַר טאַקע שטעלט מען אַזאַ פּרייז, ביי איינעם ווערט פאַרפאַלן, דערפאַר באַצאָלט אַ צווייטער, אַ דריטער. ווען ער האָט עס וואָס ביי א י ם איז פאַרפאַלן געוואָרן, טאַקע ביי די פּעדלער, וואָלט ער געווען אַן עושר, פונדעסטוועגן אַז מ'גיט גוט אַכטונג . . . אָט ער, ניט יעדן איינעם גיט ער, מיר ניט דיר

ניט, סחורה אויף באָרג, דאָ אַזעלכע וואָס ער וואָלט זיי פאַר מזומן ניט פאַרקויפט, פאַר מ ז ו מ ן ניט, ווייל קוים שטעלט יענער אַריין אַ פוס מיינט עס ער וועט שוין סוף כל סוף אריינכאַפּן, דאָס שטערט אים אָבער ניט צו געבן אויף באָרג אַזאַ אידן ווי דוד כאזאַ־נאָוויטש. ער וועט מיטן פּעקל ניט אַנטלויפן קיין אַמעריקע, וואָס?

דוד האָט פאַרשעמט אַ מורקע געטון: אַנטלויפן? ער האָט זיך אָבער ניט אָנגעכאַפּט אָן מר. פעלדמאַנס פאָרשלאַג ווי יענער האָט עס ערוואַרטעט. אָנשטאָט דעם האָט ער שטילערהייד געענטפערט אַז ער׳ט זיך מישב זיין, זיך איבערלייגן מיט „זיינער“, הערן וואָס זי וועט זאָגן וועגן דעם. האָט מר. פעלדמאַן אַ קוק געטון אויף דודן שוין מיט אַ סוחרישן, אָפּמעסטערישן קוק: ווייזט אויס ניט אַזאַ גוואַלדאָוונער סוחר, דאַרף זיך איבערלייגן מיט דער ווייב, און קאַלט־לעך צוגעגעבן: מהיכא תיתי, זיך אַן עצה האַלטן, זיך איבערלייגן מיט דער ווייב (אַ פעטליכער שמייכל) שאַדט קיינמאָל ניט, א י ך מיין, פאַרשטייט זיך, א י י ע ר טובה, פעדלערס, ברוך השם, פעלן ניט, גיב זיי נאָר סחורה, — האָט מר. פעלדמאַן פאַרענדיקט און איבערגעטראָגן זיין קוק צו זיינע סחורות.

דוד האָט פאַרשטאַנען עס איז צייט זיך אויפצוהויבן, האָט ער באַדאַנקט מר. פעלדמאַנען און זיך געזעגנט מיט אים צוזאָגנדיק, אַז היינט מאָרגן וועט ער אים געבן אַ תשובה.

„עני טאַים, עני טאַים“, — האָט שוין מר. פעלדמאַן שנעל אַ זאָג געטון און זיך געלאָזט אין דער טיף פון זיין קראָם.

אָנשטאָט אַ קוישיקל, אַ פּאַק, אָנשטאָט האָרנאָדלען, שפּילקעס — האַנטוכער, טישטוכער, אָבער אַלץ קלאַפּן אין טירן. ווען ער קען עפענען אַ קראָם, אַ קראָם מיט אַן אָפענער טיר וואו דער קונה זאָל אריינקומען צו אים, ניט ער צום קונה, אַ קראָם, שניט סחורה.

אסתרן איז עס גראדע יאָ געפעלן געוואָרן. טאַקע ניט קיין שניט קראָם, אַ פּעקל סחורה בלויז, אָבער פאָרט ניט קיין קאָשיקל מיט כ׳וויס דאָרטן שמאכטעס, נאָדלען, „טשואי גאם“. אַז מ׳האַנ־דעלט מיט אַ נאָדל האָט מען אַ נאָדל, דאָ — פאָרט עפּעס, און מיט דער צייט, אם ירצה השם עס זאָל אַוועקגיין גוט, די קינדער וועלן אַרויסהעלפן, וועט מען עפענען אַ קראָם אויך.

אסתר איז גערעכט, האָט עטיע דבורהס קאָפּ אויף זיך ווען עס

קומט צו מסחר. אין דער שוויגער זיינער איז ער ניט געווען פאַר־ליבט, ער געדיינקט נאָך ווי זי האָט אים קורץ אַ זאָג געטון: דו פאַרסט! דו הערסט, מיין טייערער איידים, דו פאַרסט קיין אַמעריקע! יאָ, ער געדיינקט עס נאָך גאַנץ גוט, אָבער וואָס אמת איז אמת, מסחר האָט זי פאַרשטאַנען מער ווי דער שווער, מער ווי ער מיט זיין שניט קראָם . . . אָבער, וואַרט, ער׳ט נאָך עפענען דאָ אַ שניט קראָם, אַ גרעסערע פון דער שוויגערס דאָרט אין כושטיווקע, וועט נאָך . . .

דערווייל האָט דוד כאַזאַנאָוויטש אַוועקגעוואָרפן דאָס קאָשיקל, גענומען אויף זיך דעם פּאַק סחורה און זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער „וועלט", איבער די גויאישע הייזער, קלאַפּן אין די טירן.

דער פּאַק סחורה איז געווען שווערער ווי דאָס קאָשיקל, פונדעסט־וועגן איז דודס טראָט געווען זיכערער. מיט מער זיכערקייט האָט ער אויך אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר. ער קלאַפּט דאָך ניט אָן אין טיר און ב ע ט מ׳זאָל אים געבן אַ ניקל פאַר אַ קעסטל שוועבעלעך אָדער אַ פּעקל גומי צום קייען, נ י י ן , איצט קלאַפּט ער אָן אין טיר מעשה סוחר, האָט סחורה צו פאַרקויפן.

קיין צו גוטער סוחר איז דוד כאַזאַנאָוויטש ניט געווען. מר. פעלדמאַן האָט אים טאַקע געלערנט ווי צו פאַרקויפן, אפילו ווי צו ווייזן סחורה דער גויע, כאָטש דאָס ווייסט ער אפשר אַזוי גוט ווי דער מר. פעלדמאַן, האָט ער דאָך געהאַט אַ שניט קראָם אין כוש־טיווקע, אַ שניט קראָם מיט געוואַנט, זייד. ער האָט אויך גאַנץ שטאַרק אָנגעזאָגט וועגן פּרייזן, ער זאָל למען השם חלילה ניט פאַר־קויפן צו ביליק, ער האָט אים אָבער ניט געקענט אויסלערנען ווי צו דינגען זיך. אפילו אין כושטיווקע, אין זיין קראָם האָט דוד ניט גע־קענט זיך דינגען, געזאָגט אַ פּרייז איז געזאָגט. זי, זיין שוויגער, האָט זיך געקענט דינגען אפשר אַ האַלבע שעה צוליב אַ גראָשן אויפן אַרשין, אַרויסלאָזן און אריינשלעפּן צוריק דעם קונה. ער האָט עס ניט געקענט, און דאָ דאַרף מען זיך פּונקט אַזוי דינגען ווי אין כוש־טיווקע, נאָך מער. פאַרשטייט זיך, אין די גרויסע קראָמען, דאָרט דינגט מען זיך ניט, דאָרט גייט אריין אַ קונה, באַצאָלט וויפיל עס איז אָנגעצייכנט און קיינע טענות, אָבער ער האָט דאָך קיין קראָם וואו דער קונה זאָל אַריינקומען, ער איז דאָך די גייענדיקע קראָם, ער

קומט צום קונה, און דער קונה, ווער איז דער קונה? כמעט דער־זעלבער וואָס אין כּושטיווקע — סלאָוואַקן, פּאָליאַקן, אונגאַרן, זיי ווייסן, אַז „ווּעסט ניט אָפּנאַרן ווּעסטו ניט פאַרקויפן", און זיי ווערן זיך קעגן דעם אָפּנאַרן, ווערן זיך אומגעשיקט, דאָך ווערן זיי זיך, דינגען זיך, באָטן אָן אַ העלפט פון פּרייז, דאַרף מען לכתחלה זאָגן צוויי מאָל אַזוי פיל, הייַנט אַז קריגן דאַרף מען דריי מאָל אַזוי פיל וויפיל עס קאָסט, מוז מען זאָגן זעקס מאָל אַזוי פיל. זעקס מאָל אַזוי פיל! ער שעמט זיך פּשוט. ער שעמט זיך אויך בעטן איין פרייז און נעמען אַ העלפט דערפון, וואָס פאַר אַ ווערט האָט דאָן זיין וואָרט? וואָס פאַר אַ פּנים האָט ער? אַ איד אַ ליגנער, אַ איד אַן אָפּנאַרער. אָבער צוריק גערעדט, און אים נאַרט מען ניט אָפּ? ער איז שוין לאַנג געגנוג אין די געשעפטן, ווייסט שוין אַז דער מר. פעלדמאַן, וואָס האָט לכתחלה אים אויסגעשטאַט מיט סחורה, פאַר־קויפט אים איצט אויך די סחורה, רעכנט מער ווי אַנדערע, ערגעץ אַנדערש קען ער קריגן די סחורה אַ סך ביליקער, אָבער ווי קען ער גיין ערגעץ אַנדערש, אַז ער איז שולדיק פעלדמאַנען געלט? עה, ווען ער האָט מזומן געלט, ניט דאַרפן קויפן אויף באָרג! אַזוי גייט עס שוין, די גויע קויפט ביי אים אויף באָרג און צאָלט דריי מאָל אַזוי פיל, ער קויפט ביי פעלדמאַנען אויף באָרג און צאָלט צוויי מאָל אַזוי פיל, און פעלדמאַן קויפט אויך מסתם אויף באָרג און צאָלט אויך אַנדערהאַלבן מאָל אַזוי פיל. דאָס איז מסחר. באָרגן, דרייען, און, דער עיקר — געקויפט פאַר צוויי דאָלאַר, פאַרקויפט פאַר דריי, פיר, פאַר וויפיל עס לאָזט זיך. „דאַרף געבוירן ווערן אַ גנב, וויינט די נשמה, בעט זיך אַזוי לאַנג ביז זי ווערט מגולגל אין אַ סוחר", פונ־דעסטוועגן, ווען ער האָט אַן אייגענע קראָם . . .

די אייגענע קראָם — אַ לייכט טורעם ערגעץ ווייט אויפן ים, ווּעמעס שיין שלאָגט זיך קוים דורך דורכן נעבל. וועט זיין שיף צו־קומען אַהין? ער האָט געהאָפט אַז יאָ, דערווייל האָט ער געקלאַפּט אין די טירן, פאַרקויפט פאַר וויפיל עס האָט זיך געלאָזט און, ניט איין מאָל, גייענדיק אַהיים, אַ מידער פון אַ טאָג קלאַפּן אין טירן, האָט ער געטראַכט: פונדעסטוועגן איז אַמעריקע אַ טייערע מדינה. געקומען, קען מען זאָגן, מיט די הוילע הענט, אַ שטומער דערצו, דאָך, דער אויבערשטער זאָל נאָר שיינקען געזונט, האָט ער ניט וואָס צו

באַקלאָגן זיך. פון זיינע פאַרדינסטן אַליין קען שוין אסתר אויס־האַלטן די שטוב. אַ בריה די אסתר, ביי איר גייט קיין זאַך ניט אין ניוועץ, און די קינדער פאַרדינען אויך צוביסלעך, זייערע פאַרדינסטן, וואָס זיי גיבן איר אַוועק, שפּאָרט מען שוין אָפּ. זיי וועלן שוין, מיט גאָטס הילף, אין קיין טירן ניט קלאַפּן, ווען זיי זאָלן נאָר ניט אַזוי פאַרגויאישט ווערן, די קינדער. דער עלטערער — אַ פלאטשיקער. . . אָבער אַ וואויל קינד, פאַרדינט ער, גיט ער אָפּ ביזן לעצטן סענט און, דער עיקר, רעדט נאָך אויס אַ אידיש וואָרט, די יונגערע . . . ? עך, אַמעריקע . . .

(7)

דוד כאזאנאָוויטשעס קינדער האָבן זיך ניט באַקלאָגט אויף אַמע־ריקע. אדרבה, יעדער איינער פון זיי האָט געוואָלט ווערן וואָס מער אַמעריקאַניש, זיך אויסגרינען וואָס גיכער. אַמשווערסטן איז עס אָנגעקומען דעם עלטסטן, חיימען.

פון קצב איז ער שוין לאַנג אָוועקגעגאַנגען. די ערשטע עטליכע וואָכן וואָס ער האָט געאַרבעט ביי מר. שטיינבערג, דעם קצב פון „זבחי צדק״, איז אים געפעלן געוואָרן די אַרבעט. וואָס קען זיין בעסער ווי אָפּטראָגן פּעקלעך, גיין איבער די גאַסן, אריינקומען אין פאַרשיידענע הייזער? איידער ער האָט זיך געשטעלט אַרבעטן איז די הויז אויף אָראנזש עווענין געווען אַמעריקע. אַרויסגייענדיק דעם ערשטן טאָג מיט די פּעקלעך פלייש, האָט ער אָנגעשפּארט אַזוי ווייט ווי וואודלאַנד און ווילסאָן עווענין. סארא שיינע גאַס די ווילסאָן עווענין! ניט ווי אָראנזש. הייבט די הייזער! דאָס ערשטע מאָל אַז ער איז אריין אין פּיניקס בלאַק, אין אָט דער גרויסער פּילשטאָ־קיקער געביידע, האָט ער געמיינט אַז ער׳ט דאָרט פאַרפאַלן ווערן, אַזוי פיל טירן, און אַ . . . עלעווייטאָר! ער האָט מורא געהאַט אריינשטעלן אַ פוס אין אָט דער שטייג, און ווען ער איז אַרויפגעפאָרן האָט זיך אים געדוכט אַז די ערד אונטער אים רייסט זיך אָפּ, ער פליט אַרויף, פליט אין אַ פאַרמאַכטער שטייג, וועט שוין פון דאָרט קיינמאָל ניט אַרויס. ער איז אַרויס פון דער שטייג, אריין אין איין טיר, אַ צווייטער, און ווי שיין אינעווייניק! אַלע וואוינונגען האָבן

עלעקטריק, ניט ווי ביי זיי אין שטוב, וואו עס ברענט גאז. די גאַנצע שטרעקע, פון פערדי סטריט ביז ווילסאָן עוועניו, זיין טעריטאָריע, ער האָט שוין געקענט יעדע גאַס, יעדער הויז, און דאָס האָט אים צוגעגעבן אַזוי פיל דרייסטקייט, אַז ווען ער איז אין אַ שבת נאָכ־מיטיק געגאַנגען מיט עטלען אין שטאָט אַריין, אין היפּאָדראָם, זען אַ וואָדעוויל, איז ער שוין ניט איבערראַשט געוואָרן פון די גרויסע שטאָטישע געביידעס, אפילו ניט פון היפּאָדראָם. טאָקע אַ גרויסער טעאַטער, אָבער נתפעל ווערן? די טעאַטער שפּיל, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן אַז ער האָט געזען אַ פאָרשטעלונג, אין אַ טעאַטער, און געגאַנגען אַהין, געזעסן דאָרט איז ער מיט אַ מיידל, מיט עטלען . . .

דאָס איז אַלץ געווען זייער גוט, אָבער נאָר די ערשטע עטליכע וואָכן. נאָכדעם איז אים נמאס געוואָרן דאָס אַרומלויפן איבער די־זעלבע גאַסן, אריינגיין אין דיזעלבע הייזער און, דער עיקר, די ווייבער . . .

ער איז אריינגעגאַנגען אין פיניקס בלאָק, געבראַכט פלייש איי־נער אַ מרס. פאַרקאַש. זי האָט געעפנט די טיר, אים אריינגעלאָזט, האָט ער קודם דערזען איר קלייד. העל־בלוי און דין, אקאָרשט דורכ־זיכטיק. אַ נאַכט העמד אָדער אַ פּעניואַר? האָט ער ניט געקענט באַשטימען. אונטן איז דאָס קלייד געווען אַזוי לאַנג און ברייט, אַז בלויז ווען זי איז געגאַנגען האָט ער דערבליקט די שפּיץ באָרוויסע פינגער, אויף די סאַנדאַלן וואָס זי האָט געטראָגן, האָט ער זיך אָנגע־שטויסן לויטן שאָרך פון די טריט, געזען האָט ער זיי ניט, און האָט זי געטון אַ ברייטן שפּאַן, איז ווי זי וואָלט געשפּאַנט אין וואַסער און, ווי דורך וואַסער, האָט ער געקענט כאַפּן אַן אנזעעניש אויף הוילע שיינקלען, דערפאַר אָבער אויבן, פון די קליבעס אַרויף צו, איז דאָס „קלייד" געווען אַזוי „קורץ" און אַזוי ענג געפּאַסט, אַז די בריסט, אָט אָט שפּרינגען זיי אַריבער דעם נידעריקן, דינעם צאַם.

— אָה, דער „בוטשער באָי"! — האָט ער דערהערט אַ צעצוי־גענע, פוילנצער שטימע און דערזען אַ מויל, די אויבערשטע ליפּ עטוואָס פאַרקאַשערט, די באַקן אַפריקאַזן קאָליר, נאָר אַן דעם גרוי־ליכן פוך, ארומגעוואַשן, נאָר וואָס גוט, גוט אַרומגעוואַשן, גלאַנצט אַזש, די אויגן גרויע, טונקל גרויע און עפּעס . . . פעטע, גרויע זייף,

און אַ גרויסער קאָפּ מיט געדיכטע, קענטיק לאַנגע, בלאָנדע האָר, פאַרנומען אויף אַרויף מיט אַ קובליק אויפן סאַמע מיטן קאָפּ. זי האָט צוגענומען דאָס פּעקל. זי — אַ אידישע? כשר פליישׁ?

— האָסט אויסגאַב פון פינף דאָלאר?

— ניין, איך האָב ניט, — האָט חיים ניט אָן כעס אַ זאָג געטון.

זי האָט אויף אים זייטיק אַ קוק געטון, אַ שאַר געטון דאָס קלייד, אַז עס האָט אַ קער געטון דעם דיל און זיך געלאָזט אין צווייטן צי־מער. דאָס לאַנגע קלייד האָט איר נאָכגעיאָגט.

— פּאַווע, — האָט חיים שיר ניט אַרויסגעזאָגט, אַזוי דייטליך האָט ער דערפילט דאָס וואָרט, כאָטש ער האָט אויף זיין לעבן ניט געזען קיין לעבעדיקע פּאַווע.

די „פּאַווע״ האָט זיך דערנענטערט צו אים, האָט אַ ווייז געטון אַ זשמענע קליינגעלט. חיים האָט אויפגעשטעלט זיין דלאַניע און זי האָט גענומען ציילן אַהין, דאַימס, ניקלס.

זי איז געשטאַנען אַזוי נאָענט צו חיימען אַז ער האָט זי ניט געזען, ער האָט נאָר שאַרף געפילט איר קערפּער, דעם גערוך פון זייף, פּודער, דער גערוך האָט אים פאַרטשאַדעט. ער האָט ניט נאָכגע־ציילט ווען זי האָט אַרונטערגעלאָזט די מטבעות אין זיין דלאַניע, נאָכדעם אפילו נישט איבערגעציילט, ווי זיין שטייגער איז געווען, ווייל אויב אַ טעות האָט מר. שטיינבערג אַרונטערגענומען פון די שכירות, ער האָט איינגעשעאָטן דאָס געלט אין קעשענע, גרייט אַרויס־צוגיין, אַרויסלויפן.

— ווי לאַנג אַז ער אַרבעט פאַר מר. שטיינבערג? ניט לאַנג אַריבערגעקומען? רעדט פיין ענגליש. אַ פיינער בחור. זע ווי ער רויטלט זיך! נאַרישער בחור. נאַ, דאָס איז פאַר דיר.

— פאַר מיר?

איצט האָט ער זי שוין געזען, געזען איר פּנים, די אויגן, דעם שמייכל . . . זי האָט דאָך דריי ליפּן! די אויבערשטע ליפּ איז מיט אַ אונטערשלאַק . . . ער האָט אויך דערזען דעם ניקל צווישן אירע שפּיצן פינגער, אָט ווי אַ דערוואַקסענער ווייזט אַ קינד אַ צוקערקע, עס דאַרף אָבער פריער אַ קוש טון . . .

די צוקערקע האָט אים ניט געלאָקט, אדרבא . . .

— נעם עס. עס איז פאַר דיר! — האָט זי ווייך — אַזוי ווייך — געזאָגט־געזונגען.

אירע ווייכע פינגער זײַנען געווען אויף זײַן האַנט און זיי האָבן האַרט אַרײַנגעקוועטשט דעם ניקל אין זײַן דלאָניע, אַזוי האַרט, ממש אײַנגעגראָבן. די ווייכע פינגער האָבן שטײַף פאַרמאַכט די דלאָניע אַרום דער ניקל גרוב און, זיכער אַז דער ניקל איז באַוואָרנט, האָט די האַנט זיך אַ הויב געטון, די ווייכע פינגער האָבן לײַכט — אָטעם לײַכט — אַ גלעט געטון זײַן באַק. — אַזאַ פײַנער בחור . . .

חיים האָט שוין ניט געפילט די לאַך אין דער דלאָניע. די ווייכע פינגער — אַ בראַנע מיט אומצײַליקע דינע, דינע שטעכלקעס — איז איבערגעגאַנגען איבער זײַן פּנים־פעלד און דורך די שטעך שטראָמט אַרויס זײַן בלוט. די דינע שטראָמעלעך בלוט גיסן זיך צוזאַמען, אַ כוואַליע אַ גאַנצע, און אויף דער כוואַליע וויגט זיך די מרס. פאַרקאַש, איר פּנים, אירע בריסט, זי טויכט אויף, פאַרשווינדט און טויכט ווידער אויף אַ . . . נאַקעטע, אינגאַנצן אַ נאַקעטע.

דער קלאַנג פון אַ מטבע, דער ניקל ווי ער האָט אַ פאַל געטון, זיך געגומען קוילערן איבערן דיל, האָט אים געבראַכט צו זיך. ער האָט אַ קוק געטון, אַ קוק געטון אויף אַלץ, אויפן ניקל, אויף דער מרס. פאַרקאַש, איר עטוואָס געעפנטן מויל, ער האָט געזען די דריטע ליפּ, אַ פײַכטע, ניין, אַ נאַסע . . . אים האָט באַשלאָגן אַ ניט גוטקייט, די גאַנצע קיך האָט זיך אַ דריי געטון פאַר די אויגן. ער האָט זיך אַ ריס געטון. אַן עפן די טיר און אַרויס.

פון פיניקס בלאַק איז ער אַרויסגעלאָפן. אויפן גאַס שוין האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגעווישט דעם פּנים. — וואָס איז דאָס גע־ווען? — ער האָט אַרויפגעקוקט אויף דער געביידע, אַ דריי געטון דעם קאָפּ אויף אַרונטער, אויסגעשפּיגן, און זיך געלאָזט גיין מיט גרויסע שפּאַן. — פאַוועו! — האָט ער שפּאָטיש אַרויסגעזאָגט גאַנץ הויך און, עטוואָס שטילער — האָב זי אין דר'ערד. — מער גייט ער ניט צו איר. ער'ט מער ניט גיין אַהין אפילו ווען . . .

ווי נאָר ער איז אַרײַן אין יאַטקע האָט אים דער מר. שטײַנבערג דערלאַנגט אַ פּעקל טאַקע צו דער מרס. פאַרקאַש.

— דאָך ערשט געווען דאָרט! — האָט חיים אויסגעשריען שיר ניט מיט אַ געוויין.

— זי האָט נאָר וואָס טעלעפאָנירט, זי האָט פאַרגעסן צו באַ־
שטעלן לעבער, און זי דאַרף עס שוין האָבן. גיי, און מאַך עס שנעל.

— איך גיי ניט.

— וואָס?!

חיים האָט ניט געענטפערט.

— וואָס איז דער מער מיט דיר? נעם דאָס פעקל און גיי. און
מאַך עס שנעל.

— אייך שוין געזאָגט איך גיי ניט.

— ביזט משוגע? גיי! זאָגט מען דיר!

— איך האָב געזאָגט אַז איך גיי ניט און איכ׳ל ניט גיין.

— הער דו, גרינהאָרן, דו פּראָווע נאָר ניט קיין שטיק. געזען
אַ גרינע אוגערקע? אָדער דו גייסט שוין אָפּטראָגן דאָס פעקל אָדער
דו גייסט אינגאַנצן אַהיים.

— גיי איך אַהיים.

— האָט איר געזען אַזוינס? — האָט זיך געוווּנדערט דער קצב
צו אַ פרוי וואָס איז געשטאַנען און צוגעקוקט, צוגעהערט.

— פאַרוואָס ווילסטו ניט גיין, נאַרישער בחור? — האָט זיך די
פרוי אריינגעמישט.

דערהערט דער פרויס שטימע איז חיימען אַזש הייס געוואָרן.

— גיט מיר מיין געלט און לאָמיך גיין אַהיים! — האָט ער שוין אויס־
געשריען.

— טפו זאָלסטו ווערן! — האָט דער קצב אויסגעשפיגן, — אַלע
בייזע, וויסטע חלומות זאָלן אויסגיין צו מיינע שונאימס קעפּ. געהערט
אַ מעשה? גיי טו אַ גרינעם אַ טובה. נאַ, דו האָסט דיר דיין געלט
און גיי דיר צו אלדי גוטע יאָר. דיין פּוס זאָל מיר אַהער מער ניט
אריינקומען, הערסט, דו גרינהאָרן!

אַזוי האָט חיים פאַרלאָרן זיין ערשטע שטעלע. אים האָט
ווינציק וואָס געאַרט וואָס ער וועט מאָרגן ניט האָבן וואו צו גיין
אַרבעטן, ער איז בלויז געווען צערודערט ווען די מאַמע האָט אים
גענומען אויספרעגן: פאַרוואָס און פאַר ווען? ער האָט ניט געענט־
פערט. זי איז צוגעשטאַנען, האָט ער אויסגעפּלאַצט: כ׳האָב אויפ־
געגעבן און פּטור. מער האָט זי ניט געפרעגט, אָבער חיים האָט זיך
קיין אָרט ניט געפונען אין שטוב. די מרס. פאַרקאַש . . . איר

„קלייד" . . . די בריסט . . . ווען ער וואָלט געגאַנגען צו איר נאָכ־אַמאָל . . . ער איז אַוועקגעגאַנגען צו . . . עטלען.

עטל האָט אויך געפרעגט פאַרוואָס ער האָט אויפגעגעבן די אַר־בעט און איר האָט ער שוין יאָ געענטפערט: ווייל איך האָב ניט גע־וואָלט זיין קיין שיק אינגל, קיין משרת. אַרויסגערעדט די ווערטער, האָט ער מיט אַמאָל דערזען די דינסט מיידל ביי זיי אין הויז אין כושטיווקע, אירע באָרוויסע פיס, נאַקעטע ליטקעס, דערזען די מרס. פּאַרקאַש, און עטל, אָט די מיידל וואָס איז געזעסן לעבן אים, האָט פלוצלונג פאַרלאָרן איר אייגענעם פּנים, אירע קליידער זיינען פון איר אַרונטערגעפאַלן, זי . . .

— וואָלסטו געוואָלט אַרויפגיין אַרבעטן אין אַ שאַפּ? צו מיר אין שאַפּ?

— ניין, — האָט ער שנעל אָפּגעענטפערט.

זי האָט פאַרחידושט אַ קוק געטון אויף אים. ער האָט מיט שטירדעס אַ זאָג געטון: איכ'ל געפינען אַרבעט, זאָלסט זיך ניט זאָרגן, — און גלייך נאָכדעם זיך געזעגנט מיט איר.

געפינען אַרבעט. ניט גיין טראָגן פלייש צו די ווייבער, אָדער אַרבעטן מיט מיידלעך, מענערישע אַרבעט, מיט מענער.

ער האָט אינגיכן געפונען אַרבעט אין אַ מעש פאַבריק וואו מ'האָט געמאַכט מייסטנס וואָסער קראַנען. אמת, זיין אַרבעט דאָרט איז ניט געווען קיין „מענערישע", אַלץ וואָס ער האָט געהאַט צו טון איז אַרויפטון די פאַרצעלייענע רערלעך וועלכע זיינען געווען באַ־צייכנט „הייס" און „קאַלט" אויף די שטאַלענע שטעקלעך פון די קראַנען, אָבער דאָס איז געווען בלויז אַ צייטווייליקע אַרבעט, שפּעטער צו, האָט מען אים צוגעזאָגט, וועט ער קריגן אַנדערע אַרבעט, טאַקע ביים וואָרשטאַט, און, אפילו פאַר ד ע ר אַרבעט האָט ער געקראָגן פינף און צוואַנציק סענט אַ שעה, וואָס האָט געמיינט צוויי דאָלאַר אַ טאָג, צוועלף דאָלאַר אַ וואָך, און, דער עיקר, אַ גרויסע פאַבריק, אַ סך אַרבעטער, און לויטער מענער.

חיים האָט זיך איינגעשאַפּט אַ שוואַרץ בלעכן קעסטל אויף מיטצונעמען זיין מיטיק און, קומענדיק צום פאַבריק טויער, טרעפנדיק דאָרט נאָך אַרבעטער מיט בלעכענע קעסטלעך אונטער די אָרעמס, האָט ער זיך געפילט ער איז איינער פון זיי אַלע, באַגלייך מיט זיי

אַלע. אַט טוט איינער אריין דאָס קאַרטל אין זייגער, קלינגט אָפּ די צייט און נאָך אים גייט ער, חיים, קלינגט אָפּ זיין קאַרטל, ווער עס שטעלט זיך אַרבעטן, ער זעצט זיך אַרבעטן.

— האַ, וואָס איז דאָס? — זיינע הויזן האָבן זיך צוגעקלעפּט צום ביינקל. ער טוט אַ קוק, ערשט דער גאַנצער זיץ פון ביינקל איז אָנ־געשמירט מיטן קליי וואָס ער באַנוצט ארייצולייגן אין די רעדלעך. דאָס האָט אים עמיצער אָפּגעטון. און ניט דאָס ערשטע מאָל אַז מ׳טוט אים אָפּ אַזעלכע שפּיצלעך. אַ בעלן געווען כאַפּן אַט דעם. ער וואָלט זיך שוין ניט גענאַרט. ער האָט אַ פאַרדאַכט אַז דאָס איז דער דזשעררי, דער רויטער שייגעץ מיט די קלייען. ווען ער פירט פאַרביי זיין וועגעלע מיט די פּאַרטיקע קראַנען לאָזט אים דזשעררי ניט פאַרביי אָן אַ: העי, דו קריסטוס מערדער! ער האָט אים אין דער אדמה מיט זיין יעזוסן, אָבער ער דערגייט אים די יאָר, און עס איז זיכער אַז דאָס האָט ער אויסגעשמירט דאָס ביינקל. ווען ער כאַפּט אים ביי דער האַנט!

מיטיק צייט, ווען אַלע זיינען געזעסן אין דרויסן, די פּלייצעס אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט, די פיס אויסגעצויגן און געקייט פאַמעליך אָבער גרינטליך די סענדוויטשעס, האָט דער רויטער דזשעררי זיך פאַרטשעפּעט מיט חיימען. — העי, דו, קריסטוס מערדער, וואָס איז דיין נאָמען?

חיים האָט גאַנץ גוט געוואוסט דאָס רעדט דזשעררי צו אים, אָבער ער האָט זיך ניט אָנגערופן. דזשעררי האָט זיך ניט געפוילט, איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו חיימען און ווידער געפרעגט: איך פרעג דאָך דיך, וואָס איז דיין נאָמען?

חיים האָט דערפילט אַ ציטער אין גאַנצן קערפּער. יענער זוכט זיך. אָבער ער וויל זיך ניט שלאָגן. ער וויל ניט. ניט ענטפערן. ענטפערן: וואָס איז דיין עסק? זאָגן דעם נאָמען. אפשר וועט ער פאָרט פאַרמיידן אַ געשלעג. — מיין נאָמען איז חיים כאַזאַנאָוויטש.

— געהערט? זיין נאָמען איז קאָים סאַנאַוואָביטש.

— ביסט אַליין אַ סאַנאַוואַביטש.

שטיל אָבער שאַרף.

— וו־אַ־ס?! — דזשעררי האָט אַליין ניט געגלויבט אַז ער האָט געהערט ריכטיק.

— וואָס האָסטו געזאָגט?
— דו האָסט געהערט.
— זאָג עס נאָכאַמאָל . . .
— אַז דו׳סט עס זאָגן וועל איך עס זאָגן.
— איך זאָג דיין נאָמען איז קאיק סאנאוואביטש.
— ביסט אַליין אַ סאנאוואביטש, — האָט חיים אַ ענטפער געטון און אויפגעשפרונגען.
— נעם צוריק וואָס דו האָסט געזאָגט! נעם צוריק זאָג איך דיר דו . . . סאנאוואביטש אָף אַ שיני!
דזשעררי האָט געמאַכט מיט די קולאַקעס, געמאָסטן, זיך פאַר־מאָסטן, און דערלאַנגט אויך, אָבער חיים האָט ווי ניט געפילט דעם קלאַפּ, מיטן גאַנצן קערפּער האָט ער זיך אָנגערוקט אויף דזשעררין, און ווי יענער איז ניט געשפּרונגען אויף צוריק האָט חיים דאָך דער־לאַנגט דזשעררין, אים אַרומגעכאַפּט, צוגעפּלעטשט זיינע אָרעמס צו די זייטן, אים געדריקט צו זיך און מיט דער גאַנצער משא פון זיין קערפּער געבויגן אים, געדריקט אים צו דער ערד ביז ער האָט אים טאַקע אָוועקגעלייגט. דזשעררי האָט זיך געפּרואווט דרייען, אַרויסדרייען, אָבער חיימס קערפּער האָט געדריקט אויף אַרונטער און הענט און פיס האָבן איינגעקלאמערט דעם ליגנדיקן, אים ניט געלאָזט זיך אַ ריר טון.
— ער האָט אים פלאַך! ער האָט אים פלאַך! — האָבן אייניקע אַרבעטער פריידיק געשריען און גערופן די אַנדערע זיי זאָלן אויפ־שטיין זען ווי דזשעררי ליגט אויסגעצויגן פלאַך, קען זיך ניט אַ ריר טון.
— לאָז מיך אָפּ, דו סאנאוו . . . ! — האָט דזשעררי געשריען, געפּרואווט זיך וואַרפן, אָבער חיים האָט ניט נאָכגעלאָזט. ער האָט ניט דערלאַנגט קיין קלאַפּ, ניט אַרויסגעלאָזט קיין וואָרט, ער האָט בלויז שווער געסאַפּעט, דער גאַנצער קערפּער האָט געציטערט פון אנשטרייננגונג אין מיטן רוקן, דוכט זיך, האָט ער געקוקט צי כאַפּט אים ניט עמיצער הינטן אַרום.
קיינער פון די אַרבעטער האָט זיך גערירט אים אָנצוכאַפּן פון הינטן אָדער זיי צענעמען, אַלע האָבן צוגעקוקט, געלאַכט, געשפּאַסט, אייניקע האָבן אפילו אונטערגעגעבן מוט חיימען: האַלט אים! האַלט

אים! דער פֿאַבריק פייף האָט אַ הויב געטון חיימען פון דזשעררים קערפּער, ביידע זיינען אויפגעשפּרונגען, קיינער האָט געזאָגט אַ וואָרט. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטון אין פֿאַבריק.

דעם גאַנצן נאָכמיטיק האָט חיימס מח געאַרבעט: וואָס וועט דזשעררי פּרואוון אים אָפּטון? וועט ער אים אָפּטשאַטעווען ביים גיין אַהיים? ער דאַרף זיך היטן. דערציילן אפשר דעם אויפזעער, זיך באַקלאָגן? ניין. ער׳ט שוין אַליין באַשטיין זיין שטעטל.

ביים גיין אַהיים האָט מיט אים גאָרניט פּאַסירט. אויף מאָרגן איז צוגעקומען דער אויפזעער, באַטראַכט זיין אַרבעט און גענומען וואָרפן: ביסט קאַסאַקע? זע, ווי קרום דו טוסט אַרויף די רערלעך! זע ווי דאָס שטייט! און דאָס רערל שטייט גאָר אָפּ. אָט די אַלע הענטלעך וועט מען דאַרפן צעברעכן. אויב דו קענסט ניט אַרויס־געבן קיין בעסערע אַרבעט מעגסטו בעסער איינפּאַקן. און טאַקע גלייך אויפן פּלאַץ. יעס סיר!

דאָס איז דזשעררים אַרבעט. ע ר האָט זיך ניט באַקלאָגט, אָבער יענער חזיר האָט אים פאַרמסרט. ווען ער קען אים פאַרפאָרן אין דער טריפהנער צורה. ער קען גיין צום פּאַרוואַלטער זיך באַ־קלאָגן. אה, זאָלן זיי אַלע גיין אין דער ערד.

— נו, וואָס שטייסטו?

— גיב מיר מיין געלט.

— ׳סט קריגן דיין געהאַלט אין אָפּיס.

חיים האָט ניט דערציילט וועגן זיין געשלעג אין דערהיים, און ביי וועטשערע, ווען מ׳האָט אים גענומען אויספרעגן פאַרוואָס ער איז אַוועקגעגאַנגען, פאַרוואָס מ׳האָט אים אַוועקגעשיקט, האָט ער ברוגזלעך געענטפערט: איך בין אַוועקגעגאַנגען און פאַרטיק.

— אַוועקגעגאַנגען, — האָט דער יונגסטער ברודער מלך סאַר־קאַסטיש איבערגערעדט. — מיינסט צו זאָגן מ׳האָט דיך אַרויסגע־טריבן.

— דו שווייג, דו צוציק.

— אַוועקגעגאַנגען, — האָט דער צוציק ניט געוואָלט שווייגן,

— ניין אינדערפרי גייט מען אַוועק פון דער אַרבעט. געמוזט האָבן אַ קאָפּ וויייטיק, ניין?

— איכ׳ל דיר באַלד דערלאַנגען מיט עפּעס איבערן קאָפּ וועסטו שוין וויסן.

— אַזוי!

— מלך! — האָט דער טאַטע שטריינג אַ זאָג געטון.

— מלך! מיי־לעך! — האָט דער אינגל איבערגעקרומט דעם פֿאָטער. — וועסט אַמאָל אויפהערן מיך רופן מיי־לעך? מיי־לעך!

— וואָס, דיר געפעלט שוין ניט דיין נאָמען?

— ניין, עס געפעלט מיר ניט, און איך וויל ניט מ׳זאָל מיך רופן מלך. מיי־לעך.

— און ווי דען זאָל מען דיך רופן, תכשיט מיינער? — האָט שוין דער פֿאָטער ניט אָן וויטיק געפרעגט.

— לעראַי. אַזוי רופן מיך אַלע.

— לעראַי? וואָס איז דאָס פֿאַר אַ נאָמען לעראַי?

— שענער ווי מיי־לעך!

— מיילעך מיינט אַ קייסער.

— לעראַי מיינט אויך אַ קייסער און עס איז אַ סך שענער.

— זעסטו שוין, שטייט אים ניט אָן דער נאָמען מלך, — האָט דוד זיך געווענדעט צו זיין ווייב. — גוטע יאָרן, אידישע קינדער שע־מען זיך מיט זייערע נעמען. כאַזאַנאָוויטש שטייט דיר שוין מסתם אויך ניט אָן, וואָס?

— אודאי געפעלט עס מיר ניט. אַ נאָמען! כאַזאַנאָוויטש. קיי־נער קען אים ניט אויסריידן, קיינער קען אים ניט אויסלייגן. קאַזאַ־נאָוויטש, טשאַזאַנאָוויטש, אייניקע זאָגן אפילו סאַנאוו . . . — האָט ער זיך פאַרכאַפּט ניט אַרויסריידנדיק דאָס פולע וואָרט. — איך האָב שוין געזאָגט מיין לערערקע זי זאָל מיך ניט רופן כאַזאַנאָוויטש. טשייס, לעראַי טשייס, דאָס איז מיין נאָמען.

חיים האָט דער ערשטער אַ דריי געטון דעם קאָפּ, אַ קוק געטון אין דער ריכטונג צו מלכן. באַרעכן נאַר, ער האָט זיך געשלאָגן מיט דזשעררין צוליב דעם נאָמען, פאַרלאָרן די שטעלע, און דער אָ, אָט דער סמאַרקל, ער האָט איינס און צוויי גענומען, אָוועקגעוואָרפן דעם כאַזאַנאָוויטש, געמאַכט דערפון טשייס. אַ קלוגער חברהמאַן, אָבער ער האָסט אים סיי ווי. וועט אויסוואַקסן אַ . . .

— העללאָ, מר. לעראַי טשייס! — האָט אים איבערגעקרומט

דער עלטערער ברודער שלום. — וואָס מאַכט איר עפּעס, מר. לעראָי טשייס?

— ניטאָ וואָס צו לאַכן, — האָט דער מיטעלער ברודער, ברוך, געענטפערט. — טשייס איז שענער פון כּאַזאַנאָוויטש. זיכער מער אַמעריקאַניש.

— נאַ, אַט האָסטו דיר, — האָט דוד אַ זאָג געטון צו זיין ווייב, אָבער דער קוק זיינער האָט געבלאָנזעט איבער אַלעמען. — בנים גדלתי . . . גיי האָרעווע אויף קינדער, צי פון זיך די קליי, שיק זיי אין שולן שיק זיי, און זיי געפעלט שוין אפילו ניט דער נאָמען, געפעלט זיי שוין ניט. כּאַזאַנאָוויטש געפעלט אים ניט, טשייס יאָ, כּאַזאַנאָוויטש מיינט חזן, וואָס מיינט טשייס?

— טשייס קען מיינען אַרויסטרייבן, — האָט שלום אַ זאָג געטון, — נאָכיאָגן . . .

— וואָס האָסטו געזאָגט? אַרויסטרייבן? הער, תּכשיט מיינער, — האָט ער זיך שוין געווענדעט צום יונגסטן, — אויב איכ׳ל נאָכאַמאָל הערן דיין טשייס וועל איך דיך אַרויסטשייסן, דו הערסט?

מלך כּאַזאַנאָוויטש, לעראָי טשייס, האָט גאַנץ גוט געהערט, ער האָט זיך אָבער ווינציק וואָס געקימערט. מאַלע וואָס דער טאַטע זאָגט. ער האָט גאָרניט וואָס צו זאָגן. ער׳ט שוין גאָרניט אַרויסטרייבן. זיין נאָמען איז לעראָי טשייס, אַזוי האָט ער געזאָגט דער לערערקע, אַזוי האָט ער געזאָגט דעם פּרינציפּאַל. און ווען דער פּרינציפּאַל האָט אים געזאָגט, אַז ער איז רעגיסטרירט מלך כּאַזאַנאָוויטש און ער קען ניט בייטן דעם נאָמען אָן דער צושטימונג פון די עלטערן, האָט דער קליינער כּאַזאַנאָוויטש גרויסהאַלטעריש געענטפערט: זיי׳ן צושטימען, זיי׳ן בייטן.

און טאַטע מאַמע האָבן צוגעשטימט. ווען זייער מלכקע האָט אין איינע דריי יאָר דורכגעמאַכט פּאַבליק סקול און ביי דער גראַדואירונג געהאַלטן אַ דרשה, דער פּרינציפּאַל האָט געזאָגט אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם פייאיקן שילער לעראָי טשייס, אים אַרויסגעשטעלט ווי אַ מוסטער פאַר אַלע אימיגראַנטן קינדער, האָט די מאַמע אָנגעקוואָלן פון תּענוג, און דער טאַטע — ויחד טאַטע, עס האָט אים הנאה געטון און עס האָט אים וויי געטון.

מלך, מיי־לעך. נאָך אין די ערשטע טעג פֿון זײַן אָנקומען אין אַמעריקע, ווען סעמי לעווין האָט געפֿרעגט וואָס איז זײַן נאָמען און איבערגעקרומט מיי־לעך, האָט דער עלפֿיאָריקער מלך ניט געקענט פֿאַרטראָגן עמיצער זאָל פֿון אים לאַכן. ער האָט דאָן זיך געשלאָגן מיט סעמי לעווין, אים צעדראַפּעט דעם פּנים אויפֿן היימישן, כּוש־טיווקער שטייגער, ער האָט אָבער אויך אַרײַנגעכאַפּט גענוג בוכצעס פֿון סעמי לעווינס קולעקלעך אויפֿן אַמעריקאַנעם שטייגער און די ערשטע אַמעריקאַנער לעקציע וואָס מלך האָט געקראָגן אין גאַס איז ניט געגאַנגען לאיבוד. ער מוז ווערן אויס גרינער, אַן אַמעריקאַנער אינגל אָט ווי סעמי לעווין, ווי טעד האַלפּערן, ווי מאָרריס גרין. און וואָס פֿאַר אַ נאָמען איז מלך פֿאַר אַן אַמעריקאַנער אינגל? מלך. מיי־לעך. אַ „פֿאָני ניים" האָבן געזאָגט די אינגלעך. מאָרריס, מאַר־ווין, מאלקאָלם, — האָט מלך איבערגעלייגט ביי זיך אין קאָפּ. מאָרריס איז פֿון משה, מאַרווין פֿון . . . דער יונגער עלפֿיאָריקער מח האָט געגומען איבערזעצן נעמען. פֿון די עטליכע יאָר לערנען אין חדר אין כּושטיווקע איז געבליבן ביי אים אין קאָפּ אַ ביסל חומש, מלך, האָט ער געוואוסט, איז אַ קייסער, הייַנט ווי איז אַ קייסער אין ענגליש? אַ קעניג איז קינג, אָבער אַ קייסער? אַ קייסער! ניטאָ אין אַמעריקע קיין קייסער, אָבער אַ וואָרט מוז דאָך זײַן. אינגיכן האָט ער געפֿונען דאָס וואָרט, אַ קייסער איז ראַי. ער האָט באַגע־גענט אַ אינגל מיטן נאָמען לעראָי, ראָי, לעראָי קלינגט שיין און עס מיינט דאָך אַ קייסער, אַזוי האָט דאָס אינגל געזאָגט, און ער האָט באַשלאָסן — לעראָי.

לעראָי איז געווען בלויז אַן איבערזעצונג פֿון מלך, איבערגעזעצט דעם נאָמען כּדי מ׳זאָל ניט לאַכן פֿון אים, ער זאָל ניט זײַן אַנדערש פֿון אַנדערע אַמעריקאַנער אינגלעך. אויס מלך — לעראָי, דערפֿאַר אָבער טשייס, אַן אָפּשניט פֿון כאזאַנאָוויטש, אויך כּדי מ׳זאָל ניט לאַכן פֿון אים, איז שוין געווען כאזאַנאָוויטש אָפּערירט, די פֿאַמיליע כאזאַנאָוויטש צעשפּאָלטן אויף צווייען.

דער מאַמע האָט עס ווינציק געאַרט. איר נאָמען האָט זי דאָך שוין לאַנג פֿאַרלאָרן ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט דודן, וואָס איז

פאַר איר אַ צווייטער נאָמען, וואָס איז דער חילוק כאַזאַנאָוויטש אָדער טשייס? אַבי זיי זאָלן איר נאָר אַלע זיין געזונט און שטאַרק.

דוד כאַזאַנאָוויטשן האָט עס שוין יאָ געאַרט. געהערט אַ מעשה, זיין אייגן קינד זאָל זיך שעמען מיטן טאַטנס נאָמען, מיטן נאָמען כאַזאַנאָוויטש. כאַזאַנאָוויטש — חזן, דער טאַטע אַ חזן, דער זיידע אַ חזן, ער אַליין ניט קיין חזן, קיין זינגער, אָבער ער האָט ליב געזאַנג, נגינה, שפּילט ער ניט אויפן פידל? די שבת צונאַכטסן אין כּושטיוקע, ווען ער פלעגט שפּילן אויפן פידל, נאָך דאַן ווען אסתּר פלעגט פאַרביישפּאַצירן זייער הויז . . . דאָ שפּילט ער נאָך אַמאָל אויך אויפן פידל, כאָטש זייער זעלטן, עס שפּילט זיך עפּעס ניט דאָ אין אַמעריקע. עך, אַמעריקע . . . ניט קיין שלעכטע מדינה, ער האָט זיך ניט וואָס צו באַקלאָגן, אָבער צי איז דאָס ערגעץ אַנדערש געהערט געוואָרן קינדער זאָלן זיך שעמען מיט זייער טאַטנס נאָמען, זייער טאַטנס שפּראַך? אָט דער קליינער פישער קרומט דאָך אים איבער ווי ער רעדט, לאַכט פון אים. אייגענע קינדער לאַכן פון טאַטע מאַמע. ער, דוד כאַזאַנאָוויטש, פון דורות חזנים, זאָל וואַרן אַ מיסטער טשייס. ניט גוט זאָל זיי ווערן מיט זייער טשייס.

ניט אַלע פיר קינדער האָבן זיך אָנגעכאַפּט אינם נאָמען טשייס. חיים, דער עלטסטער, כאָטש אים איז אויסגעקומען זיך צו שלאָגן איבער דעם נאָמען כאַזאַנאָוויטש, האָט אים אָבער ניט געוואָלט בייטן. זיי קענען ניט אויסריידן כאַזאַנאָוויטש? זייער שולד. מענטשן זאָלן ניט קענען אויסריידן קיין כ. קאַ, טשאַ, האַ, נאָר ניט כאַ. טפו זאָלן זיי ווערן. אמת, ער קען ניט אויסריידן דעם טה ווי זיי, אָבער טה איז טאַקע ניט קיין „וואָרט”, און ער זאָגט עס פונדעסטוועגן אַרויס, איז ניט ווי זיי געניוי, אָבער מ׳פאַרשטייט אים, זיי — קאַ טשאַ, האַ. ניין, ער בייט ניט דעם נאָמען, זיין נאָמען איז כאַזאַנאָוויטש, כאַ־זאַ־נאָ־וויטש, און אויב זיי געפעלט ניט קענען זיי אים רופן . . . צו אַ דין תורה. אים געפעלט אפילו ניט דער נאָמען האַימי. חיים איז אַלרייט, חיים מיינט לעבן.

אָט דער חיים. אַ לעבעדיקער בחור. ווי ער האָט זיך עס אַ צי געטון אין דער הויך אין די לעצטע פאָר יאָר, געוואָרן אַ מאַן אַ גאַנצער, די באָרד שוין ניט מער ווייכע, בלאָנדע הערעלעך, נאָר אַ באָרד וועלכע ער גאָלט יעדן צווייטן טאָג, און ווען ער דאַרף ערגעץ אַרויס־

גיין, צו עטלען אַ שטייגער, גאָלט ער זיך אָפּ כאָטש ער האָט זיך ערשט נעכטן געגאָלט. און די האָר טונקעלער געוואָרן, אַ שאָטענער, ניט קיין בלאָנדער, און זיי לייגן זיך אויס כוואַליע־אַרטיק, ניט גע־קרויזט נאָר געקנייטשט, געלאַקט. ניט איין מיידל וואַרפט אַ קוק אויף אים ווען ער גייט פאַרביי וואָודלאַנד עוועניו און חיים פאַר־רויטלט זיך ניט מער פון אַ מיידלשען קוק, פאַרקערט, ער כאַפּט אויף דעם מיידלשען קוק, גיט אַ פיר מיט די אויגן איבער איר און זי פאַר־רויטלט זיך. ניט ווייל ער מיינט עפּעס, חלילה, ניין, ווען עס קומט צו מיידלעך ווערט ער נאָך שעמעוודיקער און שווייגענדיקער ווי גע־ווינליך. אָן אויסנאַם מיט עטלען. עטל. עטל. עס איז ניט איר לייכטלעכער פּנים מיט די אויסגעקיילעכיקטע שוואַרצע ברעמען איבער די מאַנדל ברוינע אויגן; ניט איר גלייכער דינער נאָז און דער שמאָ־לער פיין אויסגעשניטענער מויל; אפילו ניט איר פיגור, אַזוי גלייך אין די פּלייצעס, אַזוי דין אין טאַליע, כאָטש נעם גיב זי אַ הויב און טראָג זי אַוועק; ניין, עס איז איר שמייכל, איר שטימע, וואָס אַז זי גיט אַ קוק, זאָגט אַרויס אַ וואָרט ווערט אים אַזוי גוט, אַזוי לייכט.

אָט האָט ער פאַרלאָרן די אַרבעט אין דער מעש פעקטאָרי צו־ליבן געשלעג מיט דזשעררין. דער מאַמען האָט ער ניט געקענט דערציילן וואָס האָט פּאַסירט, אָבער עטלען האָט ער יאָ דערציילט און נאָכדעם ווי זי האָט אים אויסגעהערט, האָט זי ניט געזאָגט אַז ער האָט באַדאַרפט אָדער ניט באַדאַרפט זיך שלאָגן, זי האָט נאָר געפרעגט וואָס ער דיינקט, וואָס ער ו ו י ל טון ווייטער. און, מערקווירדיק, ביז דער מינוט וואָס זי האָט אים געשטעלט די פראַגע האָט ער בלויז געוואוסט וואָס ער וויל ניט — ער האָט ניט געוואָלט טראָגן קיין פליייש צו אַ מרס. פאַרקאַש, ער האָט ניט געוואָלט זיצן און אַרויפטון רערלעך אויף קרענטלעך, ער האָט ניט געוואָלט אַרבעטן צוזאַמען מיט שקצים ווי דזשעררי, ווען זי האָט אים אַ פרעג געטון וואָס ער וויל, האָט ער אַרויסגעזאָגט: איך וויל זיך אויסלערנען אַ מלאכה וואו איך זאָל קענען אַרבעטן אַליין. און אַרויסגעזאָגט, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז אָט דאָס אָ האָט ער געוואָלט, וויל ער. אה, סאַרא קלאָרקייט אָט די עטל ברייגגט אַרויס!

— ער מיינט צו זאָגן, ער וויל זיין אַ באַלעבאָס פאַר זיך?

וואָס שמייכלט זי אַזוי עטל? לאַכט זי פון אים? ער ווייסט זי האָט עפּעס ניט ליב דאָס וואָרט באַלעבאָס, באַלעבאַטים. — ניין, ניט קיין באַלעבאָס, אַן אַרבעטער פאַר זיך.

עטל שמייכלט ווידער, אָבער חיים קען שוין אפילו ניט פאַר־דעכטיקן אַז זי שמייכלט דאָס איבער אים. פאַרקערט, ער זעט איר איז עס געפעלן, און פאַר אַט דעם שמייכל אירן וואָלט ער . . .

האָט זי דערזען וואָס ער וואָלט . . .?

— אָלרייט, חיימקע, ווילסט וועלן מיר אַרויפגיין אָט דאָ אַ אין לייבאָר לייסעאום, דאָרט וועל איך אפשר טרעפן אַ באַקאַנטן, איינעם אַ מר. ראָזען, ער איז אַ פייפער היינגער, אפשר וועט ער דיך צונעמען צו דער אַרבעט, דיך אויסלערנען די מלאכה, וועסטו קענען זיין אַן אַרבעטער פאַר זיך.

— „חיימקע" האָט זי געזאָגט! חיימקע! צי ער וויל אַרויפגיין אין לייבאָר לייסעאום? אין עק וועלט וואָלט ער געגאַנגען מיט איר.

מ'איז אַרויפגעגאַנגען. ער האָט זיך געפילט אַזוי פרעמד אין דעם צימער וואו מענטשן זיינען געזעסן, געלייענט צייטונגען, נאָך פרעמדער אין דעם צווייטן צימער וואָס איז געווען אָפּגעצאַמט מיט אַ שטאכעט, הינטערן שטאכעט ווענט, פאַליצעס מיט ביכער. ביי אַ טישל איז געזעסן אַ מענטש, פאַרשטעלט מיט אַ צייטונג. דערהערט זיי אריינקומען, האָט דער מענטש אַפּירגענומען דעם פּנים פון צײ־טונג און פריינדליך באַגריסט: העללאָ, עטעלע!

וואָס האָט ער זי צו רופן עטע־לע?

עטל ענטפערט: העללאָ, מר. זאַקס! אפשר דאָ געזען ראָזענען? ניט געזען? זייט באַקאַנט, דאָס איז מיינער אַ פריינד, מר. כאזאַ־באָוויטש.

חיים האָט דערלאַנגט די האַנט צו מר. זאקסעס אויסגעשטרעקטע האַנט און געפילט אי אַ וואַרימען האַנטדרוק אי אַ וואַרימקייט אין פּנים. ער — אַ מיסטער כאזאַנאָוויטש, און „זייט באַקאַנט, מיינער אַ פ ר י י נ ד." מיינער אַ פריינד . . . אי, עטל, עטעלע . . .

— אַז איר'ט זען ראָזענען, זאָגט אים אַז איך וויל אים זען, וועט איר ניט פאַרגעסן?

— איך וועל אים זיכער זאָגן.

— אָלרייט, אַ גוטן.

— אַ גוטן, — האָט אויך חיים אַ מורמל געטון און קוים גע־הערט ווי יענער האָט אויך עפּעס געמורמלט.

— ווער איז דער מאַן? — האָט חיים דאָס ערשטע אַ פרעג געטון ביים אַרויסגיין.

— מיינסט זאַקס? ער איז דער ביבליאָטעקאַר פונם לייבאָר לייסעאום, אַן אַלטער גענאַסע.

— אַן אַלטער וואָס?

— גענאָסע, אַ חבר, אַ סאָציאַליסט, ווייסט ניט וואָס אַ סאָ־ציאַליסט איז?

אַי, די עטל. דוכט זיך אין איינע יאָרן מיט אים, קומט פון איין שטעטל מיט אים און זי ווייסט דיר אַלץ, וואָס איז אַ סאָציאַליסט אפילו. וואָס איז טאַקע אַ סאָציאַליסט? — וואַרט, זאָגט זי, וועסט ווערן אַ פּייפּער היינגער, וועסט באַלאַנגען צו דער יוניאַן, וועסטו שוין וויסן וואָס אַ סאָציאַליסט איז. איך וועל זען ראָזענען, איז ניט מאָרגן, איז איבערמאָרגן, ער׳ט דיך זיכער נעמען צו דער אַרבעט.

צי וועט אים מר. ראָזען נעמען צו דער אַרבעט צי ניט, צי וועט ער ווערן אַ פּייפּער היינגער און אַ סאָציאַליסט אָדער ניין, דערווייל זיינען זיי, אַרונטערגייענדיק פון לייבאָר לייסעאום, אריינגעגאַנגען צו קאַמינסקין אין צוקערניע און געטרונקען צוויי גלעזער שאָקאָלאַד, דאַן אַרומגעגאַנגען אפשר אַ צוויי שעה און זי האָט אים דערציילט אַזוי פיל זאַכן, און, דער עיקר, זי האָט אים גערופן חיימקע, חיימקע האָט זי אים גערופן און אים פאָרגעשטעלט מיין פריינד, מר. כאַזאַ־נאָוויטש. חיימקע כאזאנאָוויטש.

ניין, חיים כאזאנאָוויטש וועט ניט בייטן זיין נאָמען, חיימקע! מיין פריינד מר. כאזאנאָוויטש!

אויך שלום כאזאנאָוויטש האָט ניט געוואָלט בייטן זיין נאָמען. אין די פאַרטאָגן ווען ער איז געזעסן אָדער געשטאַנען אויף זיין ראָג, געוואַרט אויף די צייטונגען, אָדער זיך שוין געלאָזט גיין אין וועג, האָט ער זיך דורכגעווערטעלט מיט די אַנדערע אינגלעך, זיך דורכגע־שטורכעט אין שפּאַס, און זיי, אידישע און גויאישע אינגלעך, האָבן פון אָנהויב אים געפּרואווט רופן סעם, סאַל, אָבער דאָס וואָרט שלום איז זיי גופא בעסער געפעלן געוואָרן. ביי די אידישע אינגלעך איז עס אַרויסגעקומען שולעם, ביי די גויאישע שאָלעם, אָבער סיי ביי

די, סיי ביי יענע איז עס אַרויסגעקומען בעסער. ג ע ש מ אַ ק ע ר ווי סעם אָדער סאָל און ז י י האָבן הנאה געהאַט פון דעם שלום. ער? ניט ער האָט הנאה געהאַט, ניט עס האָט אים געאַרט, זיין נאָמען איז שלום, זיי האָבן הנאה ביים צעקייען אָט דאָס וואָרט, אודאי גוט. דאָסזעלבע אין שול. העי, שאָלעם! און כאזאנאָוויטש? איי־ניקע איז טאָקע שווער אויסצוריידן דאָס וואָרט, אָבער ער האָט גע־הערט נאָך שווערערע ווערטער, פּשעמישליאַנסקי, אירזשביצקי אָדער גאָר טשיעריגהינאָ. און אפילו ענגלישע נעמען. געהערט אַ נאָמען היו היטשקאק, היו היטשקאק. אַנדערע האָבן נאָך דריי נעמען, פיר נעמען. און נעמען! זיין ברודערל מלך, לעראָי? ער האַסט אים, ממש ער האַסט אים פאַר זיין שטופּן זיך, פאַר זיין וועלן זיין דוקא אין פראָנט. ווען ער זאָל נאָר זיין אַביסל צוריקגעצויגענער, שטילער. לעראָי טשייס! עמיצער וואָלט אים באַדאַרפט געבן אַ „גוד טשיי־סינג“.

(9)

ברוך כאזאנאָוויטשן איז יאָ געפעלן געוואָרן דער נאָמען טשייס. ברוך האָט ער שוין לאַנג זיך אויפגעהערט רופן. ער האָט אפילו ניט אַ טראַכט געטון אַז ברוך מיינט געבענטשטער, ניט געפּרואווט איבערזעצן אויף בענעדיקט, ניין, ברוך האָט ניט געהאַט קיין חוש פאַר שפּראַך, ווערטער, ברוך האָט געהאַט אַ חוש פאַר געשעפט. אַריין צו בערל דעם שניידער, באַרני קאהן, ווי אַ שיק אינגל האָט ער גלייך אָוועקגעוואָרפן דעם נאָמען ברוך. שיר שיר האָט ער אליין ניט גענומען דעם נאָמען באַרני, אָט ווי דער באַלעבאָס, באַרני קאהן און באַרני כאזאנאָוויטש, אָבער אי ער האָט זיך דערשראָקן פאַר זיין אייגענער חוצפּה, שוין פון אָנהויב ווערן גלייך מיטן באַלעבאָס, אי ער האָט זיך מישב געווען אַז בערנאַרד איז עפּעס מער חשובער ווי באַרני. בער־נאַרד. בער־נאַרד. דאָ עפּעס וויכטיקעס אין דעם בער־נאַרד.

בערנאַרד האָט זיך געשטעלט אַרבעטן ווי אַ שיק אינגל, אָפּ־טראָגן אַרבעט, ברייינגען קנעפּלעך, פאָדים, לויפן אַמאָל נאָך אַ שטיקל סחורה, אויסקערן דעם שאָפּ, אָבער אפילו ווען בערנאַרד האָט געקערט

דעם שאַפֿ האָט ער עס געטון ניט ווי סתם אַ אינגל וואָס אַ קער אַהין, אַ קער אַהער און פֿאַרטיק, אויסגעקערט. ניין, בערנאַרד אַז ער האָט געקערט דעם שאַפֿ האָט ער אַכטונג געגעבן צי קערט ער ניט אויס אַ שטיקל סחורה וואָס קען נאָך צונוץ קומען, אַ קעשענע, אָדער אפֿילו אַ קנעפּל. און האָט ער געפֿונען אַ קנעפּל האָט ער עס, פֿאַרשטייט זיך, אויפֿגעהויבן, ער האָט אָבער אַכטונג געגעבן דאַרויף אַז זיין באַלעבאָס זאָל זען ווי ער האָט אויפֿגעהויבן דאָס קנעפּל, ער האָט עס אים בדאי אונטערגעטראָגן ער זאָל עס זען. און באַרני קאהן, ווי פֿאַרנומען ער זאָל ניט זיין, האָט, זעענדיק דאָס אויפֿגעהויבענע קנעפּל, געמוזט צוגעבן אַז וואָס, נאָר אָט דער בערנאַרד לאָזט קיין שפּילקע ניט פֿאַרפֿאַלן ווערן. פֿאַרלאָזט זיך אויף אים.

געוווען אויף ווערמען זיך פֿאַרלאָזן. אַז בערנאַרד האָט זיך אַרויסגעלאָזט פֿון שאַפֿ נאָך קנעפּלעך אָדער העקלעך איז ער געקומען צוריק ניט נאָר מיטן ריכטיקן קנעפּל, נאָר מיט אַ פּלאַן וועגן אַ מאַשין אַליין צו מאַכן קנעפּלעך. ער האָט געזען די מאַשין טאַקע ביים קנעפּל מאַכער. אַ איינפֿאַכע מאַשין. אונטן אַ מין שטאָלן קלעצל מיט אַ לעכל וואו מ׳לייגט אַריין אַ בלעכל מיט אַ שטיקל סחורה, פֿון אויבן לאָזט זיך אַרונטער אַ מין האַמער מיט אַ צווייטן בלעכל, אַ קלאַפּ, און פֿון די צוויי בלעכלעך ווערט איין קנעפּל באַצויגן מיט סחורה. אַ איינפֿאַכע מאַשין, יעדער איינער קען אויף איר אַרבעטן, ער אַליין וואָלט געקענט מאַכן די קנעפּלעך, אַלץ וואָס ער דאַרף איז די מאַשין און די פֿאַרשידענע פֿאָרמעס פֿאַר די פֿאַרשידענע מאָסן קנעפּלעך.

האָט ער טאַקע דערציילט באַרני קאהן וועגן דעם, אים געזאָגט אַז אַזאַ מאַשין וואָלט איינגעשפּאָרט אַ סך געלט און צייט. האָט באַרני קאהן געשמייכלט. דער חברה מאַן מיינט אפֿנים ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע. — אודאי איז דאָ אַ מאַשין, דאָ אַ סך מאַשינען, מ׳קען זיי קויפֿן אויך, וואו נעמט מען אָבער געלט, אפֿשר ווייסט בערנאַרד פֿון אַ מאַשין וואָס מאַכט געלט?

פֿון אַזאַ מאַשין ווייסט טאַקע ניט בערנאַרד, אָבער אַז די מאַשין אויף מאַכן קנעפּלעך קען מען קויפֿן דאָס ווייסט ער יאָ, ער ווייסט אפֿילו וויפֿיל זי דאַרף קאָסטן, אינגאַנצן אַ צוועלף פֿופֿצן דאָלאַר, און ווען מ׳מאַכט אויף דער מאַשין בלויז אַ הונדערט טוצן קנעפּלעך איז זי שוין אָפּגעצאָלט, מאַכט מען שוין קנעפּלעך אומזיסט.

דער בערנאַרד ווייסט דיר אַלץ און קען נאָך רעכענען דערצו. און דער חשבון א י ז אַ קלאָרער. ווי האָט עס טאַקע באַרני קאהן ביז איצט ניט אויסגערעכנט? און צוועלף פופצן דאָלאר אין טאָקע געלט, אָבער אפילו אַזאַ קליינער קליידער פאַבריקאַנט ווי ער קען זיך פאַרגינען אויסגעבן אַזאַ סומע, ווער שמועסט אַז אין אַ דריי פיר חדשים באַצאָלט שוין די מאַשין פאַר זיך.

איז טאַקע בערנאַרד גלייך אַוועקגעלאָפן, געקויפט די מאַשין, דריי פארשידענע מעסערס אויסצוהאַקן די סחורה, דריי פאָרמעס פאַר דריי סאָרטן קנעפּלעך, זי אַליין צוגעשרויפט און איינגעשטעלט און גלייך זיך געשטעלט מאַכן אַ טוצן קנעפּלעך. די ערשטע עטליכע קנעפּלעך זיינען ניט אַרויסגעקומען גוט, אָבער בערנאַרד איז ביי זיך ניט אַרונטערגעפאַלן. ער האָט טאַקע קיינמאָל ניט געמאַכט קיין קנעפּלעך, אויף אַ מאַשין ניט געאַרבעט, אָבער דאָס מיינט ניט אַז ער קען ניט. נאָך אַ קנעפּל, נאָך אַ קנעפּל און: איר זעט, מר. קאהן! ווי געפעלט אייך דאָס קנעפּל?

— פיין, — מוז צוגעבן מר. קאהן, און בערנאַרד טריאומפירט. פאַר דער קנעפּל מאַשין האָט טאַקע באַצאָלט מר. קאהן, אָבער בער־נאַרד ווייסט, פילט אַז די מאַשין איז זיינע, ע ר האָט זי אריינגע־בראַכט אין שאַפּ. אה, ער וואָלט געקענט אריינברייגגען אַ סך זאַכן אין דעם שאַפּ ווען דער אַלטער באַרני קאהן זאָל אים נאָר לאָזן.

דער אַלטער באַרני קאהן מיט זיינע זעקס מאַשינקעס איז אַ ביסל צו אַלטמאָדיש פאַר אים, צו קליין פאַר אים. אין זיינע שליחותן, זיין אַרומלויפן האָט ער זיך דערוואוסט פון שעפּער, געזען שעפּער וואו עס אַרבעטן צוויי, דריי הונדערט מאַשינען, צושניידערס שטייען און שניידן מיט מאַשינקעס, סחורה אָנגעלייגט אָט אַזוי אַ די הויך, שעפּער מיט אָפיסעס, פאַרקויפער, די פאַרקויפער פאָרן אַרום, גייען אַרום, פירן מיט מיט זיך מאדעל מיידלעך אויף וועמען אָנצו־מעסטן די קליידלעך, און די מאדעל מיידלעך אַזעלכע שיינע, אַזעלכע הויכע, שלאַנקע, פיסלעך . . .

עך, די מאדעל מיידלעך . . . ער וואָלט געוואָלט . . . גייט ער שוין ניט אויפן זיבעצענטן יאָר? די וואָנצעס וואַקסן זייער, זייער שיטער, פון איין האָר צו דער צווייטער אַ פעלד אַ גאַנצס, אָבער אַז ער'ט זיי גאָלן אָפטער, נעמען ביי חיימען זיין גאָלמעסערל . . .

ביין, ער איז ניט קיין שיק  א י נ ג ל . בערנאַרד אַז ער גייט אַריין אין עלעוויייטאָר פון דער געביידע רעדט ער זיך דורך מיטן עלעוויי־טאָר מאַן, בייט איבער אַ וואָרט מיט אַ פּאַרקויפער וואָס שטייט דערביי, אָדער אפילו אַ פאַבריקאַנט, ער קען אַלעמען, ווייסט וואָס עס טוט זיך ביי אַלעמען אין די שעפער, ווער וואו עס פאַרקויפט קליידלעך. אָט האָט ער אָפּגעטראָגן אַ קעסטל קליידלעך צו די האלע בראָדערס און געטראָפן דאָרט אַ מאַנופעקטשורער, איינעם אַ מר. סמיט. בלויז געטראָפן זיך מיט אים, ניט אויסגערעדט מיט אים אַ וואָרט, פונדעסטוועגן ווען ער קומט צוריק, שטעלט זיך קערן דעם שאַפּ קען ער דערציילן זיין באַלעבאָס אַז ער האָט געטראָפן דעם מר. סמיט און ער האָט אויסגעזען זייער ניט פריילעך, אָבער טאַקע גאָר ניט פריילעך, באַטאָנט ער, און ער זעט ווי זיין באַלעבאָס באַרני קאהן געפעלט עס וואָס מר. טשאַרלי סמיט — זיינער אַ קאָנקורענט — איז אַרויסגעגאַנגען פון האלע בראָדערס גאָרניט פריילעך, מיט אַ נאָז. עס געפעלט זיין באַלעבאָס און בערנאַרד געפעלט זיך אַליין פאַר זיין וויסן וואָס צו דערציילן, וואָס עס וועט געפעלן ווערן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום ווייסט ער שוין צו דערציילן זיין באַלע־באָס אַז ער האָט ווידער געטראָפן דעם מר. סמיט. יענער האָט אים אָפּגעשטעלט, געפרעגט צו „מיר״ זיינען „ביזי״, געענטפערט: זייער „ביזי״״! האָט ער געזאָגט, ער איז אויך „ביזי״.

— הויבט זיך ניט אָן, — שמייכלט באַרני קאהן.

— „וועל״, — זאָגט בערנאַרד תמימותדיק, — ער האָט מיך געפרעגט אויב איך ווייס עפּעס פון אַ גוט אינגל, אַ שיק אינגל, ער דאַרף, זאָגט ער, נויטיק נאָך איין שיק אינגל, אַ גוט אינגל איז ער גרייט צו צאָלן צען דאָלאר אַ וואָך.

— און וואָס האָסטו אים געענטפערט? — פרעגט שוין באַרני קאהן פאַרדעכטיק.

— איך האָב אים געזאָגט אַז גראָדע איצט ווייס איך ניט פון אַזאַ אינגל, אָבער אין אַ וואָך, צוויי אַרום, אויב ער׳ט נאָך דאַרפן קען איך אפשר געפינען אַזאַ אינגל, — פאַרענדיקט ער מיט אַ באַ־דייטנדיקן קוק.

— פאַרוואָס זאָגסטו ניט גלייך דו ווילסט אַ העכערונג אויף צוויי דאָלאר, דו ממזר, דו?

צוויי דאָלאַר האָט באַרני קאהן אים אַליין געהעכערט ווייל ער האָט אַליין געזען אַז דער בחורל איז אַ אינגל אַ ברען, האָט אַן אויג פאַר געשעפט, און איצט וויל ער שוין נאָך צוויי. נו, ער איז גרייט אים צו געבן די העכערונג, נאָר דער ממזר, ווי קונציק ער מאַכט עס. באַרני קאהן איז אַן אַרבעטער זיינע אַלע יאָרן, עטליכע יאָר שוין אַ באַלעבאָס, אים דאַרף מען קיין פינגער אין מויל ניט אַריינלייגן, ער איז שוין אַ מבין אויף אַ טשאַד.

— איך האָב ניט געמיינט געגנוי בעטן אַ העכערונג, און וואָס אנבעלאַנגט מר. סמיט, וועל איך פאַר אים ניט געבן קיין צוויי סענט, — ענטפערט בערנאַרד מיט ביטול. — אָבער איר פאַרשטייט דאָך, צען דאָלאַר איז צען דאָלאַר, ניט קיין אַכט.

— אָלרייט, וועסט קריגן דיינע צען דאָלאַר, נעקסטע וואָך קריגסטו צען דאָלאַר, צופרידן?

— אַ דאַנק, מר. קאהן, אַ שיינעם דאַנק.

— טאַטע מאַמע וועלן אודאי זיין צופרידן.

— פאַרשטייט זיך, — ענטפערט בערנאַרד, אָבער ביי זיך אין געדאַנק טראַכט ער, ער'ט ניט אויסזאָגן אין דערהיים, אַז ער האָט געקראָגן אַ העכערונג. די מאַמע וועט דערהערן אַז ער קריגט מיט צוויי דאָלאַר מער וועט זי עס וועלן פאַר זיך און ער קען אויך גע־ברויכן די צוויי דאָלאַר. כדי ניט צו פאַרשווייגן אינגאַנצן וועט ער געבן אַן אָנצוהערעניש אַז אינגיכן וועט ער א פ ש ר קריגן אַ העכערונג. דערווייל קען ער זיך איינשאַפן אַ נייעם שניפּס, אַ העמד, ער קען אויך קויפן אַ אנצוג, אויף אויסצאָלן, פאַרשטייט זיך.

בערנאַרד אין אַ נייעם אנצוג, דאָס רעקל פאַרשפיליעט, די הויזן מיט אַ גלייכן שאַרפן קנייטש, פון דער אויבערשטער קעשענע שטעקט אַרויס אַ טיכעלע, די ברעגן איין קאָליר מיטן אָנצוג, און אַרויסגע־שטעקט ריכטיק, אָט אַזוי פיל און ניט מער; און דער שניפּס — ביים קנופּ דין, זייער אַ דינער קנופּ, דערפאַר גלייך נאָכן קנופּ צעשפּרייט זיך דער שניפּס ברייט, דין, ברייט, און מיט אַ גריבעלע, אינם גריי־בעלע אַ שפּילקע, אַ פיינע שפּילקע, ניט געגנוי אַ דימענט, אַ פּערל בלויז, אַ קליינער, גרויער פּערל, געקויפט אין פינף און צען סענט קראָם; און די האָר אָנגעשמירט מיט „סטייקאָ״ זיי זאָלן זיך האַלטן, ניט צעפאַלן, און גלאַנצן, די ברעמען גוט פאַרקעמט; און אַז ער גייט

וויגט ער זיך אויף זיינע היפטן, די ברוסט אַרויסגעשטעלט, דער קאָפּ הויך. ווער זאָגט עס אַז בערנאַרד גייט ערשט אויפן זיבעצעטן יאָר און איז אַ שיק אינגל ביי בארני קאהן? בערנאַרד טשייס איז אַ מאַן, זיין באָרד און וואָנצעס, געדיכט און שוואַרץ ווי זיי זיינען, גאָלט ער זיך אָבער אַזוי גלאַט אַז מ׳זעט ניט קיין האָר, דערפאַר איז דאָס זיין פּנים אַזוי גלאַט, האָרלאָז. יאָ, ער האָט ליב זיך גאָלן צו דער הויט, נאָכ־דעם באַגיסן מיט שמעקעדיקע וואַסער, אפילו זיין טיכעלע באַגיסט ער מיט פּאַרפום, געקויפט אין פינף און צען סענט קראָם, אָבער פּאַרפום, עס שמעקט. אַ קוק אין שפּיגל, אַ גלעט די באַקן, גלאַט, פיין! גלאַט דער פּנים און אויך אַ צינגל אַ גלאַטס האָט בערנאַרד טשייס, ער קען פאַרפירן אַ געשפּרעך מיט יעדן איינעם, פון אַן אַלטן מאַן, אַ פּרעזידענט פון אַ באַנק, ביז אַ זעכצניאָריקער מיידל. האָט ער ניט פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט איינער פון קאראכ׳ס מאדעל מיידלעך? ער האָט אפילו גערעדט מיט איר וועגן „אויסגיין" צוזאַ־מען צו אַ פאָרשטעלונג. וואָסי, דער פאַרקויפער מיט וועמען זי גייט אַרויס, אָט דער מאָררי, איז בעסער פון אים? ער קען צו יעדער צייט זיין אַזאַ גוטער פאַרקויפער ווי דער מאָררי, און אפשר נאָך בעסער, און ער׳ט עס באַווייזן אויך.

ער וואָלט אפשר באַדאַרפט אַוועקגיין פון דעם בארני קאהן. צו אַלטמאָדיש, צו קליין. ביי אַ קאראך, אַ לאַנדעסמאַן . . . . ! אָבער אין אַ קליינעם שאָפּ איז פאַרט אַ בעסערע געלעגנהייט צו כאַפּן די „גאַנצע שפּיל", דעם גאַנצן עסק, פון קויפן די סחורה, מאַכן דאָס קליידל ביזן פאַרקויפן. ביי בארני קאהן איז פאַרט אַ בעסערע גע־לעגענהייט. די מאַמע זאָל נאָר אַזוי ניט וועלן צונעמען ביי אים דאָס גאַנצע געלט. נאָר זי בעט געלט! וואו טוט זי דאָס אַהין? דער טאַטע אַרבעט, חיים אַרבעט, שלום פאַרדינט אויך, און זי, נאָר זי מאָנט — גיב, גיב! זי מוז האָבן אַ קניפּל. ער׳ט ניט געבן מער וויפיל ער גיט. וואָלט מען כאָטש זיך אַרויסגעצויגן פון אָראַנזש עוועניו. פּשוט אַ חרפּה. ווער וואוינט דאָרט איצט חוץ איטאַליענער? ווען עמיצער פרעגט אים וואו ער וואוינט, זאָגט ער טאַקע ניט. — אויף דער איסט סאַיד, — גיט ער אַ מאַך מיט דער האַנט. ווען זיי ציען זיך אַריבער כאָטש אויף פאָרעסט עוועניו, צי אויף דער פערציק־סטער גאַס, אָדער גאָר אויף ווילסאָן עוועניו. ווען ער׳ט טאַקע ווערן

אַ פּאַרקויפער וועט ער שוין אויף אָראַנזש עווענוּ ב י ט וואוינען. אָה, נאָ, ניט ער, ער׳ט וואוינען אין אַ האָטעל! יעס, סיר, אין אַ האָטעל וועט ער זיצן, רויכערן אַ ציגאַר . . .

דערווייל פאַררויכערט ער אַ „מעקקא״ ציגאַרעטל, און אויך דאָס דאַרף ער זיך אויסהיטן, די מאַמע ווייסט נאָך ניט אַז ער רויכערט, אַלענפאַלס האָט זי אים נאָך גאָרניט געזאָגט, כאָטש לעצטענס ווען זי האָט איבערגעטאַפּט די קעשענעס האָט זי מסתּם געמוזט געפינען אַ פּעקל ציגאַרעטן. אַ שלעכטע געוואוינהייט ביי איר, אָט דאָס טאַפּן אין קעשענעס. ער וואָלט זי באַדאַרפט אָפּגעוואוינען דערפון. נאָך אַלעמען, גיט ער איר ניט יעדע וואָך די פיר דאָלאַר? און מי־טיקס עסט ער שוין אייגענע, נעמט שוין ניט מיט. די קעלנערין אין דער „ביזי בי״ . . . דאַרפן מיט איר אַרויסגיין אַמאָל . . . ווען ער׳ט קויפן אַ נייעם אנצוג. יאָ, קליידן, קליידט ער זיך דאָך שוין אויך אַליין. ער׳ט קריגן צען דאָלאַר אַ וואָך, וועט ער סיי ווי דער מאַמע מער ניט געבן ווי די פיר. געווג פאַר איר. ניין, ער׳ט ניט דערציילן אַז ער קריגט אַ העכערונג.

ביי וועטשערע האָט ער פונדעסטוועגן ניט אויסגעהאַלטן און געלאָזט פאַלן אַ וואָרט אַז מ ע ג ל י ך ער וועט קריגן אַ העכערונג. זאָל זיך חיים ניט איבערנעמען. די מאַמע האָט גלייך גענומען ריידן וועגן צאָלן פאַר פלייש, מילך, היינט דירה געלט, דער באַלעבאָס האָט געהעכערט. דאָ האָט שוין בערנאַרד ניט אויסגעהאַלטן: אַ קריינק דאַרף מען אים געבן! געמעגט זיך אַרויסציען פון דער חורבה, פּשוט אַ חרפּה צו וואוינען דאָ צווישן די . . . וואַפּס (צונאָמען פאַר איטאַליענער).

— נו, ווייסט אפשר פון אַ דירה אין יוקליד הייטס? — האָט די מאַמע שפּאַסיק געפרעגט. — פריץ מיינער, שטייט אים שוין ניט אָן צו וואוינען דאָ.

— אודאי שטייט מיר ניט אָן. זע, סאַרא הויז, אַ שטאַל, ניט קיין הויז. לאָמיר זיך אַרויסקלייבן, מאַ!

ווער ווייסט, אפשר ווען די מאַמע זאָגט דאַן: נו, וועסט געבן צושטייער? וואָלט בערנאַרד אפשר געגעבן אַ העלפט פון דער הוספה וואָס ער האָט געקראָגן, אָבער די מאַמע האָט ניט געבעטן צושטייער, מיט אַ סודותדיקן שמייכל האָט זי גאָר אַ זאָג געטון: — וואַרט, מיין

קינד, דער טאַטע וועט עפּענען אַ קראַם וועלן מיר זיך אַרויסקלייבן נאָענט צו דער קראַם.

— וו־אַ־ס?! — האָבן אַלע קינדער אויסגערופן, — דער טאַטע עפנט אַ קראַם?

— הו־ראַ! — האָט זיך בערנאַרד צעשריען און אַזש געגומען דרייען מיט דער האַנט אין דער לופטן.

— שאַ, שאַ, שרייט ניט אַזוי, — האָט דער טאַטע אַ זאָג געטון, כלומרשט קאַלטבלוטיק, — כ׳עפן נאָך ניט קיין קראַם, וואַרט נאָך אַ ביסל.

— עפנט ער ניט קיין קראַם? — איז בערנאַרד צוגעשטאַנען צו דער מאַמע.

די מאַמע האָט זיך געכאַפּט זי האָט צו פרי אַרויסגעלאָזט זייער געשעפטליכן סוד און האָט געפּרואווט שוין אַביסל איינשטילן, פאַר־גלעטן. — עפנען, עפענען, מיר׳ן נאָך זען, דערווייל עס, ס׳ווערט קאַלט.

(10)

די אידישע גאַס האָט זיך אַ רוק געטון. די נעגער פון צפון זייט, די איטאַליענער פון דרום זייט האָבן זיך געשפאַרט אַלץ נאָענ־טער און נאָענטער צו דער אידישער גאַס, וואודלאַנד עוועניו, און די אידישע גאַס איז געוואָרן אַ מין רינוועס צווישן דער נעגערשער און איטאַליענישער באַפעלקערונג. פון מערב זייט האָט געבלאָזן אַ קאַל־טער אַמעריקאַנער געשעפטס ווינט, טרייבנדיק די אידישע באַפעלקע־רונג צו מזרח צו. און די באַפעלקערונג פון דער אידישער רינוועס, אַ לעבעדיקער, רירעוודיקער מאַטעריאַל, האָט זיך אַ שפּאַר געטון צו מזרח, זיך אַ רוק געטון צו דער פינף און פופציקסטער, אייניקע האָבן אַ שפּרונג געטון ביז דער הונדערט און פינפטער גאַס, גאַר געוואַגטע האָבן אַזש אַנגעשפאַרט אין יוקליד האַיטס, אין ראַקעפעללערס פּאַראַכ־וויע, וואו דער אַלטער ראַקעפעללער האָט געפּרואווט פאַרווערן בויען אַ אידישע שול.

אַ ריר פון דער באַפעלקערונג, און די געגנט האָט געקראָגן אַן אַנדער פּנים, אפילו די נעמען פון די גאַסן האָבן זיך געביטן. פריער

פערדי סטריט, אַ שם דבר, אַ גאַס וואָס טיילט אָפּ דעם רעזידענץ טייל שטאָט פון געשעפטליכן, איז מיט אַמאָל געוואָרן איינפאַך די צווייט און צוואַנציקסטע, איינע פון צוויי און צוואַנציק, פאַרעסט עוועניו איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער זיבן און דרייסיקסטער גאַס, און אַ בוים האָט מען שוין דאָרט געדאַרפט זוכן, ווילסאָן עוועניו, די אַריסטאָקראַטישע גאַס, וואו מיידלעך מיט בחורים פלעגן גיין שפּאַצירן, איז געוואָרן פּשוט די פינף און פופציקסטע גאַס, וואו קרעמלעך האָבן זיך גענומען עפענען. די הויפּט ענדערונג איז אָבער פאָרגעקומען אויף דער אידישער גאַס גופא, אויף וואודלאַנד עוועניו.

בערנשטיינס סאַלון אויפן ראָג פון דער זיבן און דרייסיקסטער איז פאַרשוואונדן. מיט אים איז אויך פאַרשוואונדן דער אייגנטימער, מר. בערנשטיין, דער „צאַר" פון וואודלאַנד עוועניו. אינגאַנצן פאַרשוואונדן איז ער ניט. ווען ניט ווען האָט מען נאָך באַגעגנט אַ הויכן, ברייטפּלייציקן אידן אין אַ גרויסן, שוואַרצן קאַפּעליוש, — אַ שירם איבער אַ בוריקעס קאָליר פאַרלאָפן פּנים — אַן אַרויסגעשטאַרטשעטער, פאַרשפּיצטער בויך האָט זיך געררוקט פאָראויס, נאָכדעם ערשט האָט מען געקענט זען גרויסע, אומגעלומפּערטע פיס. דאָס איז געווען מר. בערנשטיין, וואָס האָט אין זיין סאַלון פאַרקויפט בראַנפן צו יעדן איינעם, און אידישע שטימען צו דער רעפּובליקאַנער פאַרטיי. געגוי וויפיל שטימען ער האָט איבערגעגעבן דער פאַרטיי דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט, ביי דער רעפּובליקאַנער פאַרטיי איז אָבער געווען אָנגענומען, אַז די אידישע באַפעלקערונג — דאָס איז מר. בערנשטיין פונ'ם סאַלון, און „די אידן" האָבן געוואוסט אַז ביי בערנשטיינען קריגט מען אַמאָל אַ גלעזל בראַנפן פריי, אַ ציגאַר אומזיסט און, דער עיקר, אַמאָל אַ פּאָליטישע טובהלע, בערנשטיין קען אַמאָל פאַרגלעטן אַ קליינעם פאַרברעכן, ווי פּעדלען אָן לייסענס, אַרויסראַטעווען אַ אידן פון אַ צרה, אַמאָל קען ער אויך צושאַרן אַ לייכטע פּאָר דאָלאַר, אַ קליין דזשאָבל.

די אידן פון וואודלאַנד עוועניו האָבן זיך אָבער אַ היפּש ביסל געביטן. אַ שוואל פון רוסישע אידן האָט זיך אַ לאָז געטון, פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אונגאַרישע און דייטשע אידן וואָס האָבן גערעדט מאַדיאַריש אָדער דייטש. זיי, די רוסישע אידן, אויך אימיגראַנטן, גרינע, האָבן גערעדט אידיש, רוסיש, זייער ענגליש האָט קיין אַמעריי־

קאָנער ניט געקענט פאַרשטיין, אָבער גאָר אַ סך פון זיי זיינען אַנט־
לאָפן פון רוסלאַנד, פון צאַר, און זיי האָבן אויך ניט געוואָלט אַנער־
קענען קיין „צאַר" אויף וואודלאַנד עוועניו, זייער נייער היים. אויף
דער זיבן און דרייסיקסטער „קעניגט" צאַר בערנשטיין מיט זיין
סאַלון, האָבן זיי אויף דער ניין און דרייסיקסטער געשאַפן אַ לייבאָר
לייסעאום מיט אַ ביבליאָטעק. צאַר בערנשטיינס אַקציעס זיינען גע־
פאַלן. אויף דער זיבן און דרייסיקסטער איז נאָך געשטאַנען זיין סאַ־
לון און ער האָט נאָך געפּרואווט טרייבן פּאָליטיק, אָבער אויף דער
אַכט און דרייסיקסטער איז אַ אידישע דרוקעריי פאַרוואַנדעלט גע־
וואָרן אין אַ אידישער צייטונג, אַ האַלב אָרטאָדאָקסישער רב מיט אַ
געשליפן צינגל האָט באַוויזן מאַרקוס האַננאַן, דעם „באָס" פון דער
רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, אַז די אידישע שטימען האָט ער, ניט בערנ־
שטיין, די אידישע צייטונג קען אַ סך העלפן אויף צו באַקעמפן דעם
„סאָציאַליסט" טאָם ל. דזשאָנסאָן, אויב מ'זאָל נאָר אונטערשטיצן די
צייטונג . . . און די אידן פון דער ניין און דרייסיקסטער גאַס, זיי
האָבן שוין אויך גענומען רעדן פון פּאָליטיק, אָבער זייער פּאָליטיקער
איז געווען יודזשין דעבס.

שלים איז אַוועקגעגאַנגען דעם צאַר בערנשטיין, און ער איז גע־
וואָרן אַלט אויך. אמת, ער האָט געהאַט נחת פון זיינע זין. זיי האָט
ער שוין אויסגעהאָדעוועט ניט פאַר קיין „סאַלון קיפּערס", זיי זיינען
שוין געווען אַדוואָקאַטן, האָבן שוין געהאַט אַן אנזען אין דער רעפּוב־
ליקאַנער פּאַרטיי, אָבער מיט דער אידישער גאַס האָבן זיי זיך ניט
אָנגעקערט, בלויז אין צייט פון וואַלן האָט מען זיי געקענט דאָרט זען,
הערן.

ווען בערנשטיין האָט ענדליך פאַרמאַכט זיין סאַלון אויף דער
זיבן און דרייסיקסטער, האָט די רעדאַקציע פון דער אידישער צייטונג
זיך אַרויסגעקליבן פון דער אַכט און דרייסיקסטער אויף דער פופ־
ציקסטער, און דער לייבאָר לייסעאום האָט אַ שפּרונג געטון פון דער
ניין און דרייסיקסטער אַזש אויף דער פינף און פופציקסטער. דאָרט,
די צווייטע טיר פון אַ האַלב רעפּאַרמירטן טעמפּל, האָט מען אָפּגע־
קויפט אַ הויז אַ פּריוואַטע וואוינונג, מ'האָט צעבראָכן ווענט, גע־
מאַכט פון צימערן זאַלן פאַר זיצונגען, מ'האָט אויפגעהאַנגען די ביל־
דער פון קאַרל מאַרקס, אויגוסט בעבעל און יודזשין דעבס, אינדרויסן

אויפגעהאַנגען אַ שילד „סאָציאַליסטישער לייבאָר לייסעאום" מיט אַ פּאַקעל, און יודזשין דעבס האָט איבערגעיאָגט צאַר בערנשטיין.

דאָרט, אין דעם לייבאָר לייסעאום, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די אידישע שניידער, קירזשנער, סטאָליאַרעס, פּאַרבער, שפּאלירער, בעקער און . . . אַ היבש ביסל אידישע קרעמער פון וואודלאַנד עווע־ניו. די קרעמער, פאַרשטייט זיך, אויך סאָציאַליסטן, מער ניט, ביז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט קומען קען מען נאָך טון געשעפט אויף וואודלאַנד עוועניו.

וואודלאַנד עוועניו איז געוואָרן איין קראָם מיט אַ סך טירן. זייער פיל פון אָט די טירן האָבן געפירט אין אַ באַזונדער „קענדי סטאָר". אין איין צוקערניע האָט מען פאַרקויפט צוקערקעס און קאַל־טע שאָקאָלאַד וואַסער, אין אַ צווייטער האָט מען פאַרקויפט צוקערקעס און שוין אויך הייסע שאָקאָלאַד, אין אַ דריטער האָט מען שוין פאַר־קויפט ניט נאָר הייסן שאָקאָלאַד נאָר אויך אַ הייסע גלאָז טיי מיט אַ סענדוויטש פון הייסער פּאסטראַמע, אָבער מ'האָט נאָך געהאַלטן צוקערקעס אויך, ס'איז דאָך פאָרט אַ קענדי סטאָר, אין אַ פערטער האָט מען פאַרקויפט צוקערקעס און שרייב געצייג, ביכלעך פאַר שול קינדער, אין אַלע צוקערניעס האָט מען פאַרקויפט אידישע צייטונגען און אין איינער האָט מען געקענט קריגן אפילו אַן אַלט אידיש ביכל.

די אידישע ווייבער פון אָרום וואודלאַנד עוועניו זיינען אָבער פעט געוואָרן ניט נאָר פון די צוקערקעס אין אָט די „קענדי סטאָרס". געוועזן אויף וואודלאַנד עוועניו געננוג קצבים אויך, שפּייז קרעמלעך האָט מען ניט געדאַרפט זוכן, עלף ביינאַכט האָט מען נאָך געקענט זען קונים אין די קרעמלעך און אַ דאָנערשטיק אָדער אַ שבת אָוונט איז צוועלף ביינאַכט אויך ניט געוועזן צו שפּעט. אידן, קרעמער און קונים, האָבן געמאַכט אַ לעבן פון . . . עסן.

עסן אַליין איז אָבער ניט גענוג. אויף וואודלאַנד עוועניו זיינען אויך געוועזן אַ פּאָר שיך קראָמען. אַ פּאָר אידישע סאָציאַליסטן, גע־וועזענע מענער שניידער, האָבן געעפנט קראָמען פון מענערשע אנצוגן. אַ איד, אַ געוועזענער פעדלער, האָט געעפנט אַ מין דעפּאַרטמענט סטאָר, וואו מ'האָט געקענט קריגן אי מענערישע אנצוגן, אי ווייבע־רישע קליידער און אונטערוועש. אַ פּאָר אידן ציוניסטן האָבן געעפנט מעבל געשעפטן. אַלע קרעמער האָבן זיך באַקלאָגט אויף זייער פינס־

טערער דאָליע, מישטיינס געזאָגט, וואָס מ׳קען שוין ביי אידן פֿאַרדי־נען, מיט אידן איז גוט קוגל עסן, אי דאָס ניט פֿון איין טעלער, אָבער די געשעפֿטן זיינען פֿונדעסטוועגן געוואַקסן, וואווינען האָט מען שוין ניט געוואוינט אויף וואודלאַנד עוועניו, נאָר ווייט אַרויס, אַרום דער הונדערט און פֿינפֿטער גאַס, און געפֿאָרן אַהיים איז מען שוין אין אַ אויטאָמאָביל. דערפֿאַר אָבער האָט מען שוין פֿאַרן לייבאַר לייסעאום געגעבן אַ גאַנצן פֿינף און צוואַנציקער אַנשטאָט אַ פֿינפֿערל און אויפֿן קרן קימת אָדער פֿאַר דער שול צום דאַווענען האָט מען געגעבן אַ פּופֿ־ציקער און אַמאָל אפֿילו אַ הונדערטער.

אידן האָבן געטון געשעפֿט אויף וואודלאַנד עוועניו, און אויף וואודלאַנד עוועניו האָט עס טאַקע דוד כאַזאַנאָוויטש געעפֿנט זיין „שניט קראָם“.

עפֿענען אַ שניט קראָם — דאָס איז געווען דער עמוד העגן וואָס האָט לייכטער געמאַכט דעם וועג פֿאַר דוד כאַזאַנאָוויטש צו גיין מיטן פּאַק אויף די פּלייצעס און קלאַפּן אין די טירן, דער עמוד האש וואָס האָט געלויכטן פֿאַר אים, זיין האָפֿענונג אויף דער צוקונפֿט. ווער ווייסט אָבער צו וואָלט ער ניט געבליבן ביי זיין האָפֿענונג ווען ניט זיין ווייב אסתר.

אין כושטיוזקע האָט אסתר זיך ניט געמישט אין דודס קראָם. קומענדיק אין קליוולאַנד האָט זי געהאַט געגוג צו טון, פֿירן די באַלע־באַטישקייט, האָדעווען פֿיר קינדער, פֿיר אינגלעך, האָט זי ניט געטון קיין געשעפֿט, אָבער זי איז דאָך פֿאַרט געווען עטיע דבורהס אַ טאָכ־טער, עטיע דבורה די סחורטע, עטיע דבורה וואָס איז געגאַנגען אין די הויזן, וועמעס מאָן מ׳האָט גערופֿן פֿיניע עטיע דבורהס. די ערשטע צייט האָט זיך אסתר געביסן די פֿינגער, קוים אויסגעקומען מיט די קליינע פֿאַרדינסטן וואָס דער מאָן מיט די קינדער האָבן אַריינגע־בראַכט, פֿונדעסטוועגן זיינען די קינדער חלילה ניט געווען הונגעריק, אָדער געגאַנגען באָרוויס, ווייל אסתר האָט געהאַלטן פֿונם כלל, אַז אַן איינברייגגער איז בעסער פֿון אַן אריינברייגגער, ווי ווינציק מ׳האָט ניט אריינגעבראַכט אין הויז האָט זי אָבער איינגעבראַכט, איינגע־שפּאָרט, און מ׳איז ווי עס איז אויסגעקומען. שפּעטער צו, ווען דוד און די קינדער האָבן אָנגעהויבן אריינברייגגען מער, האָט זי גענומען ניט נאָר איינשפּאָרן נאָר אויך אָפּשפּאָרן.

דוד האָט איר אָפּגעגעבן זיינע גאַרע פּאַרדינסטן. וואָס וועט ער עס האַלטן ביי זיך? ביי אסתרן איז דער דאָלאַר זיכערער. מער ניט, פאַר אַ יום טוב האָט ער באַהאַלטן אַ פינפערל צו אַ צענערל פאַר דער שול. ניט ווייל ער האָט חלילה געוואָלט ביי איר אַוועקגנבענען, אָדער באַהאַלטן פון איר, נאָר . . . אַ אידענע, וואָס ווייסט זי? ביי איר איז רעכט געבן אַ דאָלאַר אין שול, און ער האָט דוקא געוואָלט זיך שטעלן פיין אין שול, זאָל זיין כאָטש מיט אַ פינפערל צי אַ צע־נערל. ווייטער אַזוי האָט ער אַוועקגעגעבן אַלץ. חיים האָט אויך אַוועקגעגעבן אַלץ וואָס ער האָט פאַרדינט, און די מאַמע האָט אים אויסגעטיילט קליינגעלט, און אפילו ברוך וואָס האָט לכתחילה איינ־געפירט אַז אַזוי פיל גיט ער און דאָס איבעריקע בלייבט ביי אים, אויך ער האָט גאַנץ אָפּט זיך באַקלאָגט אויף דער מאַמע למאי זי טרייסלט זיינע קעשענעס און נעמט ביי אים צו דאָס גאַרע געלט. די מאַמע מוז קלייבן אַ קניפּל.

אסתר ה אָ ט געקליבן אַ קניפּל, און ווען זי האָט געפילט אַז מיט דעם קניפּל קען מען שוין עפּעס אויפטון האָט זי גענומען רעדן וועגן אַ קראָם אויף וואודלאַנד עוועניו.

— יאָ, אָבער מיט וואָס? מיט די צען פינגער? — האָט דוד גערעדט מיט ביינקעניש נאָך אַ קראָם.

— וואָס הייסט צען פינגער? און וואו איז דיין געשעפט?

— מיין געשעפט! וואָס פאַר אַ געשעפט?

—איך מיין דו זאָלסט פאַרקויפן די טעריטאָריע דיינע.

— וואָס האָב איך צו פאַרקויפן? פאַרקויפן אַ אידן די טירן אין וועלכע איך קלאַפּ ער זאָל אין זיי קלאַפּן?

— וואָס איז גאָר טירן? האָסט דאָך שוין קונים, שטענדיקע קונים, זיי קומען דיר אפילו געלט אויך. יעדער איינער פאַרקויפט קונים, דער מילך מאַן, דער אייז מאַן, דער פרוכט מאַן, פאַרוואָס זאָלסטו ניט קענען פאַרקויפן דיינע קונים?

— אָבער . . .

דוד כאַזאַנאָוויטש האָט זיך געוועדט: וואָס הייסט ער׳ט פאַר־קויפן קונים? ווי קען ער דאָס? און ווי אז דער קונה וועט ביי יענעם ניט וועלן קויפן? אָבער אסתר איז צוגעשטאַנען: דו רעד זיך דורך מיט מר. פעלדמאַנען, וועסטו הערן וואָס ער׳ט דיר זאָגן.

מר. פעלדמאַן האָט זיך ניט געחידושט ווי דוד האָט עס גע־דיינקט. גאָר. איין פּעדלער קויפט ביים צווייטן אַ טעריטאָריע, נייע פּעדלער קויפן, די איינציקע צרה איז — די חובות. די חובות קויפט ניט קיינער, און דוד איז דאָך אים אויך שולדיק געלט, אַ גאַנץ היפּשע סומע, פאַרשטייט זיך, ער פעלדמאַן, קען יאָ איבערנעמען די חובות, וועט זיך באַמיען זיי איינמאָנען, אָבער, ער ווייסט דאָך, קיין הונדערט פּראָצענט זיינען זיי ניט ווערט, הלואי פופציק, און אַמאָל דאָס אויך ניט. מ'עט דאַרפן איבערקוקן, זען, וואָס, ווער, ווען.

— זעסטו שוין, האַ? וואָס האָב איך דיר געזאָגט? אודאי פאַרקויפט מען. און דער מר. פעלדמאַן דיינער וויל אָפּלעקן אַביינדל, וויל אָפּקויפן די חובות פאַר שיה פיה, זאָלסטו זיך ניט לאָזן, דו הערסט?

אסתר איז מיט אים איבערגעגאַנגען דאָס צעטל חובות, באַשטימט וועלכער חוב איז אַ גוטער, וועלכער פאַרפאַלן, האָט אים אָנגעזאָגט ווי צו האַנדלען מיט פעלדמאַנען, ניט נאָכלאָזן אפילו אַ סענט, פונדעסטוועגן ווען עס איז געקומען צום האַנדלען האָט דוד יאָ נאָכגעלאָזן, פעלדמאַן האָט אָפּגעדונגען אַ היפּש ביסל, דערפאַר אָבער האָט ער אָפּגעווישט דודס חוב, דוד איז אים מער גאָרניט גע־קומען, און נאָך דעם מסחור איז נאָך דוד אַרויס מיט אַ ריינע פאַר הונדערט דאָללאַר.

פולע פיר הונדערט דאָללאַר האָט ער געבראַכט זיין אסתרן, זיי איר דערלאַנגט און אַ קוק געטון אויף איר: נו, האַ, זעסטו? פיר הונ־דערט דאָללאַר! ריינער ריוח. דאָס האָב איך אויפגעטון. היינט וואו איז דאָס וואָס דו האָסט אָפּגעשפּאָרט פון מיינע פאַרדינסטן? ער וואָלט אַ בעלן געווען וויסן וויפיל האָט זי טאַקע. ער האָט איר שוין אַמאָל געפרעגט, האָט זי געענטפערט: וואָס זשע, האָסט מורא איך וועל עס אַוועקגעבן מיינע קינדער פון ערשטן מאַן? האָט ער שוין מער ניט געפרעגט, מילא, ווייסט ער ניט וויפיל זי האָט, אָבער זי זעט דאָך וויפיל ער האָט געבראַכט, פאַרוואָס זאָגט זי כאָטש ניט: מיין מאַן, ביסט אַ . . . בריה, ביסט אַ . . . ניין, אסתר האָט אים ניט געזאָגט אַז ער איז אַ בריה, פאַרקערט, זי האָט נאָך גענומען אויספרעגן און אויסטענהן זיך אַז ער האָט באַדאַרפט קריגן אַ סך

מער. דאָ איז ער שוין אין כעס געוואָרן און אַ זאָג געטון: וואָס טענהסטו מיט מיר? גיי צו פעלדמאַנען, טענה מיט אים!

אסתר האָט אפנים דערפילט אַז זי האָט שוין איבערגעכאַפּט די מאָס, מער שוין ניט גערעדט און ערשט אין אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט זי פּלוצלונג אַ זאָג געטון: מיר׳ן אַרויסגיין מאָרגן אויף וואוד־לאַנד עוועניו. איך האָב דאָרט געזען אַ קראָם צו פאַרדינגען, צווישן דער פערציקסטער און זעקס און פערציקסטער. אויך געזען אַ דירה. אַן אַלטע דירה, אָבער אַ גוטע, דריי שלאָף צימערן, פאַרשפּאָרן זיך איינגן, אַלע קינדער אין איין צימער. שוין גרויסע בחורים, קיין עין הרע און דירה געלט ניט צו טייער.

— האָסטו שוין געדונגען?

— וואָס הייסט איך האָב געדונגען? אָן דיר וועל איך דינגען?

אַי די אסתר. אָן איר מאַן וועט זי ניט דינגען קיין קראָם, קיין דירה, מיטן מאַן אָבער האָט זי געדונגען אי די קראָם אי די דירה וואָס זי האָט אָנגעקוקט. ווען עס איז געקומען צו מאַכן די פּאָליצעס אין דער קראָם, דער סטאָליאַר איז שוין געשטאַנען און געאַרבעט אָט ווי אסתר האָט אים געהייסן, האָט דוד גענומען שרייען אַז דער סטאָ־ליאַר פירט אים איבער די קראָם: געזען אַ מענטש מאַכט פּאָליצעס! גוט אַוועקצולייגן דאָרט נאָז טיכלעך, מ׳דאַרף האָבן ברייטע, טיפע פּאָליצעס, מ׳זאָל קענען אַוועקלייגן אַ קלעצל געוואַנט, אַ . . .

— אָט האָסטו דיר, ער מיט זיין געוואַנט. מיינסט ס׳איז כוש־טיוועקע? ווער קויפט דאָ געוואַנט, ווער? געוואַנט וועט מען קומען צו אים קויפן! מאַכט די פּאָליצעס! — האָט זי באַפוילן דעם סטאָ־ליאַר.

— מאַכט די פּאָליצעס! — איז שוין דוד געוואָרן אין כעס. — אָט דאָס איז אַ פּאָליצע פאַר אַ שניט קראָם? וואָס וועסטו אַוועקלייגן אויף אַזאַ פּאָליצע? איר הערט וואָס א י ך זאָג אייך, אַ פּאָליצע דאַרף זיין די טיף . . .

ער האָט אַרויסגעשלעפּט די צונויפגעלייגטע ווירע פון סטאָ־ליאַרס קעשענע, מיט ציטערנדיקע פינגער זי קוים צענומען און גענו־מען זי צושטעלן צו דער וואַנט, ווייזן ווי טיף די פּאָליצע דאַרף זיין. דער סטאָליאַר האָט אַ קוק געטון אויף דודן און גענומען אָפּשפּיליען זיינע אויבערהויזן.

— וואָסי? — האָבןביידע, דוד און אסתר, אַ פרעג געטון דער־שראָקן.

— ער זאָגט אַ ברייטע פּאָליצע, איר זאָגט אַ שמאָלע פּאָליצע, שטיין און וואַרטן ביז איר׳ט זיך אויסטענהן וועל איך שיין אויסזען, וועל דאַרפן אָוועקלייגן מיינע ציין אויף די פּ אָ ל י צ ע ס . איר׳ט זיך אויסטענהן וועט איר מיך שיקן רופן.

— וואָס מיר טענהן, ווער מיר טענהן. ווער טענהט, ווער? — האָט אסתר אָנגענומען דעם סטאָליאַר ביי דער האַנט. — איר זעט? אָט די אָ פּאָליצע, ביי דער שמאָלער וואַנט, וועט איר מאַכן אַ ברייטערע, די צוויי, אין דער לייגג, וועט איר מאַכן שמאָלע. זעסט, דוד? אָט די אָ פּאָליצע וועט זיין פאַר געוואַנט, אַ ברייטע פּאָליצע. וואָס זאָגסטו?

— אַזוי איז עפּעס אַנדערש, — האָט דוד שוין צוגעגעבן. ער האָט נאָך געוואָלט ווייטער רעדן מיטן סטאָליאַר, אים ווייזן גענוי וואָס ער וויל, ווי ברייט, ווי טיף די פּאָליצע זאָל זיין, אָבער אסתר האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט: קום, לאָמיר גיין, איך דאַרף דיר נאָך עפּעס ווייזן.

גייענדיק אַהיים, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט מיט אים לעבן אַ פּאָר קרעמלעך, אים געוויזן די סחורה דאָרט. מאָדנע, ער איז אַזוי פיל מאָל פאַרבייגעגאַנגען וואודלאַנד עווענין און גאָרניט געזען די קרעמלעך, זי האָט אַלץ געזען, ניט נאָר די קרעמלעך, נאָר אויך די סחורות. און גייענדיק אַהיים, זייענדיק שוין דאָרטן, האָט זי מיט אים גערעדט. אים געגעבן צו פאַרשטיין: דאָ איז ניט אין דערהיים. דאָ גייט מען ניט אַריין קויפן סחורה אויף אַ גאַרניטור צי אויף אַ פּאַלטאָ. ווער בייט זיך דאָ אַ פּאַלטאָ? מ׳קויפט פאַרטיקע. אפילו קליידלעך קויפט מען פאַרטיקע. וואָס מ׳דאַרף, — האָט זי אים דערקלערט, — איז קינדערישע זאַכן, קינדערישע קליידעלעך, זעקעלעך, העמדעלעך, און, דער עיקר, רעשטלעך, ראַמשלעך.

די שניט קראָם וואָס אסתר האָט פאַר אים אויסגעלייגט איז אים אפילו ניט אַזוי שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט געוואָלט אַ קראָם מיט פּאָליצעס געוואַנט, קאַסטאַר, שטיקער סחורה און זי האָט גע־רעדט פון טישן אָנגעוואָלגערט מיט רעשטלעך, ראַמשלעך. אָבער אסתר עטיע דבורהס האָט געוואוסט וואָס זי האָט גערעדט. זי האָט

געוואוסט אַז זינט זי איז געקומען קיין קליוולאַנד האָט זי פֿאַר זיך נאָך ניט געקויפֿט קיין פֿאַרטיקע קליידל. אויסער וואָס זי האָט אי־בערגעניצעוועט די אַלטע איז זי געגאַנגען צווישן די קרעמלעך אויס־געזוכט רעשטלעך, ראַמשלעך און אַליין זיך אויפֿגענייט אַ קליידל. און זי האָט געזען אַז זי איז ניט די איינציקע וואָס קויפֿט אָט די סחורות. יאָ, אָט די ווייבער וועלן זיין די קונים, פֿאַר זיי דאַרף מען קריגן די ריכטיקע סחורה. אסתר האָט שוין אפילו געהאַט אַ פּלאַן ווי צו קריגן סחורה. ווען דוד זאָל וועלן אַריבערגיין צו באַרני קאַהן, אָדער אפשר גאָר ברוכל . . .

זי האָט אַ רעד געטון מיט ברוכן ער זאָל קריגן ביי זיין באַלע־באָס די רעשטלעך וואָס בלייבט איבער, אַמאָל צו ווינציק סחורה אויסצושניידן אַ ריכטיקן בגד, אַמאָל אַ חסרון אַ קליינער, דער עיקר — ביליק, עס זאָל זיין אַ מציאה.

ברוך האָט געזאָגט ער קען דאָס טון. זיין שאָפּ איז אָבער אַ קליינער, בלייבט זייער ווינציק, וואָס קען זי האָבן פֿון איין שאָפּ?

—נו, אפשר קען ער אָפּקויפֿן ביי אַנדערע שעפּער, ער גייט דאָך אַרום. שפּעטער צו וועט דער טאַטע שוין אליין אַרויסגיין קויפֿן, דערווייל אָבער איז דאָ אַזוי פֿיל אַרבעט, מ׳דאַרף אַלץ איינשטעלן, איינקויפֿן פֿאַרטיקע סחורות, אפשר קען ער דערווייל דאָס טון.

ברוך האָט גערן אויף זיך גענומען די אַרבעט איינקויפֿן די סחורה — ראַמשלעך פֿאַרן טאַטנס קראָם. ביי זיין אייגענעם באַלע־באָס האָט ער ניט נאָר אָפּגעקויפֿט אַלע רעשטלעך, נאָר האָט אויך אריינגעשטעקט אַ פּאָר לייגערע שטיקלעך. ניט ער זאָל חלילה האָבן אַוועקגעגנבעט. ניין. אָבער זיי וואַלגערן זיך שוין אַזוי לאַנג, וועלן פֿאַרפֿוילט ווערן ליגנדיק, די מאַמע וועט זיי אפשר פֿאַרקויפֿן. אין אַנדערע שעפּער איז ער אריינגעקומען מעשה קויפֿער. דאָס קויפֿט ער ניט פֿאַר זיך חלילה. ער איז גאָר אַ פֿאַרקויפֿער, קליידלעך פֿאַר־קויפֿט ער, נאָר אַ פֿריינד האָט אים געבעטן קויפֿט ער עס פֿאַר אים ראַמשלעך, אויב נאָר אין גלייכן געלט.

קיינער האָט ניט אויסגעכאַפּט ברוכן פֿאַר אַ קליידל פֿאַרקויפֿער, אָבער ראַמשלעך האָט מען אים יאָ פֿאַרקויפֿט, און ברוך האָט אויף יעדן איינקויף פֿאַר טאַטע מאַמע צוגעשטעלט נאָך אַ דאָלאַר אָדער צוויי. ניט ווייל ער האָט חלילה געוואָלט אָפּנאַרן טאַטע מאַמע, אַן

אויפקויפער דאַרף קריגן מעקלעריי. און אַז ער קויפט פּאָר אייגענע איז וואָס? געשעפט איז געשעפט.

(11)

די שניט קראָם איז ניט געווען אינגאַנצן נאָך דוד כאַזאַנאָוויטשעס גוסט, דאָך איז ער געווען צופרידן מיט זיין נייער פּרנסה. זיצנדיק אין קראָם האָט זיך אים אויסגעגלייכט די פּלייצע פונם שווערן פּאַק וואָס ער האָט געהאַט צו שלעפּן יעדן טאָג, די פּיס זיינען אים אָפּגע־גאַנגען און, דער עיקר, ער דאַרף מער ניט גיין קלאַפּן אין טירן. איצט האָט ער אַן אָפּענע טיר, ווער עס וויל קען אריינקומען און קויפן וואָס ער דאַרף.

איז דוד כאַזאַנאָוויטש געזעסן ביי זיין אָפענער טיר, אַמאָל אוי־בעוויייניק און אַמאָל אפילו אינדרויסן, געוואַרט עמיצער זאָל אַריינ־קומען עפּעס קויפן, אָבער די הפסקות צווישן איין קונה און אַ צווייטן זיינען געווען צו לאַנגע, און ווי קען עס אַ מענטש סתם זיצן און קוקן? אריינקוקן אין עפּעס, דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. אין כושטיווקע האָט אַ קרעמער אַמאָל אריינגעקוקט אין אַ ספר, אין קליוולאַנד האָט דוד כאַזאַנאָוויטש גענומען אריינקוקן אין אַ . . . צייטונג. די צווייטע טיר פון זיין קלייט איז געווען אַ צוקערניע. אינעוויייניק האָט מען פאַרקויפט צוקערקעס און קאַלטע שאָקאָלאַד וואַסער, אינ־דרויסן איז געשטאַנען אַ שטעלעכל מיט אידישע צייטונגען. „טאַגע־בלאַט״, „מאָרגן זשורנאַל״, „פאָרווערטס״, „וואַרהייט״. דאָס וואָרט „טאַגעבלאַט״, דער עיקר, „בלאַט״ האָט געקלונגען היימישער פון אַלע, האָט דוד גענומען אַ „טאַגעבלאַט״. ווען ער האָט אויסגעלייענט דעם „טאַגעבלאַט״ האָט ער אַמאָל נאָך אַרויסגעצויגן אַן אַנדער צײ־טונג און אַ קוק געטון וואָס שרייבט מען דאָרטן, טאָקע נאָר אַ קוק געטון, געקויפט האָט ער אָבער דעם „טאַגעבלאַט״. טאָקע ניטאָ דאָס לשון פונם „המליץ״ — אַי דאָס לשון דאָרט! — דערפאַר אָבער איז דאָ נייעס פון דער גאָרער וועלט, פון אידן איבער דער וועלט, אידיש־קייט, ער לייענט איבער אַ בלאַט ווייסט ער וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, און ניט נאָר ווייסט ער, נאָר ער קען אויך כאַפּן אַ שמועס מיט עמיצן וועגן וועלט פּאָליטיק.

גייט פאַרביי אַ איד וואָס דאַוונט מיט אים אינאיינעם אין דער תפארת ישראל שול, שטעלט ער זיך אָפּ, אַ גוט מאָרגן, אַ גוט יאָר, פרעגט ווי גייט עס אין געשעפט. — ניט צו פאַרזינדיקן, — ענט־פערט דוד. ער איז נאָך ניט געוואָרן אַמעריקאַנער גענוג צו ענטפערן מיט אַ האפערדיקן, באַרימערישן „פיין!" ער איז אָבער אויך ניט געווען פון די וואָס באַקלאָגן זיך אפילו דאַן ווען געשעפט גייט גוט ווי אַ סגולה צו פאַרמיידן אַ גמילות חסד אָדער אַ נדבה. — ניט צו פאַרזינדיקן, מ'ציט דאָס ביסל חיונה, אָדער ווי זאָגט מען דאָ, מ'מאַכט אַ לעבן.

— איר האָט קיין עין הרע אַ פיינע קראָם, — גיט דער איד אַ קאָמפּלימענט באַקוקנדיק די קראָם סחורה. דוד גיט אַ פיר מיט די אויגן, באַטראַכט אויך זיין קראָם מיט סחורה און זאָגט אומעטיקליך:
— יאָ, אַ פיינע קראָם. אין אַמעריקע איז אַלץ אַ קראָם. דאָ איז דאָך רעכט אַז אין אַ אַפּטייק זאָל מען פאַרקויפן זאָקנבענדלעך, האָר־באַדלען, פון פאַרנט פאַרקויפט מען סענדוויטשעס און הינטן ריצנ־אייל . . . אַמעריקאַנער קראָמען. איר האָט באַדאַרפט זען מיין שניט קראָם אין דערהיים, אין כושטיווקע, אַ קראָם מיט פּאָליצעס סחורה — ציץ און זייד, מילטאָן, פלאַנעל, און געוואַנט, קאָסטאָר, היינט סאַמעט און פליוש. דאָ . . . — אַ וויוז מיט דער האַנט אויף די טישן אויף וועלכע עס זיינען אָנגעוואָרפן פאַרשידענע רעשטלעך סחורה האָט געוויזן דעם גאַנצן ביטול צו אָט ד ע ר קראָם. — נאָר גאָרניט, געלויבט זיין ליבן נאָמען, אַבי מ'מאַכט אַ לעבן. וואָס הערט זיך עפּעס אַזוי? געזונט? דער טערק איז אויף צרות, האַ?

דער טערק . . . האָט אינטערעסירט דודן מער ווי ז י י ן קראָם אין וועלכער ער איז געזעסן, און דער איד מיט וועמען ער האָט באַרעדט דעם טערק, אַ געוועזענער פעדלער וואָס האָט שוין מער ניט געהאַט קיין כח זיך אַרומשלעפּן איבער די הייזער, געלעבט אויף די מאָגערע פאַרדינסטן פון זיינע קינדער, האָט אויך געהאַט עפּעס צו זאָגן וועגן טערק, די איטאַליענער, און די צוויי אידן האָבן גערעדט, זיך געאַמפּערט, טריפּאָלי, די גאַנצע געאָגראַפיע האָבן זיי געהאַט אויף דער האַנט, די גאַנצע פאָליטיק פאַר די אויגן. איז בעת אַזאַ געשפּרעך אריינגעקומען אַ פרוי, איז זי געווען אַזוי אנגעלייגט ווי אַ גאַסט וואָס קומט גראָדע דאַן ווען מ'גייט צום טיש עסן. אויס העפ־

ליבקייט בעט מען: קומט עסן, אָבער מ׳ערוואַרטעט דער גאַסט זאָל זאָגן: אַ דאַנק, קום נאָר וואָס פון עסן. דוד האָט טאַקע געפרעגט דער פרוי וואָס זי וויל, איר כלומרשט געוויזן סחורה, אָבער ער האָט ניט ערוואַרט זי זאָל עפּעס קויפן. ער האָט געוואַרט אומגעדולדיק ביז זי וועט איבערטאַפּן, איבערוואַרפן, אַוועקגיין, וועט ער ווי־ט׳ער קענען רעדן פּאָליטיק.

אַן אָפּטער אַריינגייער צו דודן אין קראָם איז געווען זלמן זייד־מאַן. פון אַלע פּרנסות וואָס ער האָט פאַרוואָרפן ווייל עס איז אים נישט אָנגעשטאַנען פאַר אַ מענטשן פון זיין גראַד זיך פאַרנעמען דערמיט איז ער געבליבן ביי דער פּרנסה מלמדות — עטליכע הייזער האָט ער געהאַט וואוהין ער איז אַריינגעגאַנגען לערנען מיט אינגלעך דאַווענען. מלמדות, די פּאָר דאָלאַר וואָס עטל האָט אַריינגעבראַכט און דאָס ביסל וואָס דער זון זיינער האָט געגעבן איז שוין געווען גענוג אויף צום לעבן, אָבער זלמן זיידמאַן איז אַרומגעגאַנגען אַן אומצופרידענער. — לערן מיט אַמעריקאַנער זשלאָבעס. אַניט ווילן זיי לערנען? קענען קוים אַ שייטל עברי און אַבי מ׳לערנט אויס די בר מצוה דרשה איז אויס, דאַרף מען שוין מער ניט, דאַנקט מען גאָט מ׳ווערט פּטור פונם רבין. אַניט האָט מען דרך ארץ פאַר אַ רבין? גאָרניט, די הייזער אין וועלכע ער גייט אַריין, מייסטנס כּושטיווקער אידן, זיי ווייסן דאָך ווער זלמן זיידמאַן איז, האָט מען נאָך אַ ביסל דרך ארץ פאַר אים, ווייטער . . .

קיין גרויס נחת האָט זלמן זיידמאַן פון זיין פּרנסה ניט געהאַט, דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט גענוג צייט און ווען ער איז פאַרביי־געגאַנגען דודס קראָם איז ער אַריינגעגאַנגען. אים האָט דוד ניט דערציילט וועגן דער גרויסער קראָם אין כּושטיווקע, דערפאַר אָבער האָט ער מיט זלמנען ערשט געקענט אַ רעד טון וועגן פּאָליטיק, זלמן איז דאָך פאָרט אַ איד אַ יודע ספר, אַ מענטש וואָס ווייסט וואָס טוט זיך אויף דער וועלט. אי דוד אי זלמן האָבן געשעפּט זייערע ידיעות וועגן דער וועלט פון די אידישע צייטונגען, אָבער עס האָט פּאַסירט אַזוי אַז דוד כאַזאַנאָוויטש האָט זיך איינגעוואוינט לייענען דעם „טאָג־געבלאַט״ און זלמן פלעגט אַמאָל אַריינקוקן אין „פאָרווערטס״ וואָס זיין עטל האָט אַריינגעבראַכט אין הויז, האָבן זיי ניט אַלע מאָל איינ־געשטימט, האָט מען זיך געאַמפּערט, דוד מיט אַ געוויסן דרך ארץ

פאַר זלמנען אָבער אויך מיט אַ מין פּאַרדרוס פאַר יענעמס גדלות, און כדי צו איבערצייגן אים אַז ניט אַלץ ווייסט ער, האָט אים דוד גאַנץ אָפּט אונטערגעטראָגן דעם „טאָגעבלאַט", זאָל ער איבערלייענען, זאָל ער וויסן אַז ער איז ניט קיין יודע הכל. זלמן זיידמאַן האָט גענומען די צייטונג מיט אַ מינע פון: נו, גוט, איך וועל דיר צוליב טון, כאָטש וואָס קען איך זיך שוין דערוויסן פון ד י י ן בלאַט? פונדעסטוועגן האָט ער איבערגעלייענט די בלאַט און כמעט יעדן טאָג געקומען אויב ניט נעמען די צייטונג אַהיים איז כאָטש אַ קוק טון וואָס טוט זיך אין דער וועלט פון אידישקייט, ארץ ישראל . . . אין איר, עטלס צייטונג, איז עפּעס ניט געווען פון די זאַכן . . . נאָך קליינע אַמפּערייען איז מען געוויינליך געקומען צו אַ פּשרה וועגן דער פּאָליטיק און נאָך דער פּאָליטיק האָט מען גאַנץ אָפּט אַ רעד געטון וועגן היימישע ענינים, קינדער, פּרנסה און געענדיקט מיט בעטן אַריבערקומען אַהיים. מ'זעט זיך טאַקע, אָבער פאַרוואָס ניט אַריבערקומען אַ שבת, זלמן האָט דאָך נאָך אפילו די נייע דירה ניט געזען.

דוד כאַזאַנאָוויטש האָט ליב געהאַט אַז עמיצער איז אריינגע־קומען אויסריידן אַ וואָרט, ניט ווי די קונים, מישטיינס געזאָגט, קו־מען אַריין וואַרפן איבער, ריען איבער און גאָרניט . . . עס זאָל כאָטש אריינקומען איין לייטישער קונה.

אסתר האָט אויך ניט געהאַלטן פון אַ ל ע קונים. ניט אַלע קויפן, אייניקע קומען בלויז טאַפּן, אויסטאַפּן, איבערטאַפּן, אָנטאַפּן און נאָכדעם ערשט גיין קויפן ערגעץ אַנדערש, אָבער אַזוי איז עס שוין, זיי זוכן אַזוי לאַנג ביז זיי קומען פּאָרט און קויפן עפּעס, דערפאַר אָבער אָט די אידן דודס וואָס קומען אריין, זיי זיינען גאָר אַן אָנשי־קעניש, ניט נאָר גיבן זיי גאָרניט צו לייזן, זיי שטערן נאָך, עס איז רעכט אַז אַ קונה זאָל שטיין אין קראָם און דוד זאָל גאָר שטיין און ריידן מיטן אידן וועגן דער שוואַרץ יאָר ווייסט וואָס. איז זי אריינ־געקומען אין קלייט און געטראָפן אַזאַ אידן אַ פּאָליטיקער, האָט יע־נער גלייך דערפילט אַז ער איז געוואָרן אַן איבעריקער און אַוועק־געגאַנגען אַמאָל אפילו אָן אַ גוטן טאָג, איר דודן האָט זי אָבער גאָר־ניט געזאָגט, זי האָט זיך בלויז גענומען צו דער אַרבעט. אסתר, עטיע דבורה דער שניטקרעמערינס טאָכטער, האָט זייער שנעל באַנו־

מען אַז קליוולאַנד איז ניט כושטיוּקע, דאָ קען מען ניט אריינשלעפּן דעם גוי פאַר דער סוויטקע אָדער די גויע פאַרן קליידל. דאָ דאַרף מען אַ ר י י נ צ י ע ן די אידענע, און אסתר עטיע דבורהס האָט יעדן טאָג געזוכט אַנדערע מיטלען ווי אריינציען דעם קונה, דאָס, האָט זי געוואוסט, מוז ז י טון, ווייל זיך פאַרלאָזן אויף אים . . .

אינדערפרי איז זי געגאַנגען איינקויפן עסן פאַרן טאָג, אין שפּייז קרעמל, צום קצב, אירע אויגן האָבן אָבער אריינגענומען אַלץ וואָס עס האָט זיך געטון אויף דער געשעפטס גאַס, דער עיקר וואָס עס האָט זיך געטון אין די פּאָר שניט קרעמלעך, וואָס פאַר אַ מציאות האָבן זיי אַרויסגעשטעלט, און קומענדיק צו זיך אין קראָם האָט זי שוין געפונען וואָס זי קען אַרויסשטעלן, האָט אויסגעלייגט די סחורות אַזוי אַז זיי זאָלן צוציען דאָס אויג, און האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ פּרוי ביי איר פענסטער האָט זי שוין געמוזט אריינגיין אין קראָם אינע־וויניק, און איז זי אריינגעקומען ווען אסתר איז געווען האָט זי שוין געמוזט עפּעס קויפן. ווען זי קען שטיין אין קראָם דעם גאַנצן טאָג, דאַן . . .

דעם גאַנצן טאָג האָט אסתר ניט געקענט שטיין אין קראָם, זי האָט באַדאַרפט אויפראַמען די הויז, צוגרייטן עסן פאַר זעקס מענטשן, געבן עסן, דערפאַר אָבער אַזוי שנעל ווי זי האָט זיך ספּראַוועט מיט דער שטוב איז זי געווען אין קראָם. נאָך וועטשערע, אָפּגעגעבן די קינדער עסן, האָט זי אַרויסגעפּראָוואָדעט דודן ער זאָל גיין עסן און שוין געבליבן אין קראָם ביזן פאַרמאַכן. אין קלייט האָט זי פאַרצי־רעוועט די קינדערישע זאַכן, פאַרריכט די העמדער און אַמאָל אפילו פאַרלאַטעט אַ פּאָר הויזן אויך. אַמאָל, ווען קיין קונים זיינען ניט געווען, האָט דוד פאַר איר נאָך פאַרגעלייענט עפּעס פון זיין בלאַט און זי האָט געטון איר אַרבעט און זיך צוגעהערט, מייסטנס אָבער האָט מען אין קלייט זיך דורכגערעדט וועגן די וויכטיקסטע זאַכן, דער עיקר וועגן די קינדער.

— לאַדען ניט די קינדער.

— וואָס שוין ווידער?

— ווידער. אַ ביייעס? שלום מיט מלכקען.

— שוין ווידער זיך צעהרגעט?

— זיי קוים צענומען.

דוד האָט אָפּגעזיפצט. פון אַלע קינדער האָט ער ניט קיין באַזונדערן נחת, אַלע אַזוי פרעמד, נאָר דער מלכקע . . . געהערט אַ טאַטע זאָל ניט קענען רופן זיין קינדביים נאָמען? זינט מלך איז געוואָרן לעראַי האָט דוד כאַזאַנאָוויטש קיינמאָל זיך ניט געווענדעט צו זיין קינד: מלך, קום אַהער, אָדער: לעראַי, וואו ביסטו געווען? און דאָס אינגל האָט קיינמאָל זיך ניט געווענדעט צום פאָטער מיט: טאַטע, איך וויל . . . מ׳האָט גערעדט, נאָר סתם, קיינמאָל ניט דירעקט, אָט ווי מאַן און ווייב ווען צעשטורכעט. אַ פּייאיק קינד, אַ וואויל קינד, אָבער . . .

— וואָס איז געווען?

געווען אַ „קלייניגקייט". שלום האָט נאָך אַלץ געטראָגן צייטונגען. איין פרימאָרגן האָט ער זיך פאַרקילט, זיך געמוזט אַוועקלייגן אין בעט. אויפן דריטן טאָג האָט ער זיך שוין געריסן פון בעט, ער מוז אַרויסגיין. די צייטונגען! אָבער די מאַמע האָט אים געהאַלטן אין בעט ווי מיט צוואַנגען, און די צייטונגען? מלך האָט זיי באַזאָרגט. אמת, מלכן האָט זי פּשוט געמוזט אויפרייסן יעדן פרימאָרגן, איידער ער איז אויפגעשטאַנען, איידער ער האָט זיך אַרויסגעקליבן פון הויז . . . ניט ווי שלומקע, אָבער ער איז געגאַנגען, צעטראָגן די צייטונגען, און זי האָט טאַקע אויסגעהאַלטן שלומקען אין בעט אַ גאַנצע וואָך צייט. דעם ערשטן טאָג אָבער, גלייך ווי ער איז נאָר געקומען אַהיים פון שול האָט מלך שוין גענומען ביי אים מאָנען געלט פאַר דער וואָך צייט, פאַר זיין אַרבייט.

— וואָס? — האָט זיך שלום פאַרוואונדערט — ווילסט געלט? פאַרוואָס?

— פאַר צעטראָגן דיינע צייטונגען.

— מ י י נ ע צייטונגען?

— זיי זיינען ניט מ י י נ ע . דו ביסט דער צייטונגס אינגל, ניט איך.

— אודאי דו פּופּסט יעדן פרימאָרגן.

— דאָס איז ניט דיין עסק, איך קען שלאָפן וויפיל איך וויל. האָב פאַר דיר געטראָגן צייטונגען — באַצאָל.

— איכ׳ל דיר באַצאָלן, אַ גוטע פייג וועל איך דיר באַצאָלן. אַ

וואָך צייט האָט ער געטראָגן צייטונגען, און געטראָגן אַזאַ יאָר אויף אים, זאָל איך אים באַצאָלן.

— ווען דו שטעלסט אָן אַנאַנדערן וואָלסטו ניט באַצאָלט?

— אַנאַנדערן? אַנאַנדערער קומט אָבער ניט עסן אַהער, קומט ער?

— איך עס ניט דיינס.

— ניין, דו פֿאַרדינסט אויף דיין עסן.

— דאָס איז ניט דיין עסק. געאַרבעט אַ וואָך, באַצאָל!

— איכ׳ל דיר צאָלן, דיר געבן אַ גוטן רייב אין מאָרדע, דאָס וואָס דו וועסט קריגן.

— אַזוי זאָגסטו. דאָס אַלעס וואָס דו ווייסט איז רייב אין מאָרדע.

— און וואָס ווייסטו?

— מער פֿון דיר, פֿאַרזיכער איך דיך.

דער מלך, דער באַרימער. ווי ער האָסט אים! וויפֿיל איז שוין דאָ אַז ער טראָגט צייטונגען? יאָרן. שניי, פֿרעסט, אים האָט עס ניט געאַרט, ניט די וועטערן, ניט דאָס אויפֿשטיין, ניט מקנא געווען מלכן וואָס ער שלאָפֿט זיך ווי אַ פֿריץ, אויב ביי אים איז רעכט אַז ער דאַרף ניט אַרבעטן, פֿאַרדינען פֿאַר זיך, העלפֿן טאַטע מאַמע, מילא, זאָל ער טון ווי ער וויל. ע ר וועט זיך נ י ט אָוועקזעצן ביי טאַטע מאַמע אויפֿן קאַרק. ע ר קען אַליין פֿאַרדינען. נו איז ער קראַנק געוואָרן. קראַנק. פֿאַרקילט. אַ נאָווינע? יעדער אינגל פֿאַרקילט זיך. ער האָט געקענט אַרויסגיין אויפֿן צווייטן טאָג, די מאַמע האָט ניט געלאָזט, אים געהאַלטן אין בעט אַ וואָך צייט, האָט דער נפֿש אַרויסגעהאָלפֿן, איצט קומט ער און פֿאָדערט באַצאָלט. ווען ער זאָל ניט געווען פֿאָדערן וואָלט ער אים אפֿשר געוווען עפּעס געגעבן, אים אַרויסגענומען אין אַ וואָדעוויל, אָבער איצט ווען ער פֿאָדערט, אַ סענט וועט ער אים ניט געבן! הער אַן איינפֿאַל! עס קומט אים! ער איז מ ל ך !

— נו, מיין טייערער ברודער, איך קען דיר עפּעס זאָגן וואָס דו ווייסט נ י ט .

— וואָס אַזוינס?

— איך קען דיר זאָגן אַז דו ביסט אַ לויז. יאָ, אַ פּאַסקודנע לויז

וואָס לעבט בלויז אויפן קערפּער, אויפן שווייס פון אַנדערע, איצט ווייסטו שוין?

— איך אַ לויז? דו . . .

— ניין, ביסט ניט קיין לויז, ביסט אַ פליי, אַ שפּרינגענדיקע פליי, אָבער דו שטינקסט ווי אַ טכויר, אַ שטינקענדיקער טכויר, אָט וואָס דו ביסט . . . גיי אַוועק פון מיר, — האָט שוין שלום אַ געשריי געטון, ווען מלך האָט זיך געוואָרפן שלאָגן. — גיי אַוועק, ווייל איכ'ל דיר צעברעכן יעדן ביין אין דיין קערפּער. גיי אַוועק, זאָג איך דיר!

מלך איז ניט אַוועקגעגאַנגען. מלך איז ניט אַוועקגעגאַנגען ווען אַ אינגל האָט אים גערופן גריני באַלד ווי ער איז געקומען קיין אַמעריקע, וועט ער איצט אַוועקגיין ווען אַ אינגל, זיין ברודער, רופט אים לויז, פליי, טכויר? דער ברודער! ער איז אַ דומקאָפּ איז ער. האָט ער אים ניט דעריאָגט אין שול כאָטש יענער איז עלטער מיט פולע צוויי יאָר? ער איז העכער פון אים? נו איז וואָס, ער קען . . .

מלך איז געשפּרונגען און אונטערגעשפּרונגען, געוואָלט זיך דער־לאַנגען צו שלומס פּנים, אים דערלאַנגען אין די אויגן, אויב ניט איז כאָטש צעגראַבלען, צעדראַפּען, אָבער שלומס לייגנערער אָרעם האָט אים געהאַלטן פון דערווייטנס און יעדער שפּרונג איז אָפּגעענטפערט געוואָרן מיט אַ טרוקענעם קלאַפּ. ווען ער קען אים דערלאַנגען מיט עפּעס. מלך איז שוין אפילו ניט דער אידישער מלך, ער איז שוין דער אַמעריקאַנער לעראָי טשייס, ספּאָרט איז זייער וויכטיק, און „פעיר פלעי" גאָר וויכטיק, אָבער דאָ שטייט שלום און דערלאַנגט אים קלעפּ, ער מוז אים אויך דערלאַנגען. די פּאַטשערקע אויגלעך זיינען פּאַר־לאָפן מיט טרערן, דאָס מויל איז צעקרומט פון כעס, באַליידיקונג למאַי ער קען ניט דערלאַנגען דעם ריכטיקן קלאַפּ . . . דערלאַנגען אים, איז ניט מיטן קולאַק זאָל זיין מיט . . . ער האָט אַ כאַפּ געטון אַ מעשענעם לייכטער וואָס איז געשטאַנען אויף אַ געזימס און אַ שליידער געטון. שלום איז געבליבן דער אידישער שלום כאַזאַנאָ־וויטש, מיט ספּאָרט האָט ער זיך ניט אָפּגעגעבן, אָבער ער איז געווען אַ צייטונגס אינגל, ניט נאָר האָט ער געקענט אויסמעסטן מיטן אויג צו טרעפן אויף אַ גאַניק פון כ'ווייס ווי ווייט, ער האָט אויך געקענט אויסמעסטן אויף אויסצומיידן אַ קלאַפּ, און ניט נאָר האָט ער אויס־

געמיטן דעם מעשענעם לייכטער, טויכנדיק אויסצומיידן אים האָט ער זיך אַ לאָז געטון צו זיין ברודער, אים אָנגעכאַפּט ביי די פיס. — דו . . . !

ברודער האָט זיך איינגעקלאַמערט אין ברודער און הייסע שנאה האָט געצישעט, געסיקעט, קערפּערס האָבן זיך געקוילערט, טיש, ביינקלעך, אַלץ האָט זיך גענומען רוקן, פאַלן, די הויז האָט זיך גערר־דערט, ביז די מאַמע איז ענדליך אריינגעלאָפן און, מיט די פינגער, מיט די נעגל קוים אָפּגעריסן איינעם פונעם צווייטן.

— איצט איז כאַטש נעם אַ הויז מיט פינף שלאָף צימערן, — האָט אסתר פאַרענדיקט. — דער וויל ניט שלאָפן מיט דעם, דער וויל ניט שלאָפן מיט דעם.

— דעם מלכקע וואָלט מען געדאַרפט . . . — האָט דוד גע־פּרואווט עפּעס זאָגן.

— מלכקע. קינדער. — האָט אסתר געענטפערט און אָפּגעביסן דעם פאָדים פון מלכס זאָק וואָס זי האָט פאַרצירעוועט. — אַ נאָווינע קינדער שלאָגן זיך?

אסתר האָט ניט געוואָלט הערן עפּעס שלעכטס וועגן קיינעם פון אירע קינדער, נאָך ווינציקער וועגן איר מלכקען, איר ראַיטשיקל. דאָס שלאָפן וועט זי שוין ווי עס איז איינאָרדנען, איז ניט שלום מיט מלכן איז ברוך מיט מלכן און שלום מיט חיימקען, די צוויי קומען יאָ אויס, וועט זיך ווי ס'ניט איז איינשטעלן, דאָך אַלע קינדער, זאָלן זיי איר געזונט און שטאַרק זיין, חיים קיין עין הרע, אַ גאַנצער מאַן געוואָרן . . .

פאַר דער מאַמעס אויגן האָבן אַ שימער געטון קינדער אין די וויגעלעך, קינדער אין ווינדעלעך, קינדער מיט פּעליעשקעס, קינדער ווען זי האָט געשאָטן פאַראשאָק צווישן די פיסלעך, דערוואקסענע קינדער, מענער, זייערע ליילעכער אייניקע פרימאָרגנס . . . חיים . . . אַ מאַן . . . איר מאַן . . .

— דיינקסט שוין צייט פאַרמאַכן?

— אַבי ברענען די לעקטרע? — האָט דוד געענטפערט.

מאַן און ווייב האָבן פאַרמאַכט די קלייט, געגאַנגען שווייגענדיקע אַהיים, וואו פיר קינדער, פיר זין, האָבן געלעבט, זיך געקריגט און

געשלאָגן איינער מיטן צווייטן, איבער זיי אַלעמען איין דאַך, אָבער צווישן זיי ווענט . . . מיט זיי איין טאַטע מאַמע וואָס האָבן זיך גע־זאָרגט פאַר זיי אַלעמען, האָבן זיי אַלעמען ליב געהאַט, האָבן געוואָלט איינער דעם צווייטן זאָל ליב האָבן, זאָלן ליב האָבן דעם טאַטן, די מאַמע, אָבער . . .

— זלמן געווען היינט? — האָט אסתר אַ פרעג געטון.

— יאָ, וואָסי?

— גאָרניט, איך פרעג, — האָט אסתר געענטפערט און מער שוין ניט גערעדט דעם גאַנצן וועג אַהיים.

(12)

אסתר האָט שוין לאַנג געהאַט אַ פאַרדאַכט אַז צווישן איר חיימען מיט עטלען קומט עפּעס פאָר. נאָך ווען זיי האָבן געוואוינט אויף אָראַנזש עווועניו האָט זי ניט איין מאָל געזען ווי איר חיימל פּוצט זיך אויס אַרויסצוגיין אין גאַס.

— וואוהין פּוצסטו זיך עס אַזוי? — האָט די מאַמע געפרעגט כלומרשט אין שפּאַס און הנאה געהאַט צו זען איר זון ווי ער איז, קיין עין הרע, אויסגעוואַקסן, גלייך ווי אַ ליכט, און געזונט, קיין עין הרע, קיין בייז אויג זאָל אים ניט שאַטן.

— ווער פּוצט זיך ווער? — האָט חיים ברוגזלעך געענטפערט, וועלנדיק מיט דעם ברוגז טאָן אָפּווערן דער מאַמעס בייגעריגקייט.

— טו אָן אַ ריינע העמד פּוץ איך זיך?

— יאָ, אָבער וואו גייסטו עס? — האָט די מאַמע שוין דירעקט געפרעגט.

— איך גיי אין ערגעץ ניט. גיי צו צו עטלען.

צו עטלען איז ביי אים געווען אין ערגעץ ניט. די מאַמע האָט נאָכדעם שוין אויפגעהערט צו פרעגן. זי האָט געוואוסט אַז איר חיימל „גייט אויס" מיט עטלען. זי האָט גאָרניט געהאַט קעגן דעם. מאַלע וואָס אַ יונגער בחור גייט מיט אַ יונגער מיידל. קיין אַנדערע מיידלעך קען ער דאָך ניט, ער'ט זיך באַקענען מיט אַנדערע . . .

חיים איז שוין געווען לאַנג געגנוג אין קליוולאַנד זיך צו באַקענען מיט אַנדערע מיידלעך, געגאַנגען איז ער אָבער דווקא מיט עטלען.

אסתר האָט עס געוואוסט. זי האָט חלילה גאָרניט קעגן דער מיידל, אַ פיין קינד, אַ וואויל קינד, נאָר גאָרניט, ווען עס זאָל זיך מאַכן אַ שידוך ניט מיט קיין שניידער מיידל . . . איר חיימל, קיין עין הרע . . . און פאַרוואָס קומט זי אַמאָל ניט אַרויף? אסתר וואָלט געוואָלט אַ רעד טון מיט דער מיידל וואָס דאַרף אפשר ווערן איר צוקונפטיקע שנור, אויסגעפינען זאַכן, אָבער עטל איז זעלטן אַרויפ־געקומען צו אסתרן אין הויז, חיים איז געלאָפן צו איר. דאָס איז אסתרן ניט אָנגעשטאַנען. — די רביצין, — אַזוי האָט זי גערופן אין געדאַנק עטלס מאַמע, — מוז נאָך אודאי דיינקען אַז זי חלשט זיך איינקויפן אין יחוס, איין קלייניגקייט, דעם בערעזנער רבס אַ טאָכטער! זי שטאַמט נאָך פון אַזאַ שיינער משפחה ווי זי. זי האָט פיינט אַ קבצן אַ בעל גאוה. בלאָזט פון זיך. פרעג וואָס?

אסתר האָט ניט ליב געהאַט זלמן זיידמאַנס ווייב, איר מעג־ליכע מחותנתטע, זי שפּאָטיש גערופן די רביצין, און שבע זיידמאַן האָט נאָך מער ניט ליב געהאַט אסתרן, זי גערופן די קושענירקע. איר איז אויך ניט געפעלן געוואָרן דער קושענירקעס אינגל — חיים. ווען ער איז איין מאָל אריינגעקומען האָט זי אויף אים אַ קוק געטון מיט אירע גרויע אויגן און דער בחורל איז אַזוי רויט געוואָרן אַז ער האָט ניט געקענט אַרויסברייינגען אַ וואָרט, האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען, און געפילט זיך דערלייזט ווען עטל איז אַרויסגעקומען פון איר אלקיר און אים אַרונטערגעפירט אין גאַס. פון דאַן אָן איז ער מער צו עטלען אין הויז ניט אַרויפגעקומען. האָט עטלס מאַמע געוואוסט אַז איר טאָכטער טרעפט זיך מיט דער קושענירקעס בחורל אין גאַס? מסתמא יאָ, אָבער זי האָט איר טאָכטער עטל אויך ניט איבעריק ליב געהאַט. איר מיידל — אַ שניידערקע! אַרבעט, שלעפּט זיך אַרום מיט דער רוח ווייסט ווועמען. שבע דעם רבס טאָכטערס אַ מיידל — אַ שניידערקע, איר זון — דער איינציקער זון — אַ . . . שמאַטיאַר, האַנדעלט מיט אייזן, און דער מאַן אירער, זלמן, אַ . . . מלמד, אַ מלמד אין אַמעריקע. נאָך צוויי מיידלעך דאָ, זיי וועלן שוין קיין שניידערקעס ניט זיין, אָבער וואָס? . . . שבע דעם בערעזנער רבס טאָכטער וואָלט געמעגט האָבן אַ בעסערע דאָליע . . . אָבער פאַרפאַלן . . . — פאַר־פאַלן! — האָבן געזאָגט שבע זיידמאַנס גרויע אויגן, — וועל שוין אַזוי אויסגיין שטילערהייד.

— שבע איז געווען אַ שטילע. איר שטילקייט איז אָבער ניט געווען קיין שפּלות שטילקייט. זי האָט ווינציק גערעדט, אפילו מיט איר מאַן, ווייל וואָס איז דאָ צו רעדן? דערפאַר אָבער ווען זי האָט אַרויס־געזאָגט אַ וואָרט האָט זי עס באַגלייט מיט אַ קוק פון אירע גרויע אויגן צו זען אויב דאָס וואָרט איז געהערט געוואָרן ריכטיק, זי האָט פאַרלאַנגט זייער ווינציק, אָבער דאָס וואָס זי האָט געוואָלט האָט זי געמוזט קריגן. אין אַמעריקע האָט זי ליב געקראָגן דעם מאַראַנצן זאַפּט צו טרינקען אינדערפרי און, זומער אָדער ווינטער, מאַראַנצן האָבן געמעגט זיין ווי טייער, האָט שבע געמוזט האָבן איר גלאָז מאַראַנצן זאַפּט יעדן אינדערפרי. געגאַנגען ערגעץ איז זי זעלטן, אָבער ווען זי איז שוין יאָ אַרויסגעגאַנגען, ימים נוראים אין שול, האָט זי געמוזט האָבן אַ סאַמעטן קלייד. געלט? זלמן האָט יעדע וואָך דערלאַנגט עטליכע דאָלאַר, אַ ביסל פון זיין מלמדות, אַ ביסל וואָס דער זון האָט געגעבן, און געזאָגט: נאַ, שבעלע! עטל האָט יעדע וואָך דערלאַנגט עטליכע דאָלאַר און די מאַמע, אָדער זי האָט זיי צוגענומען שווייגנדיק, אָדער גאָר אַ זאָג געטון: לייג עס דאָרט אַוועק.

האָט עטל דערהערט אָט דעם פונאַויבנאַופיקן „לייג עס דאָרט אַוועק" האָט זי געפילט ווי צו טופען מיט די פיס, וויינען, שרייען, אָדער גאָר איינפּאַקן די פּאָר קליידלעך אירע און אַנטלויפן פון הויז, אַוועק און מער קיינמאָל ניט איבערטרעטן די שוועל, אָבער זי איז ניט אַנטלאָפן, זי פלעגט בלויז אַרויסלויפן צו אַ חברטע, אין אַ טעאַטער, צו אַ זיצונג פון דער יוניאָן, פון די יונגע סאָציאַליסטן, אַבי ניט זיין אין שטוב.

אַרויסגייענדיק אייך מאָל פון הויז — דאָס איז געווען ניט לאַנג נאָך חיימס קומען קיין אַמעריקע — האָט זי אָנגעטראָפן חיימען און זי האָט געזען ער האָט געוואַרט אויף איר, געזען ער האָט זיך דער־פרייט מיט איר אָנקומען.

— אָה, חיים! וואָס מאַכסטו? וואָס שטייסטו עפּעס דאָ?

— איך בין געגאַנגען דיך זען, — האָט ער אָפנהאַרציק גע־ענטפערט.

— איז אָט דאָ אַ האָסטו מיך געוואָלט זען? פאַרוואָס ביסטו ניט אריינגעגאַנגען אין הויז?

— איך . . . — ער האָט אַ קוק געטון אויף איר און פאַרשעמט אַ זאָג געטון — דיין מאַמע האָט מיך ניט ליב.

זי האָט אַ קוק געטון אויף אים. פון דער רויטקייט וואָס האָט פאַרפלייצט זיין ליכטיק פּנים, פון זיין שטילער אויפריכטיגקייט, האָט זי זיך אויך פאַרשעמט און גערירט געוואָרן אַז זי האָט שיר ניט אַרויסגעזאָגט: אָבער א י ך האָב דיך ליב. זי האָט אים דאָן ליב געקראָגן. ווי שיין ער איז אין זיין אויפריכטיגקייט, נאַאיוויטעט. דיין מאַמע האָט מיך ניט ליב. ווי ריכטיק דערפילט. די מאַמע האָט אים טאַקע ניט ליב. און ווער האָט זי יאָ ליב? און האָט זי ליב איר מאַמע? דערפאַר אָבער אָט דעם יונגען, גרינעם בחור האָט זי ליב ווי אַ יונגערן ברודער, ווען זי קען לערנען, אויף וועמען זי קען אַכטונג געבן.

— קום, וועלן מיר גיין, — האָט זי אַ זאָג געטון, און ער איז איר נאָכגעגאַנגען. זי האָט עס אים אַוועקגעפירט אין דער אָוונט שול ער זאָל זיך לערנען ענגליש. מיט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט זי אים אַ פרעג געטון ווי גייט עס אים אין זיין לערנען, צי קען ער שוין לייענען? — ער לייענט שוין צוביסלעך, — האָט ער געענט־פערט. — וואָלט ער געוואָלט פאַר איר עפּעס לייענען, זי זאָל הערן ווי ער לייענט? — ניין, — האָט ער פאַרשעמט געענטפערט, — דאָס וויל ער ניט, אָבער אויב זי וויל אים אַ טובה טון זאָל זי ריידן מיט אים ענגליש און אויב זי וועט הערן ער מאַכט אַ טעות זאָל זי אים פאַרריכטן. — זי האָט אים צוליב געטון, גערעדט ענגליש, פאַר־ריכט זיינע גרייזן און זי האָט הנאה געהאַט ווען זי האָט באַמערקט אַז אַ גרייז וואָס זי האָט אים איין מאָל פאַרריכט האָט ער מער ניט געמאַכט אין זיין ריידן. דער בחור קוקט אויס ניט צו קלוג, אָבער ער האָט ניט קיין שלעכטן קאָפּ, ער נעמט אריין זאַכן, און ער וויל לערנען. זי וועט אים לערנען, ניט נאָר ענגליש, זי וועט אים אריינ־נעמען אין איר אָרגאַניזאַציע פון די יונגע סאָציאַליסטן, זי וועט אים געבן ביכער צום לייענען, אַ צייטונג, זי וועט . . .

חיים איז ניט געווען קיין סטודענט. אין אָוונט שול איז ער בלויז געגאַנגען איין זמן. דאָס לערנען פון ביכל „קעט" אַ קאַץ, „רעט" — אַ שטשור, איז אים ניט אָנגעגאַנגען און, דער עיקר, ער האָט זיך געשעמט, ער, אַ גרויסער בחור, זיצט אויף אַ שול ביינקל,

די לערערקע רופט אים אַרויס צו דער ברעט אויף דער וואַנט, הייסט אים שרייבן אָדער, נאָך ערגער, לייענען. אמת, אַלע סטודענטן זיינען דערוואַקסענע, אָבער זיי פילן אפשר ניט וואָס ער פילט. גיין אין חדר — ניט פאַר אים. ער קען לייענען אַ ביכל, אפילו אַ ענגליש ביכל אין דערהיים, אין דער שטיל, קיינער זאָל ניט הערן. און ריידן ענגליש וועט ער שוין בעסער מיט עטלען. מיט איר רעדט זיך עפּעס לייכטער. מיט איר איז ער אויך געגאַנגען אין סאָציאַליסטישן לייבאָר לייסעאום, גענומען ביכלעך וואָס זי האָט פאַר אים אויסגעקליבן. ניט אַלע ביכלעך זיינען אים געפעלן געוואָרן. געווען אייניקע שווערע ביכלעך, עפּעס אַזעלכע פרעמדע, שווערע ווערטער, ניט פאַר זיין קאָפּ צו באַנעמען, דאָך ווען זי האָט אים אַמאָל איבערגעפרעגט צי האָט ער געלייענט, אויב עס איז אים געפעלן געוואָרן, האָט ער זיך אַליין געחידושט צו הערן זיך רעדן וועגן דעם געלייענטן. ביים לייענען האָט ער עס, דוכט זיך, שווער באַנומען, אָבער ביים ריידן מיט עטלען וועגן דעם איז אים אַלץ אַזוי קלאָר. אַמבעסטן איז אָבער די צייטונג. אַ ביכל האָט ער נאָך געלייענט אין דערהיים, אין כושטיווקע, אָבער אַ צייטונג? קיין צייטונג האָט ער דאָרט אפילו ניט אָנגעזען. ערשט דאָ אין קליוולאַנד, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַקאַנט מיט עטלען האָט ער גענומען לייענען אַ צייטונג און ער האָט מיט אַמאָל זיך דערוואוסט וועגן אַ גרויסער וועלט, וועגן לענדער, שטעט, מענטשן. די צייטונג האָט ער געלייענט גערן, געלייענט פון דער ערשטער ביז דער לעצטער זייט, אפילו די אַנאָנסן, פון די ראָמאַנען איז אָפּגערעדט, די ראָמאַנען זיינען אים גאָר געפעלן געוואָרן.

חיים איז פונדעסטוועגן ניט געזעסן יעדע נאַכט און געלייענט ביכער אָדער אפילו די צייטונג. איז ער ניט אריין צו די יונגע סאָציאַליסטן, די „איפּסעלס“? דאָרט — בחורים, מיידלעך אין זעלבן עלטער וואָס ער מיט עטלען. איז מען זיך צוזאַמענגעקומען, אפילו צו אַ געוויינליכער זיצונג, האָט מען געשטיפּט, געלאַכט, ווער שמועסט ווען מ׳האָט נאָך געהאַט עפּעס אַן אונטערנעמונג, אַ טאַנץ, אַ באַל אָדער אַזוי אַן אָוונט, איז געווען גאָר פריילעך. חיים האָט ניט געקענט טאַנצן, אָבער עטל האָט אים אויסגעלערנט. פון אָנהויב האָט זי אים געפירט און ער האָט נאָר געציטערט ער זאָל איר ניט אָפּ־

טרעטן די פיס, אינגיכן האָט ער שוין געקענט גענוג טאַנצן אויף צו פירן זי, און . . . ווי גוט עס איז צו טאַנצן, ווי גוט עס איז צו טאַנצן מיט ע ט ל ע ן , האַלטן דעם ארעם איבער איר טאַליע, פילן איר קערפּער . . . ביז ער האָט זיך באַקאַנט מיט עטלען, מיט די איבעריקע מיידלעך דאָ זיינען פאַר אים אַלע מיידלעך געווען איינס, איין פרוי, בעסער, איין נקבה, די נ ק ב ה , אָט די נקבה ווי ער האָט זי געזען אַ סך מאָל אין חלום, ווי ער האָט זי דערזען אין דער ווירקליכקייט ווען ער האָט געבראַכט דאָס פלייש צו דער מיסעס פארקאש . . . צו אָט דער נקבה האָט אים געצויגן, געצויגן בייטאָג און נאָך מער אין די נעכט, ער האָט אָבער אויך מורא געהאַט פאַר איר, אַנטלאָפן פון איר ווען אים האָט זיך געדוכט אַז ער האָט זי באַגעגנט. נאָך דער באַקאַנטשאַפט מיט עטלען, מיט די אַנדערע מיידלעך האָט ער דערזען יעדע מיידל מיט איר פּנים, מיט איר קערפּער, איר גאַנג, איר שטימע, און פון אַלע מיידלעך איז עטל די מיידל, עטלס פּנים דער שענסטער, עטלס קערפּער דער שטאַלטסנער, עטלס גאַנג דער חנודיקסטער, עטלס שטימע די אַנגענעמסטע, אַז עטל גיט אַ קוק, אַז עטל טוט אַ שמייכל, אַז עטל זאָגט עפּעס אַרויס . . . און אַז זי האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר די אינגלעך און מיידלעך האָט זי ניט געזאָגט ווי אַלע אַנדערע „אַ גרינער” און שמייכלען דערביי, ניין, זי האָט געזאָגט: חיים כאזאנאָוויטש, ניט לאַנג אין לאַנד, און שפּעטער, ווען זי האָט אים פאָרגעשטעלט פאַר מר. זאַקס, האָט זי אים אָנגערופן מיין פריינד מר. כאזאנאָוויטש, אים האָט זי געזאָגט חיימקע. חיימקע האָט זי אים גערופן! עטעלע! עטעלע! צו איר ציט אים און קיין זאַך שטויסט אים ניט אָפּ פון איר, איר קען ער דערציילן אַלץ, איר קען ער דערציילן פאַרוואָס ער איז אַוועקגעגאַנגען פון דער מעש פאַבריק, איר קען ער פאַרטרויען וואָס ער וויל טון און זי וועט אים העלפן דעריין. האָט זי ניט צוגעזאָגט אַז זי וועט זען מר. ראָזען און דער מר. ראָזען וועט אים אויסלערנען זיין אַ „פּייפּער הייגער”, אַן אַרבעטער פאַר זיך? ער וועט פאַרדינען געלט ווען ער קומען צו עטלען, וועט איר זאָגן . . . ניט אַלץ פונדעסטוועגן קען ער איר זאָגן. אַי, ווען ער קען איר זאָגן . . . איר דערציילן אַלץ . . . !

— איך אַרבעט אַף דער זשיבן און זשיבעטשיקסטער.

— ער סניידט אין פּאַפּיר ווי אין קרויט.

— הויך אַ אור ניט הערגער פון הים.

— אַרגער, טאַזנט מול אַרגער.

— עך פּאַף אַף אים.

— כ׳זיי ס׳עפּעס ניט גיט, כ׳קיק זיך צי, עס איינגט מיט די פּיס אַראַף, מיטן קאָפּ אַרופּ.

— ער׳ט שוין דאָרט שאָבעס האַלטן.

— ני, איז וואוע, נישטו ק׳אַצאַט? כ׳אבעט דאָך פּין טועג.

— איז וואוס מיינט איהנען, מ׳עט איהנען האלטן?

— ווען ס׳קומט צו „פּענדלס" איז ער אַ געהרגעטער.

אידיש. ליטווישער, אוקראַאינישער — וואָלינער און פּאָדאָ־ליער — אָדעסער און רומענישער, פּוילישער, גאַליציאַנער, טשערני־גאָווער, אונגאַרישער און אַ פּאַרגרייזטער אַמעריקאַנישער אידיש — „פּענדלס" (פּאַנעלן).

חיים כאזאנאָוויטש איז ניט קיין אידיש קענער ער זאָל לויט דער אויסשפּראַך כאַפּן צי דער איד איז אַ מינסקער אָדער אַ קאָוונער, אַ קאַמענעצער אָדער אַ זשיטאָמירער, אַ וואַרשעווער אָדער אַ לאָדזשער, זיין אויער איז אָבער שאַרף גענוג צו כאַפּן די פאַרשידענע אויס־שפּראַכן, דאָס אונטערזינגען פון אייניקע ביים ריידן, און מיט אַמאָל ווערט ער געוואוירע פון אַ וועלט מיט אידן, אידן פון דער גאַרער וועלט, פון אַ סך לענדער, באַזונדערע געגנטן, פאַרשידענע שטעט, און אַלע רעדן אידיש, אַלע זיינען אידן, און אַלע זיינען פּייפער היינ־גער, און ער — איינער פון זיי, מיט זיי, צווישן זיי, ער — אין אַ גרויסער וועלט.

פון כושטיווקע איז ער קיינמאָל ניט אַרויסגעפאָרן, ניט געזען קיין באַן ביז דער נסיעה קיין אַמעריקע, און פון כושטיווקע קיין קליוולאַנד איז ער ניט דורכגעפאָרן אַ וועלט, מיט לענדער, שטעט, ער האָט זיך דורכגעגליטשט דורך אַ רער. אפילו אויפן שיף האָבן טאַטע מאַמע אַכטונג געגעבן די קינדער זאָלן חלילה ניט פאַרפאַלן ווערן און זיי געהאַלטן לעבן זיך. און אין קליוולאַנד די ערשטע

צייט, אויך כושטיווקע. ניט אַלע לאַנדסלייט האָט ער געקענט, אָבער ער האָט זיי ניט געדאַרפט קענען צו דערקענען כושטיווקע אין זיי, און צווישן זיי האָט מען געלעבט. ווען ער האָט אָנגעהויבן צעטראָגן פלייש האָט ער שוין באַגעגנט אַנדערע מענטשן, אָבער די מענטשן זײַנען געווען פּרעמדע, אָנגעקלאַפּט אין טיר, דערלאַנגט דאָס פּעקל, גענומען דאָס געלט און אַוועקגעגאַנגען, סיידן די מרס. פּאַרקאַש . . . אין דער מעש פאַבריק שוין אַ נייע וועלט אָבער גאָר אַ פרעמדע, אַ פרעמדע און אַ פײַנטליכע. דזשעררי . . . דערפאַר דאָ, אין לייבאָר לייסעאום, צווישן די אַלע אידישע פּייפּערהיינגערס, אי אַ גרויסע וועלט, אי אַ נייע, און דאָך אַזאַ היימישע. איז ער ניט אַן אַרבעטער באַגלייך מיט זיי אַלע דאָ? אַן אויסגעקיילעכיקטע סטעליע קומט אים נאָך אָן אַ ביסל שווערליך, אָבער ער האָט אַ פאַרדאַכט אַז קיינעם קומט עס ניט אָן גרינג, זיי ריידן בלויז וועגן מאַכן איינס און צוויי, אין דער אמתן . . . חיים כאַזאַנאָוויטש איז אפשר נאָך ניט געווען קיין פולשטענדיקער בעל מלאכה צו היינגען אַלערליי פּאַפּירן און לייוונטן, ער איז שוין געווען אָבער לאַנג גענוג אין פאַך צו וויסן אַז אַ פּייפּער היינגער וועט זיך באַרימען ניט נאָר וויפיל וואַל פּאַפּיר ער האָט אויפגעהאַנגען, אריינגעשאָסן דעם טאָג, נאָר אויך מיט דעם אַז ער האָט אין יענער הויז צוגעגנבעט אַ זילבערנע לעפל אָדער גאָר פאַרגוואַלטיקט די באַלעבאָסטע, און אפשר זי אים. אַזאַ טבע האָבן זיי שוין די פּייפּער היינגער — זיך צו באַרימען. יאָ, ער איז שוין לאַנג גענוג אין פאַך, און ווי לאַנג איז דאָס געווען אַז ראָזען האָט אים „אריינגענומען אין דער לער״?

— דאָס בינטל פּאַפּיר וואַרף אַריבער איבער ד ע ם אַקסל, דער האַלז זאָל עס האַלטן, דער נאַקן, זיך ניט לאָזן גליטשן, דאָס רענצל מיטן געצייג אויפן צווייטן אַקסל, עס זאָל איבערקרייצן דאָס פּאַפּיר שטריקל. די ברעטער, די פּיסלעך און די לאַנגע ווירע מיטן מעשענעם קאַנט — אַ באַזונדער פּעקל, און דאָס קעסעלע פּאַפּ נעם אין האַנט.

אויסגעשטאַט אין פולער אַמוניציע, איז ער געשטאַנען, ראָזען הינטער אים, געוואַרט אויפן טראַמווײַ. איינער איז אָנגעקומען, מענטשן האָבן זיך געשפּאַרט, חיים האָט שוין אויפגעהויבן אַ פוס אַרויפצושטעלן אויפן טרעפּל, איין האַנט האָט געזוכט דאָס הענטל

ביי דער זייט זיך אָנצוכאַפּן דעריין, ווען דער טראַמוויי האָט זיך אַ ריר געטון, אַ נ ט ל אָ פ ן. חיים איז אַ פֿאַרווירטער געבליבן שטיין, געוואָרפן אַ קוק נאָכן אַוועקגעגאַנגענעם טראַמוויי און איבער־געטראָגן דעם קוק אויף ראָזענען: געזען? ראָזען האָט אַ שמייכל געטון: — אַז אַ קאָנדוקטאָר דערזעט אונזערן אַ מענטשן אַנטלויפֿט ער ווי אַ שד פֿאַר אַ מזוזה. מ׳דאַרף זיך קענען אַרויפֿכאַפּן. מ׳דאַרף געבן אַ שטעל אַוועק דאָס קעסעלע פּאַפּ, אַ רוק אריין די ברעטער, און נאָכדעם ערשט אַליין אַריינקריכן. אָט קומט נאָך איינער. גיב אַהער די ברעטער.

ער איז אריינגעקראָכן אין טראַמוויי, געשטאַנען אַ באַהאַנגענער מיטן בינטל פּאַפּיר, דעם רענצל, דאָס קעסעלע פּאַפּ ביי די פֿיס, און אים האָט זיך געדוכט אַלע קוקן אויף אים, ער איז אַלעמען אין וועג, און אים איז געווען אַזוי איינג אַז ער האָט געצויגן דעם קערפּער אין דער הויך, ווערן אַ ביסל דינער, ווען ער קען איינציען דאָס בינטל פּאַפּיר עס זאָל ווערן דינער, עס זאָל אַזוי ניט אַרויסשטאַרטשען . . .

— מאַך זיך היימיש, — האָט אים ראָזען געלערנט, — רוק אַוועק דאָס קעסעלע פּאַפּ אָט אַהער, דאָס בינטל פּאַפּיר נעם אַרונטער און שטעל אַוועק אָט דאָ אָ, מיר האָבן צו פֿאָרן אפֿשר אַ שעה צייט.

די ערשטע נסיעה צו דער אַרבעט.

— זעסט? — האָט אים נאָכדעם ראָזען געלערנט, — מ׳טינקט איין די באַרשט אָט אַזוי אָ, זעסט? דאָס הענטל זאָל בלייבן ריין, און מ׳שמירט. זעסט? איצט, נעם דו, לאָמיך זען ווי דו טוסט עס.

אַ קלייניגקייט — איינטינקען די באַרשט אין קעסעלע פּאַפּ און באַשמירן דעם פּאַס פּאַפּיר, אָבער ראָזען האָט זיין וועג ניט נאָר ווי צו הייגעגן פּאַפּיר, שפּאַלירן ווענט אָדער סטעליעס, נאָר אויך ווי צו באַשמירן דעם פּאַפּיר מיט פּאַפּ.

— אַ פֿליעך אויפֿן קאָפּ, — לערנט אים ראָזען, — איז מילא, — פֿאַרפֿאַלן, מ׳קען זיך ניט העלפֿן, אָבער אַ פֿליעך אויפֿן פּאַפּיר . . .

חיים האָט דערהערט דאָס וואָרט „פֿליעך" (אין כושטיווקע האָט מען געזאָגט פֿליך) און מיט אַמאָל דערזען אַז ראָזענען שניידט זיך אַ פֿליך — אינמיטן די געדיכטע האָר אַ קליין קיילעכדיק שטיקל העלע הויט, אָט ווי אַן איי וואָלט אַרויסגעסטאַרטשעט פֿון אַ קוגעלע האָר. ער האָט זיך פֿאַרשעמט פֿאַר קוקן אויפֿן רבינס פֿליך, אַ וואָרף

געטון די אויגן, מורא געקראָגן טאָמער האָט ראָזען געזען, טאָמער האָט ער פאַרהערט עפּעס וואָס ראָזען האָט געזאָגט און ער האָט אַ יאָג געטון מיט דער באַרשט.

— אה, אה, נאָר ניט געפּאַטשט מיט די פליגל, — שטעלט אים אָפּ ראָזען. — ׳עסט זען אַן אַרבעטער פּאַטשט מיט די פליגל, פּיטש־פּוטש־פּאַטש, זאָלסטו וויסן ער איז ניט קיין בעל מלאכה. און אַז איינער באַלעבאַטשעט מיטן צונג, — האָט ער צוגעגעבן שוין אגב אורחאדיק, — איז אַ סימן אַז דער מענטש קען גאָרניט טון. זעסט? אָט אַזוי גייט מען מיט דער באַרשט, — האָט ער געשמירט דעם פּאַפּיר און געלערנט חיימען, — אַן אַרבעטער דאַרף האַלטן ריין זיך, זיין אַרבעט און זיין נאָמען. געזען? איצט, קוק זיך צו ווייטער.

חיים האָט שוין מער ניט געקוקט אויף ראָזענס פּליך, ראָזען האָט שוין גאָר געטראָגן אַ דין, ווייס היטעלע, ער האָט אפילו ניט געזען זיין קאָפּ אָדער פּנים, ער האָט בלויז געזען דעם פּאָס פּאַפּיר אין ראָזענס הענט, ווי זיי געבן דאָס אַ שטעל צו דעם פּאָס פּאַפּיר אין ווינקל אויף דער סטעליע און ווי די האַנט מיט דער באַרשט גיט עס אַ פּאַר, אין איין זייט, אין דער צווייטער, אַ פּאַר ווייטער אין דער לייגג צוגעקלאַפּט און פאַרטיק, דער פּאָס פּאַפּיר איז צוגעקלעפּט. ווען ער עס קענען אַזוי מאַכן?

דער הילצערנער פּלאַנקען צווישן די צוויי לייטערלעך איז איב־גאַנצן אַ פיר פוס הויך פון דער ערד, דאָך ציטערן ביי חיים כּאַזאַנאַ־וויטש די קני, די פיס טאָפּן בלינד דעם פּלאַנקען. ווען ער זאָל כאָטש קענען זען וואו די פיס געבן אַ טראָט, אָבער זיינע אויגן, זיין קאָפּ איז פאַרריסן צו דער סטעליע, צום פּאָס פּאַפּיר אויף זיינע פינגער, איבער זיין קאָפּ. צוגעשטעלט דעם ברעג פּאַפּיר צום ווינקל אָט ווי ראָזען האָט געטון, האָט ער געוואָלט אַ פיר טון מיט דער באַרשט, אָבער די פינגער פון דער צווייטער האַנט האָבן דורכגע־לעכערט דעם פּאַפּיר און ווי אַ לויזע מצה האָט עס אַ שליאָפּ געטון צו דער ערד. וואָס האָט פּאַסירט? האָט ער פאַרשעמט געקוקט אויפן פּאָס פּאַפּיר, אויף ראָזענען.

— זעסט? — האָט אים ראָזען געלערנט, שטייענדיק שוין אויפן פּלאַנקען, — די פינגער טאָרן ניט שטיין אָט אַזוי אַ! די פינגער דאַרף מען האַלטן אָט אַזוי, זעסט?

ראָזענס פינגער זײַנען פון וואַטע, זײ רירן אָן דעם פּאַפּיר אָבער אַזוי איידל, קיין שפּור פון אַ פינגער אויפן פּאַפּיר, זײַנע אָרעמס, הענט, דער גאַנצער אויבערשטער האַלבער קערפּער איז פון גומי, ער גיט זיך אַ ציִ, גייט אַוועק דער גאַנצער פּאַס פּאַפּיר איבער דער סטעליע, און זײַנע פיס האָבן אויגן אין די פינגער, ער גייט אַט ווי אויף דער ערד. — איצט פּרואוו דו, — זאָגט ראָזען און שטייט שוין אונטן, קוקט אויף חיימען. די פינגער האָבן שוין ניט דורכגעלע־כערט דעם פּאַס פּאַפּיר, ער האָט שוין צוגעקלעפּט איין פערטל פּאַס, איצט נאָך אַמאָל אַ פּאָר טון מיט דער באַרשט, צוקומען צום מיטן, דאַן . . . ער האָט שוין געהאַלטן די באַרשט אינמיטן פון פּאַס פּאַפּיר, גרייט אַ פּאָר טון ווייטער, ווען דער הינטערשטער ברעג האָט זיך אָפּגעטיילט, זיך אַרונטערגעלאָזט איבער זײַן רוקן. צוהאַלטן מיטן קאָפּ דעם מיטן, מיט דער פוס, הינטנאַרומער צוריק אויפהויבן דעם פּאַפּיר, דאַן מיט דער באַרשט . . . ער האָט אָפּגעטיילט די באַרשט פון דער סטעליע און דער פּאַס פּאַפּיר איז געבליבן הייגגען איבער אים פון ביידע זײַטן — אַ טלית קטן אָן אַ אויסשניט.

— נאַ, נעם דעם פּאַס פּאַפּיר, — האָט אים ראָזען דערלאַנגט אַ נייעם פּאַס פּאַפּיר און ווייטער געלערנט.

— עס זאָל זיך ניט איבעררײַסן, עס זאָל ניט אַרונטערפאַלן, — האָט חיים שטיל אָן ווערטער געבעטן. דער שווייס האָט זיך פון אים געגאָסן, דער נאַקן האָט געבראָכן, די אויגן זײַנען געווען פאַרלאָפן, אָבער מיטן פאַרשטייפטן נאַקן, פאַרריסענעם קאָפּ איז ער געשטאַנען מיטן פּנים צו דער סטעליע, גרייט אונטערצוהאַלטן דעם פּאַס פּאַפּיר מיטן שטערן, מיט דער נאָז, אַבי ער זאָל ניט אַרונטערפאַלן. ער איז ניט אַרונטערגעפאַלן, ניט איבערגעריסן געוואָרן, איבער דער גאַנ־צער סטעליע האָט ער אים צוגעקלעפּט, מער ניט ווען ער איז געקומען צום צווייטן ברעג האָט ער דערזען דער פּאַס פּאַפּיר איז אויף דער זײַט אָפּגעטראָטן צוויי צאָל ווייטער ווי אויף יענער זײַט.

פאַרפאָרן קיין פּצון זײַט, — האָט ראָזען געשמייכלט. — דאַרפסט זיך אויסלערנען דער פּאַפּיר זאָל זײַן ביי דיר אין די הענט, ניט דו ביים פּאַפּיר, פאַרשטייסט? נעם אַרונטער דעם פּאַס איידער ער פאַלט נאָך צו. אַט אַזוי. און איצט גיב אַכטונג ביים אָנשטעלן אין ווינקל, גלייך, גלייך, אַט, אַט, נאָך אַ ביסעלע! אַט אַזוי. איצט

. . . מיט דער באַרשט! מיט דער באַרשט! אַט אַזוי. זעסט שוין? אויפגעהאַנגען. וואָס דיינקסטו עפּעס מכה מאַכן אַ סטעליע איבער גאַרדאַן פּאַרק? אַלרייט, וועסט שוין הייננען.

דעם אַטעסטאַט אויף הייננען האָט ראָזען פונדעסטוועגן ניט אַזוי גיך געגעבן. ערשט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, ווען חיים האָט, אָפּשניידנדיק די ברעגן פון פּאַפּיר, פאַרשניטן דעם גראָבן פינגער, האָט ראָזען אים געזאָגט: נו, איצט ביסטו שוין אַ פּייפּער הייננער. וואָס? שטאַרק צעשניטן? נעם אַרויס פון מויל! — האָט ער מיט אַמאָל אַ געשריי געטון, דערזעענדיק ווי חיים האָט אַריינגעכאַפּט דעם צעשניטענעם פינגער אין מויל. — האָסט אַ ריין טיכעלע? פאַרקוועטש אין האַנט. פאַרקוועטש גוט, שטאַרק. — ער האָט זיך געלאָזט צו זיין געציייג רענצעלע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פלעשל פּייראָקסייד, וואַטע, בינדע, געגאָסן אויפן פינגער, בינדן און ריידן. — קיינמאָל ניט נעמען אַ צעשניטענעם פינגער אין מויל. צעשניטן אַ פינגער דאַרף מען היטן עס זאָל זיך אַהין גאָרניט אריינכאַפּן. די בעסטע זאַך איז טראָגן מיט זיך אַט דאָס אַ, אָדער יאָד.

— אין דערהיים האָט מען אַרומגעוויקלט מיט פּאַוועטיניע.

— ניט קיין שלעכטער מיטל. — האָט ראָזען אַ זאָג געטון. בלויז דער אופן ווי ער האָט אַ קנייטש געטון דעם מויל האָט אַרויסגעגעבן די איראָניע אין די ווערטער. — דאָ שטעקן די פּייפּער הייננער אריין דעם פינגער אין קעסעלע פּאַפּ אָדער, ווי דו, כאַפּן אים אין מויל אַריין. פונקט אַזוי גוט ווי פּאַוועטיניע. ׳עסט אַרויסגיין אַרבעטן פאַר זיך, האָב אין זינען ביי דיר אין רענצעלע זאָל אַלע מאָל זיין אַ ביסל יאָד מיט אַ שטיקל וואַטע. נו, שוין פאַרבאַנדאַזשירט. איצט ביסטו שוין אַ פאָלנער פּייפּער הייננער.

— דאָ מאַשינקעס צו שניידן, ניין? — האָט חיים אַ פרעג געטון, וואַרפנדיק אַן אויג אויפן מעסער אין ראָזענס האַנט, גרייט צו שניידן פּאַפּיר.

— וואָס איז גאָר מאַשינקעס? — האָט ראָזען געשפּאָט, — דאָ אַ שער. מ׳נעמט די שער, מ׳שניידט אָפּ די ברעגן און פּטור. אַ גוטער אַרבעטער שניידט מיט אַ מעסער. זעסט? אַט אַזוי אַ האַלט מען דעם מעסער.

דאָס איז ניט דאָס ערשטע מאָל וואָס ראָזען האָט אים געוויזן

ווי צו האַלטן דעם מעסער, ער האָט טאַקע אַזוי געהאַלטן, אַי וואָס ער האָט זיך צעשניטן, מאַכט זיך, יעדער פּייפּער היינגער צעשניידט ווען עס איז אַ פינגער. איז ער דאָך שוין אַ פּייפּער היינגער. האָט דאָך ראָזען אַליין געזאָגט. קאָמיש אַ ביסל דער ראָזען, וויל ניט וויסן פון קיין מאַשינקע צו שניידן. אַ מאַשינקע שניידט גוט. ער האָט מאָדנע וועגן דער ראָזען און גאַנץ אָפט רעדט ער אַזוי מאָדנע. אין די ערשטע טעג נאָך, ווען ער האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן אַרבעטן מיט אים, האָט ראָזען אים פלוצלונג אַ פרעג געטון: ווי קומסטו צו עטלען? מ'איז געזעסן ביידע די פּלייצעס אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט, די פיס אויסגעצויגן, חיים האָט געקייט זיין סענדוויטש וואָס די מאַמע האָט מיטגעגעבן, ראָזען האָט געזופּט פון דער קוואָרט מילך, פאַרביסן מיט ברויט — זיין טעגליכער מיטיק. דערהערענדיק די פראַגע, איז ביי חיימען דער ביסן געבליבן שטעקן אין מויל. עטלס נאָמען. אַזוי אומגעריכט. און, וואָס הייסט ווי ע ר קומט צו עטלען? ער קען דאָך, דאַרף דאָך פרעגן ווי קומסטו, ווי קומט איר צו עטלען? צונג און ציין האָבן זיך אַ באַוועג געטון, קייענדיק האָט ער געענטפערט: מיר קומען פון איין שטעטל.

— לאַנדסלייט, הייסט עס. אַ וואויל מיידל עטל. גייסט מיט איר חתונה האָבן?

דאָס איז שוין . . . דאָס איז . . .

— זע נאָר ווי ער האָט זיך פאַררויטלט! נאַרישער בחור, וואָס איז דאָ זיך צו שעמען? אַ אידישע זאַך.

ניין, ראָזען האָט ניט געשמייכלט מיט יענעם שמייכל פון די אַנדערע, ווען יענע האָבן גערעדט וועגן אַ מיידל, חתונה, ער האָט אפילו ניט אונטערגעוואונקען.

— וואָסי מיט א י י ד ? — האָט חיים זיך אָנגענומען מיט מוט און געפרעגט כדי ניט צו ענטפערן. — איר זייט דאָך אויך אַ איד . . .

— איד? איך בין אַן אַל־טער בחור, — האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ קרעכץ ביים „אַלטער“, אויפהויבנדיק זיך פון דער ערד.

אַ קאָמישער אַלטער בחור. ווי קומט ער טאַקע צו עטלען? ער האָט זי שוין ניט איין מאָל געוואָלט פרעגן, אָבער ער האָט ניט גע־פרעגט. האָט עטל געפרעגט ווי גייט עס אין דער לער, עפּעס אַ

גוטער לערער ראָזען, האָט ער אַרויסגעמרוקעט אָן ענטפער, ערשט ווען ער האָט צעשניטן דעם פינגער, האָט ער פריי דערמאָנט ראָזענס נאָמען.

מ׳האָט זיך באַגעגנט, ווי דער שטייַגער, אין דרויסן, געגאַנגען צוזאַמען אין לייבאָר לייסעאום. גייענדיק, האָט חיים זיך געהיט עטל זאָל ניט באַמערקן זיין באַנדאַזשירטן פינגער. — געדאַרפט געווען אַרונטערנעמען די שמאַטע, — האָט ער געטראַכט און אין קעשענע געפּרואווט מיט די אַנדערע פינגער אַרונטערנעמען די בינדע, ער האָט אָבער געפילט ער מאַכט בלויז ערגער און אויפגעהערט דרייען מיט די פינגער. אין לייבאָר לייסעאום, האָט ער באַשלאָסן, וועט ער עס אַרונטערנעמען זי זאָל ניט זען. ביים איבערקרייצן די פינף און פופ־ציקסטע גאַס איז עטל, ווי איר שטייגער, געגאַנגען אַזוי ווי אויף דער וועלט וואָלט גאָר קיין אויטאָמאָביל ניט געווען, און אַ אויטאָמאָביל איז אָנגעפאָרן אָט אַזוי ווי קיין מענטשן וואָלטן גאָר ניט אומגעגאַנ־גען אין גאַס. חיים האָט זי אַ כאַפּ געטון ביים אָרעם, אַ צי געטון. זי האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, אַ זאָג געטון: מ׳עט מיך ניט איבער־פאָרן, און דאָן דערזען זיין פאַרבונדענעם פינגער. — וואָס איז מיט דיין פינגער?

ער האָט אויף גיך אריינגעשטעקט די האַנט אין קעשענע און געאיילט זיך אַריבערגיין די גאַס. אויף איר פראַגע האָט ער ניט געענטפערט.

— וואָס איז מיט דיין פינגער? צעשניטן?

— אַ שניט געטון, — האָט ער מיט ביטול אַ זאָג געטון און זיך געלאָזט גיין. אָט זייַנען שוין די טרעפּ פון לייבאָר לייסעאום.

— ווייז אַ קוק טון.

— אַ שניט געטון.

— לאָמיך זען.

— וואָס׳סטו זען? אַ שניט.

— לאָמיך אַ קוק טון.

די עטל אַז זי שפּאַרט זיך איין. אויפן גאַניק פון לייבאָר לייי־סעאום האָט ער אויסגעצויגן די האַנט, געוויזן דעם פינגער. דער באַנדאַזש איז געווען צעפּאָרן. עטל האָט זיך גענומען אָפּבינדן. זיין גראָבער פינגער צווישן אירע. ניין, אים טוט שוין ניט באַנג וואָס

זי האָט זיך איינגעשפּאַרט געוואָלט זען דעם שניט. וועט זי אַ קוש טון דעם פינגער? ווען זי טוט אַ קוש! פלעגט דאָך די מאַמע אַ קוש טון ווען ער האָט זיך אַ שניט, אַ קלאַפּ געטון, און עס האָט אויפ־געהערט וויי טון. — טוט וויי? — האָט עטל אַ פרעג געטון, אַנרירנ־דיק מיט איר שפּיץ פינגער דעם סאַמע שניט. אַ ריר און צוגעכאַפּט.

— ניין, — האָט חיים געענטפערט, — טוט ניט וויי. — זי האָט ניט אַ קוש געטון, זי האָט אָבער אָנגערירט מיט איר פינגער, אַזוי אָנגערירט אַז ער וואָלט . . . אָט איצט ווען זי האַלט אין איבערבינדן דעם פינגער . . .

— אָבער ווען דו האָסט זיך צעשניטן, דאַן האָט געמוזט שטאַרק וויי טון.

— אה, אַ ביסל.

— איז וואָס האָסטו געטון?

— וואָס כ׳האָב געטון? אריינגעכאַפּט אין מויל, — האָט ער אַ שמייכל געטון.

— אין מויל גאָר? — האָט זי אַפּגעלאָזט דעם פינגער.

— האָסט באַדאַרפט זען ווי דיין ראָזען האָט זיך צעשריען: אַרויס פון מויל! נעם אַרויס פון מויל! אַ קאַמישער מענטש, טראָגט מיט אַ פלעשעלע פּייראָקסייד, וואַטע, בינדע . . .

— גאָרניט אַזוי קאָמיש. מ׳דאַרף פאַרהיטן עס זאָל ניט אַריין קיין שמוץ.

זי רעדט אויך אַזוי. דאָס פאַרדריסט אים שוין. — ער מוז זיין אַ קאַרגער דער ראָזען.

— פון וואַנען נעמסטו עס?

— ער האַלט געלט אין אַ בייטעלע מיט צוויי קנעפּעלעך.

— דו האָסט בלויז געזען איין בייטעלע, — האָט עטל שוין גע־שמייכלט, — אָבער ער האָט צוויי בייטעלעך.

— צ ו ו י י בייטעלעך?

— ער איז סעקרעטאַר פון דער אידישער אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אויך פון אַ צווייג אַרבעטער רינג, קריגט ער אַריין געלט, און ער איז זייער אַן ערליכער און אַ פּינקטליכער, האָט ער מורא טאָמער וועט ער חלילה פאַרמישן די געלטער מיט זיינע, טראָגט ער צוויי בייטעלעך. ער איז זייער אַן ערליכער.

אַזוי. ראַזען לויבט זי און זי לויבט ראַזענען. דעם פינגער האָט זי ניט אַ קוש געטון. — קענסט אים אפּנים גאַנץ גוט?

— פאַרוואָס זאָל איך אים ניט קענען?

— קענסט, ווייזט אויס, אַלע אַלטע בחורים.

האַ? דער בחורל רעדט עפּעס אַזוי . . . זי האָט אַ קוק געטון אויף אים, אַ שמייכל געטון: איך קען אַ פּאָר יונגע בחורים אויך.

— אַזוי? יונגע אויך?

— נו, וואָס דען האָסטו געמיינט?

— איך מיין גאָרניט.

ווען ער קען זי אַזוי אָננעמען, זי אַ טרייסל טון, איר אַריינ־שרייען אין פּנים אַריין: דו קענסט קיינעם ניט! דו הערסט? דו קענסט קיינעם ניט! מיך! מיך קענסטו! און זי צודריקן צו זיך, אָדער גאָר אַריינכאַפּן אירע באַקן צווישן ביידע הענט און צופּאַלן מיטן מויל צו אירע ליפּן, צו . . .

עטל האָט ניט אַ קוש געטון דעם פינגער און חיים איז ניט צו־געפאַלן מיטן מויל צו אירע ליפּן, זי ניט אַ טרייסל געטון, איר ניט אַריינגעשריען אין פּנים גאָרניט. דעם אָוונט האָט מען זיך צעשיידט ברוגזלעך. אַ קוש געטון האָט ער זי ערשט ביים פּיקניק פון די יונגע סאָציאַליסטן.

ביים פּיקניק האָט מען אים מיט עטלען אָוועקגעשטעלט ביי די פלעשלעך סאָדאַ וואַסער און אייז קרים. ער האָט אַזוי פיל אייז קרים געגראָבן מיטן גראָבערל אַז אויף זיינע פינגער זיינען אויפגעלאָפּן פּוכירעס, אָבער עטל איז געשטאַנען לעבן אים, געריסן פון זיינע הענט, און עס האָט זיך געאַרבעט זייער געשמאַק. נאָך געשמאַקער איז געווען דאָס שפּילן זיך נאָכדעם. מ׳האָט געשפּילט קאַץ און מויז. ער די קאַץ, זי די מויז. ער האָט זי געדאַרפט כאַפּן, זי האָט זיך געדאַרפט אויסדרייען, האָט ער זי געכאַפּט. געכאַפּט! זי איז אַריינ־געפאַלן אין זיינע אָרעמס, מיט איר פּלייצע צו זיין ברוסט. איר האַלז איז אויסגעקומען לעבן זיין מויל און די ליפּן האָבן זיך איינ־געזאַפּט אין דעם האַלז, ניט אָפּגעלאָזט. ווען ער קען זי אַזוי האַלטן . . . זי האָט זיך ראַש אַ דריי געטון און אים דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים. חברה האָבן זיך צעלאַכט. ער האָט זיך אַ יאָג געטון נאָך איר, אָבער געבליבן שטיין, דער געלעכטער פון די אַרומיקע האָט

אים געליימט. וואָס האָט פּאַסירט? ער האָט אַ קוש געטון עטלעך. האָט ער געקענט ניט אַ קוש טון? מיט איר פּלייצע ביי זיין ברוסט, איר האַלז ביי זיינע ליפּן, איר קערפּער, דער גערוך, די וואַרימקייט. עטל. וואו איז זי? זי האָט אים אַ פּאַטש געטון און אַנטלאָפן. זיינע פינגער האָבן אַ גלעט געטון די באַק, געמאַכט אַ טראָט, זיך געכאַפּט ער ווייסט ניט וואוהין צו גיין, האָט ער זיך אַ זעץ געטון אויף דער ערד, ניט ווייט פונם רעדל וואו מ׳האָט נאָך אַלץ געשפּילט אין קאָץ און מויז. — הייס! — האָט ער אַ וויש געטון דעם שטערן, דעם פּנים. אַן אָפּגעקילטער האָט ער ווייטער געטראַכט: אַ קוש געטון. אודאי. האָט ער געקענט ניט אַ קוש טון? און זי — אַ פּאַטש געטון. טאָקע אַ פּאַטש אויף אַן אמתן? פאַרוואָס? זי האָט דאָך אים . . . זיך פאַרשעמט פאַר מענטשן. אפשר טאָקע ניט געדאַרפט פאַר אַלעמען אין די אויגן, אָבער אַז ער האָט גאָר קיינעם ניט געזען, אַז ער האָט גאָרניט געטראַכט . . . וואו איז זי? ניטאָ אין רעדל. שעמט זיך? ברוגז? ער האָט זי דערזען פון ווייטן, זיך אַ לאָז געטון און זיך צוריקגעהאַלטן. ער האָט פאַרקירעוועט צום פּלאַץ וואו דער לאָסט אויטאָ איז געשטאַנען. אַ פּאָר חברה זיינען שוין געשטאַנען דאָרט, געפּאַקט די זאַכן אויף פאָרן צוריק אין שטאָט. ער האָט גענומען העלפן, זיך אַוועקגעשטעלט אין דעם קאַסטן פון אויטאָ, געפּאַקט, איינגעלייגט זאַכן און געאַרבעט מיט אַזאַ ברען אָט ווי עס וואָלטן געבליבן געציילטע מינוטן צום איינפּאַקן, אָפּפאָרן. פאַרטון ווי ער איז געווען אין דער אַרבעט, האָט ער דאָך דערפילט און דאַן דערזען אַז עטל איז צוגעקומען. ער האָט זיך געמאַכט ער זעט זי ניט ביז ער האָט ניט דערהערט איר קול: נאַ, לייג עס אַריין. ער האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, באַגעגנט איר קוק, זיינע אָרעמס האָבן זיך אַ צי געטון, די הענט האָבן אָנגענומען דאָס קוישיקל וואָס זי האָט געהאַלטן אים אַנטקעגן, און דאָס קוישיקל איז געוואָרן אַ בריק צווישן זיי, אַ בריק איבער וועלכן זייערע בליקן זיינען געלאָפן, זיך באַגעגנט, זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט געהאַלטן דאָס קוישיקל. ניט געקענט עס אָפּלאָזן. ניט געקענט אַרויסציען פון אירע הענט ביז זי האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן און אַרום מויל האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, דעם שמייכל האָט זי, דוכט זיך, אַרונטערגעשיקט אין קוישיקל אַריין,

האָט ער פּאַמעליך אַ צי געטון פון אירע הענט. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און ער האָט געזען די אויגן האָבן געשמייכלט . . .

דער אָפּענער לאַסט אויטאָ איז געווען געפּאַקט. שטייענדיק איז מען געפאָרן, געזונגען. חיים איז געשטאַנען נאָענט צו עטלען, אַזוי נאָענט אַז ער האָט געקענט פּילן דעם ריח פון אירע האָר, אָבער אויפן גאַנצן וועג פון שייקער האַיטס ביזן לייבאָר לייסעאום האָבן זיי ניט פאַרביטן אַ וואָרט. אָט איז חיים געווען אין כושטיווקע, געזען אַ הויכן וואָגן היי פאָרן, אויבן אויפן היי — שקצים, שיקסעס, די שקצים מיט די שיקסעס זינגען, דאָס היי שמעקט. עטלס האָר. די אויגן זיינען אַריבערגעשפּרונגען צו עטלען, אָבער די ליפּן זיינען געבליבן פאַרמאַכט. ערשט ווען מ׳איז אַרונטערגעקראָכן פון אויטאָ, ער האָט גענומען איר קוישיקל און זי האָט עס געוואָלט נעמען פון זיינע הענט, האָט ער אַ זאָג געטון: איכ׳ל עס טראָגן. שווייגנדיק איז מען געגאַנגען ביז צו איר הויז. אין טיר שוין, האָט ער אַ דריי געטון דאָס קוישיקל ווי דערלאַנגענדיק עס איר, זי האָט אַ שטרעק געטון די האַנט ווי עס צוצונעמען, אָבער אַנשטאָט אָננעמען דאָס קוישיקל האָט איר האַנט אַ שפּרונג געטון צו זיין נאַקן, אַ בויג געטון זיין קאָפּ און אירע ליפּן האָבן זיך איינגעגעסן אין זיינע. דאָס קוישיקל איז אַרונטערגעפאַלן, זיינע אָרעמס האָבן זי איינגעקלאַמערט. זי האָט זיך אַ ריס געטון, אַ כאַפּ געטון דאָס קוישיקל און אַנטלאָפן אין הויז.

אַ פאַרחושטער איז ער געגאַנגען, געקומען אַהיים. — וואָס אַזוי שפּעט? — האָט די מאַמע געפרעגט. — שפּעט? — האָט זיך חיים געוואונדערט. ער האָט גאָר פאַרגעסן אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אַ זייגער אויף דער וועלט. ערשט ווען די מאַמע האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „שפּעט" האָט ער אַ קוק געטון אויפן זייגער און געזען עס איז געווען תחלת אָוונט. טאָ וואָס פרעגט זי אַזוי שפּעט? — ווילסט עסן? — האָט די מאַמע ווייטער געפרעגט.

— איך וויל ניט עסן.

— ביסט גאָרניט הונגעריק?

אַ מאַמע זאָל נאָר האַלטן אין איין פרעגן, זאָל נאָר וועלן וויסן.

— בין ניט הונגעריק.

— טאָ וואָס?

— וואָס וואָס?

— גאָרניט! — האָט די מאַמע אָפּגעריסן און זיך אָפּגעקערט. חיים האָט זיך געלאָזט גלייך אין זיין שלאָף צימער. שלום זאָל כאָטש ניט קומען באַלד. זיין אַליין. אַליין. ער האָט אויף גיך זיך אַריינגעלייגט אין בעט. איך האָב זי אַ קוש געטון, זי האָט מיך אַ פּאַטש געטון, דאַן אַ קוש געטון, אַ קוש געטון אין די ליפּן. דער צונג זיינער האָט באַנעצט די הייסע, טרוקענע ליפּן. אַ קוש, אַ קוש, אַ קוש . . .

אָוונטן האָבן געבראַכט קושן, ברוגזלעך און איבערבעטענישן מיט שטאַרקערע קושן. די טעג פאַר חיימן מיט עטלען — פרילינגס טעג ווען לייכטע וואָלקענדלעך גיבן זיך אַ יאָג, אַ רעגן טוט אַ שפּריץ און באַלד טוט אַ שיין די זון. אָפּגעריסענע קושן, שטייענדיק מיט איר אין טיר, אַמאָל אפילו אין לייבאָר לייסעאום אין אַ ווינקל, אַמאָל אפילו אין אַ טעאַטער, פאַר וואָס עטל האָט זיך שטאַרק געבייזערט. דער זומער האָט געריפּט די פרוכטן, געהיצט די בלוטן, אין די וואַרימע אָוונטן, אין גאָרדאָן פּאַרק, ביים וואַסער אָדער הינטער אַ בוים, זיינען די קושן געווען פאַרצויגענער, הייסער, ד ע ר קוש איז אָבער ערשט געקומען אין האַרבסט.

עטל האָט זיך פאַרקילט, געלעגן אין בעט. אַ טאָג און צוויי האָט חיים געוואַרט ביי איר הויז, געזוכט זי אין לייבאָר לייסעאום, געזען זי איז ניטאָ, האָט ער באַשלאָסן זי איז קראַנק און אויך באַשלאָסן אַרויפגיין צו איר אין הויז. איר מאַמע? ווען גייט זי אָן?

ער האָט אַרויסגעמרוקעט אַ גוט באַוונט, געקראָגן אַ קוים הערבאַרן גוט באַוונט אַלס ענטפער, אָבער ער האָט אים ניט געוואָלט הערן אפילו, מיט די אויגן און אויך מיטן מויל האָט ער אַ פרעג געטון: עטל דאָ? די מאַמע אירע האָט אַ פיר געטון מיט די גרויע אויגן און מיט דער האַנט אַ ווייז געטון — אַהין. ער האָט אַ שפּאַן געטון צום אַלקיר און, ניט אָנקלאַפּנדיק אַריין אין צימער. ער האָט געכאַפּט עטלס באַוועגונג ווי זי האָט אַרויפגעצויגן די קאָלדרע צום האַלז צו. דערזעענדיק ווער דאָס איז האָט זי אַרויסגעצויגן איין אָרעם פון אונטער דער קאָלדרע, אָנגעוויזן אויף אַ ביינקל און אויס־

געשטרעקט די האַנט. ער האָט געהאַלטן איר האַנט אין זיינער, גע־קוקט, געפרעגט מיט די אויגן.

— געמיינט איך בין שוין געשטאָרבן? — האָט זי שפּאַסיק אַ פרעג געטון. — אַ נאַרישקייט. אַ לייכטע פאַרקילונג. נעכטן גע־האַט היץ. היינט שוין אַלרייט.

די אויערן האָבן געהערט, די אויגן האָבן צווייפלעריש געפרעגט: אַן אמת?

— אַן אמת, — האָבן געשמייכלט עטלס אויגן, — זעסט׳אַך.

חיים האָט געקוקט, געזען, געזען עטלען אין בעט. אַזאַ האָט ער זי נאָך ניט געזען, און זי געפעלט אים, זי געפעלט אים אַזוי אַז. . . זיינע אויגן שפּרינגען איבער פונם אַנטפּלעקטן האַלז, דער אַנדייטונג אויף די לויזע בריסט ביז צו די שפּיץ פינגער וואָס סטאַרטשען אַרויס פון אונטער דער קאָלדרע. אויף דער קאָלדרע ליגט אַ צייטונג און ער טוט זי אַ נעם — באַהאַלטן זיין פּנים, זיינע אויגן.

— געלייענט, — הערט ער עטלען זאָגן און נעמט גלייך אַפיר דעם קאָפּ, — אָבער מיד געוואָרן. טוען וויי די אויגן. אַ גאַנצן טאָג ליג איך און קוק, לייען.

— ווילסט וועל איך פאַר דיר פאַרלייענען.

עטל האָט אַ שמייכל געטון. חיימקע וואָס האָט זיך געשעמט לייענען פאַר איר פון זיין ענגליש ביכל וויל איצט פאַר איר פאַר־לייענען.

— אַז דו ווילסט.

ער האָט גענומען לייענען. פון אָנהויב האָט זי נאָך געהערט ווערטער, נאָכדעם האָט זי שוין בלויז געהערט זיין שטימע. ווי אַנ־דערש זיין שטימע קלינגט ביים לייענען ווי ביים רעדן. ריידן רעדט ער מייסטנס קורץ, שיר ניט אָפּגעהאַקט און דאָ — קלאַנגען, קלאַנגען, זיין שטימע קלינגט אַזוי . . . אַזוי . . .

זי האָט פאַרמאַכט די אויגן צו הערן בעסער זיין שטימע, כאַפּן דעם ריכטיקן קלאַנג, זיין שטימע קלינגט אַזוי . . . אַזוי . . .

האָט ער דערפילט אַז עטל האָט פאַרמאַכט די אויגן? ער האָט אויפגעהערט לייענען. עטל האָט אַ בליק געטון און גלייך צוריק פאַר־מאַכט דאָס אויג. שלאָפט זי? איז זי איינגעשלאָפן? ווען ער ווייסט אַז זי שלאָפט טאַקע, אַז זי שלאָפט שטאַרק, וועט זיך ניט

אויפכאַפּן, וואָלט ער. . . אַ לייכטן, לייכטן קוש. . . און אַוועקגעגאַנגען. זיין פּנים שפּיגלט זיך אין אירן, די ליפּן ציען זיך צו אירע, אָט, אָט . . . אָבער דאָ עפנט זי די אויגן. — געכאַפּט? — שמייכלען זיי. חיים פאַרשעמט זיך אָבער ניט פון דער „גנבה", זיינע ליפּן דערנעענטערן זיך צו אירע, זאַפּן זיך איין, און אירע ליפּן ענטפערן, זיי זויגן, ציען, דאַן גיט זי מיט אַמאָל אַ צי איר מויל, אַ נעם זיין קאָפּ, גיט אים אַ ריר און רוקט אים עטוואָס אַרונטער צו איר ברוסט.

זיין קאָפּ אויף איר ברוסט, אירע פינגער בלאָנזען אין זיינע האָר, איין פינגער פאַרקריכט הינטערן אויער, דאָס קיצלט אַזוי און עס איז אַזוי גוט, אַזוי גוט צו פילן איר ברוסט, שפּירן מיטן נאָז דעם ריח פון איר קערפּער, מיט די ליפּן פילן איר ברוסט, איר ניפּל . . . זי איז זיינע, זיינע. זי טוט אַ דריק זיין קאָפּ נאָך שטאַרקער צו איר ברוסט און ער דערפילט ער איז אירער, אירער.

(14)

— **א**יר זאָלט אים מגדל זיין לתורה, לחופּה ולמעשים טובים.

— איר זאָלט דערלעבן אים אונטער דער חופּה פירן.

ווי לאַנג איז אַז דוד און אסתר האָבן דאָס געהערט? דער ערשטער ברית. חיימל. ערשט נעכטן, דוכט זיך, אָבער שוין צוויי און צוואַנציק יאָר. צ ו ו י י א ו ן צ ו ו אַ נ צ י ק יאָר! די צייט פילם טוט פּלוצלונג זיך אַ דריי אויף צוריק, אַ בילד טויכט אויף — אסתר און דוד חתן כלה, חתונה, אסתר אין קימפּעט, דאָס ערשטע קינד, דער ערשטער ברית. דאָס צייט רעדל טוט מיט אַמאָל אַ קלאַפּ אויף צוריק, דאָס בילד אַ בילד פון איצט, חיים אַ חתן. תורה ניט אַזוי, אָבער חופּה . . . די צייט פילם ציט זיך פאָראויס — חתונה, נחת פון קינדער . . .

חיים מיט עטלען חתן כלה. מ'האָט אפילו קיין קנסמאַל ניט געפּראַוועט, קיין תנאים ניט געשריבן, וואָס איז דאָ צו שרייבן? נדן? קעסט? אָבער קלאָר, חיים מיט עטלען זיינען שוין ניט געגאַנגען סתם אַזוי, מאַלע וואָס אַ בחור גייט מיט אַ מיידל. עס איז אַ שידוך, אַ פּאָר. זלמן זיידמאַן האָט זיך שוין אָפּגעשטעלט ביי דודן אין שניט קראָם ניט נאָר אַ קוק טון אין זיין „טאַגעבלאַט", ריידן אַ ביסל

פּאָליטיקע, נאָר אַ רעד טון אויך וועגן די קינדער — חיימן מיט עטלען. איין שבת איז דוד מיט אסתרן געגאַנגען צו זלמענען אויף קידוש און איין שבת איז זלמן מיט שבען געגאַנגען צו דודן. שבעס גאַנג: נו, אָט טו איך די טובה, גיי צו זיי, צו דער קושענירקע. גייענ־דיק פון דאָרט, קומענדיק אַהיים, האָט זי געשוויגן, די גרויע אויגן האָבן געקוקט: פאַרפאַלן! אסתר די קושענירקע אירע אַ מחותנתטע, אָבער, צוריקגערעדט, עטל די שניידער מיידל, איר טאָכטער איז גוט? שוין גלייכער אַז זי זאָל חתונה האָבן, זאָל זיין פאַר דעם לאָבוס, אַבי זי זאָל ניט זיין אין הויז, ניט זיין א י ר שניידער מיידל. די טאָכטער אַ שניידערקע, דער זון — אַ „אייזן הענדלער״ . . . קיין זאַך ניט גוט. פאַרפאַלן. פונדעסטוועגן דאַרף מען זען וועגן אַ נייער סאָמעטענער קלייד צו דער חתונה, זלמנען אפשר מאַכן אַ נייעם סורדוט.

שבע, אסתר, זלמן, דוד — אַלע האָבן זיך געגרייט צו דער חתונה, געגרייט האָט זיך אויך חיים, געגרייט האָט זיך עטל. חיים האָט ניט געטראַכט פון קיין נייעם גאַרניטור, חתונה אָדער חופּה, זיין גרייטן זיך האָט מען געקענט זען בלויז אין דעם ווי ער האָט געהאַנגען פּאַפּיר אויף די ווענט מיט מער אימפּעט, זיך געיאָגט נאָך אַ טאָג אַרבעט, נאָך הייזער צום שפּאַלירן. אַזאַ פּאַפּיר, אַן אַנדער פּאַפּיר, אַ גלייכע סטעליע, אַן אויסגעבויגענע, אים איז שוין מער ניט אָנגעגאַנגען צו „דערגרונטעווען אַלע סודות״ פון דער תורה — שפּאַלירן. אויסגעשפּאַלירט אַ צימער, האָט ער זיך שוין ניט גע־שפּיגלט אין זיין אַרבעט, נאָר גלייך אַריבערגעגאַנגען אין צווייטן צימער. וואָס מער צימערן צום שפּאַלירן אַלץ בעסער. אַרבעטן פון טאָג פאַר יענעם — גוט, אַבי מ׳קריגט די יוניאָן פּרייז, פון שטיק? נאָך בעסער, מ׳קען אַריינאַרבעטן אַ „לאַנגן טאָג״, אַ צוועלף שעה, דערפאַר אָבער פאַרדינען אַ צוועלף פופצן דאָלאַר, און מאַכט זיך אָנגעמען אַ הויז פאַר זיך — איז אודאי גוט, דאַן קען מען פאַרדינען אי אויפן הייזער, אי אויפן פּאַפּיר. די יוניאָן וויל ניט ליידן? אָבער אַלע טוען דאָס, מעג ער דאָס אויך טון, ער דאַרף די פאַר דאָלאַר אַזוי גוט ווי יעדער איינער, אפשר נאָך מער, ער דאַרף אייב־אָרדנען אַ הויז, קויפן מעבל, זיין הויז וועט ער שוין אויסשפּאַלירן. . .

עטל איז ניט געווען פאַרנומען מיט אויפנייען איר גאַרדעראָבע,

צוגרייטן איר אויסשטייער, זי איז, ווי פריער, געגאַנגען אין שאַפּ אַרבעטן, מער ניט, ווען אַ טאָג איז ניט געווען קיין אַרבעט האָט זי ניט געפילט אַזוי שאַרף דעם פאַרלוסט פון אַ טאָג אַרבעט, זי האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף יוקליד עוועניו, געקוקט אין די שוי פּענסטער, גאַנץ אָפט אויך עפּעס געקויפט. זי האָט הנאה געהאַט אי פונם קוקן אי פונם קויפן, מער ניט, ענדע וואָך, ווען עס איז געקומען צום געבן געלט אין הויז האָט זי ניט געוואוסט וואָס צו טון — געבן ווי אַלע וואָך, האָט זי פשוט ניט, געבן ווינציקער? באַלד וועט זי אויפהערן אינגאַנצן געבן, וואָס וועט זיין? ווי וועלן זיי זיך דורכלעבן?

אין איינעם אַזאַ אַרבעטסלאָזן טאָג האָט זי זיך אַוועקגעלאָזט צו איר ברודער אין געשעפט. זיין געשעפט — אַ גרויסער הויף, וואו עס איז געווען אָנגעוואָרפן כלערליי רערן, אייזנס, צעבראָכענע אויטאָמאָבילן, אין פראָנט פון הויף אַ קליין הילצערן בודקעלע — דער אָפיס. אין דעם אָפיס — אַן אַלטער שרייב טיש אויף וועלכן עס זיינען געווען אָנגעוואָרפן ברודיקע פּאַפּירלעך, שטיקלעך אייזן, אַ טעלעפאָן איז געשטאַנען; אַ שטול וואָס האָט זיך געדרייט, כאָטש וואו זיך אויסצודרייען איז כמעט ווי ניט געווען, גלייך הינטער דעם שטול, עטוואָס אָן אַ זייט איז געשטאַנען אַ שטאָלענע פייער קאַסע, כמעט שטענדיק האַלב אָפן, און נאָך אַ בייַנקל פאַר אַ פרעמדן זיך צו זעצן. זעלטן ווען האָט עמיצער באַנוצט דאָס ביינקל, און אויך דער דריי שטול ביים שרייב טיש איז מייסטנס ניט געווען פאַרנומען, דער באַלעבאָס האָט די מערסטע צייט זיך געפונען אין הויף צווישן אייזן־ברוך.

אַריינגעקומען און קיינעם ניט געטראָפן, האָט עטל זיך אַוועקגעזעצט ביים שרייב טיש, באַטראַכט דעם אייזנשטויב דאָרט, די שוואַרץ־פאַרפלעקטע פּאַפּירלעך, זיך אַ כאַפּ געטון צי האָט זי ניט אויסגעשמירט איר מאַנטל, קליידל, און גענומען באַטראַכטן דעם גאַנצן „אָפיס“.

— זע נאַר! וואָס טוסטו דאָ?

עטל האָט אַ קוק געטון אויף איר ברודער. די אַרבעל פאַרקאַשערט, די העמד צעכראַסטעט, אויפן פּנים שפּורן פון שמוציקע פינגער.

ער האָט אַ קוק געטון אויף זיינע ביידע האַנטפלאַכן, איבערגע־ טראָגן דעם קוק צו זיין שוועסטער און געשמייכלט ווי אַ קינד וואָס האָט אויסגעשמירט די הענטלעך נאָכדעם ווי די מאַמע האָט זיי נאָר וואָס אָפּגעוואַשן און אָנגעזאָגט ער זאָל זיי מער ניט אויסשמירן. די ווייסע, גלייכע ציין, אַנטפּלעקט ביי דעם שמייכל, די גרויע אויגן, קלוגע און אויך גוטע, שמייכלענדיקע, דער טונקעלער פּנים, די בער־ געלעך ביי די מויל ווינקלען האָבן אַרויסגערופן אַ שמייכל ביי עטלען: ס׳מאַכט ניט וואָס דו ביסט אויסגעשמירט, כ׳האָב דיך ליב אָט אַזוי אָ, אַן אויסגעשמירטן, אַ פאַרמורזעטן. — געקומען געוואוירע ווערן צי דו לעבסט נאָך.

— זעסטאָך! זעץ זיך אויף דעם ביינקל, — האָט ער אָנגעוויזן אויפן ביינקל פאַר באַזוכער. — ווי קומסטו טאַקע אַהער אין מיטן אַ . . . וואָס איז היינט, דאָנערשטיק, ניין?

— דאַרף זיך מיט דיר דורכריידן וועגן עפּעס.

דער שמייכל אינם ברודערס גרויע אויגן איז פאַרשוואונדן. — דער מאַמעס אויגן, — איז דורכגעלאָפן אַ געדאַנק און באַלד האָט נאָכגעיאָגט אַ צווייטער — אָבער ער איז אַזוי ניט געראָטן אין דער מאַמע.

— וואָס אַזוינס? לאָמיך הערן.

— איך קלייב זיך חתונה האָבן.

אַ פאַרוואונדערטער קוק. די גרויע אויגן האָבן אַ שפּרונג געטון פון איר קאָפּ ביז די פיס און דער געדאַנק אַז אָט די באַשעפעניש, אָט די עטל וועלכע ער געדיינקט אַלס וועווריקל וואָס האָט אַרומ־ געפויזעט קלייבט זיך גאָר חתונה האָבן האָט געפונען דעם אויסדרוק אין דער שפּאַסיקער פראַגע: מיינסט עס? די גרויע אויגן האָבן נאָך מער געלאַכט — זיין שוועסטערל — חתונה!

— ווילסט ניט גלויבן?

— כ׳גלויב דיר, גלויב דיר. ווער איז דאָס דער נאַר וואָס נעמט אַזאַ מאַזעפּקע ווי דו?

ווי לאַנג איז שוין אַז זי האָט ניט געהערט דאָס וואָרט, דעם צונאָמען מאַזעפּקע? ווי דאָס האָט וויי געטון ווען מ׳האָט גערופן מיט דעם נאָמען קינדווייז, און ווי ליב עס קלינגט איצט ביי איר

גרויסן ברודער אין מויל נאָך אַזוי פיל יאָרן. ער האָט ניט פאַרגעסן. דער גרויסער ברודער!

— ביסט אַליין אַ מאַלפּע, — האָט זי אַ זאָג געטון און אַרויס־געשטעלט די אונטערשטע ליפּ.

ער האָט אָנגעכאַפּט איר האַנט, זי האָט זי אַרויסגעצויגן. — זעסט? אויסגעשמירט דעם אַרבל.

ער האָט אַ קוק געטון אויף איר אַרבל, נאָכאַמאָל באַטראַכט זײַנע שוואַרץ אויסגעשמירטע הענט און אַ זאָג געטון: ׳טזיך אָפּ־וואַשן. ווער איז דער בחור?

— אַ בחור. קענסט אים אפשר. אַ לאַנדסמאַן. חיים, זײַן טאַטע הייסט דוד, כאַזאַנאָוויטש. דו געדיינקסט ווען זיי זײַנען אָנ־געקומען.

— איך געדיינק ניט, נאָר גאָרניט, וואָס מאַכט עס אויס? אַ לאַנדסמאַן, זאָגסטו? פון כ ו ש ט י ו ו ק ע ?

— פון כ ו ש ט י ו ו ק ע .

די אינטאָנאַציע פון דעם וואָרט איז ביי ביידן אַרויסגעקומען פאַרשידן. „כושטיווקע״? האָט געזאָגט דער ברודער און געפרעגט: טאַקע דאָ אַזאַ מדינה? ווי ווייט זי איז! און דאָך ווי נאָענט. ווי קאָמיש, און דאָך ליב. אַ נאַריש שטעטל, אַ נאַריש לעבן, און אפשר דאָך קלוגער ווי דאָ.

„כושטיווקע״ האָט עטל געענטפערט און אָן ווערטער געזאָגט: יאָ, טאַקע פון אָט דעם שטעטל כושטיווקע מיט דער בלאָטע, אָבער דאָס איז דאָך אַזוי ווייט. כושטיווקע, אידן מיט קאַלטענעוואַטע בערד, אידענעס מיט שאַלן, פּאַטשיילעס, קאָמיש, אָבער ווען גייט עס אָן? חיימקע — אויך אַ כושטיווקער, אָבער אַזאַ שיינער, אַזאַ גוטער, אַזאַ . . .

— וואָס איז ער? איך מיין, וואָס טוט ער?

— אַ פּייפּער הייַנגער.

— אַ פּייפּער הייַנגער? וואָס גאָר אַ פּייפּער הייַנגער?

— וואָס? דיר שטייט אויך ניט אָן?

זײַנע גרויע אויגן האָבן זיך אַ וואָרף געגעבן, אַ פרעג געטון: ווי געטון? און באַלד האָבן זיי אַ גלעט געטון: נאַרישע מיידל,

כ׳האָב גאָרניט געמיינט, און מיט ווערטער שוין געזאָגט: — כ׳האָב גלאָט געפרעגט. איך מיין, עפּעס אַזאַ מאָדנע מלאכה.

לייזערן איז געווען פרעמד יעדע האַנט אַרבעט, נאָך פרעמדער אַזאַ אַרבעט ווי שפּאַלירן ווענט. ווען שפּאַלירט מען דאָס ווענט? איין מאָל אין אַ יובל, וואָס פאַר אַ מלאכה איז עס? וואָס קען מען שוין דערביי פאַרדינען? עטל איז אָבער אַליין געווען אַן אַרבעטערין, און, שפּאַלירן ווענט? האָט זי דאָך אים אַליין געשאָפן אָט די מלאכה, פאַרטיידיקט זי א י ר, חיימס מלאכה. — אַזאַ גוטע אַרבעט ווי אַלע אַנדערע. און אים געפעלט עס. ביי ד ע ר אַרבעט, זאָגט ער, קען ער זיין אַ זעלבסטשטענדיקער בעל מלאכה. אַזוי זאָגט ער, — האָט זי צוגעגעבן, אַ קוק געטון אויפן ברודער און זיך פאַררויטלט.

— אַ זעלבסטשטענדיקער בעל מלאכה, — האָט לייזער איבער־געזאָגט מיט אַ פאַרטראַכטן טאָן. — אָט דאָס הייסט אַ איד. בדאַי אַ מלאכה נאָר זעלבסטשטענדיק. ניט שלעכט, — האָט ער שוין געשמייכלט. — און וואָס זאָגט דער טאַטע, די . . . מאַמע? — זיינע גרויע אויגן האָבן אָנגעשטריינגט געוואָרט אויפן ענטפער.

— דער טאַטע? גאָרניט, וואָס זאָל ער זאָגן? און די מאַמע?

— אירע ברוינע אויגן האָבן פאַרשווערעריש אַ קוק געטון אין זיינע גרויע, און באַלד האָט אַ שמייכל אַ שימער געטון. — פאַרשטייט זיך, אַ רב וואָלט אודאי געווען בעסער . . .

הערנדיק דעם ענטפער, האָט אין זיינע גרויע אויגן אויפגעשיינט אַ שמייכל: מיר פאַרשטייען זיך. באַלד אָבער איז דער שמייכל פאַר־שוואונדן, די גרויע אויגן זיינען געוואָרן ערנסט, אַ אומעט האָט זיך פאַרצויגן, זיי זיינען געוואָרן טונקל גרוי, שיר ניט בלוי. — לאָך ניט, עטל, — האָט ער שטיל געזאָגט, — דאָ איך דאָ אַ יחוס. דאָרט אַ בערעזנער רב, דאָ אַ מעיפלאָוער . . . אָדער גאָר אַ באַנק ביכל . . . געשטאַנען אויפן באַרג סני, דאָס איז גאָרניט, געקומען מיט דער מעיפלאָוער, דאָס זעסטו, איז שוין . . . — האָט ער פאַרענדיקט מיט אַ שמייכל. דער שמייכל האָט זיך אָבער נאָר געזען אַרום מויל, די אויגן האָבן ניט געשמייכלט.

עטל האָט געזען ווי דער שמייכל האָט זיך קוים דורכגעזיגן, אין זייערל אַ געדיכטער אָפּזאָץ פון ווייטיק. לייזער, זלמן זיידמאַנס איינציקער זון, — עלטערן האָבן געהאָפט ער׳ט ווערן אַ רב, — איז

דער ערשטער אַוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, דאָ זיך גענומען „פּעדלען מיט דזשאָנק“, אַרומגעפֿאָרן מיט אַ פערד און וואָגן, אויפגעקויפט אייזן, בלעך, גומי, שמאַטעס, וואָס ס'האָט זיך געמאַכט, אַבי פֿאַר־דינען אויף זיין אויסקומעניש, ניט אָנקומען צו לאַנדסלייט וואָס האָבן געקענט זלמן זיידמאַן פון כושטיווקע, ניט אָנקומען צו קיינעם, און אויך ניט אַרבעטן פֿאַר קיינעם, פֿאַר זיך אַרבעטן, זיך ניט אָנקערן מיט קיינעם. שינד אָפּ אַ נבלה אינמיטן מאַרק אַבי ניט זיצן קיינעם אויפן קאַרק, האָט ער איבערגעטייטשט די גמרא. ער, לייזער זיידמאַן, זלמן זיידמאַנס בן יחיד, וואָס איז שיר ניט געוואָרן אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק אין כושטיווקע האָט, אויף צו להכעיס דעם טאַטן דעם יורד, דער מאַמע דער מיוחסת, זיך גענומען שינדן די נבלה אבי ניט אָנקומען צו קיינעם. און ניט נאָר האָט ער פֿאַר־דינט, ער האָט נאָך אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלאר, געעפֿנט אַ געשעפט פֿאַר זיך. די הענט זיינען פֿאַרגרעבט געוואָרן, דער פּנים איז פֿאַר־שוואַרצט געוואָרן, אָבער די גרויע אויגן האָבן קלוג און מונטער גע־קוקט: די נבלה שטינקט גאָרניט אַזוי שלעכט. און אַז ברוך־אייזן איז וואָס? זיי, די אַמעריקאַנער, די מיוחסים, די וואָס זיינען גע־קומען אַהער מיט דער „מעיפלאַוער“, זיי האָבן פֿאַרכאַפּט דאָס אייזן, נו, ער איז געקומען מיט דער צ ו ו י י ט ע ר שיף, קען ער שוין צום אייזן גופא ניט צוקומען, אָבער דער ברוך־אייזן איז זיינער, נישקשה, אַ איד קען פון אייזן שיריים אויך „מאַכן אַ חיים“. ער האָט געמאַכט. דאָס געשעפט האָט זיך פֿאַרגרעסערט, און אויך אין „יחוס“ האָט ער זיך איינגעקויפט, חתונה געהאַט מיט אַן אַמערי־קאַנער מיידל, אַ אידישע, נאָר אַ הי געבוירענע. פון אָנהויב האָט עס אים געשמייכלט: ער, כמעט אַ גרינער, אַ „דזשאָנקער“, האָט חתונה מיט אַן אַמעריקאַנער געבוירענער, אירע עלטערן דאָ געבוירן, אַ לערערין אין אַ הויך שול. ער האָט אָנגעהויבן אַכטונג געבן ניט נאָר ער זאָל גוט, גוט אָפּוואַשן, אָפּשייערן זיינע הענט נאָכן טאָג אַרבעט, נאָר אויך אויף זיין אַקצענט, אויף זיין „טה“. און זי האָט געגלעט זיינע שאַרסקע הענט און אים געלערנט ווי אַרויסצוזאָגן דעם „טה“, צעצויגן אַ ביסל דעם מויל און עטוואָס אַרויסגעשטעלט דאָס צינגל „טהאַנדער“, אָדער דעם „דאָבל יו“, מאַכנדיק פון די ליפּן אַ פלעשעלע און מיט אַמאָל זיי פֿאַנאַנדערגעצויגן — „וואָנדער“. און

ניט איין מאָל, ביים מאַכן אָט די שפּראַך און ליפּן איבונגען איז זי גאָר צוגעפאַלן צו זיינע ליפּן און זיי געקושט, שטאַרק געקושט און געלאַכט: ווערסט שוין קיינמאָל ניט קענען אַרויסריידן דעם „טה“ און „דאַבליו“. ער האָט אויך געלאַכט און געענטפערט אַז ער וועט זיך יאָ אויסלערנען אָבער ער מוז האָבן אַ שפּאָר ביסל לעקציעס . . . זי האָט ניט געזשאַלעוועט קיין לעקציעס, געקושט ניט נאָר זיינע ליפּן וואָס האָבן אַזוי שלעכט אַרויסגערעדט דעם „טה“ נאָר אויך זיינע אויגן און געפרעגט: וואו האָסטו גענומען אַזאַ קאָמבינאַציע, אַזעלכע שוואַרצע האָר און אַזעלכע גרויע אויגן?

— די אויגן זיינען מיין מאַמעס. האָסט באַדאַרפט זען מיין מאַמע!

דאָס איז געווען דער האָניק חודש. נאָכדעם, דער האָניק איז אויסגעלעקט געוואָרן, געבליבן די וואָקסענע קעסטעלעך. זיין „טה“ און „דאַבליו“ האָט זיך ניט פאַרבעסערט, אָבער מער קיין לעקציעס . . . זיינען ניט געווען. זי איז געווען אַ געטרייע ווייב, אים אַ קינד געבוירן, אָבער דעם „טה“ רעדט ז י אַרויס ריכטיק, ניט ער, ער וועט שוין קיינמאָל ניט קענען אַרויסרעדן ריכטיק, און זי וויל גאָרניט ער זאָל קענען, זי איז די העכערע פון אים און זי דאַרף בלייבן די העכערע, ער דאַרף זיך דראַפּען, קלעטערן, מאַכן אַ סך געלט, פאַרשאַפן באַקוועמליכקייטן, לוקסוסן אפילו, דאָס וועט אפשר מכפּר זיין פאַר זיין גרינקייט, זיין „רוסישקייט“, אָבער זיך אויסגלייכן מיט איר, דאָס ניט. און ער האָט זי פיינט געהאַט דערפאַר, געהאַסט זי מיט אַ זודיקן האַס, און צו דערזעלבער צייט זי ליב געהאַט מיט אַ פאַרצערנדיקער ליבע. און עס איז געווען אין אַ מאָמענט פון אָט דעם האַס צו איר — דאָס, מער ווי די שלעכטע לאַגע אין וועלכער טאַטע מאַמע האָבן זיך געפונען — וואָס ער האָט געקויפט שיפס־קאַרטעס און אַריבערגעבראַכט טאַטע מאַמע און שוועסטער. אָנגעקומען זיינען זיי אין אַ דאָנערשטיק. ער האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר זיי אַ דירה, אויסגעמעבלירט, אַלץ פאַרטיק, פונדעסטוועגן האָט ער זיי פאַרפירט צו זיך אַהיים זיי זאָלן ביי אים איבערבלייבן ביז איבער שבת. דעם פרייטיק וועט ער קיינמאָל ניט פאַרגעסן. שוין דאָנערשטיק, דעם ערשטן אָוונט, האָט די מאַמע אים אַ קוק געטון גלייך אין די אויגן און אַ פרעג געטון: האָסט שוין קיין אידישע טאָכטער

ניט געקענט געפינען? דער טאַטע האָט זיך אַריינגעמישט: — שבעלע, גאָט איז מיט דיר! וואָס הייסט אַ אידישע טאָכטער? וואָס איז זי, אַ גויע חלילה?

— אַ אידישע טאָכטער זאָל ניט אויסריידן אַ אידיש וואָרט! בענטשט זי כאָטש ליכט?

— אודאי, אודאי, — האָט לייזער געענטפערט אייליק און דער קאָפּ האָט שוין געאַרבעט ווי איבערצוריידן מיט גרייסן זי זאָל מאָרגן בענטשן ליכט, קויפן לייכטער, און געוואונשן דער שבת זאָל שוין זיין פאַראיבער.

גרייס האָט זיך אויסגעלאַכט פון אים. זאָל זיין מאַמע בענטשן ליכט אויב זי וויל, זי וועט עס נ י ט טון. פאַרוואָס זאָל זי? זי ווייסט אפילו ניט ווי מ׳טוט עס.

— פון זיינעט וועגן, אים אַ טובה טון, — האָט ער זיך ביי איר געבעטן. — בלויז איין מאָל. זי דאַרף גאָרניט טון, בלויז אָנצינדן ליכט.

— גוט, — האָט זי אים צוגעוואָרפן ווי מ׳וואַרפט צו אַ הונט אַ ביינדל.

— וועסטו קויפן לייכטער?

— דאָס קענסטו אַליין טון. קענסט טעלעפאָנירן וועט מען צו־שיקן.

גלייך אינדערפרי האָט ער טעלעפאָנירט אין אַ קראָם נאָך לייכ־טער, אָבער נאָך איידער מ׳האָט זיי געבראַכט האָט ער געקראָגן אַ טעלעפאָן ער זאָל גלייך קומען אַהיים און שוין דורכן טעלעפאָן האָט ער דערשפּירט אַז עפּעס שלעכטעס האָט פּאַסירט. ער איז אַוועק־געלאָפן אַהיים. גרייס איז געווען פאַרשפּאַרט אין איר צימער, האָט אים באַין אופן ניט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיך, און די מאַמע, זי האָט ניט געוויינט, ניט געטענהט, זי האָט בלויז באַפוילן: נעם מיך גלייך אַוועק פון דאַנען! אָבער גלייך! דער טאַטע האָט אים איבערגע־געבן: די מאַמע איז אַריין אין קיך, גענומען פרעגן, נאָכפרעגן אויף כשרות. כשר, כשר, האָט גרייס אויף אַלץ געענטפערט, האָט די מאַמע געעפנט די שאַפע פון געפעס און גענומען פרעגן וועלכע איז פליישיק, וועלכע מילכיק, האָט גרייס פאַרהאַקט די טירלעך פון דער שאַפע און אויף שנעל אַרויסגעגאַנגען פון קיך איבערלאָזנדיק די

מאַמע שטיין ביי דער פאַרהאַקטער שאַפע. שפּעטער, ווען גרייס איז אַרויס פון איר צימער און געטראָפן דעם דריי יאָריקן מילטאָן שטיין לעבן דער באָבע און רעדן צו איר אויף זיין קינדערשער שפּראַך: ווייסטו ניט וואָס קענדי איז? קענדי! קענדי! וואָס מ׳עסט! האָט זי אים אַ כאַפּ געטון פאַרן אָרעם, אַ צי געטון און פּאַטשנדיק אים אין הינטן אים אַרויסגעפירט פון צימער רעדנדיק עפּעס, שרייענדיק אויף אים . . . דאָן דער טעלעפאָן רוף . . .

ער האָט אַוועקגעפירט טאַטע מאַמע און שוועסטער צו זיי אין הויז. טאַטע מאַמע זיינען פון דאָן אָן נאָך ניט געווען ביי לייזערן אין הויז, ער צו זיי קומט זייער, זייער זעלטן. דער טאַטע קומט אַמאָל צו אין געשעפט, מייסטנס אָבער שיקט לייזער אַריין די פּאָר דאָלאַר יעדע וואָך.

עטל איז געווען צו יונג צו באַגרייפן וואָס איז דאָן פאָרגע־קומען, זי האָט אָבער שוין דאָן געפילט אַז עפּעס האָט פּאַסירט און שפּעטער צו האָט זי באַנומען ניט נאָר דעם ריס צווישן דער מאַמע און זון, נאָר אויך אַז דעם ברודער לעבט זיך ניט אַזוי גוט אין זיין היים. איין מאָל האָט ער זי געבעטן זי זאָל קומען צו אים אַהיים. זי האָט אויף אים אַ קוק געטון און ער האָט פאַרשטאַנען וואָס זי פרעגט מיט די אויגן. — קום צו אין אָוונט, — האָט ער געענטפערט. זי איז געקומען און האָט זיין ווייב ניט געטראָפן. זי איז געווען צו אַ זיצונג פון אירן אַ קלוב. עטל האָט שוין נאָכדעם געוואוסט וועלכע אָוונטן איר שוועגערין איז ניטאָ אין דערהיים און אין אַזאַ אָוונט אַמאָל אַריינגעפאַלן צו אים. עפּעס געהיימעס איז געווען אין אָט די באַזוכן, שיר ניט טרעפונגען פון לינקע געליבטע, און אַ „ליבע״ איז טאַקע געווען. ווען דער ברודער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע האָט ער איבערגעלאָזט עטלען אַ קליין קינד, ערשט דאָ אין אַמעריקע האָט ער זיך באַקענט מיט זיין דערוואַקסענער שוועסטער און האָט זי ליב געקראָגן ניט נאָר ווי אַ שוועסטער. אים איז געפעלן געוואָרן איר אַוועקגיין אַרבעטן, איר פאַרשטיין טאַטע מאַמע, איר שטילער פאַרשטיין זיין לעבן און איר גאָרניט זאָגן . . . איצט ווען ער האָט אַ רעד געטון וועגן דעם אַמעריקאַנעם יחוס האָט זי דערפילט זיינע רייד זיינען בלויז אַן עקסטראַקט פון ווייטיק.

— איך גיב דיר ניט קיין צוויי סענט פאַר אַלע יחוסן, — האָט

זי אַ זאָג געטון מיט האָרץ. — אַט דאָס איז מיין יחוס! — האָט זי אַ ווייז געטון אויף אירע פינגער. — און ער איז אויך אַן אַרבעטער. און אויב עמיצן געפעלט ניט . . .

— געפעלט מיר, נאַרישע מיידל, געפעלט מיר. זאָג מיר בעסער, דיר פעלט געלט?

— קיין געלט פעלט מיר ניט, אָבער וועגן דעם בין איך טאַקע געקומען. — זי האָט זיך אַ רוק געטון נאָענטער צו אים אַז זי האָט שיר ניט אָנגערירט זיינע קני, אָבער די אויגן האָט זי אַרונטערגע־לאָזט. — דו . . . דער טאַטע . . . ער האָט מיר קיינמאָל ניט געזאָגט, אָבער איך ווייס דו גיסט אין הויז אַריין. — זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און דער קוק האָט געזאָגט: גיסט׳אָך! — איך ווייס ניט וויפיל, — האָט זי שוין געגעדט פרייער, — אָבער דיינע פאַר דאָלאר און מיינע פאַר דאָלאר איז שוין ווי עס איז געווען גענוג. איצט אָבער, אַז איך האָב חתונה, איכ׳ל אַרבעטן נאָך דער חתונה אויך, — האָט זי טראַציק אַ קוק געטון, — אָבער איכ׳ל דאַרפן געלט פאַר זיך, בלייבט די הויז . . .

— און וואָס איז מיט ציליען, עניען?

— ציליע און עניע? זיי לערנען דאָך.

— האָבן דאָך שוין געענדיקט האַי סקול, ניין?

— יאָ, געענדיקט, אָבער ז י י קענען דאָך ניט ווערן קיין שניידער מיידלעך.

— נו יאָ, אַ זון אַ משומד אַ דזשאָנקער, איין טאָכטער אַ משומדת אַ שניידערקע איז גענוג פאַר איין משפחה, אָבער זיי קענען דאָך גיין אַרבעטן אין אַ קלייט, אַן אָפיס.

— זיי ווילן לערנען, און די מאַמע וויל אויך. לערערקעס. ניט קיין אידישע רביצינס איז כאָטש גויאישע, אָבער רביצינס.

— רביצינס. רביצינס, — האָט לייזער איבערגעחזרט פאַר־טראַכטערהייד. — גוט געזאָגט, רביצינס. רביצין . . . איז וואָס, ווילסטו, הייסט עס, איך זאָל . . .

— פאַרשטייסט׳אָך אַליין . . .

— גוט, כ׳וועל זען. און וואָס, בעטסט מיך גאָרניט אויף דער חתונה? — האָט ער גערן איבערגעביטן דעם געשפרעך.

— דיר צושיקן אַ ספּעציעלע איינלאַדונג, — איז זי אויך געווען צופרידן ניט צו רעדן מער וועגן פאַמיליע ענינים.

— ווען וועט עס זיין?

— דיר שוין לאָזן וויסן, — האָט זי אַ זאָג געטון און זיך אויפגעהויבן צום גיין.

— גוד באַי, מאַנקי, — האָט זי אַ זאָג געטון און אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, שטייענדיק שוין ביים טיר.

— גוד באַי, כלה. קום נאָר אַהער!

אירע אויגן האָבן אַ פרעג געטון: וואָסי? זי האָט זיך דאָך אומגעדרייט, צוגעגאַנגען. ער האָט זי פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט, אַ קוש געטון. — נאַ, דאָ האָסטו דיר דיין דרשה געשאַנק, — האָט ער זי אַ שטופּ געטון. — גיי. ׳סט זאָגן דעם טאַטן ער זאָל צוקומען.

זי האָט אַ קוק געטון אויף אים. ער האָט שוין געהאַלטן דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין די ברודיקע פּאַפּירלעך אויף זיין שרייב טיש. זי איז אַוועקגעגאַנגען. אָט דער דרשה געשאַנק . . . כמעט ווי חיימקעס . . . מוז אים זיין זייער ניט גוט מיט זיין . . . רביצין. זי האָט אַ שמייכל געטון. איר חיים איז ניט קיין רב . . . טאַטע מאַמע וועט שוין לייזער באַזאָרגן. זי וועט קענען וועט זי אויך עפּעס געבן. זי וואָלט שוין געוואָלט אַוועקגיין פון דער „היים״. פון איר׳ט וועגן וואָלט זי שוין אַוועקגעגאַנגען, איינגעפּאַקט די פּאָר קליידלעך און אַוועקגעגאַנגען, אָבער אַז טאַטע מאַמע, אי אירע, אי זיינע האָבן זיך איינגעשפּאַרט אַ חתונה, איבער דעם זיך נאָך גיין קריגן?

די חתונה האָט מען אָפּגעלייגט אויף שבת נאָך שבועות.

דער שבת נאָך שבועות האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך פון כושטיווקע. די חופּה האָט מען שוין אפילו געשטעלט זונטיק, אָבער אויפן שול הויף, אַ חופּה, מיט אַ רב, מיט אונטערפירער . . . אַלץ ווי אין כושטיווקע, מער ניט, די כלה איז ניט געגאַנגען אין קיין פּוטאַ, און כלי זמר האָבן זי ניט געפירט פון און צו דער חופּה. דערפאַר אָבער אַ חופּה וועטשערע איז יאָ געווען און דוקא ביים חתן אין הויז. נאָך דער וועטשערע, ווען די מחותנים האָבן געוואָלט זיך אַ ביסל משמח זיין איז מען צוגעשטאַנען צו דודן ער זאָל שפּילן עפּעס אויפן פידל, עפּעס אַ פריילי כס.

דוד האָט זיך געלאָזט בעטן: ווי קומט ער צו שפּילן? האָט שוין ניט געהאַלטן די פידל אפשר . . . אָבער מחותנים, כושטיוּוקער לאַנדסלייט, זיינען צוגעשטאַנען, אסתּר האָט אַ קוק געטון, אַ שמייכל געטון, אָט דער שמייכל . . . ער האָט אים שוין לאַנג, לאַנג ניט געזען, האָט דוד גענומען די פידל, כּהרף עין האָבן די מחותנים אַ שלעפּ געטון דעם טיש — צוויי לאַנגע ברעטער אויף צוויי קאָזלעס — אַרויסגעטאָסקעט די ביינקלעך, דוד האָט אויפגעשפּילט אַ פריי־ליכס און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטון טאַנצן.

— אַ פאָלקע! — האָט קאָמאַנדעוועט איין מחותנתטע.

— אַ שערעלע! — האָט געשריען באַרני קאָהן, שוין אַ ביסל מבוסמדיק. — אַ שערעלע, רב דוד!

אַ פאָלקע, אַ שערעלע, אַ קאַדריל. כושטיוּוקע שבת צו נאַכטס. דוד דעם חזנס שפּילט אויפן פידל. אסתּר גייט פאַרביי די פענסטער, דוד שפּילט ביי אסתּרן אין הויז, זי זיצט און הערט און קוקט אויף אים, אָדער דוד שפּילט און זי טאַנצט. אָט טאַנצט זי. דודס קין טוט אַ דריק דאָס ברעטל, דער קאָפּ טוט אַ שאָקל: געזען דיך, אסתּר! טאַנץ, אסתּר׳קע! כושטיוּוקע האָט געטאַנצט. געטאַנצט אין קליוור־לאַנד אָבער אויף אַ חתונה אין כושטיוּוקע. אַ גאָלדענע יויך געווען, עסן און טרינקען כּיד המלך, ביר און בראַנפן האָט אויך ניט געפעלט. מ׳האָט קיין דרשה געשאַנק ניט אויסגערופן? אָבער געגעבן האָט מען, פון אַ וועק זייגער ביז אַ גאַנג זילבערנע לעפל און גאָפל, ראָזשערס זילבער. פאַנאַנדערגייענדיק זיך פון דער חתונה, האָט מען אויפן כושטיוּוקער שטייגער געוואונשן: דערלעבן אינגיכן ביי אייערע קינדער. איין לאַנדסמאַן האָט זיך אַזוי פיל פאַרפלאָנטערט אין כוש־טיוּוקע אַז, געזעגנענדיק זיך מיט חתן כּלה, האָט ער צוגעוואונשן: איר זאָלט דערלעבן איבעראַיאָר מיט אַ לעבעדיק קינד, און זיך אפילו געלאָזט קושן די כּלה. מיט וואָס איז די כּלה ערגער פון דער תּורה? איז נ י ט שמחת תּורה, אַ שמחה איז עס?

נאָך דער גרויסער שמחה פון אויסגעבן דעם עלטסטן זון איז געקומען אַ קלענערע שמחהלע — די צוויי אינגלעך, שלום און מלך, האָבן גראַדואירט האַי סקול. איין זון האָט זיך אָפּגעריסן, חתונה געהאַט, לעבט שוין פאַר זיך, אָבער צו דער גראַדואירונג שמחה איז ער געקומען מיט דער יונגער ווייב זיינער. חיים איז אַלץ אסתּרס

אַ זון, און איז ניט עטל אירע אַ טאָכטער? און אירע צוויי קינדער, קיין בייז אויג זאָל זיי ניט שאַטן, גראַדואירן האַי סקול, וועלן גיין אין קאַללעדזש. דער יונגסטער האָט טאַקע דעריאָגט. אַ געזונט אין זיינע ביינער.

און די מאַמע, דער טאַטע, די צוויי ברידער און די נייע שוועס־טער זיינען געזעסן ביי דער שמחה, זיך צוגעהערט, צוגעקוקט און זיי האָבן געהערט און געזען ווי די צוויי ברידער שלום כאַזאַנאָוויטש און לעראַי טשייס האָבן גראַדואירט האַי סקול, ביידע מיט אויסצייכע־נונגען.

(15)

אין סאַראַיעוואָ האָט אַ קנאַל געטון אַ קויל — מ׳האָט דער־הרגעט דעם ערץ־הערצאָג פראַנץ פערדינאַנד, אין פאַריז איז אָפּגע־פייערט געוואָרן אַ שאָס — מ׳האָט דערמאָרדעט זשאַן זשאָרעס, און דער ווידערקול פון די צוויי קוילן האָט אָפּגעקלונגען איבער דער גאַנ־צער וועלט אין צוויי ווערטער: מלחמה דערקלערט!

— ס׳קען ניט זיין! — האָט אסתר כאַזאַנאָוויטש אַ זאָג געטון מיט האַרץ. טויזנטער, מיליאָנען אסתרס און דודס האָבן אַזוי אַ זאָג געטון אַז ס׳קען ניט זיין, אָבער אַזוי איז עס געווען, אַרמייען האָבן זיך שוין באַוועגט צו מערב און צו מזרח, צפון און דרום. איירָאָפּע האָט שוין געברענט אין אַלע פיר ווינקלען, און אסתר כאַזאַנאָוויטש האָט דערשראָקן געפרעגט: וואו ברענט וואו? צי ברענט ניט . . . כושטיווקע?

קנאַפּע זיבן יאָר איז זי געווען אַוועק פון כושטיווקע, פון טאַטע מאַמע, שוועסטער, קרובים. יעדער טאָג איז געווען אָנגעפילט מיט אַרבעט און זאָרג פאַר זיך, מאַן און קינדער, ניט געווען קיין צייט צו טראַכטן פון דער „היים“, אָבער, אָנגעטויטשעט זיך דעם טאָג, אַוועק־געפאַלן שלאָפן, איז כושטיווקע אַרויפגעשוואומען, געחלומט האָט אסתר נאָר פון כושטיווקע. מייסטע חלומות האָט זי ניט געדיינקט אויף מאָרגן, ווען זי האָט אָבער יאָ געדיינקט — די מאַמע איז גע־קומען און איר עפּעס געגעבן, דער טאַטע איז איר נאָכגעגאַנגען און געפרעגט: וואו גייסטו? — האָט זי אויסגעטייטשט צום גוטן, דאָס

איז אַ סימן אַז עס וועט זיין אַ שמחה, דאָס איז אַ סימן זי וועט הערן גוטע נייעס. ווען זי האָט, לויט איר קאָדעקס פון פּותר חלום זיין, ניט געקענט אויסטייטשן צום גוטן איז זי אַרומגעגאַנגען אַ צע־טראָגענע ביז זי האָט ענדליך אָפּגעריסן אַ שעה צייט און ביינאַכט, ווען אַלע זיינען שוין געשלאָפן, האָט זי אַרויסגענומען ביי די קינדער פון שול העפט אַ געווירעט שטיקל פּאַפּיר און געזעסן אין קיך און געשריבן אַ בריוו צו טאַטע מאַמע. גאַנץ אָפט איז דאָס בלעטל פּאַפּיר באַנעצט געוואָרן מיט אַ טרער. אסתר האָט געביינקט קיין כושטיוועקע, נאָך טאַטע מאַמע, אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט דערפון. זי אַליין האָט קיין אַנונג געהאַט ווי טיף איר ביינקשאַפט איז געווען, ערשט ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן האָט דער אונטעראירדישער קוואַל זיך אַרויסגעריסן אויף דער אויבערפלאַך. זי האָט געשריבן איין בריוו נאָכן צווייטן און אויף מאָרגן, נאָכדעם ווי זי האָט אַוועק־געשיקט דעם בריוו, האָט זי געוואַרט אויפן בריוו טרעגער, געטשאַ־טעוועט אויף אים ווען ער איז נאָך געווען אַ בלאָק אַוועק, אפשר וועט ער ברייגנען אַן ענטפער. דער בריוו טרעגער, דער קאַלטער גזלן, ער וואָס קען ברייגנען די גוטע בשורה, איז פאַרבייגעגאַנגען, אַריינ־געוואָרפן אַ קאַרטל אָדער אַן אָפן בריוול וועגן אַ שיך אויספאַרקויף און אַוועקגעגאַנגען אַזוי ווי ניט אים מיינט מען, אַזוי ווי דאָס איז אַלץ וואָס ער האָט צו ברייגנען. אים נאָכלויפן, אים אַ פרעג טון, אפשר האָט ער אַ טעות געהאַט, אפשר האָט ער פאַרגעסן, פאַרלייגט ערגעץ אַ בריוו, איר בריוו, דער בריוו . . .

דער בריוו טרעגער האָט קיין בריוו פון כושטיוועקע ניט געבראַכט און אסתר האָט זיך געווענדעט צו איר דודן ער זאָל איר דערציילן ווי האַלט עס מיט כושטיוועקע, צי איז דער דייטש נאָך ניט אַריין אַהין. — ברענען זאָל ער, דער דייטשוק, ווי אַ ליכט, נאַדיר אַ מלחמה אויף מיין קאָפּ!

דוד האָט ניט נאָר ניט געשאָלטן דעם דייטשוק, ער האָט ממש באַוואונדערט דעם דייטש. — אַ אידענע ליגט אין זינען — כוש־טיוועקע. ליעזש! נאַמור. פּאַריז!

— נו, נאַמור אויך גענומען! — האָט ער זיגעריש גערעדט צו זיינעם אַ שול איד וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער קלייט. —

איצט איז דער וועג קיין פּאַריז פריי. ער קען שוין דערלאַנגען פּאַריז.

די געאָגראַפיע פונם מערב פראָנט איז פאַר דודן געווען קלאָר ווי אויף דער האַנט, און דער מזרח פראָנט? דאָרט איז ער געווען ביי זיך אין דערהיים, און מעשה היימישער מענטש האָט ער מיט ביטול גערעדט וועגן די פעסטונגען, די שלאַכטן דאָרטן.

— אַז זיי האָבן גענומען נאָמור, קענען זיי אַלץ נעמען! שפּילט זיך מיט לודענדאָרפן, מיט הינדענבורגן! ניין, ניקאָלאַי ניקאָלאַיע־וויטש וועט נעמען, ימח שמו זאָל ער ווערן!

דער צווייטער פּאָליטיקער האָט אויך ניט שטאַרק געהאַלטן פון ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, זיינע סטראַטעגישע ידיעות האָט ער אויך געשעפּט פון דער אידישער צייטונג און פון געשפּרעכן מיט שול אידן, פונדעסטוועגן האָט ער געפּרואווט זיך ווערן קעגן דודן, ער׳ט דאָך אים ניט אָוועקגעבן, מיר ניט דיר ניט, אַלע פּאָזיציעס, האָט ער געטענהט — נו גוט, נו יאָ, אויף דער יבשה איז דער דייטש טאַקע שטאַרקער, אָבער וואָס איז מכחן וואַסער? איר וואַרט, זאָל נאָר דער ענגלענדער אַרויסגיין מיט זיין פלאָטע! . . .

— ער׳ט אַרויסגיין מיט זיין פלאָטע! — האָט דוד געחוזקט, — וואוהין וועט ער גיין, וואוהין? אין דער ערד אַריין סיידן. און דער דייטש האָט שוין גאָר קיין פלאָטע ניט?

— ווען עס קומט צו פלאָטעס האָט דער ענגלענדער די גרעסטע.

— אי, איר רעדט נאַרישקייטן, — האָט שוין דוד ניט געקענט אויסהאַלטן, — די גרעסטע פלאָטע! דער דייטש, ער האָט דאָך . . .
— און אַרונטערלאָזנדיק דעם טאָן, מעשה דיפּלאָמאַטישן סוד, פאַר־טרויט, — ער האָט דאָך אונטערוואַסער שיפלעך! זאָל נאָר דער ענגלענדער פּרואוון אַרויסגיין, וועט איר זען וואָס׳אַרע חתונה ער׳ט אים אָפּשפּילן. שפּילט זיך מיטן דייטש!

די פּאָר דייטשן וואָס דוד כאַזאַנאָוויטש האָט אויף זיין לעבן געזען אין כושטיווקע האָט ער מיט ביטול אָנגערופן: קירה דייטש. וואָס ווייסט ער, דער דייטש? ברייענגט זיינע עטליכע פונט פּוטער אינם „לאָפּן״ אין זיינעם און חיים דער פּוטערניק קויפט זיי ביי אים אָפּ, נאַרט אים אָפּ אויף דער וואָג און דער דייטש הויבט ניט אָן צו וויסן פון זיין חיות צו זאָגן. קירה דייטש. פון יענע דייטשן

האָט דוד כאַזאַנאָוויטש ניט געהאַלטן. אָבער דוד כאַזאַנאָוויטש, דער יונגערמאַן וואָס האָט געלייענט אַמאָל דעם המליץ, האָט געלערנט דעם תנך מיט ביאור, האָט שוין געוואוסט פון אַ מענדעלסאָן, גע־הערט וועגן לעססינג, נאָטאַן דער ווייזע. שפּעטער צו האָט ער גע־וואוסט אַז מיט אַ ערנסטער קריינק איז מען געפאָרן קיין דייטשלאַנד ווייל דאָרט געפינען זיך די גרעסטע פּראָפעסאָרן, וואו עפּעס אַ וויכ־טיקע זאַך, אַן ערפינדונג, קומט זי פון דייטשלאַנד, איין קלייניגקייט — דייטשע געלערנטע! דייטשלאַנד! און שלאָגט זיך דייטשלאַנד מיט דער גאַנצער וועלט — איין מלוכה קעגן דער גאַנצער וועלט! — פאַר וועמען זאָל דוד כאַזאַנאָוויטש זיין אויב ניט פאַר דייטש־לאַנד? אָט דער דוד וואָס האָט ניט געקענט מוחל זיין אַמעריקע למאי מ׳שפּילט דאָ אין באָל — ווי נעמען עס דערוואַקסענע מענטשן און שפּילן זיך אין פּילקע? שפּילן זיך! מענטשן זיינען דאָך דורס איינער דעם צווייטן פאַר כאַפּן דעם באָל! — אָט דער דוד וואָס האָט קיינמאָל ניט געזען קיין פערד געיעג, האָט אפילו קיינמאָל אין פערד־לעך ניט געשפּילט — פאַר אָט דעם דוד איז די גאַנצע מלחמה געווען ניט מער ווי אַ שפּיל, ווער וועט גובר זיין וועמען, און ער איז גרייט געווען וועטן זיין פאַרמעגן אַז געווינען וועט דער דייטש. בערג מיט הרוגים, מענטשן צעריסן אויף שטיקער, מענטשן קאַליקעס, חרובע שטעט, פאַרברענטע וועלדער, אויפגעריסענע פעלדער, בלוט! — דער איד כאַזאַנאָוויטש וואָס איז אַ פאַרציטערטער געוואָרן ביים אָנזען פון בלוט, האָט ניט געזען דאָס בלוט וואָס האָט זיך געגאָסן. אַ לעבן האָט ער געלעבט מיט לא תרצח, אין זיין גאַנצן לעבן האָט ער אפילו ניט אויפגעהויבן אַ האַנט דערלאַנגען עמיצן אַ קלאַפּ, און איצט, אין דער מלחמה, האָט ער ניט געזען דעם מאָרד, די רציחות. „צען טויזנט געהרגעטע״ האָט ער איבערגעלייענט און ניט געזען זיי, אפילו ניט אַ טראַכט געטון, דאָס האָט ער געלייענט אויבנאויף, דער עיקר איז — גענומען ד י שטאָט, יענעם באַרג. אַ ש פּ י ל. ערשט שפּעטער, ווען דער גערוך פון בלוט האָט זיך דערטראָגן אַזש איבערן ים, דער גסיסה קרעכץ פון צענדליקער טויזנטער אידן האָט אַריינגעדרונגען אין זיינע אויערן, האָט ער ד ע ר ז ע ן און דער־פילט אַז מלחמה איז ניט קיין שפּיל, ניט קיין אביעקט פאַר זיין סטראַטעגיק.

דערווייל איז דער דייטשער גליות געשטאַנען מיט איין אייזער־נעם קנאַפּל אין מערב, דעם צווייטן אין מזרח, מיט די הענט געפּאַכעט און געקאָסעט רעכטס און לינקס, און דער שפּיציקער קיווער האָט חוצפּהדיק זיך אַריינגעשטאָכן אין דער לופט: וועלט, איך פאַרמעסט זיך מיט דיר!

די וועלט — מיליאָנען דודס — האָבן געשאָסן פיילן, קוילן אין דעם גליות, אָבער ער איז ניט אומגעפאַלן. — מער קוילן! — האָט די וועלט גערופן, און אָט דער רוף האָט זיך שנעל דערטראָגן אויף דער זייט ים. — קוילן? געוויס, מיר האָבן קוילן! — האָט די זייט ים געענטפערט.

דאָס געשעפט רעדל, וואָס האָט זיך שוין געהאַט געדרייט אַזוי שוואַך אָט ווי אַ זייגער וואָס האַלט ביים אָפּשטעלן זיך, האָט מיט אַמאָל זיך גענומען דרייען שנעלער, האַסטיקער. די ווינטאָן, די ווהייט, די טשענדלער אויטאָמאָביל פאַבריקן האָבן גענומען אַרבעטן צוויי שיכטן אַ טאָג, און ביי דער וואַן דאָרען האָט מען געאַרבעט פולע דריי שיכטן, פיר און צוואַנציק שעה אין מעת לעת. אַרבעטער פאַר־לאַנגט!

אין אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן, ווען קיין סטאָליאַר האָט ניט גע־טראַכט פון אַרויסנעמען זיין קעסטל געצייג, קיין מוליאַר האָט ניט געוואַגט אפילו טראַכטן וועגן אַ וואָרף טון אַ ביסל צעמענט צווישן צוויי ציגל, קיין שפּאַלירער האָט ניט געקענט האָפן אויף אַ הויז אָדער אפילו אַ צימער צום שפּאַלירן, האָט חיים כאַזאַנאָוויטש זיך אָוועקגעשטעלט ביים טויער פון דער וואַן דאָרען פאַבריק. דער ממונה אויף דינגען אַרבעטער האָט אַ פיר געטון מיט די אויגן איבער די אַרבעט זוכער, זיין קריטיש אויג וואָס האָט געוויינליך פאַרבראַקירט בלויז אויפן קוק, האָט איצט פאַרקוקט פעלערן, אַלעמען אַריינגענומען. נישקשה, וועלן זיך אויסטויגן. דער עיקר — קיין ווערקשטאַט, קיין טאָק מאַשין זאָל ניט שטיין ליידיק.

די וואַן דאָרען פאַבריק האָט דערמאָנט חיימען אָן זיין אַמאָליקער מעש פאַבריק, ער האָט אפילו אַ פיר געטון מיט די אויגן, געזוכט דעם רויטן דזשעררי מיט וועמען ער'ט זיך דאַרפן דאָ שלאָגן, אָבער ניט געוועזן קיין צייט צו קוקן לאַנג. דער רויטער דזשעררי, אויב ער איז געווען דאָרט, האָט אויך קיין צייט ניט געהאַט זיך אומקוקן אויף

אַ חיים. די רעדער האָבן זיך געדרייט, אַ געוויש פון שטאָל, אַ בראַזג פון אייזן, און איבער דעם גערויש און געבראַזג די מאָנונג און דערמאָנונג: הבֿ! הבֿ! גיבֿ! גיבֿ! גיכער! די מלחמה קען ניט וואַרטן. זעכציק, זיבעציק, אַכציק סענט אַ שעה, אָבער אַרבעט! בייטאָג, אין אָוונט, אָנדערהאַלבן מאָל אַזוי פיל געצאָלט, אָבי אַרבעט.

היינגען פּאַפּיר אויף ווענט, טאַנצן אויפן לייטער אַרויף און אַראָפּ, יעדע פּאָר שעה אַנאַנדער צימער, יעדן טאָג אַנאַנדער הויז איז בעסער ווי שטיין דעם גאַנצן טאָג אָדער די גאַנצע נאַכט אויף איין אָרט ביי אַ טאָק מאַשין און טאָקן איין שרייפּל. הונדערטער, טויזנ־טער שרייפּלעך, אַלע דיזעלבע — איין שרייפּל; פּאָרן יעדן טאָג אין אַן אַנדער גאַס, אין אַן אַנדער טייל פון שטאָט, אַריינקומען יעדן טאָג אין אַ נײַ הויז, אויסשפּרייטן דעם ברעזענט, אויפשטעלן דעם טיש איז בעסער ווי זיך צוכאַפּן צום צייט זייגער, אַריינרוקן דאָס קאַרטל, אָפּקלאַפּן די מינוט ווען מ׳איז געקומען און אין דריי מינוט אַרום שטיין ביי דער טאָק מאַשין; אָנשמירן פּאַסן פּאַפּיר מיט פּאַפּ און זינגען שמירנדיק איז אַ סך אַנגענעמער ווי שטיין דעם גאַנצן טאָג אַ שטומער און טאָקן, טאָקן, דערביי פּילן די אויגן פון אויפזעער, פּאַרוואַלטער ווי זיי יאָגן: גיכער! גיכער! די מלחמה קען ניט וואַרטן. עס איז אָבער ווינטער, קיינע הייזער צום שפּאַלירן, דאָ צאָלט מען אַכציק סענט אַ שעה, קנאַפּע זעקס און אַ האַלב דאָללאַר אַ טאָג, און אַז מ׳אַרבעט אַ איבעריקע פּאָר שעה מיינט עס שיר ניט אַ צענערעל. אַ צענערעל אַ טאָג, זעכציק דאָלאַר אַ וואָך! ער׳ט אָפּאַרבעטן דעם ווינטער וועט ער טאָקע גיין צוריק צום שפּאַלירן — ער׳ט ניט שטיין ביי דער טאָק מאַשין — אָבער ער׳ט שוין מער ניט גיין צו דער־אַרבעט מיטן בינטל פּאַפּיר אויף די פּלייצעס, זיך שלעפּן מיט די ברעטער, מיט האַק און פּאַק, אַן אויטאָמאָביל וועט ער קויפן! ער וואָלט שוין געקויפט, אָבער עטל האָט אָפּגערעדט: ערשטענס איז ווינטער, צווייטנס דאַרף מען פריער איבערבייטן די מעבל, קויפן שע־נערע, בעסערע, אין דער נייער דירה וואוהין מ׳האָט זיך נאָר וואָס אַריינגעקליבן קוקט דאָס אַלטע מעבל אויס חלשות. אמת, חיים אַר־בעט דעם גאַנצן טאָג, עטל אַרבעט אויך, אויך ביי איר אין שאָפּ האָט דאָס רעדל גענומען זיך דרייען שטאַרקער, אָבער טאָקע דערפאַר, אַז מ׳קומט אַהיים מיד פונם טאָג אַרבעט, ווילט זיך האָבן אַ ווייכע קאַ־

נאָפּע, וואו זיך צושפּאַרן, אויסגלייכן דעם רוקן, פאַר חיימען אַ ווייכער שטול וואו מ׳זאָל קענען אויסציען די פיס, אַ גוטן שטייענדיקן לאָמפּ ביי וועלכן מ׳זאָל קענען לייענען אַ צייטונג. און אויף זונטיק, אַ יום טוב, מ׳וויל ערגעץ אַרויסגיין, שאַדט ניט אַז מ׳האָט, ביין, מוז מען האָבן אַ פיינעם גאַרניטור, אַ גוטע פּאָר שיך, אַ זיידן העמד, אַ פּאָר זיידענע זאָקן, און עטל קען זיך אויך פאַרגינען אַ גוט קלייד, אַ פיינעם מאַנטל. צוליב וואָס אַרבעט מען, פאַרדינט מען געלט אויב ניט אויף אויסצוגעבן? אַ רוח אין דעמס טאַטן ווער עס וויל ניט שיין גיין און גוט עסן — אַן אַלט אידיש ווערטל.

די וואָן דאַרען אַרבעט אויף מלחמה באַשטעלונגען? נו, זאָל דערפאַר חיים כאַזאַנאָוויטש ניט אַרבעטן דערביי? ער וויל די מלחמה? אַז ער׳ט ניט אַרבעטן וועט אַרבעטן אַ צווייטער. עה, ווען אַלע זאָלן ניט אַרבעטן! אָבער אַלע האָבן געאַרבעט, און חיים כאַזאַנאָוויטש האָט אויך געאַרבעט, אַלע האָבן „געמאַכט געלט״ און געקויפט זיי־דענע העמדער, זיידענע זאָקן, מעבל און אויטאָמאָבילן, אפילו הייזער — אַלץ אויף אויסצאָלן — פאַרוואָס זאָל חיים ניט מאַכן קיין געלט און ניט איינקויפן די אַלע זאַכן?

(16)

— העללאָ! אַרבעט?

— איר? גוד באַי!

אַ געוויינליכע, טאָג טעגליכע באַגריסונג אינם לאַנד פון אַרבעט. איצטער אָבער האָט דאָס לאַנד געפיבערט מיט אַרבעט. אפילו בארני קאהן, דער היימישער בערל דער שניידער איז אַנגעשטעקט געוואָרן פון דעם פיבער. ער האָט זיך געווערט. — מיר איז גענוג די זעקס „פערדלעך״, — האָט ער אַנגעוויזן אויף די זעקס מאַשינען, — אַ לעבן מאַכט מען? וואָס נאָך דאַרף איך? — בארני קאהן האָט ניט געוואָלט פאַרגרעסערן זיין שאַפּ. — וואָס דאַרף איך? איינרייסן אַ וועלט? אָבער אַז מ׳רייסט פון די הענט! — מ׳האָט געריסן אַרבעט פון די הענט און בארני קאהן האָט צוגעשטעלט צוויי מאַשינען, נאָכדעם נאָך צוויי, נאָכדעם גאָר זיך איבערגעקליבן אין אַ גרעסערן שאַפּ, מיט אַ מוסטער צימער, אַן אָפיס. זיין עלטסטע מיידל סילוויע

וואָס האָט שוין געענדיקט „ביזנעס קאַללעזש" האָט ער אריינגענרמען צו זיך אַלס בוכהאַלטערין און טעלעפאָן מיידל, איר געצאָלט שכירות, עלעהיי אַ פרעמדע מיידל אַרבעט ביי אים און ברוך כאזאַנאָוויטש, בערנאַרד טשייס, איז שוין געווען דער גאַנצער כל ולך פון שאַפּ. געוויס, ווען אין גאָר גרויס איילעניש, איז ער נאָך געלאָפן אָפּגעטראָגן אַ קעסטל קליידלעך, אָדער געלאָפן נאָך אַ געוויסער טאַשמע אָדער ספּראָנזשקע, ער איז שוין אָבער מער ניט געווען דאָס שיק איינגל. אַ א י נ ג ל טאַקע האָט געקערט דעם שאַפּ, געלאָפן אַ גאַנג, ער, בערנאַרד, האָט שוין געקראָגן צוואַנציק דאָלאר אַ וואָך, ער איז שוין געווען דעריעניקער פאַר וועמען די זייד פאַרקויפער האָבן אויסגעלייגט זייערע זייד מוסטערן, אים קוואָטירט פּרייזן. אמת, ווען ס'האָט געהאַלטן ביים קויפן האָט ער אַרויסגערופן דעם באַלעבאָס בארני קאהן, אָבער דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, געווען ניט מער ווי אַ פאָרמאַליטעט, די זייד פאַרקויפער האָבן שוין אים געקענט בעסער ווי דעם באַלעבאָס, מיט אים האָבן זיי זיך שוין געגריסט פאַמיליאַר: העללאָ, טשייס! אָדער גאָר: העללאָ, בערנאַרד! ער, בערנאַרד טשייס, אַ גלייכער מיט די אַלע פאַרקויפער. און קען ער ניט זיין קיין פאַרקויפער? קומט אַ קונה פון לאריין אָדער פון פּיינסוויל, ווער ווייזט די קליידלעך אויב ניט ער? ניט נאָר ווייזט ער די קליידלעך, ער פאַרקויפט זיי אויך. בערנאַרד טשייס! ער ווייסט שוין ווי מ'דאַרף רעדן צו אַ קונה, אפילו שמייכלען קען ער ווי עס דאַרף צו זיין. איז ער ניט געשטאַנען פאַרן שפּיגל און זיך געלערנט „מאַכן שמייכלען"? יאָ, אַ שמייכל דאַרף מען קענען מאַכן. קודם אַ לייכטן, גאָר אַ לייכטן נויג מיטן קאָפּ, דאַן אַ צי דעם קין אויף אַרונטער, אַנטפּלעקן די ציין — אַ שמייכל. פאַרשטייט זיך, ווען דער קונה איז אַ יונגע שיקסע דאַן דאַרף ער שוין ניט מ אַ כ ן קיין שמייכל, דער גאַנצער פּנים זיינער איז איין שמייכל, און ווען עס האַלט ביים אָנמעסטן אַ קליידל, דאַן עפנט זיך דאָס מויל, דאַן עפענען זיך די אויגן — איינשלינגען, אָנמעסטן . . . די מיידל . . . אויף זיך. די צרה איז נאָר וואָס שיקסעס לאָזן זיך ניט אָנמעסטן . . . און ער רעדט, רעדט אַזוי פיל, רעדט אַזוי שנעל, אַ מויל אויף שרייפלעך, אַ צי אַ שרייפל און פון מויל שיטן זיך ווערטער, מ'זעט ממש ווי די ווערטער שיטן זיך אַריבער די ליפּן, אַ צווייטן צי אַ שרייפל און דאָס מויל

גיט זיך אַ מאַך צו, צוגעמאַכט און גלייך ווידער זיך צעצויגן אין אַ שמייכל, שמייכלענדיקער מויל און שמייכלענדיקע אויגן פרעגן: נו?

— איר האָט זיך איבערגערעדט, — האָט די שיקסע געענטפערט מיט אַ שמייכל און אַרויסגעגאַנגען ניט קויפנדיק קיין איין מוסטער.

ווי קען ער זיך דאָס איבעררעדן, ער וואָס רעדט אַזוי גוט. ניין, בערנאַרד האָט זיך ניט איבערגערעדט.

— אייערנעכטן קומט צו אונז אַריין אַ קונה, — דערציילט ער אויף מאָרגן זיין חבר דעם פאַקער און שיקער פון דער סאַנשיין גאַר־מענט קאָ., — אַ יונגע שיקסל, אַ פערשקע! דער אַלטער וויל צוגיין, זאָג איך צו אים: — צו ד ע ם קונה לאָזט מיך! און איך נעם זי אויף, ווייסטאָך, פיין, איידל. קליידלעך? געוויס! נעם זי אַריין אין מוסטער צימער. די קליידל? די קליידל? איין קליידל געפעלט איר. אָנמעסטן? גיט זי אויף מיר אַ קוק, ווייסט'אך. מעסט אָן, זאָג איך, און מאַך אַ באַוועגונג צו דער טיר, איך גיי, הייסט עס, אַרויס. אַרויסגעגאַנגען, געוואַרט אפשר אַ מינוט און גלייך זיך אַרייַנ־געכאַפּט צוריק. — אה! — האָט זי זיך אַ כאַפּ געטון און פאַרשטעלט די ברוסט. פאַרשטייסט, די ברוסט האָט זי פאַרשטעלט, נאָר די שיינקלעך זיינען נאַקעט. אַנטשולדיק איך זיך, געמיינט זי האָט שוין אָנגעמאָסטן, דאָס קליידל איז שוין דערוויייל טאַקע אַרויפגעצויגן, אָבער עס ליגט ניט גלייך, טו איך אַ צי אַהער, אַהין, אַ צי טוענדיק, ווייסט'אך, טו איך אַ ריר אָן דעם אַקסל, דעם האַלדז, געענדיקט, זאָג איך איר דאָס קליידל ליגט ווי אויסגעגאָסן און פיר זי צו צום שפיגל. — איר קוקט אויס ווי אַ ליאַלקע! — און איך זע אין שפיגל ווי זי רויטלט זיך. איז גוט. — איר זייט אַ ליאַלקע! — גיב איך שוין אַ זאָג אַריין אין אויער און גיב אַ כאַפּ אַ קוש. וואָלסטו באַדאַרפט זען ווי זי איז רויט געוואָרן. צו מאַכן די לאַנגע געשיכטע קורץ, איך האָב געקראָגן אַ באַשטעלונג אויף צוויי טוצן קליידלעך, אָבער בתנאי איך אַליין זאָל זיי איר ברענגען. פאַרשטייסט? און, גלויב מיר, איכ'ל זיי שוין ברענגען פּערזענליך. קיין שיק אינגל צו איר!

אָט אַזוי האָט איבערגעגעבן בערנאַרד טשייס דעם „איר האָט זיך איבערגערעדט" וואָס די שיקסע האָט אים געזאָגט מיט אַ שמייכל.

— אָט אַזוי, — פּאַטאַקעוועט זיין צוהערער דזשעק, — ווען עס

קומט צו מיידלעך, איז ניט געגעניצט. וואָסי מכח אַרויספאָרן דעם זונטיק?

—וואוהין?

— אה, וואו ס'ניט איז. נעמען אַ פּאָר יפה־פיות, עפּעס צום עסן, צום טרינקען . . .

— גייט עס.

— וועמען וועסטו נעמען?

— אה, שוין געפינען, — ענטפערט בערנאַרד מיט אַ וואונק, אַן אנצוהערעניש: מיידלעך? וויפיל דו ווילסט נאָר אַליין.

— איך נעם עליזאַבעטן.

— עליזאַבעט?

— דו קענסט ליזין!

— אה, ליזי! אודאי קען איך זי. נו, איכ'ל שוין קריגן עמיצן. ווער נאָך גייט?

ווען עס איז געקומען צום פאָרן זיינען זיי געווען זאַלבע אַכט, פיר בחורים, פיר מיידלעך. די בחורימלעך — פאַקער, אַרויסשיקער, אַרויסהעלפער, די מיידלעך — אַ פאַרקויפערין אין צען סענט סטאָר, אַ קעלנערין אין אַ רעסטאָראַן, וועמען עס האָט אָפּגעגליקט, דעם זונטיק איז געווען איר טאָג, אַ מיידל אַן אַרויסהעלפערין ביי קליידלעך, וואָס לערנט זיך צייכענען און עליזאַבעט, אַ בוכהאַלטערין, נאָר וואָס גראַדואירט פון „געשעפטס אוניווערסיטעט" דערווייל אָבער נאָך אַן אַ „קאַטהעדרע". דער אויטאָמאָביל — דזשעק'ס אַלטער פאָרד, אַן אַ דאַך, אַן אָפּענער. אָבער ווער קערט? אין אַכטן איז נאָך בעסער. — דריי פון פאָרנט און פינף הינטן? ניין, דאָס גייט ניט. זאָל דזשעק מיט זיין ליזין זיך זיצן פון פאָרנט, זאָל ער האָבן צוויי ליזיס, אָבער גיב אַכטונג, דזשעק, פאַר יעדער ליזי ניט מער ווי איין האַנט . . . און זיי, די איבעריקע זעקס? זיי וועלן זיך שוין איינ־מאסטיען, ניט געזאָרגט. די הויפּט זאַך — ניט אַרויפטרעטן אויפן עסן, ניט צעברעכן די פלעשלעך . . .

— וואָס אַזוינס האָט איר דאָרט? — פרעגט נענסי.

— הייסע סחורה! — ענטפערט בערנאַרד. אַ קנייטש מיטן אויג גיט צו: די ריכטיקע סחורה!

— העי, העי, הער אויף! — אַ פּאַטש איבערן האַנט באַקרעפטיקט

דעם אויסרוף, אָבער בערנאַרד ווייסט, דאָס איז בלויז אַזוי זיך, אַ חנדל, צוליב לייטישקייט. צוליב וואָס זיצט אַ מיידל ביי אַ בחור אויפן שויס אויב ניט כדי ער זאָל זי אַרומנעמען, אַרונטעררוקן די הענט אונטער די בריסט? און אַז מ׳פּילט די בריסט אין די הענט שיסע־לעך . . .

— דו הערסט ניט אויף? אויף מיין וואָרט איך שפּרינג אַרונטער!

נענסי איז ניט אַרונטערגעשפּרונגען פון אויטאָמאָביל. אפילו ניט אַרונטערגעקראָכן פון בערנאַרדס שויס. ער האָט בלויז אַפּירגענומען די הענט פון אונטער די בריסט און די קני זיינע האָט ער איבערגע־שטעלט, זיך איינגעזעצט אַביסל בעסער. ניט פילן אַזוי נאָענט נענסיס . . . ווען זי זאָל אַראָפּקוקן כאָטש אויף איין מינוט . . .

— שווער? — פרעגט נענסי אַזוי אומשולדיק און טוט זיך עט־וואָס אַ הויב און אַ דריי.

— ניין, — ענטפערט בערנאַרד, — איך האָב בלויז געוואָלט זיך אויסגלייכן. אָט אַזוי. איצט, — טוט ער אַ צי נענסין. זיינע הענט קריכן שוין ניט מער אַרויף צו די בריסט, פאַרקלעמט אַרום איר בויך, ציען זיי דעם בויך, איר אונטערשטן האַלבן קערפּער פעסטער, פעסטער צו זיך. צו זיין שויס. אַזוי גוט . . . און אַזוי . . . פע . . . ווי איז מען שוין אין ווילראָו ביטש.

אין ווילראָו ביטש וואַרפט מען גלייך אַרונטער די מלבושים. באָדן זיך. בערנאַרד האָט געלערנט נענסין שווימען. דזשעק האָט געלערנט עליזאַבעטן, מאָרריס האָט געלערנט פלאָרענסן . . . ווייט פאַרשוואו־מען איז אָבער קיינער . . . ווי שיטער וואַסער זאָל ניט זיין לאָזט זי דאָך ניט צו צו נאָענט, אָבער שפּאָס האָט מען פונדעסטוועגן געהאַט און זיך אָנגעהאַרעוועט אויך, אַרויפגעאַרבעט אַן אַפּעטיט, מ׳איז הונ־געריק אַז עס ציט אַזש אין בויך, אָבער מ׳האָט דאָך מיטגעבראַכט בראָנפן און ביר. ווי טרינקט עס ניט אַ מאַן קיין בראָנפן פאַרן עסן, ביר אינמיטן? און בערנאַרד, דזשעק, מאָרריס, לייאָנעל, אַלע זיינען זיי מענער, כאָטש קויפן דעם שנאַפּס האָט געמוזט טאַקע דזשעק, די אַנדערע האָבן מורא געהאַט אַריינגיין אין סאַלון, מ׳עט זיי נאָך אַרויס־שיקן מיט ליידיקע הענט וויל צו יונג.

— גיס! גיס! וואָס זשאַלעוועסטו?

בערנאַרד קען אויסטרינקען אַ טיי גלאָז בראַנפן מיט איין גאָס. וואָס פאַר אַ ווערט האָט ביי אים אַ גלעזל? אַ קער איבער און . . .

אַ ביסל בראַנפן זאָל זיך שטעלן אין האַלז! ווען עס זאָל אים נאָר ניט קריכן, אַרויפשלאָגן אויף צוריק דורכן נאָז! אַזש די אויגן פאַרלאָפן. — אַריינגעגאַנגען ניט אין דער ריכטיקער קעל, — פאַר־סקעט ער אַרויס און כאַפּט דעם סענדוויטש וואָס נענסי האָלט פאַר אים אָנגעגרייט. — עס! גיב אַ ביס! — יאָגט אים נענסי. — וואָש עס אַרונטער! — שרייט דזשעק. — נאַ, נעם! — און ער דערלאַנגט אים דאָס געעפנטע פלעשל ביר.

וואָס האָט ער פון אים געוואָלט, דער דזשעק? נאָכוואָס האָט ער אים געגעבן דעם ביר גלייך נאָכן בראַנפן? ווען ער זאָל נאָר קענען איבערליגן, כאָטש אַ צען מינוט ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָבער די מינוט וואָס ער פאַרמאַכט די אויגן נעמט די ערד אונטער אים זיך דרייען, דער לייק דערביי וויגט זיך, און אין אים גופא — אַ טייך אַ גאַנצער, און די כוואַליעס שלאָגן אַזוי, שלאָגן . . . אויף אַרויף . . .

ער האָט זיך קוים אויפגעהויבן פון זאַמד, זיך אומגעקוקט אויב עמיצער קוקט אויף אים, געגאַנגען פּאַמעליך און באַלד גענומען גיין גיכער, לויפן, אַנטלויפן אין אַ ווינקל! דאָרטן . . .

אין מויל טאַקע פּאַסקודנע, דערפאַר אין בויך, אונטערן האַרצן אַזוי לייכט, אויסגעליידיקט . . . דער סענדוויטש, דאָס פלייש האָט געמוזט זיין ניט פריש, און אפשר דער ביר. ניין, דאָס פלייש . . .

— קוקסט זיך אַרום?

בערנאַרד האָט דערשראָקן אַ קוק געטון. דזשעק? האָט ער גע־זען? און אפשר ער אויך? . . .

— יאָ, אַ גאַנץ פיינער פּלאַץ. ביסט שוין געווען דאָ אַמאָל?

— יאָ, אַ פּאָר מאָל.

— איך בין דאָ ׳סערשטע מאָל. עס איז אַ פיינער פּלאַץ, ווען מ׳זאָל דאָ נאָך קענען קריגן אַ . . . טרונק, אַ טעפּל קאַווע.

— נאָך דאָ ביר.

— ביר שפּעטער. איצט וואָלט איך געטרונקען אַ טעפּל קאַווע.

— איך צווייפל אויב מ׳קען דאָ קריגן.

— מילא, אויסקומען אָן דעם. גיין זען וואָס די אַנדערע טוען דאָרט.

די אַנדערע זייַנען געלעגן אויפֿן זאַמד, געשריבן מיט די פֿינגער די ערשטע נעמען און ווען די פֿינגער האָבן זיך באַגעגנט האָבן זיך אויך באַגעגנט די ליפּן. לייאַנעל האָט גאָר געגומען און באַגראָבן שוירלין אין זאַמד און ווען זי איז שוין געלעגן איינגאַנצן אַ באַגראַ־בענע איז ער צוגעפֿאַלן מיט זייַן מויל צו אירן. זי האָט, פֿאַרשטייט זיך, געדרייט דעם קאָפּ, געמאַכט גוואַלדן, אָבער וואָס קען זי טון, אַז אירע הענט און פֿיס זייַנען באַגראָבן? זי רייסט זיך דאָך אַרויס פֿון איר זאַמדיקן קבֿר.

— לאָמיר אַרייַנגיין אין וואַסער! — איצט אין וואַסער? — ניין, אויפֿן וואַסער. אויף שיפֿלעך. שיפֿלעך. וויפֿיל? צוויי? דריי? פֿיר? פֿיר! אַלע טאַקע חבֿרים, אָבער שיפֿלעך פֿיר, אַ פּאָרל אַ שיפֿל. מיידלעך שמייכלען: מיר ווייסן שוין, און די בחורים קוקן זיך איבער, לאָזן זיך אַוועק צום פּלאַץ וואו שיפֿלעך זייַנען צום פֿאַר־דינגען.

אַ פּאָרל אַ שיפֿל. אָפּגעשטופּט פֿון ברעג צעפּאָרט מען זיך, אָפּ־געפּאָרן אַ צען איילן איינער פֿונעם צווייטן רופֿט מען שוין זיך איבער „יוהו!" גוט צו פֿאָרן אויף אַ שיפֿל. אָט זיצט ער און טרייַבט מיט ביידע ווֹעסלעס. — שווער? — פֿרעגט זי. — גאָר! — ענטפֿערט ער, און שטעלט אויס די אָרעמס. זאָל זי זען זייַנע אָרעמס, זייַנע מוס־קולן. וואָס, זי זעט גאַרניט, באַמערקט גאַרניט? אַ דריי מיט אַ ווֹעס־לע און אַ שפּריץ. — ניטע!

לאָכט ער, טוט אַרייַן די ווֹעסלעס טיפֿער, שפּאַרט איין די פֿיס אָן דעק פֿון שיפֿל, אַ דריי די ווֹעסלעס, דאָס שיפֿל טוט אַ יאָג. אַהאַ, זי האָט שוין יאָ געזען!

— מאַך ניט אַזעלכע הועיות, עס זעט אויס אַזוי קאָמיש.

— קאָמיש, זאָגט זי? זאָל זי פּרוּוון. נאָ, פּרוּווו דו.

זי הויבט זיך אויף, וואַקלט זיך, הויבט ער זיך אויך אויף, וואַקלט זיך נאָך מער פֿון איר, שרייַט זי שוין: טרייסל ניט דאָס שיפֿל! — כאַפּט ער זי אָן — האָב קיין מורא ניט, איך האַלט דיך. — און ער האַלט זי! ניין, ער'ט זי שוין ניט אַרויסלאָזן. ניט שטיין? דאָס איז זי שוין געדערכט. זאָל זי רודערן, ער'ט זיצן. ניין, ער'ט ליגן. אָט אַזוי. זי קען אָפּלאָזן די ווֹעסלעס, דער טייך איז רויִק. ער ליגט אין שיפֿל, זייַן קאָפּ ביי איר אויפֿן שויס, צווישן אירע פֿיס, זייַן נאָז

. . . זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט רודערן. — מיד? — פרעגט ער אַזוי מיד, מיט אַזאַ פאַרנעפּלטן קוק.

— ניין, ניט מיד, אָבער וואָס איז דער שכל פון שטיין דאָ אינ־מיטן לייק, לאָמיר פאָרן, לאָמיר . . .

נו טאַקע, וואָס פאַר אַ זין צו שטיין „אינמיטן" לייק? מ'קען דאָך צופאָרן אין אַ ווינקל ערגעץ. ער זעצט זיך אויף, אויגן טוען אַ זוך, כאַפּן אַ קוק וואו די אַנדערע זייַנען. קיין „יוהו", קיין שיפל, יעדער שיפל צו זיין ברעג . . .

בערנאַרד האָט אויך געזוכט אַ ברעג. אַ גאַנץ גרויס שיפל, און דער לייק אירי איז דאָך ניט קיין ים, פונדעסטוועגן וואַרפט עס אים אַזוי, ניט אַזוי אים, ווי אין אים וויגט זיך עס. ניט געדאַרפט געווען טרינקען דאָס פלעשל סאָדא וואָסער דאָרט ביים נעמען דאָס שיפל. און אפשר אויך דאָס רודערן. וואו זייַנען די אַנדערע. אָן איז דזשעק. ער ציט צום ברעג. ער'ט אויך צופאָרן. ניט דאָרט וואו דזשעק, אָן אַנדער ווינקל.

— וואו פאָרן מיר?

— צום ברעג.

— שוין צום ברעג?

— ניט שוין צום ברעג, בלויז צופאָרן אָן דאָרטן, אַהינצו, זעסטו?

נענסי האָט ניט נאָר געזען, זי האָט אויך פאַרשטאַנען, אָבער זי האָט גאָרניט קענען. פאַרוואָס זאָל זי? פלאַוערס, עליזאַבעט, שוירלי, אַלע . . .

אויפן ברעג לייגט מען זיך מיט די רוקנס אַרויף. בערנאַרד פילט זיין בויך לייגט זיך איין. ניין, עס שלאָגט שוין ניט אויף אַרויף. נעמט ער נענסיס האַנט זען צי האָט זי ניט געקראָגן קיין בלאַטערן פון רודערן. ניין. איר האַנט איז ריין. נעמט זי באַטראַכטן זיין האַנט, געפינט אַ שטיקל הויט איז אָפּגעריסן, לאַכט זי: מיידלשע הענט האָט ער, אַזעלכע ווייכע.

ער ווייכע הענט? ער ווייך? און זי „מעלקט" אַזוי זייַנע פינ־גער דערביי, אפשר ווייכע פינגער אויך. ער'ט איר ווייזן ווי ווייך ער איז . . .

— הער אויף!

ער האָט ניט אויפגעהערט.

— הער אויף, האָב איך געזאָגט. ניטע!

מאַלע וואָס אַ מיידל זאָגט ניטע, מיינען מיינט זי דאָך ביטע . . . בערנאַרד לאָזט זיך ניט בעטן.

— הער אויף פּראַוועון שטיק! — זאָגט שוין נענסי גאַנץ שטרייַנג. — איך האָב פיינט די גראָבע שטיק.

— האָסט'אַך ערשט געזאָגט איך האָב ווייכע הענט און איצט באַ־קלאָגסטו זיך אויף גראָבע שטיק, דו נאַרישע מיידל . . .

זי האָט אַ ריס געטון זיין האַנט, אים אַ שטופּ געטון פון זיך. — איך האָב פיינט די מיאוסע שטיק!

נענסי זעט אויס טאַקע צו זיין אין כעס. הער אַ מעשה, מ'פּאַרט אַרויס, מ'זיצט איינער אויפן אַנדערן . . . מ'באָדט זיך . . . מ'פּאַרט אויף אַ שיפל, מ'ליגט און . . . זי לאָזט ניט אפילו די האַנט אונטערן דיך . . . און זי נענסי, ווער איז זי אַזוינס? אַ קעלנערין אין דעם „ביזי בי". אַ צדיקות. ער גלויבט ניט. נאָר אפשר, אפשר איז ער געגאַנגען צו שנעל. טאַקע אַ ביסל צו שנעל. צוערשט וועט ער איר דערציילן אַ פּאָר מעשות, וויצן . . .

אַן אוצר פון וויצן האָט בערנאַרד טשייס, איין וויץ שטאַרקער פון צווייטן, איין מעשה פעטער פון דער צווייטער, ער דערציילט און נענסי לאַכט, ווערט רויט און לאַכט. גענוג זיך אָנגעלאַכט, זאָגט זי פאַר־שעמטערהייד: איצט וועל איך דערציילן איין וויץ. און זי דערציילט, ניט קיין ערגערן וויץ ווי זיינע, אָבער אָפּגעדערציילט גיט זי אַ לייג דעם קאָפּ צום גרונט, וויל ניט קוקן אויף אים. אַהאַ, זי קען אויך. זי איז אָלרייט. אָט איצטער אַ . . .

אַ פּאָר שעה איז מען געלעגן, אָבער ווייטער ווי די האַנט אונטערן דיך איז בערנאַרד פּאָרט ניט דערגאַנגען.

ווען מ'האָט אריינגעגעבן די שיפלעך האָבן אַלע זיך איבערגע־קוקט, געשמייכלט. שולדיקע שמייכלען וועלכע מ'האָט געזוכט צו פאַררייַדן, פאַרשרייען, פאַרטומלען. לויפן, שפּילן באָל. דאָס האָט פאַרטריבן די שמייכלען, עס האָט אָבער אויפגעוועקט דעם הונגער, דעם דורשט. שוין טאַקע באַלד נאַכט. בערנאַרדן האָט מען אריינגע־שטעקט אַ פלעשל ביר אין האַנט. זאָל ער זאָגן ער וויל ניט, ער קען ניט טרינקען קיין ביר? ער קען ניט אויסטרינקען אַ פלעשל ביר נאָך אַזאַ טאָג? זעט אומישנע ווי ער קערט איבער דאָס פלעשל.

דער האַלז האָט זיך געטון אַ פּיל אָן אַז ער האָט געמיינט ער ווערט דערוואָרגן. ער האָט ראש אַרונטערגעלאָזט דעם פאַרריסענעם קאָפּ, בדאי דער ביר זאָל אַרויס דורכן נאָז אַבי ניט דערוואָרגן ווערן. גוט וואָס מאָרריס האָט זיך אויף פאַרכלינעט. דזשעק לערנט זיי: מ׳גיסט ניט מיט אַמאָל. מ׳האַלט דאָס פלעשל ניט איבערגעקערט נאָר אָט אַזוי אָ, אויף איין פלאַך מיט דעם ארעם, זעט? אָט אַזוי אָ, פּאַמעליך. בערנאַרד האָט געפאָלגט דזשעקס אָנווייזונגען און טאַקע אויסגעטרונקען דאָס פלעשל ביר. געוויס, ער וואָלט בעסער עפּעס געגעסן, געגעסן אַ געשמאַקע זאַך, דער ביר, פילט ער, בורעט אים שוין אין בויך. ער זאָל כאָטש פאָרנדיק ניט פילן צום ברעכן אָט ווי פריער . . . געבראָכן האָט בערנאַרד שוין מער ניט געבראָכן, אָבער אין בויך האָט געבורעט, אין מויל איז געווען פּאַסקודנע, און נענסי אויף די קני איז אַזוי שווער. אים אַרט ניט וואָס זי זיצט אויף אים . . . ניין, דאָס אַרט אים איצט ניט, אָבער זי איז פּשוט אַזוי פאַרדאַמט שווער, די קלאָץ מוז וועגן אפשר הונדערט און פופציק פונט. ווען ער קען זיך אויסציען, זיך אַוועקלייגן אַפּרוען, שלאָפן.

— ערשטע סטאַנציע! — האָט דזשעק אויסגערופן. דער טאָרמאָז האָט געקוויטשעט מ׳האָט געקענט מיינען אַז אַן אויטאָמאָביל האָט גע־האַלטן ביי איבערפאָרן אַ מענטשן און זיך געמוזט ראַש אָפּשטעלן. דער פאָרד איז געבליבן שטיין, די „אויערן״ איבער די פאָדערשטע רע־דער האָבן זיך געטרייסלט. אָפּשטעלן דעם מאָטאָר האָט דזשעק ניט געוואָגט, דאָס וואָלט געמיינט נאָכאַמאָל „קריינקען״. לייאָנעל מיט שוירלין זיינען אַרונטערגעקראָכן.

— נעקסט? — האָט דזשעק, מעשה קאָנדוקטאָר, געפרעגט.

וועט ער נאָך דאַרפן אַרונטערגיין מיט נענסין? ער וואָלט אַ סך בעסער געגאַנגען שלאָפן. זי קען נאָך וועלן גיין אין אַ מואווי, און ער איז מיד פון טאָג, מיד פון איר מיט איר אָפענעם בוזים, אירע נאַ־קעטע ליטקעס, איר דיך . . . דאָרט אין ווילאָר־ביטש. אָבער קען זיין אַז נאָך אַ מואווי, נאָך אַ רעסטאָראַן . . .

— נעקסט וועט איר מיך אַרונטערלאָזן, — זאָגט נענסי. — זיך פאַרקירעווען ביים צווייטן ראָג. די פערטע הויז פון ראָג. — און מער צו דזשעקן ווי צו בערנאַרדן, — מאָרגן דאַרף איך עפענען דעם פלאַץ,

מוז אויפשטיין פרי. אָט דאָ אָ, דאָ איז עס. קענט זיך גלייך אָפּ־שטעלן, גלייך דאָ. אַ דאַנק, אַ שיינעם דאַנק. אַ גוטע נאַכט.

וואָס איז דער חילוק ווען זי האָט געדאַנקט, אים צי דזשעקן. זאָל זי גיין. ווען גייט זי אָן? אים גייט ניט אָן נענסי. קיין נענסי. ער גיט ניט קיין צוויי סענט פאַר אַלע פרויען. און דער פּאָס־קודנער ביר. ער טרינקט שוין מער קיין ביר. נאַדיר גאַר ביר. — לאָז מיך אַרונטער אָט דאָ אָ. אַ גוטע נאַכט.

בערנאַרד איז געווען צופרידן וואָס ער איז שוין געווען אין דער־היים. זיך אריינלייגן אין בעט און שלאָפן, שלאָפן. ער זאָל נאָר ניט פילן אַז די בעט וויגט זיך אונטער אים אָט ווי די זאַמד דאָרט ביים לייק, און נענסי זאָל צו אים ניט קומען . . .

נענסי איז די נאַכט ניט געקומען צו חלום, אָבער דאָ אַ סך נעכט און אויך נענסיס אַ סך, אַ סך נענסיס און — איינע, די נקבה . . . ניט איין אָוונט האָט בערנאַרד געבלאָנזעט אין די גאַסן, ברוגז געווען אויף דער שטאָט פאַרוואָס זי איז אַזאַ פרומע, האָט ניט קיין באַזונדערן געגנט מיט רויטע לאָמטערנס וואו ער זאָל קענען אריינגיין זיך אויס־קלייבן אַ נענסי . . . אודאי זיינען דאָ נענסיס, נאָך ווי דאָ! אָט די אַ וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען איז אַ . . . און אין דער הויז . . . וואָרט נאָר, אויף סידער עוועניו, האָט דזשעק געזאָגט, ביי דער ביין און דרייסיקסטער, דאָרטן געפינט זיך . . . און ווי אַז דזשעק וויל דאָס פּראָווען אַ שטיקל? אים אָפּטון אַ שפּיצל? פאַרוואָס זאָל ער עס טון? דאָס האָט ער דאָך געזאָגט אַזוי זיך, צו רייד געקומען. ער וועט צוגיין. איין רולעט, האָט ער געזאָגט, אַרויפגעצויגן, די איבעריקע אַרונטערגעלאָזט. דאָס מוז עס זיין. וואָס פאַר אַ שוואַרץ יאָר? פאַר ווען האָט ער מורא, פאַר ווען? אַנקלאַפּן! דריי קלעפּ, פאַר־זיכטיקע, איין קלאַפּ אָפּגעטיילט פון צווייטן. טריט. געמעגט שווערן מענערישע.

— ווער איז דאָרט?

זיכער אַ מאַן. זיך אָפּטראָגן, אַנטלויפן. אָבער די קני, די פיס ווי פון קיט, קענען זיך ניט רירן, און דאָס האַרץ . . .

— וואָס ווילסטו?

— איך . . . איך קלייב לייענער, אַבאָנענטן פאַר דער „פרעס“, וואָלט איר . . . איך מיין, וואָלט איר . . .

— האָסט אויסגעקליבן די פּאַסיקע צייט צו קלייבן אַבאַנענטן.

די שטימע. הערנדיק אָט די הייזעריקע שטימע האָט ער שוין אפילו מורא געהאַט אויפהויבן די אויגן, זען, כאַפּן דעם פּנים.

— אנטשולדיקט. אַנטשולדיקט, איך בין אַ סטודענט, לערן שפּעט . . .

— פֿאַרנעם זיך! אַוועק פון דאַנען! דו . . .

די פּיס האָבן זיך אַ ריר געטון. ער האָט נאָך געהערט דעם קלאַפּ מיט דער טיר. נאָך גוט אָפּגעשניטן. וואָס טוט ער ווען דער גוי רופט אים אַריין אינעווייניק? גוט וואָס אים איז איינגעפאַלן די מעשה מיט די צייטונגען. און דזשעקן וועט ער אָנלערנען. ער׳ט אים שוין אָפּ־טון אַ שפּיצל. און אפשר? אפשר איז דאָס ניט דאָס ריכטיקע הויז? אפשר איז דאָס גאָר אָט דאָס הויז? יען הויז? ניין, דעם אָוונט וועט ער שוין ניט גיין אין קיין הויז. געהאַט גענוג דעם אָוונט. אָבער אַ הויז! אַ . . . פרוי. זאָל זיין אַ ווייסע, אַ שוואַרצע, אַבי אַ פרוי, אַ . . . נקבה.

(17)

אומגעריכט האָט בערנאַרד געפונען וועמען ער האָט אַזוי לײַדנ־שאַפטליך געזוכט.

אינם פאַרגרעסערטן שאַפּ איז בערנאַרד שוין געווען שיר ניט דער פאַרוואַלטער. דער אַלטער באַרני קאהן איז געווען פאַרנומען ביים שנייד טיש, ביי די מאַשינען, האָט ער אַלע אַנדערע אַרבעטן פון שאַפּ געלאָזט פאַר בערנאַרדן. בערנאַרד איז שוין אפילו געגאַנגען אין אַ פּאָר קראָמען אין שטאָט, געוויזן מוסטערן, געקראָגן באַשטעלונגען. דאָס האָט אים אָבער ניט צופרידנגעשטעלט. ער האָט געוואָלט זיין אַ פאַרקויפער, און ניט דוקא אין קליוולאַנד, אויפן וועג האָט ער גע־וואָלט אַרויספאָרן — זיין אַ רייזענדער פאַרקויפער. ער האָט שוין אפילו געקויפט אַ גענוצטע שעוראָלעי קופּע. איין מאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל האָט ער דערמאָנט און געמאָנט ביי באַרני קאהן: נו, ווען שיקט ער אים שוין אַרויס „אויפן וועג״? ביז באַרני קאהן האָט אַ זאָג געטון: אָלרייט, אָלרייט, נעם דאָרטן אַ פּאָר שמאַטעס און פאָר דיר אַרויס! — צו זיך האָט ער אַ בורטשע געטון: וועט קומען צוריק מיטן . . . אַבי פּטרן געלט!

שמאַטעס? ביי בערנאַרדן זיינען קליידלעך נאָך ניט געווען קיין שמאַטעס. ער האָט פּאַרזיכטיק איינגעפּאַקט די שענסטע מוסטערן, גענומען די צוואַנציק דאָלאר וואָס באַרני האָט באַוויליקט אויף הוצאות און מיט אַ זיגערישן קוק: מאַכט אַ וואַרע! איך, בערנאַרד טשייס, דער פּאַרקויפער, לאָז זיך אַרויס אויף דער וועלט, — האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט מיט זיין שעוראַלעי אויף דער רייזע.

ער האָט אָנגעשפּאַרט אַזש אין טאָלידאָ. פאַרפאָרן אין קאָלאָ־ניאַל האָטעל, האָט ער מיט חשיבות אַ זאָג געטון צום מאַן ביים פאַר־באַנק: איך וויל האָבן אַ מוסטערן צימער. דער מאַן, מיטן לאַנגן קרעם קאָליר פּנים, אָן ברעמען, אַזוי אַז דער גאַנצער פּנים האָט אויסגעזען איינס, ניט איבערגעהאַקט, די שיטערע שטרוי האָר צוגעפּלעטשט אין דער ברייט צום שאַרבן, האָט אַ קוק געטון מיט די וואַסערדיקע גרויע אויגן און קאַלט אַ זאָג געטון צום אינגל אין מונדיר: דריי פערצן. דער־ביי דערלאַנגט דעם אינגל אַ שליסל מיט אַ לעדערן הענטל נאָכגע־האַנגען. ניין, דער מאַן איז ניט נתפּעל געוואָרן פון דעם וואָס בער־נאַרד טשייס איז אַ רייזנדער פאַרקויפער. דער צימער אַ געוויינלי־כער צימער, מער ניט, ביי דער זייט איז געשטאַנען אַ שטאַנג געמאַכט פון צוזאַמענגעשלאָסענע רערן, אויף דער שטאַנג — הייגערס אויפצו־הייגען קליידלעך. פּ אַ ר אים שוין געווען דאָ קליידל פאַרקויפער, נ אָ ך אים וועלן קומען פאַרקויפער, ער, בערנאַרד טשייס, ניט דער איינציקער.

אין דעם דעפּאַרטמענט סטאָר „דער מיטל־וועג" — די גרעסטע קראָם אין טאָלידאָ — איז בערנאַרד אויך ניט געווען דער איינציקער צו קומען פאַרקויפן קליידלעך, זיין וויזיט קאַרטל „בערנאַרד טשייס, קליידער פאַרקויפער" (די פירמע באַרני קאהן האָט ער זיך געשעמט אַרויפשטעלן), האָט ניט געעפנט גלייך די טירן פון די קויפער אָדער פאַרוואַלטער דאָרט, ער האָט געדאַרפט לאַנג זיצן און וואַרטן ביז די קויפערין מיסס ריאַרדאַן האָט זיך באַוויזן.

ער האָט צוערשט דערפילט אַ פאַרפום און פודער גערוך און ערשט נאָכדעם דערזען די פרוי פאַר זיך. ער איז דאַן אויפגעשפּרונ־גען, זיך פאַרנייגט, דער שמייכל, דעם פאַרקויפערס שמייכל, האָט זיך באַוויזן.

— עס טוט מיר לייד וואָס איך האָב אייך געלאָזט אַזוי לאַנג וואַרטן.

די אויגן האָבן געשלונגען די בריסט, די ניפּלען וואָס האָבן זיך בולט געצייכנט פון אונטער דער געפּאַסטער קלייד, ראַש אַריבערגע־שפּרונגען צום ברייטן מויל מיט די לייכטע שאָטנס אין די ווינקלען, אַריינגעכאַפּט דאָס רינוועלע אויף דער אויבערשטער ליפּ אונטער דער נאָז. דאָס מויל זיינס האָט גערעדט: — ס׳מאַכט ניט, עס מאַכט ניט, דאָ געננוג צייט . . .

— אָבער איך האָב קיין צייט ניט, — האָט די הויכע פּרוי שיר ניט באַפּעלעריש אַ זאָג געטון, אַ פּיר געטון מיט די אויגן איבער בער־נאַרדן, אים אָפּגעמאָסטן און מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטון: לאָמיר זען וואָס איר האָט.

אַ וואוקס פון אַ שיקסע! אַ בוזים דאָס האָט! אַ פּנים. ווי אַלט איז זי? נאָך אַ גאַנץ יונגע. די פינגער האָבן פיבעריש געאַרבעט עפענען דאָס קעסטל, די אויגן האָבן דאָך געכאַפּט — דינע פּיס, שלאַנקע שיינקלען. איין קליידל, אַ צווייטס, אַ דריטס . . .

— דאָס אַלעס וואָס איר האָט?

זיך ניט געלוינט צו קוקן זאָגט דער טאָן פון די ווערטער, די אויגן שמייכלען — נישקשה פון אַ פּאַרקויפער!

בערנאַרד האָט נאָך קליידלעך. אודאי האָט ער נאָך קליידלעך. אין האָטעל וואו ער איז פאַרפאָרן האָט ער זייער אַ גרויסן אויסוואַל. ניט נאָר האָט ער קליידלעך, ער האָט אויך אַ געשליפן צינגל, אַ מויל אויף שרייפלעך וואָס רעדט און רעדט, אַ שמייכל וואָס גלעט און בעט, אַ פיינעם קאָפּ געלאַקטע האָר, און אפילו וואָנצעס, קליינע וואָנצעלעך — מייזן עקעלעך, אָבער זיי „ליגן" אַזוי אויסגעגאָסן איבער זיין ליפּ. בערנאַרד איז אַ מאַן, אַ „סיילסמאַן". — וואָלט זי געוואָלט אַרויפקו־מען צו אים אין האָטעל, אָנקוקן זיין סחורה?

— זי האָט קיין צייט ניט. פּאַרנומען, זייער פּאַרנומען, זי קען ניט אָפּרייסן אַ מינוט, סיידן מאָרגן אינדערפרי. ניין, מאָרגן שוין אויך פּאַרנומען.

— וואָס מכח אַ נאַכט עסן צוזאַמען און נאָכן עסן וועט זי אַרויפ־גיין אויף אַ ווײַלע, טאַקע אַ פּאָר מינוט בלויז . . .

בערנאַרד האָט געפילט ווי זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן קלאַפּן

שטאַרקער. ווי האָט ער עס געוואָגט? און ווי איז דאָס איינגע־פאַלן! האָט ער שוין שטאָלצירט מיט זיין המצאה, און די פריילעכע אויגן האָבן געדופן: קום, קום עסן מיט מיר!

אירע גרוי בלויע אויגן האָבן אויך אויפגעפינקלט, אין די ווינקלען פון מויל, אין די לייכטע שאָטנדלעך דאָרט, האָט אַ שוועב געטון אַ שמייכל: אַזאַ יונגער צוציק. די ליפּן האָבן עטוואָס אַ ציטער געטון. דער בחורל האָט חוצפּה! אַזאַ יונג בחורל, ניט קיין מיאוסער. — נו, דאָס קען איך טון, גיט צו די מיסס ריאַרדאָן.

— פיין! דאָס איז פיין! איכ׳ל . . .

— מיר פאַרמאַכן זעקס אַזייגער.

— פיין, — האָט נאָך בערנאַרד ניט געקענט קומען צו זיך, — איכ׳ל וואַרטן אויף אייך, איכ׳ל . . .

דעם גאַנצן נאָכמיטיק האָט בערנאַרד ניט געוואוסט וואָס צו טון מיט זיך. ער איז אַרויפגעלאָפן אין האָטעל, אויסגעהאַנגען, איבער־געהאַנגען די קליידלעך אויפן שטאַנג, זיך געשטעלט פון ווייטן, באַ־טראַכט, איבערגעהאַנגען ווידער אַמאָל, אַרונטערגעלאָפן אין גאַס, צו־ריקגעקומען. אפשר צופוצן אַביסל? אפשר קויפן בלומען? אפשר . . . וואָס אַזוי צוטראָגן? וואָס אַזוי אויפגערעגט? אַ קויפערין, אַ שיקסע וועט קומען אָנקוקן זיינע קליידלעך. נו אודאי, אַזוי גייט עס, אַלע טוען אַזוי, זי איז ניט די איינציקע, נאָך קויפערינס וועלן קומען. פונדעסטוועגן איז ער שוין אין קיין אַנדער קראָם ניט געגאַנ־גען. דאָ האָט ער געקוקט אויף זיין שטאַנג קליידלעך און אַ צי געטון איין קליידל, דאָ האָט ער געקוקט אויפן טישל מיטן אַש שיסעלע, אי־בערגעלייגט די ביבעל פון איין אָרט אויפן צווייטן, און וויפיל מאָל האָט ער זיך שוין אָנגעקוקט אין שפּיגל. די לעצטע אינספּעקציע. פאַרקעמט און צוגעגלעט די האָר אַז קיין האָר קריכט ניט אַרויס, דאָס שניפּסל פאַרריכט און פאַרצויגן דעם קנופּ וואָס מ׳דאַרף גאָר ניט בעס־ער, די וואָנצעס — זיין מענערישער שטאָלץ — פיין! די פיר שפּיצן פון טיכעלע שטעקן אַרויס פון דער אויבערשטער קעשענע געניי ווי־פיל מ׳דאַרף, און דער שמייכל . . . יאָ, אָט דער שמייכל איז גוט, דאָס מויל ניט צופיל געעפנט, די ציין, זיינע גלייכע, בלוילעכע ציין, זאָלן זיך עטוואָס ווייזן. ער איז זיך געפעלן געוואָרן. נאָך צוואַנציק מי־נוט. ביז ער׳ט צוגיין, ביז . . .

ער האָט געוואַרט פולע צען מינוט ביז זי האָט זיך באַוויזן, און ווען ער האָט זי דערזען האָט ער זיך אַ לאָז געטון צו איר אָט ווי דאָס וואָלט געווען זיינע אַ געליבטע מיט וועלכער ער האָט געהאַט אַ ראַנ־דעוואו. ער וואָלט זי געגומען אונטערן אָרעם ווען זי טוט זיך ניט פּלוצלונג אַ שטעל אָפּ פאַר אים: פּונקט אין צייט! ווי אַנדערש זי זעט אויס דאָ אין גאַס, אין היטעלע, לייכטן מאַנטל. נאָך העכער, חשובער — אַ ליידי. ער דאַרף „אויסנעמען" אַ ליידי.

— נו, וואוהין גייען מיר? — פרעגט די ליידי.

אַ האַרבע פראַגע. וואָס ווייסט בערנאַרד וואו מ'דאַרף גיין מיט אַ ליידי, נאָך אין טאָלידאָ דערצו. — ער קען ניט דאָס שטעטל צו גוט, אפשר קען זי פאַרשלאָגן אַ פּלאַץ וואו מ'קען קריגן אַ גוטן מאָלצייט, אַ גוטן טרונק . . .

— וואו האָט איר זיך אָפּגעשטעלט?

— אין די קאָלאָניאַל, — האָט ער ניט אָן שטאָלץ אַרויסגערעדט.

— מיר קענען קריגן אָן אַנשטענדיקן מאָלצייט דאָרטן. — איר טאָן — דער טאָן פון איינעם וואָס ווייסט, אַ מבין.

בערנאַרד איז געווען ניט אַזוי צופרידן. ער האָט באַמערקט דעם עס זאַל אין האָטעל. ער האָט געזען די ווייסע טישטוכער, די מענע־רישע קעלנער אָנגעטון אין שוואַרץ. אַזאַ גרויסער עס זאַל, אַזוי שטיל דאָרט, מוז קאָסטן זייער טייער. פון זיינע צוואַנציק דאָלאַר . . .

— יאָ, עס איז אַ פיינער פּלאַץ. גייען מיר אַהין. — זאָגט ער, און אין געדאַנק שלעפּט זיך נאָך — אין אַזאַ עס זאַל, אין אַ האָטעל, דאַרף מען וויסן ווי צו עסן . . .

— וועט טאַקע זיין גאַנץ באַקוועם, — פאַררעדט ער זיך אַליין, — גלייך נאָכן עסן קענען אַרויפגיין. — און טרייסט זיך אין געדאַנק: שוין ווי עס איז דורכקומען.

דער קעלנער האָט זיך העפליך פאַרנויגט פאַר איר, פאַר אים. נו, דאַרויף איז ער דאָך אַ קעלנער, דאַרף זיך פאַרנויגן. אָבער זי ענטפערט מיט אַ שמייכל און דער קעלנער פרעגט ניט ווי סתם אַ קעלנער, נאָר ווי אַ באַקאַנטער קעלנער: וואָס מאַכט איר?

— פיין! וואָס מאַכט איר?

— דאַנק. פיין. נו, וואָס וועט איר היינט האָבן?

— האָט עפּעס גוטס?

— מיר האָבן . . .

מיסס ריאַרדאַן שטודירט די מעניו, בערנאַרד שטודירט די מעניו. אַזעלכע מאָדנע עסנס, אַזעלכע פרעמדע ווערטער, נעמען. ווער ווייסט וואָס פאַר מאכלים דאָס זיינען, ניטאָ קיין איין געריכט וואָס ער זאָל עס וועלן, סיידן ער זאָל בעטן . . . „העם ענד אייגס“ אָט ווי אין „ביזי בי“.

— ווי איז עפּעס דעם שעפס ספּעשל? — פרעגט זי.

— פיין! — ענטפערט דער קעלנער, — ס׳איז ווירקליך זייער גוט היינט.

זי טוט אַ נויג דעם קאָפּ. אַ לייג די מעניו, און דער קעלנער גיט שוין אַ נויג דעם קאָפּ צו בערנאַרדן. — און דער זשענטלמאַן?

בערנאַרד טוט אַ נויג דעם קאָפּ. — דאָסזעלבע, — טוט אַ זאָג דער קעלנער, גיט אַ לייג איבער די סאַלפּעטקע.—עפּעס צום טרינקען?

וואָס וויל פון אים אָט דער קעלנער? ווידער אַ קאַרטע? ווידער שטודירן?

— אַ טרוקענער מאַרטיני.

בערנאַרד טוט ווידער אַ נויג דעם קאָפּ און דער קעלנער באַשטעטיקט — דאָסזעלבע.

אַ ליידי. פאַר אַ ליידי, ווייסט בערנאַרד, דאַרף מען אַרונטערנעמען די היטל אין עלעווייטאָר, אַ ליידי דאַרף מען לאָזן גיין אַפריער, אַ ליידי דאַרף די ערשטע זאָגן וואָס זי וויל, מ׳דאַרף אויך וואַרטן, לאָזן די ליידי פריער נעמען אין מויל דאָס עסן, דאָס טרינקען, ער׳ט שוין נאָכפאָלגן . . .

האָט דער ליידי אַ ברי געטון אין האַלז ווי אים? ניין, ער האָט זיך ניט פאַרכלינעט, ער האָט בלויז אַ שטאַרקן דריק געטון די באַקן, די ליפּן, דערשטיקט די משקה. זי זאָל כאָטש ניט באַשטעלן קיין ביר. בורגונדי האָט זי געבעטן, און ער האָט אַ נויג געטון מיטן קאָפּ—דאָסזעלבע. וואָס איז דאָס פאַר אַ משקה? עס זאָל כאָטש ניט אַרויפשלאָגן צוריק ווי דער ביר דאַן . . . דאָס ביסל בראַנפן האָט אים . . . ניין, ער פילט עס אפילו ניט, אַ ביסל וואַרים בלויז, אָבער דאָ אין עס זאָל איז וואַרים, ווייטער אַזוי . . .

— אַ פיין שטעטל טאָלידאָ . . .

בערנאַרדן דאַרף מען ניט פּיקן אונטערן צונג, ער קען רעדן. ניט

נאָר וועגן געשעפט, קליידלעך. ער קען רעדן וועגן מואוויס, אַקטיאָרן, אַקטריסעס, אַרויספאָרן, פאַרברייינגען. — איין מאָל איז ער אַרויסגע־פאָרן אַהין, איין מאָל . . .

— געוועזן אַמאָל אין סידער פאָינט?

שיר שיר האָט ער ניט אַרויסגעזאָגט יאָ. ווי פאַסט עס פאַר בערנאַרדן ניט צו האָבן געוועזן אין סידער פאָינט? ער האָט אָבער מורא געקראָגן, אפשר איז זי געוועזן דאָרט.

— זייט איר געוועזן דאָרטן?

— יאָ, זי איז געוועזן דאָרט. זייער אַ שיינער פּלאַץ.

בערנאַרד טאָר ניט אָפּשטיין אין ענין שיינע פּלעצער. ניטאָ אַ זונטיק וואָס ער זאָל ניט אַרויספאָרן. איין זונטיק זיינען זיי אויס־געפאָרן קיין וויללאָוביטש. אַ פיינער פּלאַץ. אַרויסגעפאָרן אַ גאַנצע חברה מיידלעך, בחורים, מיטגענומען אַ ביסל שנאַפּס אויך . . . — אַ פאַרשווערערישער קוק. — און האָט מען דאָרטן פאַרבראַכט, האָט מען זיך דאָרט אַמוזירט!

זי זופט אַזוי פאַמעליך איר בורגונדי. נו, אַ ליידי פאַסט ניט טרינקען מיט אַמאָל, אָבער ער איז דאָך אַ מאַן, ער קען אַ טרונק טון.
— גוטער וויין, — זאָגט ער מעשה קענער און איילט זיך אריינצו־כאַפּן אַ ביסן אין מויל.

די ליידי אַנטקעגן באַשטעטיקט אַז דער וויין איז ניט שלעכט, איר צינגל באַלעקט די ליפּן. אירע אויגן איצט אַזעלכע בלויע, גלאַנ־ציקע, אָבער ווי קלענער געוואָרן, שפּיציקע פּינטעלעך שטעכן זיין פּנים, אַ שטאָך דאָ, אַ שטאָך דאָרט, ניט וויי צו טון, אויספּרואוון בלויז. דער בחורל מוז זיין אַלט אַ יאָר . . . זיין מויל . . . זיינע אויי־בערשטע אויגן לעדלעך. נאָך קיין קנייטש אין זיי . . . ער מוז נאָך זיין אַ בחור, אַ . . . צעלקע.

— ווייזט אויס איר פאַרברייינגט גאַנץ גוט.

אַט דער טאָן ביים „גאַנץ גוט“, דער שמייכל פון די אויגן דערביי, אַזאַ דייטליכע אָנצוהערעניש אויף . . . מיידלעך. — איך זאָל עס דיינקען אַזוי! — ענטפערט ער גאַנץ האָפערדיק, און, עטוואָס שטילער, מיט אַ צניעותדיקן טאָן, אָבער אונטערגעשלאָגן מיט אַן אויסגעלאַסע־נעם מיין, — פאַרוואָס זאָלן מיר ניט? — דאַן אַ קוק.

אויגן האָבן זיך באַגעגנט.

— עס גייט אויף אַ לאַד, — האָט אויפגעשטראַלט ביי אים אין די אויגן. אירע אויגן, איר מויל . . . ער האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן.

— ביסט אַ אינגל, אַ קליין אינגל . . . איך קען דיך זען אַ נאַקעטן . . . אַ צעלקע . . . איך וועל דיך זען אַ נאַקעטן . . . — פינקלט אין אירע אויגן און די שאָטנדלעך אין די מויל ווינקלען מיניען זיך, דאָס צינגל בלאָנזעט צו די מויל ווינקלען.

— וואָלט איר געוואָלט אַ ליקער מיט אייער קאַווע?

אַ קוק אויפן קעלנער, אַ בליק אויף בערנאַרדן: — יאָ, איך וועל עס נעמען.

בערנאַרד האָט אַ נויג געטון דעם קאָפּ. — אויך אַ ליקער. — ער האָט איר פאָרגעשלאָגן אַ ציגאַרעט,ביידע האָבן פאַררויכערט. ער האָט זשעדנע געצויגן, געשלונגען דעם רויך, זי האָט פּאַמעליך צוגע־טראָגן דעם ציגאַרעט צו די ליפּן, לאַנגזאַם געלאָזט דעם רויך, ניט זי האָט גערויכערט, זי האָט זיך געשפּילט מיטן רויך, מיט . . . אים. דורכן רויך האָט זי געזען זיינע פאַררויטלטע באַקן, זיינע שכורלעך גלאַנ־צענדיקע אויגן. פאַר זיינע אויגן האָט זיך אַ רויך פאַרצויגן, אַ רויך ניט נאָר פון טאַבאַק. פּנים און בריסט האָבן זיך ווי פאַרמישט, רונד־קייטן, קיילעכדיק . . . קיילעכדיק . . . רעדער האָבן זיך געדרייט. ניין, ער איז ניט שכור. וואַרים בלויז. דאָ איז וואַרים.

— יאָ, ער'ט טרינקען נאָך אַ טעפּל קאַווע. זי ניט? ער איז אַ שטאַרקער קאַווע טרינקער.

טרינק, טרינק, אינגל. ביסט שוין אַ ביסל שכורלעך. צו שכור וויל איך דיך ניט זען. איך וויל דיך ע ט ו ו אַ ס שכורלעך, צו־געפּראָוועט פּונקט אין דער מאָס, אָט אַזוי אַ. — ווי אַלט זייט איר, אויב איך מעג פרעגן?

— איך? — ער האָט געפילט אַז ער פאַררויטלט זיך. — צוויי און צוואַנציק.

— ווירקליך? זעט ניט אויס.

— נו, אייניקע מענטשן קוקן אויס אַ סך יונגער ווי זיי זיינען.

— און ווי אַלט זע איך אויס?

— איר? — וואָס פרעגט זי מיט אַמאָל וועגן עלטער? זיך האָט ער צוגעגעבן אַ פּאָר יאָר, ביי איר, האָט ער געוואוסט, דאַרף ער אַרונ־

טערנעמען, אָבער ווי אַלט קען זי טאַקע זיין? אסור אויב ער ווייסט.
— זי? זי מוז זיין אין איין עלטער מיט אים.

אַ שמייכל. — נו, ניט ג ע נ ו י געטראָפן, אין דעם ערך, — האָט זי שיר ניט לאַכנדיק אַ זאָג געטון. אינגל. נאַרישער אינגל. — נו, איך גלויב עס איז צייט. — זי האָט אַ קוק געטון אויפן זייגערל. איר איז אויך געווען וואַרים, זי האָט געפילט דאָס עסן, די משקה, דאָס אינגל אַנטקעגן איר. איר צינגל האָט ווידער אַ לעק געטון די ליפּן.

בערנאַרד האָט אַ לייג געטון דאָס צענערל אויפן זילבערנעם טעצל, אָט ווי קיין קלענערע געלטער וואָלט ער קיינמאָל ניט געהאַלטן, דאָס זילבער אויסגאַב האָט ער געלאָזט אויפן טעצל — ווער נעמט עס קליינגעלט אין האַנט? די פּאַפּירלעך האָט ער, ניט געציילט, אריינ־געשטעקט אין קעשענע — ווער קוקט זיך עס אום אויף אַזעלכע קליי־ניגקייטן? ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג איר העלפן אַנטון דעם מאַנטל, דער קעלנער האָט אים שוין געהאַט איבערגעיאָגט. זי האָט בלויז איבערגעלייגט דעם מאַנטל איבערן ארעם, אַנטוישט ביידן, דער־פאַר אָבער האָט בערנאַרד זי אַריינגעלאָזט אין דער ווינדע, דאָרטן געשטאַנען מיט דער היטל אין האַנט — זעט, איך גיב אָפּ כבוד דער ליידי, איר אַנדערע טוט עס אויך. — דריי פּערצן! — האָט ער אויס־געדופן.

אין צימער האָט ער ביי איר צוגענומען דעם מאַנטל, זי האָט אים דערלאַנגט דאָס היטעלע אויך און אַ זאָג געטון: גיט מיר אַ ציגאַרעט!

זי האָט זיך אַנידערגעזעצט, פאַרלייגט אַ קני איבער אַ קני, גע־לאָזט אַ לאַנגן, שמאָלן זייל רויך פון אַ מויל פלעשעלע. ער האָט אויך פאַררויכערט. פון הינטערן רויך האָבן אויפגעפלאַקערט לאַנגע, לאַנגע שיינקלען, זאָקן, זיידענע זאָקן. גלאַט. ער קען פילן די גלאַטקייט, אָט פירט ער מיט דער האַנט איבער דער זאָק, די האַנט גייט העכער, העכער. די קני זיינען איבערגעקרייצט, לאָזן דער האַנט ניט גיין. אַ שער. עפענען די שער ברייטער, צענעמען ברייטער, ווייטער, העכער, ביז . . . זי האָט איבערגעביטן די קני, אַ שאַר געטון דאָס קליידל צו פאַרדעקן, אַרויסגעקומען איז אַז ער האָט דערזען דאָס זאָקן בענדל, אַ שטיקל לייב האָט געוואונקען. ער האָט איר אונטערגעטראָגן דאָס אַש שיסעלע.

— אַ דאַנק.

אַזאַ פֿאַרעווער דאַנק. דער דאַנק שטימט אַזוי ניט מיט איר קוק . . . ווי אירע אויגן גלאַנצן! זי האָט פֿאַרדישעט דעם ציגאַרעט, זיך אַ הויב געטון.

— נו, לאָמיך זען וואָס איר האָט.

איין קליידל, אַ צווייטס, אַ דריטס. ביידע שטייען ביי דער שטאַנג, דערלאַנגענדיק אַ קליידל טוט זיין ארעם אַ שאַר אירן, דער שאַר טוט אַ ברי, איר פֿאַרפֿום טוט אַ פֿאכע, פֿאַרטשאַדעט אים. אים איז הייס, פֿאַר די אויגן אַ וואַרימער נעבל, ער קען ניט זען, קען אפֿילו ניט רעדן. בערנאַרד קען ניט רעדן! איין קליידל האָט זי געהאַלטן לייגגער, עס געטון אַ לייג צו דער ברוסט, אַ מעסט.

— ווילט עס אָנמעסטן?

זי האָט דערהערט דעם ציטער אין די ווערטער, דערלאַנגענדיק אים צוריק דאָס קליידל האָט זי געכאַפּט דעם ציטער אין זיינע פֿינגער. מיט אַ שמייכל האָט זי אַ זאָג געטון: קען עס אָנמעסטן.

זי האָט אַרונטערגענומען איר קלייד אָט ווי זי וואָלט געווען ביי זיך אין באד צימער און געבליבן שטיין אין אַ קליין שמאָל ליפּטשיקל און אַ פּאָר קורצע הויזלעך.

לייב. נאַקעט לייב, דאָס ביסל אנטועכץ — פֿרעמדע שאָלעכץ. אַרונטערציען, אַרונטעררייסן די שאָלעכץ.

זי האָט געפֿילט זיינע הענט פֿאַרען זיך, פֿלאָנטערן זיך און זי האָט אים ניט געהאָלפֿן און אויך ניט געשטערט. די באַפֿרייטע בריסט, זייער נאַקעטקייט, וואַרימקייט האָבן אים אַ שלאָג געטון אין פּנים, די ליפּן האָבן זיך איינגעזאַפּט אין איין ניפּל, די פֿינגער האָבן געגלעט, געקנאָטן.

— דאָס קינד וויל זויגן, — האָט זי סודותדיק אַ זאָג געטון, זי האָט געשמייכלט, אירע הענט האָבן אַ רייב געטון זיינע האָר.

אין זיין צופֿאַל צו אירע בריסט איז געווען עטוואָס קינדישעס. גאָרניט מוטערליכעס איז געווען אין אירע ניפּלען וואָס זיינען מיט אַמאָל גרעסער, פֿאַרשטייפֿט געוואָרן. אונטער זיין דרוק כלומרשט האָט זי הינטערווייכעס זיך גערוקט צום בעט צו און ביים בעט ראנד האָט זי זיך געלאָזט איבערבויגן און עס איז אויסגעקומען אַז ער האָט זי אומגעוואַלגערט.

מיט פֿאַרזשמורעטע אויגן האָט זי זיך צוגעקוקט ווי ער האָט גע־

ריסן פון זיך זיין אָנטון און אַ שמייכל האָט געטאַנצט פאַר די אויגן. אַן ערשטלינג . . . זי זעט עס אין זיין איילעניש. ווי קאָמיש ער איז, און ווי אויפרעגנדיק! איר צינגל האָט אַ לעק געטון דעם ווינקל פון מויל . . . אַ אינגל . . .

האָט דאָס אינגל זיך פאַרשעמט פאַר זיין נאַקעטקייט? ער האָט אויסגעלאָשן די ליכט.

— די ליכט! — האָט זי אַ שיפּע געטון, אים אָפּגעשטויסן פון זיך. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, און זי האָט געסיקעט אים אין פּנים אריין. — דו נאַרישער אינגל. דאָס איז אַ האָטעל. אַזוי לאַנג ווי מיר זיינען ביידע אין צימער מוז זיין ליכטיק.

ער האָט געפאָלגט, געמאַכט ליכטיק, אַ געדאַנק האָט אַ בליץ געטון: זי ווייסט שוין פון די זאַכן, נאָכן בליץ האָט ער שוין גאָרניט געזען, געטראַכט. אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן, זי האָט אים געזען אין זיין פולער אינגלשקייט, געגנוי ווי זי האָט אים געוואָלט. אים גענוג געהאַלטן. איצטער . . .

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, אויפגעעפנט די אויגן, האָט די פינסטערניש אים אַ קלאַפּ געטון אין פּנים. פינסטער? האָט ער ניט אַליין געמאַכט ליכטיק איידער . . . ער האָט אַ טאַפּ געטון אין בעט. וואו איז זי?

ער איז אַרונטערגעשפּרונגען פון בעט, אַ דריק געטון דאָס קנעפּל. אין דער ראַשער ליכט האָט ער דערזען אַ קליידל איבערן טישל, גלייך דערביי, פון אונטער דער ביבעל, האָט זיך געזען אַ צעטעלע. ער האָט עס אַ כאַפּ געטון, געלייענט אַ באַשטעלונג אויף דריי קליידלעך פון דעם נומער 747, דאַן אַ חתימה, וואָס ער האָט זיך אָנגעשטויסן אַז עס דאַרף זיך לייענען—ריאַרדאַן, איר נאָמען. דאָס קליידל, דאָס צעטעלע אונטער דער ביבעל — אַ מין חוזק — איך האָב מיר אָפּגעטון מיינע געשעפטן, אַוועקגעגאַנגען.

זי איז אַוועקגעגאַנגען. ווי שפּעט איז? נאָך צוועלף שוין. ער איז איינגעשלאָפן, הייסט עס. ווי לאַנג איז ער געשלאָפן? איינגעשלאָפן. אַ בליץ. ער זיצט ביים סדר, געטרונקען איין כוסה, די צווייטע, אָבער די הויפּט כוסה, דער גרויסער כוס, אליהו הנביאס כוס שטייט און וואַרט אויף אליהו הנביאן ער זאָל אַריינקומען אַ טרונק טון. ער׳ט אויך וואַרטן, זען אליהו הנביא. ער האָט זיך אָבער ניט

דערוואַרט, אַנטשלאָפן געוואָרן. אויף מאָרגן האָט ער געוויינט, געהאַט טענות פאַרוואָס די מאַמע האָט אים ניט אויפגעוועקט ווען אליהו הנביא איז אַריינגעקומען. די מאַמע האָט אים געטרייסט: היינט וועט ער ווידער קומען, אָבער אויך דעם צווייטן אָוונט האָט ער אליהו הנביא ניט געזען. ווייַן האָט ער געטרונקען, אָבער אליהו הנביא האָט ער ניט געזען . . . ער האָט דאָך זי . . . גאָרניט . . . געזען . . .

אַרונטערלויפן אין גאַס, כאַפּן זי . . . צוואַנציק נאָך צוועלף. וואו וועט ער גיין? דריי קליידלעך. אַ וויץ. ער האָט אַ לייג געטון דאָס שטיקל פּאַפּיר, אַ נעם געטון דאָס קליידל און מיט אַמאָל דערפילט זיין נאַקעטקייט. ער האָט זיך אַ לאָז געטון צום בעט. אָט דאָ איז ער געליגן מיט . . . ער האָט אויסגעלאָשן די ליכט, זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט. ער האָט אַ שמייכל געטון, פאַרמאַכט די אויגן. זי זען מאָרגן . . .

אַ ליכטיקער, זוניקער פרימאָרגן. אויף בערנאַרדס פּנים אַזוי ליכטיק, אַזוי פריידיק. דעם עלעוויטאָר מאַן האָט ער געשיינקט אַ פריילעכן גוט מאָרגן, ער איז גרייט געווען צו זאָגן גוט מאָרגן יעדן איינעם. האָט ער ניט געהאַט אַזאַ גוטע נאַכט? אַזאַ נאַכט! אָט זיצט אָט די פרוי און טרינקט קאַווע. ווי זי צענעמט די ליפּן, טוט אַ זופּ . . . ער זעט אירע צענומענע ליפּן, זעט זי אינגאַנצן, אינגאַנצן! ד י פרוי, אַלע פרויען, יעדע פרוי! מאַן. מאַן געוואָרן! ער'ט זי גיין זען. זאָל ער קויפן אַ בינטל בלומען? ניין, אין קראָם, וואָס וועט זי טון מיט די בלומען? ער'ט קויפן אַ קעסטל צוקערקעס. וויפיל געלט האָט ער נאָך? אַה, וואָס גייט אים אָן געלט? אַ קעסטל צוקערקעס. אָט דאָס אָ, דאָס גרעסערע.

— מיסס ריאַרדאַן? איך דיינק זי איז פאַרנומען. וואַרט, איכ'ל זען. וואָס, האָט איר געזאָגט, איז אייער נאָמען?

— טשייס. בערנאַרד טשייס. מיסס ריאַרדאַן ווייסט . . .

נאָך אַ מין וויסן. באַלד וועט זי קומען. ער וועט . . .

— עס טוט מיר לייד, מיסס ריאַרדאַן איז פאַרנומען.

— אָבער איך מוז זי זען. איר פאַרשטייט, איר זעט? . . . — האָט בערנאַרד זיך געפּאַרעט אין זיין קאַמזויל קעשענע, אַרויסגעשלעפּט אַ שטיקל פּאַפּיר, — זי האָט ביי מיר געקויפט אייניקע קלייד-

לעך אָבער זי האָט ניט געהאַט קיין באַשטעלונג בלאַנק, זי . . . וואָלט איך זי געוואָלט זען, זי זאָל . . .

— לאָמיך זען. אָלרייט. אויב איר ווילט קאָנט איר דאָ צואַ־וואַרטן אַ פּאָר מינוט.

— זיכער, זיכער.

דאָס מיידל האָט אַוועקגעטאַנצט אויף אירע הויכע קנעפּעלעך. ער האָט געזען ווי אירע קליבעס האָבן זיך געוויגט. דאָס וויגעניש פון די קליבעס . . . ער האָט עס קיינמאָל אַזוי ניט געזען, און ווען געזען ניט באַגריפן וואָס דאָס מיינט: אַ מיידל וויגט מיט אירע קליבעס, מה בכך? איצטער אָבער, נאָך נעכטיקער נאַכט . . . ער'ט זי באַלד זען.

— דאָ האָט איר עס. אַ רעגולערע באַשטעלונג.

— און מיסס ריאַרדאַן?

— עס טוט מיר זייער לייד, אָבער זי איז פאַרנומען. זי איז ז י י ע ר פאַרנומען.

ניטאָ וואָס צו וואַרטן. און ער האָט זי אַזוי געוואָלט זען. וויל זי אים ניט זען? פאַרוואָס זאָל זי ניט וועלן? און ער האָט געקויפט אַ קעסטל צוקערקעס. אפשר דאָס גאָר איבערלאָזן? זאָגן אָט דער מיידל זי זאָל עס איר איבערגעבן? ניין, דאָס וועט ניט טויגן. ער וואָלט זי באַדאַרפט זען, דאָס איר אַליין געבן. פאַרפאַלן. אַ פיין קעסטל צוקערקעס, באַצאָלט דערפאַר . . . מילא, וועט צונוץ קומען...

(18)

— . . . אַ שיקסל — אַ בילד! — האָט בערנאַרד גערעדט. — איך זאָג דיר טאַקע אַ בילד, בלוט און מילך, מוז זיין אַ יאָר אַכצן, אפשר דאָס אויך ניט. זי גיט אַ קוק אויף די פּאָר קליידלעך — דאָס אַלעס וואָס איר האָט? זאָג איך איר, איך האָב נאָך אין האָטעל. זי האָט קיין צייט ניט. וואָס מכח אַרויסגיין צוזאַמען אויף נאַכט עסן? דאַרויף גייט זי איין. האָב איך זי אַרויסגענומען אין אַ רעסטאָראַן, אַ ג ר ו י ס אַ ר ט י ק ע ר רעסטאָראַן, דער אמתער פּלאַץ, באַ־שטעלט אַ מאָלצייט מיט אַלע באַפּוצעכצן. ווילט אפשר א טרונק? זי'ט נעמען אַ טרונק. אויסגעטרונקען איין גלעזל, איך זע מיין מיידל צוויטעט. טראַכט איך: גוט. נאָך אַ טרונק? קיין בראַנפן וויל זי

מער ניט. אָבער ווײן? יאָ. וואָס טויג דיר מעשות, אײן גלעזל, אַ צווייטס, אַ דריטס, איך זע די שיקסע פּלאָמט. פײַן. פּאַרטיק מיטן עסן. זאָג איך: נו אפשר איצט אַרויפגײן אַ קוק טון אויף די קלײדלעך? — אָלרײט, מאַכט זי, — איך בין ווילּיק צו גײן מיט אײַך וואוהין איר ווילט נאָר. — אָט אַזוי, טראַכט איך מיר, דאָס איז דיבורים! זי גענומען אונטערן אָרעם, אַרויפגעפירט זי אין צימער, ווײַז איר די קלײדלעך. ווילט אָנמעסטן? — אָלרײט, — זאָגט זי, — איך קען אָנמעסטן אויך. — נו, נו, האָב איך איר אָנגעמאָסטן! אָבער אַזוי ריכטיק. איך זאָג דיר, עס איז געווען עטוואָס . . . איך דאַרף דיר ניט דערציילן, שוין געהאַט גענוג מײדלעך, אַ נאָווינע אַ מײדל, נאָר אַזאַ ווי די . . . און שטעל זיך פאָר, אַ בתולה!

— וואָס איך הער! ביז דאַן געשלאָפן מיט דער מאַמע? דאָס איז ווירקליך עפּעס, — באַוואונדערט כלומרשט דזשעק, און ער שמייכלט און געזעגנט זיך: באַי־באַי!

ער האָט אים ניט ליב, אָט דעם דזשעק. „געשלאָפן מיט דער מאַמע“. ער קען זיך וועטן אַז דזשעק ווייסט ניט וואָס אַ פרוי איז, קײנמאָל ניט געהאַט קײן פרוי, אין דער צײַט וואָס ער . . . האָט ער ניט אַ נעם געטון די מיסס ריאַרדאַן, זי אַ לײג געטון . . . !

ער האָט אָנידערגעלײגט די באַשטעלונגען וואָס ער האָט געקראָגן אין די שטעטלעך פאַר סילוויען אויפן שרײַב טיש ווי אַ יעגער טוט אַ לײג די פויגל וואָס ער האָט דערשאָסן — נאַ זע! זעסטו?

— איר האָט געקראָגן אָט די אַלע באַשטעלונגען! — האָט סילוויע פרײדיק אויסגערופן און אַ דרײ געטון דעם קאָפּ צו בערנאַרדן.

ער איז אַ שײנער בחור, אָבער ער קוקט אַזוי פרעך, זײַנע אויגן...

— נו אודאי געקראָגן, — ענטפערט ער מיט אַ ביטול טאָן. ווערט נתפּעל פון אַ פּאָר באַשטעלונגען. אָבער זי קען דאָך טאַקע מײנען אַז ס׳איז ניטאָ פון וואָס נתפּעל צו ווערן. — איך בין אַ ס ײ ל ס־ מ אַ ן , איר ווייסט גאָרניט דערפון?

— איך זאָל עס דײנקען איר זײַט אַ סײלסמאַן!

זײַנע וואָנצעס מוזן שטעכן . . . וואָס איר קען אײנפאַלן אין קאָפּ. ניט שײן. זי פאַרטיפט זיך אין די באַשטעלונגען, בלעטערט זײ, לײגט זײ איבער.

— איר האָט געקראָגן די „מידוויי“ אויך!

— די „מידוויי״?

בערנאַרד גייט צו נאָענט צו סילוויען, בויגט צו דעם קאָפּ, זען וואָס איז דאָס פאַר אַ „מידוויי״. סילוויעס פּאַרפום איז אַנדערש ווי דער מיסס ריאַרדאַנס. ניין, עס איז ניט דער פּאַרפום, אָן אַנדער קערפּער. סילוויע . . . מיסס ריאַרדאַן . . .

— נו געוויס האָב איך געקראָגן די „מידוויי״.

און ניט נאָר די דריי קליידלעך, דערזאָגט ער אין געדאַנק, איך האָב געקראָגן נאָך עפּעס, עפּעס וויכטיקערס, עפּעס . . . דער פון זיך אַליין באַהאַלטענער געדאַנק אַז די מיסס ריאַרדאַן האָט א י ם אַריינגעפירט אין בעט, דער געפיל אַז זי האָט א י ם אַריינגעפירט צו זיך אין קערפּער, האָט איצט ביים שפּירן דעם גערוך פון סילוויעס לייב, פילנדיק די נאָענטקייט פון איר קערפּער, זיך אַ שפּאַר געטון צום פּאָדערשיין. זעסט, אָט די מיידל, אָט די סילוויע איז אַ מיידל, אַ מ י י ד ל טאָקע, ניט ווי די ריאַרדאַן דיינע . . . אָן אָפענע טיר . . . אין ד ע ר אַריינדרינגען, ז י עפענען, ע פ ע נ ע ן .

בערנאַרד דאַרף זיך קאָנטראָלירן ניט אַרומצוכאַפּן סילוויען. ער איז אָפּגעגאַנגען, גענומען דאָס קעסטל צוקערקעס, מיט די הענט אויף הינטן, זיך אַוועקגעשטעלט פאַר איר. — און איך האָב געקראָגן עפּעס פאַר אייך אויך!

— פאַר מיר?

ער האָט איר דערלאַנגט דאָס קעסטל צוקערקעס וואָס איז אים אויסן געבליבן פון דער מיסס ריאַרדאַן.

— אַ דאַנק! — פאַררויטלט, פאַרשעמט, צופרידן, חזרט זי איבער, — אַ שיינעם דאַנק אייך. אַ פיין קעסטל צוקערקעס.

— ניטאָ פאַרוואָס צו דאַנקען.

וואָס איז ביי בערנאַרדן אַ קעסטל צוקערקעס? ער האָט געוואוסט אַז עס וועט צונוץ קומען. אַ קעסטל צוקערקעס, געגעבן אַ מיידל, איז אַ גוטער אָדערויף. אין אַ פאַר טעג אַרום האָט ער שוין געזוכט דעם פּראָצענט אויפן קרן. — וואָס מכח אַרויסגיין היינט אָוונט?

— אַרויסגיין? וואוהין?

— אה, אין אַ רעסטאָראַן אויף נאַכט עסן, נאָכדעם . . .

— איך עס אין דערהיים.

— וואָס מכח אַ פאַרשטעלונג?

— היינט בין איך פאַרנומען.
— וואָס מכח מאָרגן?
— מאָרגן? וואַרט, וואָס איז מאָרגן? אַה, אויף מאָרגן האָב איך צוגעזאָגט מיין חברטע.
— וואָס מכח איבערמאָרגן?
זיבן אָוונטן איז דאָ אַ וואָך, און בערנאַרד וועט זיך ניט לאָזן אָפּ־שטופּן מיט: היינט בין איך פאַרנומען, מאָרגן . . . ער האָט געקראָגן אַ צוזאָג. אינם צוגעזאָגטן אָוונט, אין דער באַשטימטער מינוט איז זיין שעוורּאָלעי געשטאַנען ביי איר הויז. דער האָרן האָט געלאָזט וויסן: סילוויע! דיין קאַוואַליער בערנאַרד טשייס איז דאָ.
— איך קום! — האָט זי אַרונטערגעשריען, און עס האָט ניט גע־נומען קיין פינף מינוט איז זי שוין געווען ביים טירל פון אויטאָמאָביל.
הייסט עס, זי האָט שוין געוואַרט אויף אים. אָט אַזוי איז גוט. ווייסט שוין בערנאַרד וואָס ער האָט צו טון. אַ מואַווי, נאָך דער מואַ־ווי אַן אייז קרים פּאַרלאָר, נאָכדעם פאָרן אַהיים. פאַרנדיק, פאַרלייגט ער איין אָרעם איבער סילוויעס פּלייצע, די פינגער דראַפּען זיך ביי איר זייט צו דער ברוסט צו.
— איך טרייב מיין אויטאָמאָביל מיטביידע הענט, — זאָגט סיל־וויע, נעמט אָן זיין האַנט און לייגט זי צו צום רעדל. — אָט אַזוי.
— איר טרייבט אַן אויטאָמאָביל?
— אודאי טרייב איך.
— וואָס פאַר אַ קאַר?
— אַ ביואיק!
וואָס מיינט זי? אים פאַרשעמען וואָס ער האָט בלויז אַן אַלטע שעווראָלעי? — איך האָב גאָר ניט געוואוסט אַז איר האָט אַן אויטאָ־מאָביל.
— דאָ אַ סך זאַכן וואָס איר ווייסט ניט.
— אַ שטייגער?
— איר דיינקט איר ווייסט שוין אַלץ!
זי האָט עס ניט געדאַרפט געווען זאָגן. זי האָט עס ניט געוואָלט זאָגן. אָבער ער איז פרעד.
— נו, דאָ אַ סך זאַכן וואָס איך ווייס טאַקע און איר ניט.
— אַ שטייגער?

— אה, אַ סך זאַכן . . .

איך ווייס וואָס אַ פרוי איז און דו ווייסט ניט וואָס אַ מאַן איז. דו ווייסט ניט, דו ווייסט ניט, און איך וויל דיר לאָזן וויסן . . . — איך ווייס אַז איר זייט אַ שלעכטע מיידל.

— דאָס ווייס איך אַליין.

— ווייסט איר?

דער אויטאָמאָביל שטייט שוין לעבן איר הויז. ער דאַרף שוין ניט טרייבן. ביידע הענט פריי. קען ער ניט מיט איין האַנט זי אַ צי טון צו זיך? טאַקע וואָס איז די איילעניש? זי קען נאָך זיצן אַ ביסל. זיך נאָך אויסשלאָפן. און אַז זי'ט קומען אַ מינוט שפּעטער וועט דער „באַלעבאָס" זי אויך ניט אַוועקשיקן. ער האָט ניט געלאָזט, ניט געלאָזט זי אַרויסגיין, אָבער זי האָט זיך דאָך אַרויסגעריסן, און מער ווי אַ קוש וואָס ער האָט ממש אַרונטערגעריסן פון איר באַק, האָט ער ניט געקראָגן. דאָך איז ער געפאָרן אַהיים אַ צופרידענער. פאַר אַן אָנהויב — ניט שלעכט. שעמט זיך אַביסל, אָבער זי'ט עס איבער־קומען, ער'ט זי . . . ניטאָ די פרוי וואָס ער זאָל ניט קענען נעמען . . . ער, דער מאַן . . .

אינגיכן איז דער מאַן בערנאַרד טשייס געוואָרע געוואָרן אַז קליידל קויפערינס קענען ביישטיין זיין קוק, זיין שמייכל און אפילו ניט וועלן אָנקוקן זייבע קליידלעך, און קיין קליידל קויפערין האָט מער ניט אָפּגעשאַצט דעם מאַן בערנאַרד טשייס, ניט אַרויפגעגאַנגען צו אים אין האָטעל צימער אָנמעסטן אַ קליידל . . . ער איז שוין געפאָרן נאָכ־אַמאָל קיין טאָלידאָ, אָבער די מיסס ריארדאַן האָט ער ניט געזען. — „זי איז מער ניט מיט אונז", — האָט אַ מיידל געענטפערט און מער ווי דאָס האָט ער ניט געקענט אַרויסקריגן. הייסט עס, מ'האָט זי משלח געווען. אפשר פאַר אירע מעשים טובים . . . דער „זיג" איבער דער מיסס ריארדאַן איז געוואָרן אַ דעראיינערונג וועגן וועלכער ער וואָלט זיך שוין אפילו פאַר דזשעקן ניט באַרימט. קלאָר, זי איז גע־ווען די ריכטיקע סחורה! דאָס האָט זי אים געפירט אין . . . בעט, ער . . . ער מוז פאַרקויפן אַ סך קליידלעך, ער מוז פאַרדינען אַ סך געלט, ער מוז ווייזן דער סילוויען אַז ער איז ניט אַבי ווער, ער מוז זי באַזיגן. ער האָט שוין געהאַט צו פאַרצייכענען געוויסע נצחונות. ער איז שוין אַרויסגעפאָרן מיט איר מער ווי איין מאָל, זיצנדיק אין אויטאָמאָביל

האָט ער זי צוגעדריקט צו זיך און זי האָט זיך שוין ניט אַרויסגעדרייט אַזוי האַסטיק ווי פריער, אָבער מער ווי אַן אָפּגעריסענעם קוש האָט ער קיינמאָל ניט אָוועקגעפירט, זי האָט אים נאָך אפילו קיין איין מאָל ניט געענטפערט מיט אַ קוש, וואָס זי האָט אים יאָ געענטפערט איז: איר זייט צו פעסט פאַר מיר.

אפשר איז ער טאַקע צו פעסט. מיט אַזעלכע מיידלעך, אַ מאַ־מעס אַ טעכטערל, דאַרף מען גיין פּאַמעליכער. ער מוז האָבן געדולד. אָבער ביז ער וועט בייקומען אָט די טעכטערל מוז ער דערווייל האָבן אַ טאָכטער . . . און ער מוז אויך פאַרקויפן אַ סך קליידלעך. קלאָר, ער מוז האָבן אַ מאדעל מיידל, זי קען דינעןביידע צוועקן . . .

— איר פאַרשטייט, — האָט ער איינגעטענהט מיט בארני קאהן, — איך קום אַריין אין דער מעי קאָמפּאַני און דער פאַרקויפער פון דער סאָנשיין קומט אַריין. ער פירט מיט זיך אַ מאדעַל מיידל, אויף איר ליגט דאָס קליידל אויסגעגאָסן, עס זינגט ממש, מיין קליידל מעסט אַן די קויפערין פון קראָם וואָס אין בוזים איז זי אַן אַכצענער, אין די היפטן אַן אַכט און דרייסיקער, און זאָגן זאָגט זי אַז זי דאַרף אַ זעכצע־נער, פאַרשטייט איר דאָך שוין ווי אונזער קליידל זעט דאַן אויס. ווען איך האָב אָבער אַ מאדעל מיידל . . .

בארני קאהן האָט ניט אַזוי שטאַרק געהאַלטן פון די פּיפּיקע פאַר־קויפער וואָס שלעפּן זיך אַרום מיט אָט די מאדעל מיידלעך. ער ווייסט, ער קומט אַריין צו די האללע ברידער, צו דער היגבי, דאָרט דאַרף ער קיין שיקסעס, קיינע מעסטענישן, זיי ווייסן שוין וואָס זיי ווילן און זיי ווייסן שוין אַז בארני קאהן וועט זיי מאַכן געגוי וואָס זיי ווילן, וואָס זיי דאַרפן. אָבער דער שאָפּ איז פאַרגרעסערט געוואָרן. . . אַרבעט איז טאַקע דאָ, אָבער זאָל אַ טאָג צייט אויספעלן אַרבעט, מיט אַזוי פיל מאַשינען, אַזאַ דירה געלט, אַזעלכע הוצאות, איז צרות. מ׳מוז זוכן אַרבעט אויף אַרבעט. דער בחור וויל אַרבעטן, זאָל ער. אַ מאדעל מיידל? מילא, אירע שכירות, מישטיינס געזאָגט, וועט זי מסתם אויסשלאָגן.

לויט בארני קאהנס רעכענונג אויפן קאָפּ האָט די מיידל, לוסי, (קיין אַנדער נאָמען האָט ער ניט געוואוסט) אויסגעקלאַפּט אירע שכירות. זיין סילוויע אָבער וואָס האָט געפירט די חשבונות אין די ביכער, זי האָט באַוויזן אַז די מיידל פאַרדינט שוין גאַרניט אירע

שכירות. זי האָט עס געזאָגט איר טאַטן, און דער טאַטע וואָס האָט ניט ליב געהאַט צו מישן זיך אין די ביכער, האָט ניט איבערגעגעבן בערנאַרדן וואָס זיין טאָכטער האָט אים דערציילט, ער האָט אים בלויז געזאָגט: סילוויע וויל מיט דיר עפּעס ריידן.

— סילוויע וויל מיט מיר עפּעס ריידן?

ווענן וואָס קען זי מיט אים ווען רעדן? פאַרוואָס האָט זי עס א י ם ניט געזאָגט? וואָס עפּעס דורכן טאַטן? עפּעס . . . אפשר . . . אַ שידוך? וויפיל ער האָט ניט געטראַכט וועגן סילוויען אַז זי וועט סוף כל סוף ווערן זיינע איז אים אָבער ניט אַרויפגעקומען אויפן געדאַנק אַז זי זאָל ווערן טאַקע זיינע אַ ווייב, אַ געזעצליך ווייב. איצט, ווען אָט די אָנצוהערעניש אויף אַזאַ מעגליכקייט האָט פאַרבייגע־שוועבט האָט ער אַ שמייכל געטון: דאָס וואָלט געווען אַזוי . . . קאָ־מיש.

— איר דאַרפט מיך האָבן?

— איך? איך ווייס ניט . . . איך . . .

— אייער פאָטער האָט געזאָגט איר ווילט מיט מיר עפּעס ריידן.

— האָט ער אייך געזאָגט וועגן וואָס?

— ניין, דאָס האָט ער ניט געזאָגט, ער האָט בלויז געזאָגט איר ווילט מיך זען.

דער טאַטע אירער! אַלע מאָל, ווען עס קומט צו אַ „שמוציקער שטיקל אַרבעט" — אַפּזאָגן אַן אַרבעטער — לייגט ער עס אַרויף אויף איר, פאַרשטעקט מיט איר דעם קוימען. האָט עס אים אַליין ניט גע־קענט זאָגן? אָבער איצט? וואָס טוט זי איצט? זאָל זי אים זאָגן אַז זי וויל אים נ י ט זען? זי'ט שוין מוזן זאָגן. — איך שטעל מיך פאָר עס איז וועגן אייער מ א ד ע ל מיידל.

— וואָס איז מכח דער מיידל?

ס'שטייט אים ניט אָן דאָס וואָרט מ א ד ע ל . וואָס איז מכח דער מיידל? אַ מיידל!

— זי פאַרדינט ניט איר געלט וואָס זי קריגט.

— פאַרדינט זי טאַקע ניט?

— ניין, זי פאַרדינט נ י ט . עס איז פשוט אַרויסגעוואָרפענע געלט.

— ווי האָט איר דאָס אַזוי אויסגערעכנט?

— איך ווייס מיר מיינע רעכענונגען, זאָלט זיך גאָרניט זאָרגן.

— און איך ווייס מיר מיינע חשבונות.

— איך שטעל מיר פאָר אַז איר האָט זיך אייערע חשבונות, אָבער עס טוט מיר לייד, אייערע חשבונות שטימען ניט מיט מיינע, מיט די ביכער.

זי האָט ניט באַדאַרפט זאָגן —מיט מיינע. אָבער פאַרפאַלן, זיך אַרויסגעכאַפּט. און . . . עס מאַכט ניט. זיינע חשבונות . . . זי האָסט אָט די אָ . . . און אים אויך.

— לויט מיינע חשבונות האָב איך, אַ דאַנק דער מיידל, אריינגעבראַכט גענוג געשעפט.

— איר קענט זיך חשבונען ווי איר ווילט, איר צאָלט ניט די טשעקס, צאָלט איר?

— ניין, דאָס טו איך ניט, — האָט ער שוין געענטפערט אַן אָנגעצויגענער, — אָבער איך וואָלט טאַקע געוואָלט וויסן ווער פירט דאָ דעם געשעפט?

— זיכער ניט א י ר !

זי האָט עס ניט געוואָלט זאָגן, אָבער אַז ער רעדט אַזוי חוצפּהדיק, אַז ער שטעלט זיך אַזוי איין פּאַר אָט דער . . .

— ניין, איך פיר טאַקע ניט דעם געשעפט, אָבער אויב איר דיינקט אַז עמיצער וועט באַלעבאַטעווען איבער מיר מאַכט איר אַ גרויסן טעות. יעס, מעם, דאָס זאָג איך אייך גלייך איצט!

אַרויסגעשאָסן, האָט ער זיך אַ לאָז געטון אין שאָפּ אַריין, צוגעלאָפן צום טיש וואו בארני קאהן איז געשטאַנען און אַ זאָג געטון — איך גיי אַוועק!

— וואָס מיינסטו?

— איך גיי אַוועק. פאַרשטייט איר? איך גיי אַוועק אינגאַנצן, גיב אויף מיין שטעלע.

— וואָס איז? וואָס האָט פּאַסירט? — האָט בארני קאהן אַ פאַרחידושטער געקוקט אויף זיין געוועזענעם שיק אינגל, איצטיקן פאַרקויפער, און גענומען גיין, שטופנדיק אַזוי אַרום בערנאַרדן צום אָפיס צו. בארני קאהן האָט פיינט געהאַט אַז אין שאָפּ, וואו די אַרבעטער אַרבעטן, זאָל ער רעדן געשעפטליכע ענינים, ווער שמועסט נאָך שרייען, קריגן זיך.

— וואָסי געשען? — האָט ער געפרעגט זיין טאָכטער אין אַפּיס שוין. און די פראַגע איז אויך געווען געריכטעט צו בערנאַרדן, ווי איי־נער רעדט: נו זאָגט שוין, נו! ביידע האָבן געשוויגן, און ווען דאָס שווייגן האָט געדויערט צו לאַנג האָט זיין טאָכטער אַ וואָרף געטון דאָס וואָרט „גאָרניט״, האָט פאַרקלאַפּט דעם דיקן טאָוול פון דעם רעכענונגג בוך און זיך אַ לאָז געטון צום אַריינגאַנג אין מוסטערן צימער וואו איר מאַנטל איז געהאַנגען. בארני קאהן און בערנאַרד טשייס האָבן געשוויגן ביז זיי האָבן דערהערט ווי די טיר האָט אַ קלאַפּ געטון, ערשט דאַן האָט בארני ווידער אַ פרעג געטון: וואָס האָט פּאַסירט?

— גאָרניט האָט פּאַסירט. זי איז אין כעס געוואָרן. וויל ניט איך זאָל גיין מיט דער מאדעל פארקויפן קליידלעך.

— דיר זאָגן דעם אמת, מיר געפעלט זי אויך ניט, דיין מאדעל מיידל . . .

— וואָס האָט דאָ צו געפעלן? איר דאַרפט מיט איר אַ שידוך טון? זי איז אַ מאדעל מיידל. זי האָט די פיגור, דעם שטעל . . .

— זי האָט שוין אַ ביסל צופיל . . .

— וואָס וואָלט איר געוואָלט זאָל זי זיין, אַ רביצין?

— ניין, קיין רביצין טאָקע ניט, אַזוינע מיידלעך, ווייס איך, זיי־נען ניט קיין רביצינס, אָבער אָט די אָ . . . זעט טאָקע אויס ממש אַ זונה, פאַרשטייסט?

— ועמען אַרט עס ווי זי זעט אויס? וואָס אַרט עס איר?

די לעצטע פראַגע. ווי האָט ער דאָס געקענט פרעגן? אָבער קוים געפרעגט, פרעגט זיך טאָקע וואָס אַרט עס איר, סילוויען? מיינט עס ניט אַז . . .

— ווייסטאך, אַ יונג קינד, זעט אַזאַ אָ . . . זאָלסט מיר אַנטשול־דיקן . . .

— איז ניט די איז אַן אַנדערע, אָבער איך מוז האָבן אַ מיידל...

— אפשר אַן אַנדערע וועט איר ניט אַרן. דערווייל לאָז אָפּ די... מיטן קינד וועל איך שוין איבעררעדן.

דער טאַטע האָט ניט איבערגערעדט מיטן קינד. די טאָכטער זיי־נע האָט זיך איינפאַך פאַרשפאַרט אין איר אלקיר, אים ניט אַריינגע־לאָזט, ניט געוואָלט רעדן מיט אים. אויף מאָרגן איז זי פונדעסט־וועגן געקומען אין שאַפּ אין דער באַשטימטער צייט און זיך געזעצט

אַרבעטן ביי אירע ביכער אַט אַזוי ווי גאַרניט וואָלט פּאַסירט. ערשט ווען בערנאַרד האָט אָן עפן געטון די טיר, האָט די בלאַט פּאַפּיר אין אירע פינגער זיך פאַרפּלאָנטערט . . . זי האָט ענערגיש אַ לייג געטון די בלאַט. ער האָט אַ זאָג געטון: גוט מאָרגן. זי האָט געוואָלט ענט־פערן, אירע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, אָבער זי איז אַליין געווען ער־שטוינט ניט צו הערן קיין קלאַנג.

— איך האָב געזאָגט גוט מאָרגן.

בערנאַרד האָט ממש געקענט זען זיינע ווערטער ווי זיי גייען צו איר. זי האָט דערפילט די ווערטער האָבן זיך אָנגעקלאַפּט אָן איר, נאָך אַזאַ זאָג און די ווערטער וועלן זי ממש אָננעמען, זי אַ טרייסל טון. — גוט מאָרגן, — האָט זי שטיל אַ זאָג געטון.

— אַט אַזוי. איצט זייט איר אַ וואויל מיידל, — האָט שוין בערנאַרד שטיפעריש געגלעט מיט זיינע רייד. ער האָט אָבער געוואָלט זי זאָל אים ניט נאָר הערן נאָר אויך זען, זען ווי ער קוקט אויף איר, זיין שמייכל. — זאָגט מיר, איר זייט ברוגז אויף מיר?

— איך בין ניט ברוגז.

— איר זייט ניט ברוגז, און איר ווילט אפילו ניט אַ קוק טון אויף מיר.

זי האָט אומגעדרייט דעם פּנים, זיך פאַררויטלט.

איצט וואָלט ער זי געקענט אַ קוש טון. ווען ניט אין שאַפּ וואָלט ער עס געטון. אין שאַפּ קומט ער אָפּ מיט אַ: — אויב אַזוי, גיט אַ האַנט. חבר? זאָגט, חבר?

— לאָזט אָפּ מיין האַנט.

— טאָ זאָגט, חבר?

— חבר, — האָט זי שטיל אַרויסגעזאָגט.

— אַט אַזוי. און די מאַדעל . . . פּ ו ט ! — אַ מאַך מיט דער ביינערדיקער זייט פון האַנט האָט געוויזן — אַרויסגעוואָרפן.

האָט בערנאַרד טשייס געליטן אַ מפּלה? איז בערנאַרד טשייס, דער קליידל פאַרקויפער, דער מאַן, באַזיגט געוואָרן פון אַ מיידל, אַ שנעק? ניין, בערנאַרד טשייס האָט געמאַכט אַ סטראַטעגישן ריקצוג כדי מיט אַמאָל אַ שפּרונג צו טון. ער איז אַ מבין אויף אַ טשאַד. די מיידל איז פאַרליבט אין אים, פאַרליבט איבער די אויערן, און ער האָט זי אויך ניט פיינט, למאי זאָל ער עס לייקענען, אים געפעלט זי די

מיידל, זי געפעלט אים טאַקע דערפאַר וואָס זי האָט אים צו נאָענט ניט צוגעלאָזט . . . אַזוי דאַרף זיין, זי איז ניט אַ . . . מיסס ריאַרדאָן. זי איז אַ וואויל מיידל, אַ פיין מיידל, און ווען מ׳גיט נאָך אַ טראַכט אַז דעם שאַפּ קען ער בעסער פירן ווי דער אַלטער בארני קאהן, ער האָט חתונה מיט איר און ע ר פירט דעם שאַפּ! אַ גוטער שידוך און אַ גוט געשעפט. ער דאַרף חתונה האָבן. שוין דערעסן צו וואוי־נען ביי טאַטע מאַמע. שוין סיי ווי געטראַכט פון אַרויסקלייבן זיך, ניט געקענט, מורא געהאַט וויי צו טון דער מאַמע. זי, מיט אירע ק י נ ד ע ר . האָט חתונה, איז ער פטור פון דער שטוב. און ווער ווייסט, אפשר וועט ער עס גאָר דאַרפן טון צוליב דער נאַרישער מלחמה. ער האָט חתונה, דאָן איז שוין עפּעס אַנדערש. און ווי אַז דער אַלטער וועט ניט איינגיין? פאַרוואָס זאָל ער ניט איינגיין? עלע־היי נדן. זיכער וועט ער איינגיין. און ג ל י י כ ע שותפים. מאָל־טיך, די דעה וועט ע ר האָבן, ער וועט פירן די געשעפטן, ניט דער אַלטער. פונדעסטוועגן וואָלט מען עס געדאַרפט באַוואָרענען, געזעצ־ליך באַוואָרענען.

— זאָג נאָר, לעראָי, דו ביסט דאָך שוין עפּעס אַ האַלבער אַדוואָ־קאַט. ווי אַ שטייגער אַז איך גיי אַריין אין שותפות מיט עמיצן אין אַ געשעפט, גלייכע שותפים . . .

— וואָס איז עס, אַ שותפות אָדער אַ קאָרפּאָראַציע?

— וואָס איז דער חילוק?

— שוין גאָר אַ חילוק! פאַרשטייסטו מיך . . .

לעראָי טשייס האָט נאָך ניט געענדיקט זיין יוריספּרודענץ, אָבער ער ווייסט שוין פאַרשידענע געשעפטס דריידלעך, און קריגנדיק זיין ברודער בערנאַרד פאַר אַ צוהערער האָט ער געגרן אויסגעליידיקט זיין גאַנצן רעזערוואואַר פון וויסן. ניט אַלץ וואָס דער יונגער „אַדוואָקאַט“ האָט אים געזאָגט האָט ער געהערט. אַזוי שנעל ווי ער האָט באַנומען אַז אין אַ קאָרפּאָראַציע שפּילט איין אַקציע אַ גרויסע ראָליע — ער האָט איין און פופציק אַקציעס און יענער ניין און פערציק איז ער באַ־לעבאָס — האָט ער באַשלאָסן — אַ קאָרפּאָראַציע. ער האָט בלויז געפרעגט: און באַאַמטע? ס׳דאַרף דאָך זיין אַ פּרעזידענט, אַ . . . ?

— יעדער איינער קען זיין אַ באַאַמטער, — האָט לעראָי אויטאָ־ריטעטיש געזאָגט. — דו ביסט, לאָמיך זאָגן, פּרעזידענט, דער צוויי־

טער שותף קאַסירער, דיין ווייב אָדער זיין ווייב קען זיין סעקרעטאַר. זי האָט איין אַקציע קען זי זיין קאַסיר אָדער סעקרעטאַר, פאַרשטייסט?

בערנאַרד האָט ניט נאָר פאַרשטאַנען, ער האָט שוין באַשלאָסן. ער האָט ניין און פערציק אַקציעס, בארני ניין און פערציק און סילוויע צוויי אַקציעס. — לעראָי! ביסט אַלרייט!

— גייסט אין געשעפט?

— קען זיין. וועסט זיין מיין אַדוואָקאַט?

— דיין אַדוואָקאַט קען איך דערווייל ניט זיין, אָבער אַ פּאָר גוטע אָנווייזונגען קען איך דיר געבן, אפשר בעסער ווי אַן אַנדער אַדוואָקאַט.

— וועל עס האָבן אינזינען. דערווייל אָבער — ניט אַ וואָרט. פאַרשטייסט?

לעראָי האָט קיינעם ניט דערציילט וועגן דעם געשפּרעך. דערפאַר אָבער ווען בערנאַרד האָט אין אַ פּאָר חדשים אַרום געלאָזט וויסן אין שטוב אַז ער האָט חתונה מיט בארני קאַהנס מיידל, ווערט אַ שותף צום געשעפט, האָט לעראָי צופרידן געשמייכלט: זיי חידושן זיך, וואָס עפּעס פּלוצלונג, אָבער ער, ער האָט עס שוין לאַנג געוואוסט. ער האָט עס געוואוסט און ווייסט אויך אַז בערנאַרד וועט שטייגן הויך, ניט ווי דער עלטערער ברודער, אַ פייפער הייגער, דער . . . ער איז אַ געשעפטסמאַן!

ביי בערנאַרדס חתונה האָט דער טאַטע זיינער ניט געשפּילט אויפן פידל. ניט מ׳האָט געשטעלט אַ חופּה אויפן שול הויף, ניט מ׳האָט געפּראַוועט אַ חופּה וועטשערע ביים חתן אָדער דער כלה אין הויז. חתן כלה האָבן אַרויסגענומען אַ חתונה דערלויבעניש און נאָכ־דעם באַשטעלט אַ חופּה וועטשערע אין אַ רעסטאָראַן, אין אַ אָפּגעזונ־דערטן צימער, וואוהין מ׳האָט פאַרבעטן בלויז געציילטע געסט. איצ־טיקע צייטן איז גלייכער אַז מ׳פּראַוועט אַ חתונה וואָס שטילער. גע־ציילט ווי די געסט זיינען געווען זיינען דאָך געבליבן צוויי סערוויזן ניט קיין גענוצטע — זלמן זיידמאַן און זיין ווייב שבע זיינען טאַקע ניט געקומען. דוד האָט זיי געבעטן, עטל איז אפילו געגאַנגען בעטן טאַטע מאַמע, אָבער די מאַמע האָט געזאָגט איינמאָל ניין. מיט אַט דעם שניידערוק זיין אַ מחותן!

דער „שניידערוק" בארני קאהן האָט זיך ווינציק וואָס גענומען צום האַרצן וואָס די מיוחסים זיינען ניט געקומען. זעסטו, אַן זיי קען

זיין קינד ניט חתונה האָבן. אים איז געפעלן דער שידוך. דער בחור וועט ווייט אַוועקגיין. אַ פּייאיקער געשעפטסמאַן. — לחיים, מחותן! — האָט ער שוין אַביסל מבוסמדיק געקלאַפּט דודן אין פּלייצע, — גאָט זאָל העלפן . . . אָבער זעט איר? איך האָב אָבער באַלד געזאָגט — קומט צו מיר אין שאַפּ! קריגט גלייך אַ דזשאָב. איר זייט ניט געגאַנגען, אָבער ער איז געגאַנגען, און ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט. אַ פּייאיקער בחור, אייער ברוך, און שרהלע, אַ געזונט אין אירע ביינ־דעלעך, אַ וואויל קינד שרהלע! טאָכטער מיינע! קינד מיינס, קום אַהער . . . !

ער איז שוין געווען בגילופין, דער אַלטער בארני קאהן, דערפאַר אָבער איז ער געווען פריילעך, דער איינציקער וואָס האָט זיך הויך גע־פרייט אויף דער שטילער חתונה. אַ שטילע חתונה ווייל אין לאַנד האָט זיך שוין אָפּגעשפּילט די הילכיקע חתונה — אַמעריקע איז אַריין אין קריג.

(19)

— . . . איך מוז זיין פּאַרזיכטיק וואָס און ווי איך רעד, איך וועל אפשר ניט קענען זאָגן אַלץ וואָס איך דיינק, איך וועל אָבער ניט זאָגן דאָס וואָס איך דיינק ניט. איך וועל ליבערשט זיין אַ פרייער גייסט אין תפיסה איידער אַ פייגלינג אויף דער פריי. שוין הער איך ווי מ׳שרייט: פאַררעטער! אין אַ געוויסן זין איז דאָס אמת. מיר זיינען פאַררעטער צו די אמתע פאַררעטער פון לאַנד, האָט דאריבער קיין מורא פאַר דער באַשולדיקונג אין פאַרראַט צו אייערע הערשער, איר זאָרגט זיך בעסער ניט צו באַגיין קיין פאַרראַט קעגן זיך אַליין . . . איך וואָלט זיך דאָך אַנטזאָגט צו הרגענען אַ מענטשן סתם אַזוי, פאַרוואָס זאָל איך עס טון צוליב עמיצנס אַ באַפעל, אַ באַפעל פון וועלכער עס איז מאַכט?

נאָך דער לעצטער פראַגע האָט זיך געפילט אַז די לופט אין זאַל איז געוואָרן נאָך מער אָנגעלאָדן ווי ביים אָנהויב רעדע. וועט עס פּלאַצן? די פּאָליציי, אין אוניפאָרמען, אין ציווילע קליידער, האָבן זיך איבערגעקוקט, איבערגעפרעגט מיט די אויגן, אָבער קיין באַוועגונג, בלויז די לאַנגע פיגור אויף דער בינע באַוועגט זיך. אַט ציט זיך אויס דער לאַנגער, לאַנגער האַלז, דער לאַנגער פּנים מיטן הויכן שטערן

בויגט זיך פאַראויס צו דער ראַמפּע, און דער לאַנגער אָרעם מיט די לאַנגע פינגער נעמען דוכט זיך די ווערטער פון מויל און דערלאַנגען זיי צו די טויזנטער אויגן, אויערן, קעפּ.

— . . . זיי האָבן אייך אַלע מאָל געלערנט אַז עס איז אייער פּאַ־טריאָטישע פליכט צו גיין און דערהרגעט ווערן אויף זייער באַפעל, אייער עסק איז ניט צו פרעגן קשיות, אייער עסק איז שטאַרבן מיט טויזנטער מיתות. זייער פּאַטריאָטישע פליכט האָבן זיי קנאַפּ וואָס אינזינען, איר אָבער וואָס דאַרפט אַוועקגעבן אייערע לעבנס, איר, מער ווי ווער עס איז, דאַרפט האָבן די דעה צו באַשליסן שלום אָדער מלחמה . . . און איך זאָג: קענסט ניט דערפילן דיין פליכט דורך יע־נעם, דו אַליין דאַרפסט האַנדלען!

דער לאַנגערביינערדיקער פינגער האָט געטיקעט שלום כאַזאַנאָ־וויטש אין פנים אַריין — דו דאַרפסט אַליין האַנדלען! דו! דו! אָט דער מענטש אויף דער בינע — יוזשין דעבס. דאָס ערשטע מאָל וואָס ער זעט אים, הערט אים. אַזאַ אויפריכטיקע, אַזאַ האַרציקע שטימע. און ער אַליין. ווי לאַנג ער איז! ניט הויך — לאַנג, לאַנגע פיס, לאַנגע אָרעמס, אַ לאַנגער האַלז, און ווען ער בויגט זיך אַן, בויגט זיך אַן אַזוי אַז זיינע הענט פלאַכן רוען אויף זיינע קני און בלייבט אַזוי שטיין אַן איינגעבויגענער דוכט זיך דער מענטש איז . . . שכור. אפשר איז ער טאַקע שכור? שלום הויבט אויף די אויגן און דערזעט אַז ביז איצט האָט ער דעם מענטשן ניט געזען ריכטיק. ערשט איצט האָט ער אים דערזען, זיין געקנייטשטן פנים, זיין מויל. שכור? אין דער וועלט פאַרשכורט פון מאָרד און האָס איז ער דער איינציקער וואָס איז פאַרשכורט פון לעבן און ליבע. יאָ, דער מענטש האָט ליב מענטשן.

— . . . וואָלט איך געגלויבט אין מלחמה וואָלט איך דער ערש־טער געגאַנגען פאַרגיסן מיין אייגן בלוט. אָבער מיך עקלט ממש פון מלחמה. ווען איך גיב אַ טראַכט ווי אַ קאַלטער, גלאַנציקער באַגנעט גיט זיך אַ שנייד אַריין אין דעם ווייסן, ציטערדיקן לייב פון אַ מענטש־ליכן קערפּער ווער איך אויפגעשוידערט. גאַנץ אָפט האָב איך גע־טראַכט צי וואָלט איך אפילו געקענט דערהרגענען אַ מענטשן אין זעלבסט פאַרטיידיקונג. דאָ א י י ן מלחמה אין וועלכער איך

קעמף מיין גאַנצן לעבן — די מלחמה צווישן אַרבעטער און אויסבוי־טער, און אין דער מלחמה בין איך גרייט אַוועקצוגעבן מיין לעבן.

אַ פראַזע? טאָ פאַרוואָס איז איבער שלומס קערפּער דורכגע־לאָפן אַ ציטער? האָט ער דערפילט דעם באַגנעט וועגן וועלכן דעבס האָט גערעדט? אָדער ער קען זען דעמזעלבן דעבס ווי ער ווערט דער־הרגעט אין דער מלחמה צווישן קאַפּיטאַל און אַרבעט? זיי זאָלן אים כאָטש היינט ניט טשעפּען, קוקט שלום אומרואיק אין די זייטן וואו די פּאָליציי שטייט.

— . . . איך האָב ליב די מענטשן פון מיין לאַנד, אָבער איך האָס ניט די מענטשן פון אַן אַנדער לאַנד, וואָס איז מיר דער חילוק וואו דער מענטש איז געבוירן געוואָרן, אָדער וואָס פאַר אַ קאָליר איז זיין הויט?

דער מענטש האָט ווירקליך ליב מענטשן. אַליין אַזאַ האַרציקער, אַזאַ ליבער. אָבער וואָס וויל ער פון שלום כאַזאַנאָוויטש? וואָס טיקעט ער מיט זיין לאַנגן פינגער שלומען אין פּנים, אין האַרצן אריין?

— . . . איצט איז אַ צייט ווען די שוואַכע און די פייגע וועלן זיך וואַקלען און צעגערן, עס זיינען אָבער דאָ שטאַרקע, אָט די וואָס קענען האַלטן שטאָל און אייזן פאַר זייערע איבערצייגונגען, קעמפן פאַר זיי, גיין אין תפיסה, גיין בדאי אין דער ערד פאַר זיי, — האָט דער לאַנגער פינגער אָנגעוויזן שלומען וואוהין בדאי צו גיין פאַר אַן איבערצייגונג. אַ געקלאַפּעריי פון עולם האָט צעמישט, צעבויטעט די לופט, דער לאַנגער פינגער סטאַרטשעט מער ניט פאַר שלומס אויגן. די לאַנגע הענט מיט די לאַנגע פינגער שטעלן איין דאָס פּאַטשעריי און דער מענטש רעדט ווייטער. — זיי, אָט די שטאַרקע, שרייבן אריין זייערע נעמען אין דער געשיכטע מיט ניט אָפּמעקבאַרע בוכשטאַבן. די מינאָריטעטן האָבן אַלע מאָל געשאַפן די געשיכטע פון דער וועלט. זיי, די וואָס האָבן געוואַגט צו זאָגן דעם אמת, זיי האָבן געוויזן דעם וועג . . . אָט די מוטיקע מענטשן זיינען מיר שולדיק אַ חוב, און דער איינציקער וועג ווי אָפּצאָלן דעם חוב איז גיין אין זייער וועג . . . וואַרט ניט. טוט עס גלייך. און ווייסט, קיינער וועט עס ניט טון פאַר אייך, איר מוזט עס טון אַליין און טון ריכטיק, כדי אַז איר׳ט אַ קוק טון אין שפּיגל זאָלט איר ניט דאַרפן רויט ווערן פאַר חרפּה. אויב

איר ווילט מ׳זאָל פאַר אייך דרך ארץ האָבן, הויבט אָן מיט האָבן דרך ארץ פאַר זיך אַליין.

דאָס מיינט ער מיך, מיך, שלום כאַזאַנאָוויטש.

— . . . עס וועט קומען די צייט, און דער אַרבעטער קלאַס וועט זיין באַפרייט, די גאַנצע מענטשהייט וועט זיין אַ באַפרייטע, אַ ברי־דערליכע . . .

די לעצטע ווערטער ווערן דערטרונקען אין אַ רוישיקן, אַ מעכ־טיקן קלאַנגען פאַל, מענטשליכע הענט ווערן ניט מיד קלאַפנדיק. ענדליך גיט זיך דעבס אַ פאַרנויג, דעם לעצטן פאַרנויג, און דער גאַנ־צער זאַל מיט מענטשן ווערט פאַרוואַנדעלט אין אַ בינשטאָק ווען די „מוטער״, די קעניגין, גיט זיך אַ ריס אַרויסצופליען. פאָליציי פרואווט שפּאַלטן דעם געווירבל פון די בינען, אָבער זיי טראָגן זיך פון אַלע זייטן, הענט ציען זיך, ארעמס שטרעקן זיך צו דעם לאַנגן מענטשן אויף דער בינע. אָט בויגט ער זיך איין. די לאַנגע ארעמס נעמען אַרום אַן אַלטן מאַן, דריקן אים צו זיך, דער כמעט נאַקעטער קאָפּ דערנעענטערט זיך צו אַ רויך געקרויזטן נעגערשן קאָפּ האָר, און די דינע ליפּן זאַפּן זיך איין אין די דיקע נעגערשע ליפּן. אַזוי קען בלויז קושן אַ ווייס קינד זיין נעגערישע „מעמי״. ניין, אָט דער צו־קושן זיך איז ניט קיין אָנשטעל. דעבס און אַ אָנשטעל! „איך האָב ליב די מענטשן, און וואָס איז מיר דער חילוק פון וואָס פאַר אַ קאָליר איז זיין הויט״. גלייך נאָכן רויך געקרויזטן נעגערישן קאָפּ טויכט אויף אַ שוואַרצער קאָפּ האָר, איבער דעם קאָפּ האָר גיט זיך אַ הויב אַרויס אַ בוקעט רויטע רויזן. די רויזן גיבן שיר ניט אַ שאַרך דעבסן אין פּנים. — סאַראַ שיינע רויזן! — און ער טוט נאָכלעסיק אַ לייג די שיינע רויזן. — און אַ שיין מיידל אויך. — דער אַלטער דעבס בויגט זיך עטוואָס איין, די יונגע מיידל טוט זיך אַ צי, אירע ארעמס כאַפּן אַרום זיין נאַקן, אירע ליפּן זאַפּן זיך איין אין זיינע — אַ בין אויף אַ בלום. שטייענדיק אויף די שפּיץ פינגער, ציטערט איר גאַנצער קערפּער מיט אַ דריבנעם אָפּטן ציטער, ווען איר מויל רייסט זיך אָפּ פון זיינעם לאָזט נאָך איר גאַנצער קערפּער, אַ מאַטע, אַ פאַרחלשטע בלייבט זי הייגנען אין זיינע ארעמס. דעבס האַלט זי אויף, קוקט פאַר־ווירט: וואָס טוט מען? אַ טאַטע טראָגט אַ קראַנק קינד.

אַ מענטשליכע מיל. מענטשן שטופּן זיך, רוקן זיך, רעדן זיך איבער, שרייען זיך איבער: זע, וואָס טוסטו דאָ?

— דו אויך דאָ?

ווער האָט זיך מער פאַרחידושט, שלום וואָס האָט דערזען זיין ברודער חיים אָדער חיים וואָס האָט דערזען שלומען? און האָבן זיי זיך בלויז פאַרחידושט וואָס זיי האָבן זיך געטראָפן ביי דעבס לעצטער רעדע? דעם „וואָס טוסטו דאָ?" און „דו אויך דאָ" האָט מען זיך איבערגעשריען איבער מענטשליכע קעפּ, דער מענטשליכער שטראָם האָט זיי צעטיילט, זיי האָבן זיך שוין מער ניט געזען דעם אָוונט, די נאַכט, אָבער צי האָט ניט אָט די צוזאַמענטרעפעניש אויף צוזאַמענגעבונדן די צוויי ברידער?

— דאָס איז אַ מענטש!

— די בעסטע רעדע וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט.

— אַ חידוש וואָס מ'האָט אים געלאָזט רעדן.

— אַ חרפּה און אַ שאַנדע, אַזאַ מענטשן פאַרשפּאַרן אין תפיסה.

— וועלכן וועג גייט איר?

— מיט וועמען פאָרסטו?

— ריר זיך! ריר זיך! קאָם אָן! — האָט די פּאָליציי קאָמאַנדעוועט מיט די מיילער און עלענבויגנס. דער עולם איז זיך צעגאַנגען, צערונען געוואָרן.

שלום כאַזאַנאָוויטש האָט זיך אויך דערווייטערט פון זאַל, אָבער ניט ער האָט געזוכט מיט וועמען צו פאָרן אַהיים, ניט ער האָט זיך געאיילט צום טראַמוויי. ער איז געגאַנגען ווי דורך אַ טומאַן, אָבער דורכן טומאַן האָט ער געזען די לאַנגע פיגור, דעם פּנים, דעם גוטן ליבן שמייכל, און געהערט די אויפריכטיקע האַרציקע שטימע. האָט ער דען געזאָגט עפּעס נייעס? האָט שלום כאַזאַנאָוויטש ניט געוואוסט וואָס מלחמה איז? אין זיין שטודיום — זיין הויפּט געגנשטאַנד איז געווען עקאָנאָמיע — האָט ער אַ סך געלייענט אויך וועגן מלחמה, ניט נאָר די ביכער וואָס די פּראָפעסאָרן האָבן געראָטן צו לייענען, נאָר אפילו די וואָס זיי האָבן דערמאָנט ניט גערן אָדער גאָר צום שלעכטן, איז ער דאָך שוין אפילו דורכגעקראָכן גאַנץ „קאַפּיטאַל" פון קאַרל מאַרקס, און דאָך, דער אופן ווי דער מענטש האָט עס גערעדט. קענטיק ניט צו געלערנט, דערפאַר אָבער ווי אויפריכטיק, ווי האַרציק. ער

האָט געהערט רוטענבערגן רעדן, טאַקע דעמזעלבן רוטענבערג וואָס דעבס האָט דערמאָנט, וועלכער זיצט אין תפיסה, אַזאַ האַרטע שטימע, אַ הילצערנע, אַ קאַלאַקאַטקע, און דער אַזוי זאַפטיק, אַזוי האַרציק, אַזוי מענטשליך, אַל צו מענטשליך.

דער רעשיקער ניטשע האָט זיך געפּרואווט אַריינרייסן צווישן שלום כאַזאַנאָוויטש און יוזשין דעבס, אָבער דער גוטער שמייכל אויפן אַלטן פּנים שטילט אײַן יעדן רעש. ס'אַרא גוטער פּנים. מוז זײַן זייער אַ גוטער מענטש. און ער איז שוין ווייט ניט יונג. און ער גייט אין תפיסה. און וואָס באַוועגט אים צו רעדן, אַרויסטרעטן קעגן מלחמה איצט, שטעלן זײַן לעבן אין געפאַר, ער וואָלט דאָך גע־קענט שווײַגן, טאַקע זײַן קעגן מלחמה, אָבער שווײַגן?

— . . . וואָרט ניט, עמיצער זאָל עס טון פאַר דיר, דו אַליין דאַרפסט עס טון . . .

דער אוניווערסיטעט, דער קעמפּוס. ס'אַראַ שווערע לופט דאָרט! אַלע מיט קנעפּלעך . . . שלום האָט אַ טאָפּ געטון זײַן לאַץ, ניט אָנ־געטאָפּט קיין קנעפּל. געמוזט אַרויספאַלן. דאַרפן קריגן אַן אַנדערס. אָן אַ קנעפּל איז ניט צו באַווײַזן זיך. קנעפּלעך, רעדעס. ווי מ'האָט עס „געטשירט״ דזשים סטיווענס ווען ער איז געקומען און געוויזן: זעט, זיך אָנגעשלאָסן! אַ העלד! העלדן. און ווער עס שפּרינגט ניט פון דער הויט, דער וואָס זאָגט אפילו גאָרניט, שווײַגט בלויז, קוקט מען שוין אויף אים . . . אַה, ער קען די בליקן, ער האָט ניט איין מאָל שוין איבערגעלייענט: דו, פּרעמדער! איד! פּייגלינג! אָט דאָס וואָרט טרײַבט אפילו דעם פּייגלינג צו ווײַזן זיך אַלס „העלד״. הער־ראַלד אַ שטייגער. דער בחור האָט מורא פאַר אַ באָקס הענטשקע און ער רעדט וועגן גיין אויפן פראָנט. און ער'ט גיין אויך, טאַקע ווײַל אַ פּייגלינג, דערפאַר ערשט וועט ער גיין. און איז ע ר, שלום, ניט קיין פּייגלינג? גוט. ער איז קורצזיכטיק, אָבער איז דעבס ניט אַלט, אים וואָלט מען דאָך אודאי ניט גערופן, דאָך רעדט ער. — די שוואַכע, די פּייגע, זיי וואַקלען זיך און צעגערן, עס איז די שטאַר־קע, אָט די וואָס האָבן געוואַגט צו זאָגן דעם אמת, זיי . . . —

דעם גאַנצן וועג אַהיים איז יוזשין דעבס נאָכגעגאַנגען שלום כאַ־זאַנאָוויטש און אפילו ווען ער איז שוין געווען אין דערהיים, זיך אַריינגעלייגט אין בעט — באַלד דאַרף ער שוין אויפשטיין צו זײַנע

צייטונגען — איז דעבס ניט אָפּגעטראָטן פון אים. — . . . איך זאָג עס אייך, דיר! דיר! — וואָס וויל דער לאַנגער, דאַרער פינגער, וואָס טי־קעט ער אים אַזוי אין פּנים, אין האַרצן אַריין? — דאַרפסטו ניט צו־שטעלן אַ קאָמפּאָזיציע, אַ פּאַפּיר, וועגן די אורזאַכן און פאָלגן פון מלחמה? האָסט דאָך שוין אַפילו געמאַכט נאָטיצן, וואָס וועסטו שרייבן? און ווען וועסטו עס טון? פאַרוואָס ניט איצט? יאָ, יאָ, איצט. שלאָפן? וועסט סיי ווי ניט שלאָפן, איכ׳ל דיך ניט ל אָ ז ן שלאָפן! אָט אַזוי.

די שיך אָנגעטון אויף די באָרוויסע פּיס, דאָס רעקל איבער די פּיזשאַמעס, איז שלום כאַזאַנאָוויטש געזעסן און געשריבן. געשריבן? די האַנט האָט ניט געקענט נאָכיאָגן, אותיות זיינען פאַרפעלט געוואָרן. די אורזאַכן פון מלחמה, דאָס האָט ער שוין געהאַט פאַרצייכנט, איצט האָט ער בלויז געדאַרפט איבערשרייבן, שיר ניט עפּעס פרעמדעס, דערפאַר אָבער די פאָלגן פון מלחמה. — . . . ווען איך גיב אַ טראַכט וועגן דעם קאַלטן, גלאַנציקן באַגנעט . . . — בילד נאָך בילד יאָגט זיך, דאָס אויג אַ זיך שנעל דרייענדיקע קאָמערע און די האַנט — פאַ־מעליכע באַוועגונג. נאָכיאָגן, אָניאָגן! איין בלעטל פּאַפּיר אָפּגע־וואָרפן נאָכן צווייטן, באַשריבן מיט אייליקן שריפט, ווערטער ניט דערענדיקט, אותיות פאַרפעלט, די בילדער יאָגן נאָך אַלץ. איבער־לייענען. איבערגעלייענט, איז ער געבליבן זיצן מיטן לעצטן בלעטל פּאַפּיר אין האַנט. די אויגן צוויי פראַגע צייכנס — איז וואָס?

— ביסט ש ו י ן אויפגעשטאַנען?

די מאַמע? וואָס וויל זי? — איך גיי באַלד, — האָט ער אַ זאָג געטון.

— נאָך אַזוי פרי.

— ווי שפּעט איז?

— דער זייגער איז . . .

— איך וועל בלויז דערענדיקן . . .

ווי איינער כאַפּט דעם לעצטן ביסן מיט דער מורא צו פאַרשפּע־טיקן אַ צוג אַזוי האָט שלום געכאַפּט, אַריינגעכאַפּט דעם שלוס פון זיין קאָמפּאָזיציע. געוויס, דעבס האָט גערעדט, אָבער האָט דעבס ניט אַרויסגעזאָגט אויך זיינע געדאַנקען? דעבס האָט בלויז אָפּגעדרייט

דעם קראַן און עס האָט זיך פריי אַ גאַס געטון. אָט אַזוי אָ. פּאַרטיק. געענדיקט. ווי שפּעט איז?

אַ גאַס קאַלטע וואַסער. די אָנגעהיצטע אויגן זיינען אָפּגעקילט, דער פּנים אָפּגעפרישט, די שטייפקייט אין רוקן, פאַרזעסנקייט אין די פיס אָפּגעגאַנגען. אייניקע מינוטן און שלום איז ביי דער טיר — צייטונגען.

— פאַרוואָס עסטו ניט דיין אָנבייסן?

— שוין עסן אין דרויסן, — גיט ער אַ וואָרף דעם ענטפער און כאַפּט זיך אַרויס. שלום האָט ניט געדאַרפט זיך אַזוי איילן. ער האָט שוין ניט געטראָגן קיין צייטונגען פאַר יענעם, ער האָט צוזאַמענגע־קלאַפּט אַ קליינע טעריטאָריע פאַר זיך און האָט זי אַליין באַאַרבעט, שפּעט אַ פּאָר מינוט, האָט ער געקענט אָניאָגן, אָבער ער האָט געוואָלט שוין זיין אין דרויסן, זיך דורכלופטערן, און די מאַמע גיט אים דוקא מילך צום טרינקען, אין דרויסן טרינקט ער קאַווע. איצט אַ גלעזל קאַווע וועט אים האַלטן וואַך.

ערשט אין קלאַס צימער, די וואַרימקייט דאָרט, די פאַרעווע שטי־מע פונם פּראָפעסאָר האָט אים שיר ניט איינגעוויגט, ער האָט געאַנט אַז ער דרעמלט און אים האָט עס ניט געאַרט. גוט אַזוי צו זיצן, זיין וואַך און דאָך דרעמלען. וואָס לייענט ער דאָרט דער פּראָפעסאָר? זאָל ער לייענען! ווען גייט עס אָן? האָט מען גערופן זיין נאָמען? געמעגט שווערן אַז . . .

— וואָס איז מכח אייער „פּאַפּיר״ וועגן מלחמה? האָט אים פּאַרטיק?

— איך . . . איך האָב עס אָנגעשריבן, אָבער אויף שוואַרצן, ניט איבערגעשריבן. דאַרף עס איבערשרייבן.

— קענט איר עס לייענען?

— קען איך עס לייענען? כ׳גלויב אַז איך קען דורכקריכן.

— איך מיין דאָ לייענען.

— לייענען פאַרן קלאַס?

— יאָ נו.

— איך . . . איך צווייפל צו . . . איך דיינק איך דאַרף . . .

פייגלינג! פייגלינג! זיך שוין דערשראָקן. לייען! גיי, שטעל זיך אַוועק און לייען. אָדער לייען ניט, רעד! רעד! דער לאַנגער,

דאַרער פינגער טיקעט אים אין פּנים: פייגלינג! דער לאַנגער, דאַרער פינגער שטורכעט אים אין פּלייצע: גיי! גיי! דערפאַר אָבער ווען ער שטייט שוין פאַרן קלאַס, די פּאַפּירלעך פאַלן פון די הענט, ער בויגט זיך אָן זיי כאַפּן און פילט די שמייכלען פון די קלאַס חברים, הערט זייערע באַמערקונגען, זיין צונעמעניש, דערזעט ער אויך דעבס׳ שמייכל: לייען, לייען, ברודער מיינער, נאָר זיך ניט געשראָקן. וואָס איז דאָ זיך צו שרעקן? זאָגסט דען חלילה עפּעס אַ ליגן? דאָס איז דאָך אַלץ אמת. האָסט דאָך עס אַליין געטראַכט, געפילט. קענסט דאָך עס ממש אויף אויסענווייניק.

שלום האָט געלייענט פון פּאַפּיר, אָבער וואָס ווייטער ער האָט געלייענט אַלץ מער האָט ער זיך אַריינגעלעבט, און ער האָט שוין ווירקליך מער גערעדט ווי געלייענט. איז דאָס אַ קלאַס? זיצן דאָ סטודענטן? איז עס ניט אַ זאַל וואו מענטשן זיצן, אַ סך מענטשן? ניין, ער זעט ניט קיינע מענטשן. דאָ אַ סך מענטשן אָבער ער זעט זיי ניט, ער פילט זיי בלויז, אָט האָט ער דערפילט . . . יאָ, דערפילט ניט דערהערט, ווי עמיצער האָט אַ וואָרף געטון: דו ביסט געל! האָ? ווער האָט עס אַ וואָרף געטון? — ביסט אַ געלער שטשור! — דאָס האָט ער שוין דייטליך געהערט. — טרייבט אים אַרויס! וואַרפט אים אַרויס! דעם . . . גיב אים אַ נעם . . .!

ביינק, טישן, דאָס צימער, אַלץ יאָגט זיך, רוקט זיך אָן אויף אים, אָרעמס, הענט שטרעקן זיך, ציען זיך, צעעפנטע מיילער, פאַרשטשירע־טע ציין.

— אָרדנונג! אָרדנונג! פאַרנעמט די פּלעצער! יעדער איינער אויף זיין פּלאַץ! אָרדנונג! זאָג איך!

— האָט איר געענדיקט?

ווער פרעגט מען דאָס? אים? — איך . . .

דער פּראָפעסאָר נעמט אַרויס די בלעטלעך פון זיינע לויזע פינ־גער, לייגט זיי צו צו די אַנדערע אויפן טיש, גיט זיי אַ גלייך אויס.

— איר׳ט גיין מיט מיר אין אָפיס, — גיט דער פּראָפעסאָר שטיל אַ זאָג, און צו די איבעריקע סטודענטן וואַרפט ער צו: דער קלאַס איז געענדיקט.

דורך אַ זייטיקער טיר לאָזט דער פּראָפעסאָר פאַרביי שלום כאַ־זאַנאָוויטש, און, אומקוקנדיק זיך צום ווילד געוואָרענעם קלאַס, כאַפּט

ער זיך אַריין אין דער טיר, פֿאַרמאַכט זי שנעל און ציט זי שטאַרק צו.

(20)

— האָט מען דיך, הייסט עס, אַרויסגעוואָרפֿן, האַ?

— אַרויסגעוואָרפֿן, איז וואָס ווילסטו?

— גאָרניט. אַ מצוה אויף דיר. נאָך וועלכע שוואַרץ יאָר קריכסטו צו די רויטע?

— וואָס גייט עס דיר אָן?

— מיך אַרט עס זייער ווינציק, פֿאַרזיכער איך דיך. וואָלסט סיי ווי גאָרניט אויפגעטון. קונסט און וויסנשאַפֿט האָט ער אָפּגענומען! גיב אַ קוק אויף דעם קינסטלער, דעם וויסנשאַפֿטס מאַן. געענדיקט דעם אוניווערסיטעט וואָלסטו סיי ווי געטראָגן צייטונגען, פֿונדעסטוועגן . . .

— דו, פֿאַרשטייט זיך, טראָגסט ניט קיין צייטונגען . . .

ער וואָלט גענומען אָט דעם שטינקער, דעם ברודער זיינעם, און וואָלט אים גוט, גוט דורכגעטרייסלט.

— ניין, איך טראָג ניט און וועל ניט טראָגן, פֿאַרזיכער איך דיך. איך שטודיר ג ע ז ע ץ! און איך מיש זיך ניט ניט אין מיינע געשעפֿטן.

— איך וואָלט טאַקע געוואָלט דו זאָלסט זיך ניט מישן אין יענעמס געשעפֿטן. האַלט זיך ביי דיינע געזעץ ביכער און האַלט ס׳מויל דיינס אויך.

— אַ ז ו י ?

— יעס, סיר!

שלום כאַזאַנאָוויטש האָט ניט דערציילט אין דערהיים אַז מ׳האָט אים אויסגעשלאָסן פֿון אוניווערסיטעט. ניט ער האָט מורא געהאַט דאָס צו טון, פּשוט, ער האָט ניט געפֿונען קיין ווערטער. וואָס זאָל ער טון? קומען און זאָגן דער מאַמע, דעם טאַטן: מ׳האָט מיך אַרויסגעטריבן? וועט זיך אָנהויבן אַ פֿאַרוואָס, פֿאַר ווען, און וואָס קען ער זיי זאָגן? ער איז קעגן מלחמה? די מאַמע איז אויך קעגן מלחמה, ביי איר איז די מלחמה חורבן כושטיווקע. דער טאַטע איז שוין אויך

געוואָרן אויס „קריגער", גייט שוין ניט מיטן דייטש אויף זיינע זיג־רייכע מאַרשן, איז, דוכט זיך, אויך ניט געוואָרן קיין אַמעריקאַנער „פּאַטריאָט", אָבער וואָס וועלן זיי פאַרשטיין פון זיין טאָט? קעגן מלחמה, אודאי, אָבער וואָס האָט עס צו טון מיט ק א ל ל ע ז ש ? די מאַמע מיט איר ק א ל ל ע ז ש . ווי זי גרויסט זיך עס מיט אירע זין וואָס גייען אין ק א ל ל ע ז ש . און קום צוגיין דערצייל איר אַז מ'האָט איר זון אַרויסגעוואָרפן פון ק א ל ל ע ז ש . זאָל זי זיך טישען מיט איר „קאללעזש באָי", מיט איר מוזיניקל. ווי ער האָסט אים, אָט דעם . . . ער'ט עס שוין דערציילן דער מאַמע, דעם טאַטן, אַלעמען. זאָל ער. סיי ווי זיך דערוויסן. באַהאַלטן? אָבער דער אופן ווי ער רעדט. אים פאַרפאַרן אין די ציין. אויב ער זאָגט נאָך אַ וואָרט וועט ער אים מאַכן אַ לאַמטערן אונטערן אויג, אָט דעם...

— וועסטו אריינגעבן אַ בקשה מ'זאָל דיך צוריק אריינגעמען?

— אַ בקשה צוריק אריינגעמען?

— נו יאָ, וואָס קוקסטו מיך אָן? קענסט עס טון.

— דו קענסט עס טון, ניט איך.

— מיך האָט מען ניט אַרויסגעטריבן. דאָס האָט מען דיך אַרויס־געוואָרפן.

— טאָ וואָס איז דיין עסק? וואָס גייט עס דיר אָן?

— עס וואָלט מיר שוין גאָרניט אָנגעגאַנגען ווען דו זאָלסט ניט זיין מיין ברודער.

— זאָרגסטו זיך, הייסט עס, פאַר דיין ברודער.

— ניין, פאַרן ברודער זאָרג איך זיך ניט אַזוי שטאַרק, אָבער איך זאָרג פאַר זיך, פאַרשטייסטו שוין? ווער איז אָט דער אָ? אה, דאָס איז דער, וועמעס ברודער מ'האָט אַרויסגעוואָרפן פון אוניווערסיטעט. קען שווערן ער איז אויך אַ רויטער, ניין?

— אַהאָ, איך פאַרשטיי שוין, איצט פאַרשטיי איך. נו, מיין טייערער ברודער, וועגן דעם דאַרפסטו זיך ניט זאָרגן. אין וועסטערן רעזערוו גייט מר. לעראָי טשייס און אַרויסגעטריבן האָט מען שלום כאַזאַנאָוויטש. קענסט זייער לייכט פאַרלייקענען דיין ברודער.

— אַזוי דיינקסטו. ניט אַזוי לייכט ווי דו דיינקסט. אַלע בחורים וויסן שוין. און, פאַרדאַמט זאָל עס ווערן, צו וועלכע שוואַרצע יאָר האָסטו געדאַרפט פלאַפּלען? מ'האָט דיך ניט געשלעפּט זאָלסט ווערן

אַ סאָלדאַט. ביסט דאָך גאָר בלינד, צו אַל די טייוולען! ער רעדט אויך קעגן מלחמה.

— קענסטו דאָך ריידן פאַר. פאַרוואָס זאָלסטו טאָקע ניט אַרויס־גיין אויף די ראָגן און רעדן פאַר דער מלחמה הלואה? אַ קנעפּל, זע איך, האָסטו שוין.

— און איך שטאָלציר דערמיט, — האָט מלך אַ הויב געטון דעם קלאַפּ פון זיין רעקל. — ניט ווי דו, אַ . . . פייגלינג.

דאָס לעצטע וואָרט האָט ער אַרויסגעזאָגט שטיל, אָבער דאָס האָט אַ קלאַפּ געטון שלומן. אָט דער אַ . . . רופט אים פייג . . . — וואָס האָסטו געזאָגט?

— גאָרניט, — האָט מלך אַ ברום געטון. אים איז ניט געפעלן געוואָרן ווי זיין ברודער האָט זיך אַ שטעל געטון.

— דו זאָג טאָקע בעסער גאָרניט, ווייל אויב דו עפנסט נאָכאַמאָל אויף דיין טריפענעם מויל . . .

— אַ ז ו י ?

— שווייג, האָב איך געזאָגט!

— איכ׳ל וועלן וועל איך ריידן.

— האַלט ס׳מויל, אַניט וועל איך עס דיר פאַרמאַכן, דו הערסט?

— ווער? דו? דו . . . פייג . . .

אַ שמיץ די ברילן און אַ יאָג צו מלכן . . .

מלך וועט ניט אַנטלויפן. ער איז קיינמאָל ניט אַנטלאָפן. ער׳ט אים ווייזן דעם . . .

איינער האָט דעם צווייטן געוויזן . . .

רבונו של עולם! וואָס טוט זיך דאָ? וואָס? קינדער! שלום! מלך! הערט אויף! הערט אויף, זאָג איך! ה־ע־ר־ט א־ו־י־ף!

אסתר כאַזאַנאָוויטש האָט זיך אריינגעריסן צווישן אירע צוויי קינדער, דערווייטערט איינעם פונם צווייטן, מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס זיי אָפּגעשטופּט, ניט צוגעלאָזט נאָענט. — וואָס איז געשען? וואָס פאַר אַ שלאָגעניש? אָט אַזוי ווי דו זעסט, נאָר ווי די האָנען, רק מ׳טשובעט זיך. וואָסי? — האָט זי שוין געפרעגט שטילער, — וואָס איז געוועזן?

— גאָרניט.

— אַ שיינער גאָרניט. פאַר גאָרניט רייסט מען זיך איינס ס׳אָנ־

דערע פּאַר די נעז? וואָס איז געווען? דערצייל מיר דו, — האָט זי זיך געווענדעט צום אינגסטן.

— מ׳האָט אים אַרויסגעטריבן פון אוניווערסיטעט.

— וואָס?! וואָס מיינסטו אַרויסגעטריבן? — האָט זי שוין איי־בערגעטראָגן איר קוק צום עלטערן. דער אינגערער האָט שאָדנפריי־דיק געשמייכלט: אַהאַ, דערלאַנגט! שלומס קורצזיכטיקע אויגן האָבן זיך געריסן פון אונטערן שטערן, געשטאָכן זיין ברודער. ווען ער קען אים דערהרגענען אָט דעם . . . וואָס זאָל ער איצט זאָגן. — הערסט׳אַך! — גיט ער אַ זאָג.

— איך הער, אָבער וואָס הייסט אַרויסגעטריבן? פאַרוואָס? פאַר ווען?

עס הויבט זיך אָן. גיי דערצייל איר. וואו זיינען זיינע ברילן?

— ער איז קעגן מלחמה, איז ער, אָט דער . . .

— שווייג שטיל, אָניט וועל איך דיר צעברעכן רוקן און לענד, דו הערסט?

— אַ ז ו י ?

שטייט לעבן דער מאַמעס פאַרטוך איז ער שוין זיכער ביי זיך, אָט דער . . . אַ נכפה זאָל אים כאַפּן. וואו איז זיין היטל? ער קען דאָ ניט שטיין.

— קעגן מלחמה, נו איז דאַריבער?

— איז דאַריבער! — האָט שלום בייז, שיר ניט איבערקרומענדיק זיין מאַמע אויסגערופן. גיי דערצייל איר.

— דערצייל מיר דו, — האָט זי זיך ווידער געווענדעט צום איינ־גערן.

אָט אַזוי. מיטן מוזיניקל. זאָל זי זיך טישען מיט אים. שלום האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר, אַרויסגעלאָפן. אַ ברודער. אַ ברודער, איז אים נאָכגעלאָפן דאָס וואָרט. „דו ביסט אויך דאָ?״ האָט ער מיט אַמאָל דערהערט און דערזען זיין עלטסטן ברודער חיים ביים אַרויסגאַנג נאָך דעבס רעדע. אויך אַ ברודער. וואָס ווייסט ער וועגן יענעם ברודער זיינעם? ער האָט אַלע מאָל געפילט אַ פריינדליכקייט צו אים. האָט חיים ניט אָוועקגעזעצט אַמאָל אָט דעם שפּרינגער, דעם סמאַרקאַטש מלך, ווען ער האָט זיך גענומען באַרימען מיט זיין „סקול״ באַלד ווי מ׳איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע? יאָ, חיים איז ניט ווי

מלך, אויך ניט ווי דער געשעפטסמאַן ברוך, אָבער, למאי לייקענען, האָט ער ניט געטראַכט וועגן חיימען ווי וועגן אַ ניט געראָ־טענעם, אַן אומווויסנדיקן? אָבער וואָס מיינט וויסן? איבערלייענען נאָך אַ צענדליק ביכער. ווערט מען דערפון אַ מענטש? אָט די אַלע סטודענטן, זייערע פּנימער, זייערע פאַרשטשירעטע ציין, זייערע הענט, קולאַקעס, ווי זיי האָבן זיך געריסן צו אים. האָבן זיי דאָך אויך גע־לייענט ביכער. און דער פּראָפעסאָר. שוין געלייענט גאָר אַ סך ביכער. ניין, אַ בוך איז ניט מער ווי אַ שטעקן, אין אַ נויט קען מען זיך אויף אים אָנשפּאַרן, אָבער גאַנץ אָפט נוצט מען דעם שטעקן צום שלאָגן, דערלאַנגען אַ צווייטן אין קאָפּ. מלך וועט עס זיכער טון, קיין צווייפל אין דעם. פון די צוויי איז חיים . . . ווי קומט ער טאַקע צו דעבס אַ פאַרזאַמלונג? ער און עטל. זי איז אַ וואוילע מיידל. אַזאַ פיינער פּנים ביי איר, אַזעלכע טיפע אויגן. מערקווירדיק, ווי ער האָט זיך געהאַלטן פון ווייטן פון זיי. געווען ביי זיי אפשר צוויי מאָל. ווי וואָלט געווען ווען ער גייט איצט אריבער צו זיי?

— זע! אַ גאַסט! עטל, צעוואָרף דעם אויוון!

— אה, שלום! — דערפרייט זיך אויך עטל אריינקומענדיק פון קיך. — טאַקע אַ גאַסט. און איר מוזט האָבן אַ לעבעדיקע שוויגער, געקומען פונקט אין צייט, מיר גייען עסן. וועט עסן מיט אונז.

— איך בין ניט הונגעריק.

— וואָס דרייסטו אַ מח ניט הונגעריק. ניט הונגעריק! שטעל נאָך אַ טעלער. האָסט כאָטש עפּעס וואָס צו געבן?

— צוגיסן נאָך אַ ביסל וואַסער אין דער יויך, — האָט עטל גע־שפּאַסט. — וועט זיין, וועט זיין, זאָרג זיך ניט. גייט צום טיש.

ווייסן זיי שוין אָדער זיי ווייסן ניט? ווייסן מסתם ניט. וועט ער זיי גאָרניט זאָגן.

— וואו ביסטו דאָן פאַרשוואונדן געוואָרן, ביי דעבסן? געמיינט דיך נעמען אַהיים.

— אַזוי פיל מענטשן געווען, — האָט שלום ניט גערן געענט־פערט. דער געשפּרעך פאַרנעמט זיך אויף אַ גליטשיקן וועג. ער'ט גאָרניט זאָגן.

— יאָ, געווען אַ גרויסער עולם. נאָכאַמאָל אזוי פיל אוועקגע־

גאַנגען צוריק, די פּאָליציי האָט שוין מער ניט אַריינגעלאָזט. מיר האָבן זיך קוים אַריינגעשפּאַרט.

— און ווי איז דיר געפעלן זיין רעדע? — האָלט שלום ניט אויס און לאָזט זיך פאָרט אויפן גליטשיקן וועג.

— ווי איז מיר געפעלן זיין רעדע? איך האָב אויפגעגעבן מיין אַרבעט!

שלומס אויגן האָבן געפרעגט: וואָס מיינסטו? וואָס פאַר אַ שייכות האָט דעבס רעדע מיט דיין אַרבעט?

— יאָ, יאָ, איך האָב אויפגעגעבן מיין אַרבעט. ווייסט'אַך, איך האָב געאַרבעט ביי דער וואַן דאָרען. איך האָב געוואוסט מ'אַרבעט אויף קריגס באַשטעלונגען, אָבער עס האָט מיך ניט אַזוי געקימערט. און אַז איכ'ל ניט אַרבעטן? וועט אַן אַנדערער אַרבעטן. און זיי צאָלן גוט. אפילו פאַרן זומער סעזאָן האָט זיך ניט געלוינט צו גיין היינגען פּאַפּיר. בין איך געשטאַנען און געאַרבעט. דאַרף איר אָבער אָנטראָגן מיך שלעפּן גיין הערן דעבסן, — האָט ער מיט אַ שמייכל אָנגעוויזן אויף עטלען. זי האָט זיך פאַררויטלט. — און וואָס זאָל איך דיר זאָגן? איך בין געשטאַנען, קיין פּלאַץ צום זיצן איז שוין ניט געווען, געהערט, און געפילט די גאַנצע צייט ווי עמיצער שטייט און שמייסט מיך. אויף מיין וואָרט, דו הערסט, ווען ער האָט אויסגע־צויגן די לאַנגע האַנט זיינע, געטיקעט מיטן פינגער — דו, דו, האָב איך געפילט אַז ווען עס עפנט זיך דאָרטן אַ גרוב וואָלט איך זיך דאָרט אויפן אָרט באַגראָבן. איך נעם פּונקט אַזאַ איינטייל אין דער מלחמה ווי דער סאָלדאַט, נאָך ערגער, יענער שטעלט כאָטש איין זיין לעבן אין קאָן, גייט געהרגעט ווערן, און איך שטיי אַ זיכערער, אַ באַצאָל־טער, מאַך אַמוניציע, העלף הרגענען מענטשן. היינט וואו איז געלט? האָב איך ניט געקויפט קיין מלחמה באנד? געמוזט קויפן. פּרוּאוו זאָגן דו ווילסט ניט, איז ניט נאָר אויס אַרבעט, ביסט אַ שפּיאָן, אַ פאַררעטער, אַ . . . האָב איך געקויפט איין באנד. ערשט, אויף מאָרגן נאָך דעבס רעדע, שטעלט זיך אַריין עפּעס אַ פאַרשוין, ווייסט'־אַך, פון די ריכטיקע פאַרשוינען, און גייט אַרום אין שאַפּ, מיטן פאַר־מאַן, מ'זאָל זיך פאַרשרייבן פאַר דער הלוואה. קומט צו צו מיר, זאָג איך אים: איך האָב שוין. יאָ, ער ווייסט עס, אָבער מ'מוז קויפן נאָך. אַלע קויפן. אַן אַנדערש מאָל וואָלט איך אפשר אָנגעבויגן דעם קאָפּ,

זיך גיין שטעלן? אָבער דאָ, ערשט נעכטן געהערט דעבסן, געזען זיין פינגער . . . רוף איך זיך אָן: אַלע קויפּן, זאָלן זיי, איך קען מער ניט קויפן.

— אַזוי, — מאַכט ער, — קענט ניט. איר מאַכט גענוג געלט דאָ, ניין? — הערסט אַ מעשה? א י ך מאַך געלט! ער מאַכט ניט קיין געלט, די וואָן דאַרען אויך ניט, נאָר איך מאַך געלט. — יאָ, איך מאַך אַ לעבן, — ענטפער איך אים. — מאַכט אַ לעבן, — חזרט ער איבער און קוקט זיך איין אין מיר. — זייט איר אַן אַמעריקאַנער ביר־גער? — טוט ער אַזוי אַ פרעג. וואָס זאָל איך דיר זאָגן, איך האָב געפילט ווי דער פאַרשוין וואָלט זיך געגנבהט הינטנאַרומער, מיר געוואָלט דערלאַנגען מיט עפּעס איבערן קאָפּ, און די הענט האָבן אַזוי גֶעביסן, עס האָט זיך פשוט געוואָלט אָנכאַפּן אָט דעם פאַרשוין און אים אַ זעץ טון מיטן קאָפּ אָן דער טאָק מאַשין. — ניין, — זאָג איך, — ניט קיין בירגער. וואָסי?

— גאָרניט, — מאַכט ער, און איז אַוועקגעגאַנגען. וואָס טויג דיר מעשות, פאַרנאַכט האָב איך געקראָגן מיינע שכירות. אַרט עס מיך, זעסטו? אמת צופרידן וואָס איך אַרבעט דאָרט ניט מער. קריגן אַרבעט. אפשר נאָך מאָרגן גיין אַרבעטן. אָבער קיין אַמוניציע אַר־בעט. דאָס ניט!

— האָט מען דיך, הייסט עס, אויך אַרויסגעטריבן.

— וואָסי, ווען נאָך האָט מען אַרויסגעטריבן?

— מיך! אַרויסגעטריבן פון אוניווערסיטעט, ווייסט ניט?

וואו איז אַהינגעקומען שלומס באַשלוס ניט צו דערציילן? חיים איז ניט נאָר זיינער אַ ברודער פון איין טאַטע מאַמע, נאָר אויך אַ ברודער אין אַרויסגעטריבנקייט. אָפנהאַרציגקייט רופט אַרויס אָפנ־האַרציגקייט.

— געהערט, אַז עפּעס איז דאָרט געווען אַ טומל, — האָט חיים שעמעוודיק געענטפערט, — אָבער ניט געוואוסט אַז . . .

האָט שוין גאָר געוואוסט דער ברודער. דאָס קען מען זען אין זיין שעמעוודיגקייט, אין עטלס שטרייגגען קוק אויף אים. ווי זיי האָבן דאָס מורא אים ווייַ צו טון. ווילן אפילו ניט אַרויסזאָגן דאָס וואָרט אַרויסגעטריבן. אי, דער חיים, אַ וואוילער בחור, אַ איינפאַ־כער, אָבער אַזאַ גוטער. האָט מורא אים ווייַ טון.

— און וואָס זאָגט דער טאַטע, די מאַמע?

— דער טאַטע, ווייס איך ניט, די מאַמע? וועט זיך באַגיין מיט אַיין „קאַללעזש באָי״, מיטן מוזיניקל . . . — די ברידער האָבן זיך איבערגעקוקט. אונטער די פיר אויגן האָט אפילו עטל זיך דערפילט אַ זייטיקע, אַ פרעמדע. זי האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, צוגעגאַנגען צום אויוון. די ברידער האָבן זיך פאַרשטאַנען.

— און וואָס גייסטו טון?

— וואָס מיינסטו?

— איך מיין, ווי וועסטו ווייטער לערנען? אַריין אין אַ . . .

— ווייטער לערנען יאָ, אָבער אַריין אין אַן אַנדער אוניווערסי־טעט? וועלכער אוניווערסיטעט וועט עס אריינגעמען אַזאַ . . .

— זעסטו? נו מילא. האָסט דאָך ניט געלערנט אויף דאָקטאָר צי אַ ד ו ו אָ ק אַ ט . — ווידער אַ ברודער קוק. — כ׳מיין, דיינע זאַכן קענסטו דאָך לערנען אַזוי אויך, ניין?

— מ׳קען לערנען, אודאי קען מען, אַבי נאָר . . .

— וואָס איז מיט דיין צייטונגס טעריטאָריע? טראָגט כאָטש גענוג אויף דורכצוקומען?

אי דער חיים. ער האָט שוין אַ טראַכט געטון צי האָט זיין ברו־דער געגוג געלט צום לערנען. — די צייטונגען טראָגן אַריין נישקשה, אַ׳ויף מיין אויסקומעניש פאַרדין איך, אָבער איך דיינק איך וועל די צייטונגען אויך אויפגעבן.

אַרויסגערעדט, האָט שלום זיך אַליין געוואונדערט ווי אַזוי אַן אַרויסגערעדט וואָרט איז אַ באַשלוס וואָס רייסט זיך פלוצלונג דורך. אין די פּאָר טעג, זינט מ׳האָט אים אויסגעשלאָסן פון אוניווערסיטעט, האָט ער שטאַרק געטראַכט וועגן אויפגעבן די צייטונגען, פאַרקויפן די טעריטאָריע. אַ געדאַנק איז געבוירן, געררייפט געוואָרן, אַנשטאָט טראָגן צייטונגען גאָר דאָרטן פּרוואוון שרייבן, זאָגן וואָס ער דיינקט, וואָס ער וויל. אַזאַ פּרואוו האָט ער, אייגענטליך, שוין לאַנג געמאַכט. אין דער שטיל, קיינער זאָל ניט וויסן האָט ער געשריבן לידער, איי־ניקע אפילו געשיקט אין „אַטלאַנטיק מאָנטהלי״. ניט אָנגענומען. האָט ער געשפּאַסט פון זיך אַליין: וואָס ווילסטו זיין, אַן עקאָנאָמישער פּאָעט, צי אַ פּאָעטישער עקאָנאָמיסט? די לידער, האָט ער נאָכדעם אַליין איינגעזען, זיינען געווען שלעכטע, ניין, ניט געגוי שלעכטע,

אָבער געמאַכטע, עס איז ניט געווען אַרויסגעזאָגט, טאַקע אַראָפּגע־רעדט פון האַרצן, נאָר געמאַכטע, צופּיל „וואַטע". געמאַכט ניט שלעכט, אָבער פּאַרט ניט דאָס. ניין, אויב ער וויל עפּעס זאָגן, און ער וויל, פאַרוואָס ניט אין פּראָזע? פּשוט אָנשרייבן אַן אַרטיקל. דאָס קען ער טון, ער איז זיכער ער קען, און ער וויל אויך. שלום האָט גע־וואָלט, געטראַכט וועגן דעם, אָבער ערשט דאָ, זיצנדיק ביים ברודער אין הויז, רעדנדיק האָט זיך אַרויסגעכאַפּט דער „איך דיינק איך וועל די ציַיטונגען אויך אויפגעבן" און ער האָט געפילט אַז דער באַשלוס איז געמאַכט געוואָרן.

— און וואָס גייסטו טון?

— איך ווייס ניט. איך דיינק איך וועל . . . עפּעס געפינען, — האָט זיך שלום פאַרכאַפּט, ניט אויסגעזאָגט זיין סוד. נו טאַקע, ווייסט ער שוין אַז ער גייט אַריין אין אַ ציַיטונג? און צו וואָס אויסגעבן זיין סוד אַז ער וויל אַריין? חיים, עטל קאָן נאָך לאַכן פון אים. חיים, עטל, —ביידע גוטע, דאָך . . .

— גייסט שוין?

פונם וויזיט ביים ברודער איז שלומען גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן, אָבער איצט ווען אין קאָפּ האָט זיך שוין גענומען דרייען — ציַיטונג, האָט ער שוין מער ניט געקענט זיצן און ריידן. ער האָט גע־וואָלט זיין אַליין. יאָ, ער מוז גיין.

— נו, גייסט פאַרביי, קום אַריין, — זאָגט חיים. — איצט קענט איר דאָך שוין קומען אָפטער, — גיט צו עטל.

ווי זיי שטימען ביידע. אַ גוטע פּאָר פאָלק. גוט צו האָבן אַזאַ פרוי, אַ וויַיב . . .

(21)

— ווילט איר, הייסט עס, ווערן אַ רעפּאָרטער.

— איך וויל . . . איך וויל ווערן . . . אַ זשורנאַליסט.

— אַהאַ, אַ זשורנאַליסט. און פאַרוואָס ניט אַ פּאָעט? שרייבט דאָך לידער, ניין?

פון וואַנען ווייסט ער, אָט דער מר. דייוויס, אַז שלום שרייבט לידער? אַ מאָדנער מענטש אָט דער מר. דייוויס, אָט דער הויכער

בריטפּלייציקער מאַן מיטן רויטבלויליכן פּנים, שווערן קאָפּ באַדעקט מיט אַ געדיכטן וואַלד גרויע האָר, און די בלויע פינקלענדיקע אויגן. גיט ער אַ רעד מיט זיין אנגעשפּאַלטענער שטימע דוכט זיך ער בייזערט זיך, וואַרפט די ווערטער יענעם אין פּנים אַריין, אָבער דאָס דוכט זיך בלויז, דער, צו וועמען ער רעדט, דערפילט באַלד אַז מר. דייוויס איז ניט בייז, פאַרקערט . . . אָבער פון וואַנען ווייסט ער, אַז שלום שרייבט לידער? האָט ער אויך אַמאָל געשריבן לידער, נאָכדעם געוואָרן אַ רעפּאָרטער, אַ זשורנאַליסט, אַ רעדאַקטאָר?

— שווייגט, האַ? הייסט עס, שרייבט לידער. געדרוקט, ניין?

— ניין, פּאָעזיע איז, קענטיק, ניט פאַר מיר, איך וויל ווערן אַ זשורנאַליסט.

— טאָ פאַרוואָס ווערט איר ניט קיין טאָג אַרבעטער? יאָ, אַ טאָג אַרבעטער, דער אמת׳ער זשור־נאַליסט, מיטן גראָב אייזן און רידל, אייך וואָלט געוועזן אַ סך בעסער, אַ סך בעסער, יונגערמאַן!

וואָס קוקט ער אַזוי דער מר. דייוויס? ער זעט אויס אַ היבש ביסל אונטערגעטרונקען. שיקט זיך עס ער איז פּשוט אַ שכור?

— איר זייט צו דאַר פאַרן גראָב אייזן און רידל. אַ איד, ניין? איז ער נאָך אַן אַנטיסעמיט אויך?

— מיר געפעלט אייער פּרצוף, אַ גוטער, ערליכער פּרצוף ביי אייך, בלויז אַ שאָד וואָס איר רוקט זיך מיט אים אין אָט דעם הייזל אַריין. קענט איר טרינקען בראַנפן? נו, דאָס וועט איר זיך שוין אויסלערנען. איך ווייס ניט צו איר׳ט ווערן אַ זשורנאַליסט, אָבער טרינקען בראַנפן וועט איר שוין קענען, דזשאהן באַרליקאָרן האָט שוין פאַרפירט שטאַרקערע פון אייך, די פראַגע איז, די פראַגע איז . . . — האָט ער איבערחזרנדיק די פראַגע אַ בלאָנזע געטון איבער שלומן, — צי וועט איר פאַרפירן די מאַדאַם פּרעס? דאָס איז אַ פיינער וויץ, — האָט ער אַליין אָנגעקוואָלן. — לאָמיך נאָר זען: יונגערמאַן פאַרפירט אומשולדיקע מיסס פּרעסס. דאָס איז פיין! — האָט ער אָנגעקוואָלן, קוקנדיק אויפן „קאָפּ“, וואָס ער האָט אויפגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. — יונגערמאַן פאַרפירט . . . אגב, יונגערמאַן, וואָס האָט איר געזאָגט איז אייער נאָמען? כ־כאסאנאָוויטש? נו, אַ נאָמען! קלינגט ווי קאַסאַנאָווא. וואָס איז דער ערשטער נאָמען? שולעם? דאָס איז שוין בעסער. שולעם. קלינגט אַזוי אויסטערליש, אָבער גוט. שולעם.

נו, שולעם, איר ווילט ווערן אַ רעפּאָרטער? אָלרייט וועט איר זיין אַ רעפּאָרטער. איר זאָגט מ׳האָט אייך אויסגעשלאָסן פון אוניווער־סיטעט פאַר לייענען עפּעס וועגן מלחמה. גוט. אויב אַזוי האָט איר אין אוניווערסיטעט כאָטש געלערנט איין גוטע לעקציע, איך האָף איר׳ט זי געדיינקען. אַ גוטער רעפּאָרטער איז דער וואָס האַלט זיינע אויגן אָפן און דעם מויל פאַרמאַכט. פאַרשטאַנען? אָלרייט. דרייט זיך דאָ אַרום, איר׳ט שוין געפינען וואָס צו טון. און איצט דאַרף איך אַרבעטן.

שלום האָט נאָך געזען ווי דער מר. דייוויס האָט זיך אַ דריי געטון אויף זיין ביינקל, געעפנט אַ שופלאַד, אַרויסגענומען אַ פלעשל, צוגע־לייגט דאָס העלזל צו די ליפּן, אַ שלוק געטון, פאַרקרומט דעם פּנים, אריינגעוואָרפן צוריק דאָס פלעשל, פאַרהאַקט דעם שופלאַד, בייז אַ קוק געטון פאַר זיך אויף דער וואַנט און גלייך האָט די שרייב מאַשין געגומען טרעשטשען. מר. דייוויס האָט שיר ניט צענומען די שרייב מאַשין. שלום האָט שוין געהאַלטן ביים אַרויסגיין ווען ער האָט דער־הערט: העי, קומט נאָר אַהער! איר קומט פון רוסלאַנד, ניין?

— איך בין דאָרט געבוירן געוואָרן, — האָט שלום פאַרדעכטיק געענטפערט.

— קענט איר דאָס איבערלייענען? אָט דאָס אָ. ווי רעדט איר דאָס אַרויס?

— טשעליאַבינסק, — האָט שלום אַרויסגערעדט און געשמייכלט וואָס מיט אַמאָל איז ער געוואָרן אַ רוסישער, אָבער אויך דערפון וואָס ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט ניט ווי אַן אַמעריקאַנער.

— ווי, ווי, זאָגט איר, לייענט זיך עס? טשע־לאַ . . .

— טשעליאַבינסק.

— אַהאַ! איצט ווייס איך שוין. טשילי־בינס. וואָס, ניט אַזוי? — שמייכלט מר. דייוויס. — אָלרייט, מר. טשיליבינס, דרייט זיך אַרום, איר׳ט שוין געפינען וואָס צו טון.

שלום האָט קיין צופיל אַרבעט ניט געפונען. טשעליאַבינסק און טשענסטאָכאָוו און נאָך אַזעלכע ווערטער, אויף דעם איז ער געוואָרן אַ ספּעציאַליסט. — רופט שלומן, — האָט מען שוין געזאָגט ווען עס איז געקומען צו רוסישער געאָגראַפיע. אַמאָל האָט מען אים מכבד געווען מיט אַ — העי, טראָצקי! ווי רופט זיך דער פּלאַץ וואו אייער אַרמיי

געפינט זיך? אָט דאָס אַ פאַרדאַמט וואָרט. יאָ, יאָ, נו, גיט שוין אַ נאָס, ניסט עס אַרויס. אַהאַ. פיין. — ערב אַ אידישן יום טוב האָט ער באַדאַרפט אָנשרייבן עטליכע שורות וועגן דעם יום טוב, מ׳האָט אים שוין אויך געשיקט אין פּאָליצײ דעפּאַרטמענט, פּאָליצײ געריכט.

דאָס ערשטע מאָל, וואָס ער האָט געבראַכט אַ שטיקל באַריכט האָט ער זיך ניט געקענט דערוואַרטן אויף דער צייטונג. וואָס נעמט עס זיי אַזוי לאַנג, די זעצער, די פּרעס לייט? די פאָדערשטע זייט, די גרויסע קעפּ האָבן אים ניט אינטערעסירט. וואו איז ז י י נ ע נייעס? ערגעץ אויף דער דרייצנטער זייט האָט ער געפונען פאַר־שטעקט זיין שטיקל נייעס. ער האָט זיך צוגעכאַפּט דערצו. רבונו של עולם! ער האָט דאָך אָנגעשריבן אַזוי פיל און דאָ בלויז זעקס שורות! ער וועט . . .

ער האָט זיך צוגעוואוינט צו זען זיינע נייעס אָפּגעדרוקט אַנדערש ווי ער האָט עס אָנגעשריבן. מייסטנס פאַרקורצט. געשפּרעכן מיט חברים רעפּאָרטערס, און ער האָט שוין געוואוסט אַז געוויסע נייעסן וואָס זיי ברייגגען אַריין דערזעען קיינמאָל די ליכטיקע וועלט, דער „באָס״ זעט שוין אַז זיי זאָלן ניט אַריין. אויפן „באָס״, דעם שטאָט רע־דאַקטאָר, מר. דייוויס, האָט מען געהאַט תרעומות, אָבער קיינער איז ניט געווען בייז אויף אים, פאַרקערט, מ׳האָט געהאַלטן פון אים, ער איז אָלרייט, דער וואָס איבער אים, דער אמת׳ער „באָס״ . . . יענער . . . ער טרינקט, מר. דייוויס? אודאי טרינקט ער, אָבער ער קען די מלאכה, קען דעם עסק פון אלף ביז ת. ווען ער האָט אויפגעדעקט דעם . . . סקאַנדאַל . . .

די צייט האָט זיך דאָ געמאָסטן לויט די דאַטן ווען, ווער, וואָס האָט אויפגעדעקט. יעדער איינער, פון דעם אינגסטן ביזן עלטסטן רעפּאָרטער, האָבן געלעבט מיטן געדאַנק, מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט דער ערשטער אַרויסקומען מיט אַ נייעס, ער וועט אַראָפּכאַפּן די סמעטענע, וועט עפּעס אויפדעקן, און דאַן, דאַן איז מען אַ „געמאַכטער מענטש״, דאַן איז די רעפּאָרטערישע, זשורנאַליסטישע קאַריערע אַ גע־זיכערטע. דערווייל רויכערט מען, מ׳מאַכט אַ קערטל, מ׳כאַפּט אַ שנעפּסל, מ׳רעדט, באַלאַקעט און מ׳וואַרט אויף ד ע ם ט אָ ג .

שלום האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער מלאכה. אַלס צייטונגס אינגל האָט ער זיך גוט איינגעלעבט מיט די גאַסן אינגלעך, געקענט

זייער שפּראַך, זייער אַ פּייף טון, אַ שפּיי טון. דאָ, אין דער צייטונג, האָט ער דערקענט סימנים פון די צייטונגס אינגלעך, עטוואָס ענליכעס איז געווען צווישן אָט דער חברה רעפּאָרטערס און די צייטונגס אינגלעך.ביידע חברה אָרים, דאָך אַזאַ הפקרדיקע באַציאונג צום סענט, דאָ ווי דאָרט אַזאַ גוסט נאָכן גראָבן וואָרט, גראָב, אָבער גאַנץ אָפּט שאַרף, און, דער עיקר, פריילעך. מ'האָט ליב אָפּטון אַ שפּיצל אי פאַר דער שאַרפקייט אי פאַר דער פריילעכקייט, דאָ ווי דאָרט פאַרשטייען זיך די חברה אויפן וואונק, און ווי שאַרף מ'רעדט ניט איינער צום צווייטן פילט זיך דאָך אַ חברישקייט. אַ פריילעך געזינדל. אפילו מיט דער פּאָליציי, מיט אָט די בולדאָגס, שפּאַסט מען, איז מען חבריש. מיט דער פּאָליציי יאָ, אָבער ניט מיט דעטעקטיווס, פון יענע ווייכט מען. אַ פּאָליציי מאַן קומט צונוץ דעם רעפּאָרטער און פאַרן רעפּאָרטער האָט דער פּאָליציי־מאַן אַ געוויסן דרך ארץ — די פּרעס. גוט צו זיין אין דער פּרעס. אמת, די פּרעס צאָלט ניט מער ווי צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך, אָבער דאָס איז נאָר ביזן ט אָ ג , זאָל נאָר קומען דער טאָג, זאָל נאָר דער רעפּאָרטער עפּעס פּאַקן, פּאַציאַפּען עפּעס אַ ריכטיק שטיקל נייעס, אויפדעקן אַ גוט סקאַנדאַלעכעל, דאַן איז ער אויפן פערד. און דער טאָג, „מעג ער זיך זאַמען, אָבער ער וועט קומען".

אויך צו שלומן איז געקומען זיין טאָג.

— איר זייט דאָך עפּעס אַ שטיקל באָלשעוויק, — האָט מר. דייווים אַ זאָג געטון מיטן אַקצענט אויפן קמץ פון „באָלשעוויק" און מיט אַ שמייכל, — האָב איך פאַר אייך אַ שטיקל אַרבעט. מאָרגן איז דער ערשטער מאַי. אַלע באָלשעוויקעס, סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן, אַלע רויטע וועלן מאָרגן האָבן אַ פּאַראַד. אַ גרויסן פּאַראַד. מ'ריכט זיך אויף צרות. וואָס מכח דעם איר זאָלט דעקן דעם פּאַראַד?

— כ'וועל עס גערן טון.

— נו, ווי דען? אָלרייט. זעט, איר זאָלט זיין אויפן פּלאַץ. דאָ האָט איר אייער געלעגנהייט צו מאַכן אַ גוטע מעשה. וועלן זיין נאָך רעפּאָרטערס, פאָטאָגראַפערס, אָבער איר שרייבט זיך אייערס. זעט איר זאָלט עס דעקן ריכטיק.

— איך וועל.

ענדליך דערלעבט.

דער לייבאַר לייסעאום אויף סקאַוויל עוועניו און דער פינף און פופציקסטער — אַ בינשטאָק פון וועלכן די בינען זיינען נאָר וואָס אַרויסגעלאָפן. זש־זש־זש . . .

— וואו זיינען די פלאַקאַטן? די פלאַקאַטן!

— וואו איז? וואו איז?

זש־זש־זש . . .

— יעדע אָפטיילונג הינטער איר פירער!

— אין דער רייע! אין דער רייע! אַריין אין דער רייע!

זש־זש־זש . . . די בינען יאָגן זיך הין און צוריק, ניט איינצו־שטעלן, ניט איינצושטילן זיי. ערשט ווען די „קעניגין" באַווייזט זיך, דערפילן די בינען — זי איז דאָ! איצט . . . דאָס זשומען שטילט זיך איין, די רייען שטעלן זיך אויס. מאַרש!

אידישע נאָדל אַרבעטער: ווייבערישע, מענערישע שניידער, שטעפער, קנעפל און העקל נייער, זוימער, פּאַרסטריגער, צושניידער — מייסטנס קורצגעוויקסיקע, מיט אויסגעקיילעכיקטע פּלייצעס. דער קאָפּ גייט פאָראויס, ערשט נאָכדעם מאַכט דער פוס אַ טראָט, יעדער טראָט אַ פאַל פאָראויס, דאָך זיי מאַרשירן, זייערע פאָנען פלאַטערן, די טראַנספּאַראַנטן שרייען; אידישע בעקער — פנימער בלאַס, טויגיק, איבער די אויגן ווייסלעך אַ נעץ רויטע פעדימלעך, אויף די פנימער שיינט דאָך אַ שמייכל — יום טוב! אַ קוילעטש האָבן זיי אויסגע־באַקן, דעם גרעסטן פּורים קוילעטש וואָס זיי האָבן ווען עס איז אויס־געפלאָכטן, געוואָלט מאַרשירן מיטן קוילעטש, אַרויפשטעקן אים אויף אַ דראַנג, אים טראָגן, זאָל מען זען, אָבער די פירער פון מאַרש האָבן ניט געלאָזט. האָבן זיך די בעקער גערוגזט: מ׳שעמט זיך, וואָס? אַן דעם קוילעטש גייען זיי ניט! האָט מען זיי געגעבן צו פאַרשטיין: דער שניידער טראָגט ניט זיין נאָדל, דער סטאָליאַר קיין זעג אָדער האַמער, דער מוליאַר קיין קעלניע, אַפילו קיין אויבערהויזן האָט קיינער ניט אָנגעטון, עס איז ניט קיין לייבאָר דעי פּאַראַד, עס איז דער ערשטער מאַי, אַ יום טוב, אַ דעמאָנסטראַציע. האָבן די בעקער זיך איבערגע־בעטן, זאָל זיין אָן אַ קוילעטש, דערפאַר אָבער מיט אַ פאָן, די פאָן פון זייער לאָקאַל, היינט אויפשריפטן!

— האַלט, ברודערקע! האַלט די פאָן! אָט אַזוי!

אינטערנאַציאָנאַלע פרויען קליידער אַרבעטער.

אינטערנאַציאָנאַלע ברויט און טאָרט בעקער.
ברודערשאַפט פון סטאַליאַרעס.
ברודערשאַפט פון מוליאַרעס.
אינטערנאַציאָנאַל און ברודערשאַפט.

צוזאַמען מיט די קורצגעוויקסיקע, שוואַרצקעפּיקע אידישע שניי־דער מאַרשירן די הויכע, בלאָנדע, אונגאַרישע אייזן אַרבעטער; נאָענט צו די בלאָספּנימדיקע אידישע בעקער גייען די ברייטפּלייציקע לאַטישן מיט זייערע סקולאָסטע פּנימער; צוזאַמען מיט דער אידישער אָפּטיי־לונג פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי מאַרשירט די פינלאַנדישע אָפּטיילונג — יונגען איינס און איינס, און אין פראָנט פון דעם אינ־טערנאַציאָנאַלן מאַרש אַ יונגער בחור אויף אַ ווייסן פערד, אַ היטל מיט אַ קאָקאַרדע, אַ רויטער לאַמפּאַס איבער אַקסל און ברוסט. צעזאַר פירט זיינע לעגיאָנען? אַ אידישער בחור. אינגלווייז האָט ער ליב געהאַט פאָרן רייטנדיק, מיט אַ זאָטל, אָן אַ זאָטל, דער עיקר — זיין אויפן פערד, זיך דורכטראָגן ווי אַ ווינט איבערן שטעטל — היט זיך — שימעלע גדליה דעם ליוועראַנטס קנאַקט, אָדער זיצן אויפן פערד, דער רוקן אויסגעגלייכט, דער קאָפּ הויך, און דער פערד — טראָט ביי טראָט: זעט, שימעלע גדליה דעם ליוועראַנטס פאָרט רייטנדיק. שוין יאָרן אַז ער איז ניט געפאָרן רייטנדיק, און היינט — זיין טאָג. ער פאָרט רייטנדיק אויף אַ ווייסן פערד, ער, דער מאַרשאַל פון מאַרש, הינטער אים מאַרשירן הונדערטער. מאַרש צום סקווער!

געוועזן „אַמאָל" אין שטאָט אַ מער מיטן נאָמען טאָם ל. דזשאָנ־סאָן. אַ דזשאָנסאָן ווי אַלע דזשאָנסאָנס, אַ מער ווי אַלע מערס, אַזוי האָבן געדיינקט די שטאָט באַלעבאָטים, ווען זיי האָבן אים געלאָזט אויסגעקליבן ווערן צום ערשטן מאָל. אָבער דער דזשאָנסאָן האָט גע־הייסן טאָם ל. דזשאָנסאָן, און אָט דער מער, טאָם ל. דזשאָנסאָן, האָט זיך געהאַט זיינע מיינונגען וועגן געוויסע זאַכן. אַליין אַ מיליאָנער, האָט ער אָבער ניט איבעריק ליב געהאַט די מיליאָנערן, אַליין אַ גע־וועזענער אייגנטימער פון שטאָטישע טראַמווייען, האָט ער געדיינקט אַז די טראַמווייען וואָס לויפן איבער די גאַסן, מעגן זיי באַלאַנגען צו איינצעלנע מענטשן, אָבער קוים לויפן זיי איבער די גאַסן פון שטאָט, דאַרף די שטאָט האָבן אַ דעה אין דעם פּרייז פאַרן פאָרן אויפן טראַמ־וויי, דריי סענט פאַר פאָרן איז אויך גענוג, ניט קיין פינף. די אייגנ־

טימער ווילן פינף? זאָלן זיי וועלן. די שטאָט, אַז זי וויל קען קריגן טראַמווייען צו פאָרן פאַר דריי סענט. די אייגנטימער פון די טראַמ־ווייען וועלן ניט לאָזן? איבער נאַכט האָבן הונדערטער מענטשן גע־לייגט רעלסן און אינדערפרי זיינען טראַמווייען געפאָרן, און דריי סענט פאַר־געלט. האָבן די רייכע געגראָבן אויף דעם מיליאָנער, וואָס איז געוואָרן אַ פאַררעטער צו זיין קלאַס, ווען ער האָט באַדאַרפט רעדן פאַר זיינע וואַלן, האָט ער קיין זאַל ניט געקראָגן, קיינער האָט ניט גע־וואָלט פאַרדינגען. האָט ער זיך אַן עצה געגעבן — אויפגעשטעלט אַביידל און אין ביידל געדעדט אָדער גאָר אויפן סקווער. און אַ פאַר־אָרדנונג אַרויסגעגעבן, אַז אויפן סקווער, אינמיטן שטאָט, קען יעדער איינער קומען און רעדן וואָס ער וויל, דאַרף ניט בעטן קיין דערלויבע־ניש פון קיינעם, און יעדער איינער קען שטיין און הערן. פרייע רעדע איז פרייע רעדע. זיינען אויף דעם סקווער געקומען פאַרשידענע רעדנער, אויפגעוויזן וואָס פאַר אַ געפערליכער מענטש דער טאָם ל. דזשאַנסאָן איז, מ׳זאָל אים מער ניט דערוויילן פאַר קיין מער. האָט דזשאַנסאָן געלאַכט: גוט אַזוי, דאָס איז פרייע רעדע. אַ לאַכענדיקער מער געווען. ווען ער איז אָבער צום לעצטן מאָל געלאָפן ווידער פאַר מער און איז דורכגעפאַלן, איז ער פון האַרצווייטיק געשטאָרבן. אַזוי איז געגאַנגען שוין אַ לעגענדע וועגן דעם טאָם ל. דזשאַנסאָן, אָבער דער דזשאַנסאָן סקווער איז געבליבן, דאָרט האָט יעדער איינער געקענט רעדן וואָס ער האָט געוואָלט.

צו אָט דעם סקווער האָט זיך דער מאַרש געצויגן. דאָרט, אין צענטער פון שטאָט, וועלן זיך צוזאַמענקומען די מאַרשירער פון דעם מזרח טייל שטאָט, מיט שימעלען אַן דער שפּיץ, מיט די מאַרשירער פון דעם מערב טייל שטאָט, דאָרט וועט מען האַלטן רעדעס, זינגען לידער.

— פאַרוואָס האָט דער מאַרש זיך אָפּגעשטעלט?

— וואָס האָט פּאַסירט?

— וואָס אַזוינס?

— עפּעס צרות?

— אין די רייען! גלייך אין די רייען! — קאָמאַנדעווען דער מאַרש פירער. — גאָרניט, גאָרניט האָט פּאַסירט. פּאָליציי. גע־פרעגט אויף אַן ערלויבעניש. אַנדערש ווילן זיי ניט. אַן ערלויבעניש. מאַרש פאָראויס!

וואָס נעענטער צום סקווער אַלץ פּאַמעליכער דער גאַנג. טויזנטער מענטשן האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון די קראָמען, געשעפטס געביידעס, שוין געשטראָמט אין די רעסטאָראַנען כאַפּן אַ ביס. יאָגנדיק זיך צום רעסטאָראַן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, אָדער בלויז אַ דריי געטון דעם קאָפּ: וואָס איז דאָס? וואָס פאַר אַ מאַרש איז דער?

— פרעג מיך עפּעס גרינגערס.

— בין זיך משער עפּעס אַ לאַדזש אַזאַ.

— גיב נאָר אַ קוק אויף זייער פירער!

— נו, אַ פירער!

— און גיב נאָר אַ קוק אויפן פערד!

— דאָס זיינען די רויטע.

— אהה, איצט זע איך שוין.

— פאַרוואָס לאָזט מען זיי מאַרשירן?

— וואו איז די פּאָליציי? פאַרוואָס שטעלט מען זיי ניט אָפּ?

— איך וואָלט אים אַראָפּגעשלעפּט פון פערד און אָפּגעווישט דעם שטויב מיט זיין שמוציקן אידישן נאָז, — האָט אַ זאָג געטון אַ מיידל אין די פּערציקער, מיט אַ לאַנגן דאַרן האַלז, אַרומגענומען מיט אַ הויך קאָלנערל און אַ שוואַרץ שניפּסעלע. — אָט די פאַרדאַמטע פרעמדע!

— זע, זע! די פּאָליציי קומט! זיי קומען! זיי קומען! — אַ בראַוואָ פּאַטשעריי דער פּאָליציי און הילכיקע אויסגעשרייען: דער־לאַנגט זיי! דערלאַנגט די רויטע! — אַ פאַרגעשמאַק — באַלד וועט זיך עפּעס טון, זיין וואָס צו זען.

און די „רויטע", מיד פון דריי שטונדן שטיין און גיין, אויסגעמאַ־טערטע, פאַרשוויצטע, הונגעריקע און באַאומרואיקטע, האָבן זיך צו־זאַמענגעפּרעסט איינגער, איינגער, שפּיץ פּוס האָט שיר ניט אָנגע־קלאַפּט קנאַפּל פון צווייטנס פּוס, דאָך האָבן זיי זיך באַוועגט, זיך גע־רוקט פאַראויס. אָט זיינען זיי שוין ביים סקווער, אָט גייט שוין אַרויף דער רעדנער . . .

— חברים אַרבעטער!

פון דער „טשיימבער אָף קאָמערס" געביידע האָט זיך אַ לאָז גע־טון אַ כאַפּטיע. אין סאָלדאַטישע סוויטקעס, סאָלדאַטישע קנישיקלעך אויף די שפּיץ קעפּ, נייע, גלאַנציקע, גלאַטע בייז־באָל בולאַוועס אין די הענט האָבן זיי דורכגעגעבערט אַ וועג צו דער פּלאַטפאָרמע. דער

רעדנער האָט אַ טויך געטון און דערטרונקען געוואָרן אונטער אַ מבול פון קלעפּ. אַן אַנדער רעדנער איז אויפגעשפּרונגען.

— ליידיס און זשענטלמען!

נייווי בלוי פּאָליציי אוניפאָרמען האָבן זיך אויסגעמישט מיט בלוי גרויע אַרבעטס העמדער; געל־גרינע סאָלדאַטסקע סוויטקעס האָבן זיך אָפּגעשלאָגן פון טונקל רויטע מיידלשע בלוזקעס, העל רויטע שלייפלעך אין מענערשע לאָצן; סאָלדאַטסקע קנישיקלעך און מענערי־שע היטלען זיינען געטראָטן געוואָרן אונטער די פיס; איבער די קעפּ האָבן געפּאַכעט פויסטן, פּאָליצייאישע קלאָבס און בייז־באָלל בולאַ־ווּעס האָבן געשניטן די לופט, געשפּאָלטן קעפּ.

— נאַ, דו הינטישער זון! — האָט אַ פּאָליציי־מאַן אַ פיר געטון מיטן קלאָב, פאַרמעסטנדיק זיך אויף יאַן זאַלוסעס קאָפּ. יאַן זאַלוס, העכער פונם פּאָליציי־מאַן, האָט זיך אַ קער געטון, אויסגעמיטן דעם קלאַפּ אין קאָפּ, דער שפּיץ קלאָב האָט בלויז אַ „שאַר" געטון דעם אַקסל. דער „שאַר" טוט ווי אַזוי שאַרף, יאַן זאַלוס איז שוין אין כעס, אין כעס פאַר ווייטיק. מיטן גאַנצן כעס גיט ער אַ נורע, דער־לאַנגט אַ זעץ מיט זיין קאָפּ דעם פּאָליציי־מאַן אין ברוסט. די דיקע וואַנט מענטשן לאָזט ניט דעם פּאָליציי־מאַן פאַלן נאָזנדיק, ער רוקט זיך בלויז אַרונטער, בלייבט זיצן. יאַן זאַלוס טוט אַ שפּרונג. ניין, דעם בולדאָג דאַרף ער מער ניט טשעפּען. אַן דאָרטן זיצט אַ פּאָליציי־מאַן אויף אַ פערד, דרייט זיך, פּאַכעט מיטן קלאָב, צוויי מיידלעך רייסן אים פאַר אַ פוס און ער דריגעט מיטן פוס, שטויסט זיי אָפּ, און פּאַכעט מיטן קלאָב. אים, אָט יענעם פּאָליציי־מאַן, האָט עס יאַן זאַלוס אַ נעם געטון מיט זיינע אָרעמס, אַ צי געטון פון פערד אַרונטער, דער פּאָליציי־מאַן האָט געזונטע אָרעמס און הענט, אָבער יאַן זאַלוס איז געוואוינט צו האַלטן אַ צוואַנג אין זיינע הענט, איצט זיינען זיינע הענט אַ צוואַנג אַרום פּאָליציי־מאַן. דער פּאָליציי־מאַן איז אויף אים? דאָס מיינט נאָך ניט, אַז זאַלוס איז שוין אויף אַרונטער, ער דאַרף בלויז אָנציען גוט זיין קערפּער, זיך אַ דריי טון. אָט אַזוי . . .

— דו הונ! — ריטשעט איינער אין אַ סאָלדאַטסקער סוויטקע, פאַרמעסטנדיק זיך אויף ריכאַרד שרעדער, אָבער ריכאַרד שרעדער, אַ געבוירענער אַמעריקאַנער, אפשר געלעגן אין איין טראַנשעע מיט אָט דעם סאָלדאַט, דערשרעקט זיך ווינציק וואָס פאַר אָט דעם העלד, זיין

פויסט גיט זיך אַ יאָג צום סאָלדאַטס פּנים. עמיצער האָט אים אָנגעכאַפּט הינטן אַרום? נו, ריכאַרד שרעדער לייגט מען אַזוי גיך ניט אַוועק. שלימער איז עס געגאַנגען שלמה דעם בעקער. דערפילט דעם ערשטן שטורך אין זייט, האָט ער זיך איינגעקאָרטשעט, געפילט אַז אין דער זייט איז ממש אַ לאָך געוואָרן. ער האָט זיך אַ וואַקל געטון. מענטשן האָבן זיך אָנגערוקט אויף אים, אים אויסגעגלייכט. די זייט טוט וויי, אָבער דער שאַרפער ווייטיק איז פאַראיבער. ווען ער קען זיך אַרויסרייסן. מיט אַמאָל דערזעט ער: אָט דער אָ, דער האָט עס אים דערלאַנגט. אַ פֿלעשל! דערלאַנגען אים איבערן קאָפּ! אַ שטעקן! אַ . . . אָן אָ זעט ער אַ שטעקן. אַ שטעקן מיט אַ שטיקל פּאָן נאָך. ער האָט זיך אָנגעבויגן דערלאַנגען דעם שטעקן, דערפילט ווי מ׳האָט אים אַ שטופּ געטון, ער האָט אַזש אַ שאר געטון מיט דער נאָז די ערד. זיך אויפהויבן! זיך אויפהויבן. אָבער פּיס טרעטן אויף אים, טרעטן אויף זיין רוקן. באַשיצן דעם קאָפּ. ביין, זיך אויף־הויבן! אויפהוי... אַ טופּע אין קאָפּ. מער האָט ער שוין ניט געפילט.

מענטשליכע פּיס, פערדישע קאָפּיטעס האָבן געטראָטן אויף מענטשן, מענערישע געשרייען, ווייבערישע קוויטשערייען און אויך אַן עמפּערטער אויסרוף: דאָס איז אַ שאַנד! אַ פאַרדאַמטע שאַנדע!

דאָס האָט אַן אַמעריקאַנער פרוי שוין ניט געקענט פאַרטראָגן ווי איינער אין אַ סאָלדאַטסקער סוויטקע האָט אַ שטרעק געטון די האַנט צו עטל כאַזאַנאָוויטשעס ברוסט און מיט די פינגער אַ ריס געטון איר רויטע בלוזקע, אַנטבלויזנדיק אַ ראָזעווע סטאַניקל. די פרוי האָט זיך אַ לאָז געטון צו אים, אָנגעכאַפּט זיין אָרעם. האָט ער אַ דריי געטון דעם אָרעם און אַ בליק טוענדיק אויף איר זי געוואָרנט: איר האַלט זיך בעסער פון ווייטן! זי איז ניט אָפּגעטראָטן, זי פון איין זייט, עטל פון דער צווייטער האָבן זיך געריסן צו אים, און ער, וואָס האָט אָט ערשט אַזוי בראַוו אַ ריס געטון עטלס בלוזקע, האָט זיך איצט שרעקעדיק געוועדט קעגן די צוויי פרויען, ערשט ווען חיים איז אונטערגעלאָפן, דערקענט עטלען און זיך אַ וואָרף געטון אויפן בויאַן, האָט ער אויפגעלעבט, מיט אַ מאַן וועט ער זיך שלאָגן, אים וועט ער ווייזן, אָט דעם . . . עטל האָט זיך געריסן צום בויאַן, צו איר חיימען, אָבער די פרוי האָט זי געצויגן אויף צוריק: קום, טייערע, קום. ער׳ט אים שוין דערלאַנגען, זעסט, ער גיט עס אים. קום, גיב אַ קוק ווי דו זעסט

אויס! — אירע האָר זיינען אויך געווען צעשויבערט, אָבער איר ברוסט איז ניט געווען אַנטפּלעקט. זי האָט אַרונטערגענומען איר לייכטן מאַנטל, אַריבערגעוואָרפן איבער עטלס אַקסל, זי איינגעוויקלט, און מיט איין אָרעם איבער עטלס פּלייצע, האָט זי מיט דער אַנדערער האַנט געמאַכט אַ וואַרע פאַר זיך מיט עטלען. עטל האָט זיך אַ דריי געטון אויף צוריק, שיר זיך ניט אַרויסגעריסן, אָבער די פרוי האָט זי אַ ציי געטון: מ׳זעט זיי ניט. קום, טייערע! — און זי האָט זי אַרויסגעפירט פון געדריינג, זי אַריינגעפירט אין אַ געביידע וואו זי זאָל קענען פאַר־דעקן עטלס ברוסט, ברייגגען אין אָרדנונג אירע אייגענע האָר.

פון די פענסטער פון די געביידעס האָבן אַרויסגעשטעקט קעפּ, פּלייצעס, הענט. אַ קאָפּ פון איין פענסטער האָט זיך איבערגערעדט מיט אַ קאָפּ פון אַ צווייטן פענסטער, אייניקע האָבן גענומען וואַרפן שטיקלעך פּאַפּיר, געלאַכט, באַלד אָבער האָט איין קאָפּ אַ געשריי געטון: טיינקס! און דאָס געלעכטער האָט אויפגעהערט. „אָה, מאַי, טיינקס! טיינקס! זע, זע! איינער, צוויי, דריי!״

די שטאָלענע טשערעפּאַכעס האָבן זיך גערוקט פּאַמעליך, אָבער מיט אַזאַ זיכערקייט, אַז עס האָט זיך געדוכט ווען אַ שטיינערנע וואַנט זאָל אויסוואַקסן אין זייער וועג וואָלטן זיי אַרויף אויף איר, זי אויס־געגלייכט מיט דער ערד. די וואַנט פון מענטשן האָט ניט געקענט ווידערשטיין דעם גאַנג פון אָט די שטאָלענע טשערעפּאַכעס, זי איז צעשפּאָלטן געוואָרן, די צעשפּאָלטענע וואַנט האָבן די פּאָליציי־לייט אויף פערד צעשפּליטערט, די פוסגייער פּאָליציי האָבן די רעשטלעך צעברעקלט, פאַרטריבן. שימעלעס ווייסער פערד האָט זיך בלויז אַרומ־געבלאָנקעט אויפן סקווער. אַ פּאָליציי־מאַן האָט אים אָנגענומען פאַרן צוימל, רעפּאָרטערס, פאָטאָגראַפערס האָבן אַרומגערינגלט דעם פּאָליציי־מאַן מיטן פערד — פאָטאָגראַפירן. אָט אַזוי. — דאָס איז דער פינאַל, — האָבן די רעפּאָרטערס געשמייכלט, און אויך דער פּאָ־ליציי־מאַן האָט געשמייכלט. ער מיטן פערד פונם רויטן פּאַראַד . . . האָט ער געזען דעם פירער? ווייסט אים דער טייוול, דעם פערד האָט ער. וואָס ער האָט געטון מיטן פירער? דאָס וועלן שוין די רעפּאָר־טערס אַליין צוגעבן, זיי קענען שוין די מלאכה.

שלום האָט צוגעזען דאָס אַלעס, ער האָט עס געזען פונם אָנהויב ביזן סוף, און ווען עס איז שוין געווען נאָך אַלעמען, רעפּאָרטערס

האָבן זיך שוין געאײַלט מאַכן די נײַס, איז שלום געגאַנגען פּאַמעליך צו זײַן צײַטונג, ניט ווײַט פון סקווער, אַ צעטומלטער, אַ צעמישטער. וואָס איז דאָ געווען? אַן אַנפֿאַל, אַ מערדערישער אַנפֿאַל פון פּאָליציי, באַוואָפנטע בויאַנעס אויף פרידליכע, וואָפנלאָזע, שוצלאָזע מענטשן. האָט ער דאָך אַליין געזען ווי מ׳האָט געשפּאָלטן קעפּ, געשלאָגן, גע־ממיתט, געריסן די קליידער פון מאַן און פרוי, אויב ער אָדער זי האָבן נאָר געטראָגן אַ רויט שלײפל, אַ רויט שניפּסל, אַ רויטע בלוזקע. ער האָט דאָס אַלץ צוגעזען, צוגעקוקט און ער האָט זיך נישט אַ וואָרף געטון שלאָגן, פאַרטיידיקן, באַשיצן ניט קיין מאַן איז כאָטש אַ מיידל. נײַן, ער האָט בלויז פאַרצײַכנט, פאַרצײַכנט אויף פּאַפּיר, פאַרצײַכנט אין קאָפּ — נײַס! נײַס! נײַס! אָט איז ער שוין בײַ זײַן צײַטונג. די אַנדערע רעפּאָרטערס האָבן שוין געמוזט אַנוואַרפן, אָנשרײַבן די נײַס. גיכער! שנעלער! ער׳ט שוין אָנשרײַבן. ער ווייסט ניט וואָס יענע שרײַבן, ער׳ט אָנשרײַבן דעם אמת. נישקשה, די בילדער וואָס די פאָטאָגראַפער האָבן גענומען וועלן באַשטעטיקן. ער׳ט אָנ־שרײַבן, די צײַטונג וועט אַרויסגיין מיט אַ גרויסן קאָפּ. דעם קאָפּ וועט שוין מאַכן דייוויס. אָבער די נײַס, די נײַס איז זײַנע. שלום! דער טאָג איז דײַנער! שרײַב, שלום, שרײַב!

(22)

— . . . דאָס וואָס איר האָט דאָ אָפּגעדרוקט איז אַ ליגן! אַ פאַרדאַמטער ליגן! — האָט שלום געטיקעט מיטן פינגער אויף דער ערשטער זײַט פון דער צײַטונג, און אַ שמייכל טוענדיק זי צוגעגעבן: — אַ ליגן פונם אָנהויב ביזן סוף. דעם אמת האָב איך געשריבן. איך האָב געשריבן דעם אמת!

— ווירקליך, דעם אמת? — האָט מר. דייוויס געשמייכלט מיט אַ שיכורן שמייכל. — יונגערמאַן, איר זײַט אַ נאַר. יעס, סיר, אַ נאַר. ווייסט איר פון אַ „דײַגאָ" דאַנטע? ווייסט. נו, אָט יענער „וואָפּ" האָט אָנגעשריבן אַ בוך „גיהנום". עס הייסט ער זאָל האָבן געווען דאָרט און, לויט ווי ער גיט איבער, איז ביים אַרײַנגאַנג דאָ אַן אויפֿ־שריפט: „דער וואָס גייט אַרײַן, לאָז די האָפענונג הינטער זיך". נו, איך בין דאָרט ניט געווען, ווייס ניט צי אַזאַ אויפשריפט איז טאַקע

דאָ, איך האָף איך וועל אַריינפאַלן אַהין די צייטן, וועל איך נאָכזוכן, זען צי איז טאַקע אַזוי, אָבער איך בין שוין לאַנג געגוג אין אָט דעם הייזל וואָס מ׳רופט אָן די פּרעס, און איכ׳ל אייך זאָגן, צי איר זעט די אויפשריפט צי ניט, ביי יעדער צייטונג איז אָבער דאָ אַן אויפשריפט: „דער וואָס גייט אַריין אַהער, לאָז דעם אמת אויף יענער זייט“. יעס, סיר, מיטן אמת קען מען אַהער ניט אַריינקומען. דער אמת — דאָס איז אַן אַלטע פּאָר אָפּגעריבענע קאַלאָשן. ווען עס ווערט שוין צו נאָס, צו בלאָטיק . . . ציען מיר זיי אַרויף, אָבער די מינוט ווי עס ווערט נאָר אַביסל טרוקענער, וואַרפן מיר זיי אַרונטער, לאָזן זיי אין דרויסן. ווער דאַרף זיי אָט די אַלטע אָפּגעריבענע קאַלאָשן?

דער אמת — אַ פּאָר אַלטע אָפּגעריבענע קאַלאָשן. ווי דער מענטש רעדט דאָס. ער איז שכור, שכור ווי אַ בעסטיע. ניין, ער איז ניט אַזוי שכור, ער מאַכט זיך מער ווי ער איז. קאַלאָשן, זאָגט ער . . .

— אַ פּאָר אַלטע קאַלאָשן זיינען גאָרניט אַזוי שלעכט. איר׳ט אויסגעפינען אַז אַ פּאָר אַלטע קאַלאָשן פאַרהיטן פון אַ שפּאָגל נייער פאַרקילונג.

— לאָמיך אייך זאָגן, די בעסטע רפואה פאַר אַ פאַרקילונג איז אַ שנאַפּס, אַ גוטער שנאַפּס. מ׳שוויצט אויס די גאַנצע פאַסקודסטווע. ווילט אַ טרונק?

— ניין, אַ דאַנק, איך האַלט ניט פון דעם מיטל, איכ׳ל בעסער טראָגן מיינע אַלטע, אָפּגעריבענע קאַלאָשן.

— אַהאַ, איך פאַרשטיי. נו, טוט ווי איר פאַרשטייט. אָבער ווי אַ פריינד זאָג איך אייך, מיט די אַלטע קאַלאָשן קענט איר אין די פּאַ־לאַצן ניט אַריינקומען. איר׳ט מוזן אָפּפּוצן די שיך, גוט, גוט אָפּפּוצן, זיי זאָלן גלאַנצן. פאַרשטייט איר מיך?

— ווי איך פאַרשטיי, גיט איר מיר דעם דרך, וואָס?

— ניין, דאָס טו איך ניט, — האָט ער שווער אַ זאָג געטון, און אַ קוק געטון מיט אַ ניכטערן אָבער וואַרימען קוק. — איך וויל איר זאָלט פאַרשטיין — דינגען מענטשן איז ניט מיין אַרבעט, און אָפּזאָגן, אַוועקשיקן עמיצן, אודאי ניט. די שמוציקע אַרבעט באַלאַנגט אונטן. דאָרטן אונטן ווייסט מען שוין אַלץ. ווען איך האָב אייך געזאָגט אַז מיט די אַלטע קאַלאָשן קען מען אין די פּאַלאַצן ניט אַריינקומען, האָב איך פּשוט געוואָלט אייך וואָרענען, אַז אַזוי לאַנג ווי איר׳ט זיך אַרומ־

טראָגן מיטן געדאַנק וועגן אמת, קענט איר ניט אַרבעטן אין אַ צייטונג, אין ק י י ן צייטונג, איר הערט? אין ק י י ן צייטונג.

שלום האָט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי צו ענטפערן עפּעס, אָבער דייוויס האָט אים אָפּגעשטעלט. — הערט מיך אויס. איר זייט אַ יונ־גער מענטש. איך ווייס ווי איר פילט. איר האָט אָנגעשריבן אַ באַ־ריכט, און פאַרדאַמט גוט אָנגעשריבן, קענט זיך קוים דערוואַרטן זען די צייטונג, און דערזען זי, פילט איר ווי נעמען אויסשלאָגן די פענס־טער, שפּאַלטן דעם קאָפּ מיר, אַלעמען. נו, לאָמיך אייך זאָגן, איך בין אויך אַמאָל געווען יונג, האָב אויך געפילט ווי . . . אָבער דאָס איז ניט דאָס וואָס איך האָב אייך געוואָלט זאָגן. וואָס איך האָב גע־מיינט איז אָט וואָס. איר האָט אָנגעשריבן אַ באַריכט, אָפּגעדרוקט האָט מען פּונקט דאָס פאַרקערטע. נו, אָט דעם באַריכט, ווי איר האָט אים אָנגעשריבן, וואָלט מען אפשר אָפּגעדרוקט אין אַ סאָציאַליסטישער צייט שריפט. קיין צווייפל, זיי וואָלטן עס אָפּגעדרוקט ווי עס שטייט און גייט, אָבער זאָגט מיר, קענט איר זיך פאָרשטעלן איר זאָלט גיין צו אַ פייערונג, לאָמיר זאָגן, פון אַ קאַטוילישער קירכע, איר „טראָגט אייערע קאָלאָשן" און שרייבט אָן אַן אמתדיקן באַריכט, וואָלט די סאָ־ציאָליסטישע צייטונג געדרוקט אָט דעם באַריכט?

— נו, איך ווייס ניט, אַ קאַטוילישע קירכע, אַ . . .

— זאָגט מיר, וואָלטן זיי אים געדרוקט צי ניט? ענטפערט, יאָ צי ניין? — איז שוין דייוויס צוגעשטאַנען, פילנדיק אַז ער האָט שלומען צוגעשפּאַרט צום וואַנט.

— זיי וואָלטן אים אפשר גאָרניט געדרוקט, אָבער זיי וואָלטן ניט געדרוקט קיין ליגן.

— זעט איר שוין. אַ מענטש קען פּונקט אַזוי גוט באַגיין אַ פאַר־ברעכן מיט ניט טון ווי מיט טון דאָס, וואָס מ'דאַרף ניט. געדיינקט עס. און דאַן, וויל איך אייך זאָגן, איר רעדט וועגן אמת און ליגן אָט אַזוי ווי איר וואָלט אים געהאַט ביי זיך אין קעשענע. ניין, איר קוקט מיר אויס ווי יענער מאַטאָרמאַן וואָס קומט אַרויף אויפן טראַם און ברייינגט זיך מיט זיין קישעלע, פּונקט אַזוי ברייינגט איר זיך אייער אמת לאָמפּ און ביי דער ליכט שרייבן. נו, דאָס גייט ניט. דאָ אַז מ'קומט טרעפט מען אי דעם שרייב טיש אי דעם לאָמפּ, אַלץ וואָס איר דאַרפט טון איז פאַרשמירן דאָס שטיקל פּאַפּיר. און וואָס אנבאַלאַנגט

ריינעם אמת, ווייסט איר וואָס דאָס איז אַזוינס? אדרבה, זאָגט מיר, ווייסט איר וואָס איז אמת?

— איר ווילט איך זאָל אייך זאָגן דעם אמת? איכ׳ל אייך זאָגן. איר רעדט אַזוי, איר פרעגט די אַלע פראַגעס, ווייל איר ווילט פאַר־ריידן אייער שלעכטן געוויסן. יעס, סיר, מר. דייוויס, איר האָט אַ שלעכטן געוויסן, איר ווייסט גאַנץ גוט אַז אָט דער באַריכט איז אַ געמיינע, נידערטרעכטיקע שטיקל אַרבעט, און איר ווילט פאַררעדן ניט אַזוי מיך, ווי זיך אַליין. איר׳ט מיר אַנטשולדיקן, אָבער . . .

— דו, פּאַסקודנער, קליינער ממזר, דו . . . — דער שמייכל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרימאַסע, די אויגן הינטישע, בעטנדיקע. — זאָג מיר, דו ממזר דו, פון וואַנען נעמסטו דאָס? דאָס מוז זיין דיין אידישער נאָז, דער פאַרדאַמטער אידישער נאָז, וואָס האָט דערשמעקט. לאָמיך דיר זאָגן, ווען דער באַלעבאָס אָט דאָרט אָ וואָלט געהאַט דיין אידישן נאָז וואָלט ער מיך אַרויסגעוואָרפן פריער פון דיר. ניין, ער׳ט עס ניט דערשמעקן. אַלץ וואָס ער קען שמעקן איז דעם גערוך פון בראַנפן. נו אַ נאָז! נו אַ נאָז!

מר. דייוויס איז ווי פאַרזונקען געוואָרן אין זיינע מחשבות. אויפ־הויבנדיק די אויגן, דערזעענדיק שלומן, האָט ער ערשט גוט אַ קוק גע־טון אויף אים און אַרויפלייגנדיק די האַנט אויף זיין אַקסל אַ זאָג גע־טון: — איר ווילט מיך פאָלגן? ווען איך בין איר, ווען איך בין אין אייערע יאָרן וואָלט איך געוואָרן אַ טראַק טרייבער, אַ מיסט אויפקליי־בער, יאָ, אַ מיסט אויפקלייבער און וואָלט ניט געגאַנגען אַרבעטן אָט אַהער. — ער האָט אַראָפּגענומען די האַנט. — אַ צייטונג! פאַרדאַמט זאָל עס ווערן! —

ער האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען אַרומשפּאַנען איבערן צימער. אויפגעהויבן זיך האָט ער אויסגעזען אַ סך העכער ווי מ׳האָט זיך אים פאָרגעשטעלט ווען זיצנדיק, אָבער מיט יעדן שפּאַן וואָס ער האָט גע־טון איז ער געוואָרן אַלץ נידעריקער, איינגעבויגענער. איין האַנט האָט זיך אַרויסגעצויגן פון קעשענע, אַ שאַר געטון די געדיכטע האָר, אויפ־געהויבן דעם קאָפּ אַ ביסל, אָבער צוגענומען די האַנט איז דער קאָפּ נאָך נידעריקער געזונקען. מיט אַ געזונקענעם קאָפּ, אויגן צו דער ערד, איז מר. דייוויס געבליבן שטיין, און זיין בלייבן שטיין האָט ווי אָפּגע־שטעלט דאָס לעבן, די צייט גופא, אָט ווי דער מענטש וואָלט גע־

שטאַרבן שטייענדיק און אַ געשטאַרבענער געבליבן שטיין. שלום האָט זיך דערפילט איבעריק, אַזוי איבעריק ווי אַ פרעמדער קען זיך דערפילן לעבן אַ טויטן ווען זיינער אַ גאַר נאָענטער פריינד איז צוגעקומען נעמען דעם לעצטן אָפּשייד. שלומס מח האָט שוין געזוכט אַ וועג ווי אַרויסצוגיין פון דעם צימער, כאָטש נעם שאַר זיך אַרויס ניט זאָגנדיק אַ וואָרט. אויך דאָס האָט ער ניט געקענט. ער האָט זיך געשטאַרקט און אַ זאָג געטון: — נו, מר. דייוויס, לאָמיר זיך געזעגענען.

מר. דייוויס האָט שווער און פּאַמעליך אַ הויב געטון דעם קאָפּ, דערזען שלומן, זיין אויסגעשטרעקטע האַנט. — גוד באַי, — האָט ער שטיל אַ זאָג געטון, אָנגענומען זיין האַנט. — גוד באַי, שולעם. וואָס דיינקט איר טון?

— איך ווייס ניט. איך גלויב . . .

— נו, גוד באַי ענד גוד לאַק", — האָט מר. דייוויס שנעל אַ זאָג געטון, אַרויסגעצויגן די האַנט און זיך אָפּגעקערט פון שלומען.

אַ כעסר איז שלום אַריינגעגאַנגען צו מר. דייוויס אין אָפיס, ער איז געווען גרייט צו מאַכן אַ סקאַנדאַל, בדאי מ'זאָל אים אַרויסוואַרפן, אַרעסטירן אפילו, אַבי דער פּאַרדרוס, דער ווייטיק זאָל אַרויסגעריסן ווערן, ער זאָל ניט פילן אַזוי שאַרף די עולה וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אים, קעגן די הונדערטער אָדער גאָר טויזנטער וואָס זיינען געווען אין דער דעמאָנסטראַציע, די עולה קעגן די צוויי געהרגעטע און צענדליקער פאַרוואונדעטע, דער פאַרברעכן קעגן דעם אמת. אַרויסגעגאַנגען פון דאָרט איז ער שוין ניט אין כעס, דערפאַר אָבער דער ווייטיק נאָך שווערער, נאָך טיפער אריינגעטריבן. מר. דייוויס. האָט ער געשפּילט טעאַטער? ניין, ניט קיין טעאַטער, אויך ניט שכור. אפשר איצט וועט ער זיך אָנשכורן, אויסשווייצן . . . מר. דייוויס וועט זיך אָנשכורן, וואָס קען ער, שלום, טון?

שלום האָט ניט געוואוסט וואָס צו טון, וואו זיך אַהינצוטון. די שאַרפע איבערלעבונג פון טאָג פאַרשוואונדן, אָבער דער ווייטיק לאָזט ניט רוען. גיין אַהיים זיך אָוועקלייגן? ניין. וואָס וועט ער זאָגן אין דערהיים? וואָס קען ער זאָגן? אַז מ'האָט אים אָוועקגעשיקט? מ'האָט אים אָפילו ניט אָוועקגעשיקט. ער קען, דוכט זיך, נאָך גיין צו דער אַרבעט. ניין, ער'ט שוין צוריק אַהין ניט גיין. חיים. צוגיין צו חיימן.

אים דוכט ער האָט אים געזען ביי דער דעמאָנסטראַציע, אַזוי דוכט זיך אים.

דאָס ערשטע וואָס ער האָט דערזען אַריינקומענדיק צו חיימן אין הויז איז געווען די אָונט ציימונג. דערזעענדיק דאָס בילד דאָרט, האָט זיך אים גלייך געוואָלט אַ געשריי טון: — ניט איך! איך האָב דאָס ניט געשריבן! דערזעענדיק עטלען, איר ווייטאָקדיקן אויסדרוק אויפן פּנים, האָט ער דערשראָקן אַ פרעג געטון: וואָס איז? וואָס איז געשען? וואו איז חיים?

— חיים איז דאָרטן, — האָט עטל אַ ווייז געטון צום פאָדערשטן צימער צו. דאָרט האָט ער געטראָפן חיימן ליגנדיק מיט אַ קאַלטן קאָמפּרעס ביים פאַרשוואָלענעם פּנים, פאַרלאָפענעם אויג.

— האָבן מיך פיין דעקאָרירט! — האָט חיים אַ שמייכל געטון, און דער שמייכל איז אַרויסגעקומען ווי אַ צוגרייטונג צום צעוויינען זיך. — נו, זיי האָבן זיך אָבער פון מיר אויך ניט גענאַרט. איינעם האָב איך דוכט זיך צעבראָכן דעם קינבאַק, אַזאַ רייב אין מאָרדע האָב איך אים געגעבן. אַזעלכע הינט! זיץ. ווייסט ניט ווי אונזערע זייענען אַרויסגעקומען? דאָ שרייבט זיך צוויי טויט, עטליכע פאַרוואונדעט, אָבער גיי ווייס וואָס מיינט עטליכע. און אַניט קען מען זיי גלויבן? די נעמען פון די טויטע ניטאָ.

חיים ווייסט אַז „זיי" דאַרף מען ניט גלויבן. טאָ וואָס קען ער אים זאָגן, דערציילן, אויסדערציילן אים זיין שווער ביטער האַרץ? ער האָט געגנוג אייגענע צרות. — געדאַרפט אפשר עפּעס צולייגן. ווייז, לאָמיך אַ קוק טון.

— גאָרניט, — איז חיים מבטל, — ווייסטאָך, אַ „לאָמטערן", אַ שוואַרץ אויג. וועט אָפּגיין. זעסטו, עטל . . .

— וואָס איז מיט איר?

— געטשעפּעט, כ'מיין געשלאָגן האָט מען זי ניט, אָבער אַזעלכע כאַמולעס, איר אַרונטערגעריסן די בלוזקע, פון לייב אַרונטערגעריסן, און זי . . . איז שוין אין דריטן חודש . . . זיך געבעטן ביי איר זי זאָל ניט גיין. ס'זאָל איר כאָטש גאָרניט שאָטן . . .

— זיך אויסרוען, זיך באַרואיקן . . .

— איך גלויב אויך אַזוי. אַפילו אָפּגערעדט צו טרעפן זיך אין

לייבאָר לייסעאום, אָבער ווער קען עס איצט גיין, מיט אַט דעם „לאַמ־טערן״?

— לייגט זיך בעסער אָפּרוען,ביידע.

— עס טאַקע טון אויך. דאָס אויג שמאַרצט אַ שרעק. וואָס איז מיט דיר? כ׳מיין זעסט מיר אויך אויס עפּעס ניט יומטובדיק. וואָסי?

— חלומט זיך דיר, — האָט שלום אָפּגעענטפערט און, צו פאַר־שטאַרקן זיין באַהויפּטונג, נאָך צוגעגעבן מיט אַ געצוואונגענעם שמייכל: — מיט אַ שוואַרץ אויג זעסטו שוואַרץ.

— אַ שוואַרץ יאָר זאָל אויף זיי קומען. אַזעלכע בעסטיעס. זיי האָבן דאָך אַלץ צוגעגרייט אַפּריער, די שטעקנס, די בולאַוועס. האָסט באַדאַרפט זען, נייע בולאַוועס, נאָך ניט קיין גענוצטע אַפילו!

— געזען.

— ביסט געווען דאָרט?

— געווען.

— ווייסטו דאָך, דאַרף איך דיר ניט דערציילן. נאָך אַ נס וואָס אַזוי לייכט אָפּגעשניטן. פאַר עטלען האָב איך מורא.

— לייג זיך שלאָפן, רו זיך אויס.

חיימן מיט עטלען האָט ער געראָטן זיך לייגן שלאָפן, אָבער אַליין, האָט ער געפילט, אַז ער וועט ניט קענען איינשלאָפן, איינליגן. גיין, גיין, זען עמיצן, ריידן, אַראָפּריידן פון האַרצן.

גייענדיק איז ער אריינגעגאַנגען אין לייבאָר לייסעאום. אים האָט באַגעגנט אַ געזונטער ברייטפּלייציקער יונג, מיט אַ צוגעפּלעטשטן נאָז, קורצן, פאַרוואַקסענעם שטערן. — וואָס, צו אַל די שוואַרצע יאָר, דאַרפסטו דאָ? — האָט אים דער פאַרשוין אויפגענומען.

— אה, איך וויל בלויז אַ קוק טון.

— ווער, צום טייוול, ביסטו?

שלום האָט מעכאַניש אַ ווייז געטון זיין רעפּאָרטער קאַרטל.

— האָסט דאָ גאָרניט וואָס צו זען. ניטאָ וואָס צו זען, — האָט ער איבערגעחזרט און פאַרשטעלט שלומען דעם וועג. שלום איז ניט געגאַנגען פאַראויס, ער האָט זיך אויך ניט גערוקט אויף צוריק. פון דאָרט וואו ער איז געשטאַנען האָט ער געזען וואָס מ׳האָט שוין אָפּגע־טון דאָרט. ער האָט אַפילו געקענט זען ווי אַזוי דאָס איז געטון גע־וואָרן. ער האָט געקענט זען ווי אַט דער בורילע האָט אַ קוק געטון

אויף קאַרל מאַרקס בילד, אויף זיין באָרד, באַשלאָסן עס איז אַ „פרעמ־דער“, אַ איד מיט אַ באָרד, און אַ זעץ געטון מיטן קולאַק אין באָרד אַריין. אַרונטערגענומען די באָרד ביי קאַרל מאַרקס. אויף דער ערד האָט זיך געוואַלגערט דעבס בילד. דאָס בילד צעריסן, דאָס רעמל צע־בראָכן. דער בורילע צערייסט דעבסן. גוטער זשין דעבס, וואָס וואָלסטו געזאָגט ווען דו זעסט עס? און אפשר, ווען זשין גיט טאַקע אַ קוק אויף אים וואָלט אפילו דער בורילע געוואָרן ווייכער. אָבער זשין זיצט . . . דער בורילע גייט אַרום . . .

— וואָס שטייסטו און וואלעסט מיט די אויגן? וואָס האָסטו דאָ צו טון? גיי צו אלדי טייפלען, פאַרנעם זיך פון דאַנען! — פונם אויבערשטן שטאָק האָט זיך דערטראָגן אַ ברעך פון האַלץ, אַ קלאַפּן, אַ טופען מיט די פיס. — פאַרנעם זיך! און ריר זיך! גיכער! — דער בורילע האָט זיך אָנגערוקט אויף אים.

שלום איז אַרויסגעגאַנגען. אָט האָסטו דיר נאָך נייס. אפשר וואָלסטו טעלעפאָנירט מר. דייוויסן? טאַקע. אים אָנקלינגען און אים זאָגן אַז דער לייבאָר לייסעאום האָט זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ פּאָר בו־רילעס, און זיי, אין זעלבסטפאַרטיידיקונג, האָבן צעבראָכן שטולן, אָפּ־געשוירן קאַרל מאַרקס, צעריסן דעבסן אויף שטיקער.

מר. דייוויס. נייס. רעפּאָרטער. זשורנאַליסט. גאָרניט, גאָר־ניט. אַלץ גאָרניט. און ער וויל עפּעס, עמיצן. ער האָט פאַרקירע־וועט צו שרהן.

— וואָס איז מיט דיר? וואָס איז געשען? — האָט זי אַ פרעג געטון נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט צו זאָגן גוט נאַוונט.

— גאָרניט, — האָט ער ברוגזלעך געענטפערט.

— טאָ וואָס זעסטו אויס אַזוי . . .

— ווי זע איך עס אויס? — האָט ער איבערגעפרעגט און, אַרויס־ריידנדיק די ווערטער, האָט ער דערזען די צייטונג מיטן בילד פון דער דעמאָנסטראַציע ליגן אויף דער ערד. דאָס האָט זי, קענטיק, זיך אַראָפּ־געגליטשט פון דער קאַנאַפּע וואו שרקע איז געלעגן איידער ער איז אַריינגעקומען. די צייטונג פאַרפאַלגט אים. ער האָט אַ בריק געטון מיטן פוס. די צייטונג האָט זיך אַ הויב געטון און צוריקגעפאַלן.

— וואָס איז דער מער?

— נעם עס צו! נעם צו אָט די פּאָסקודסטווע! איך קען דאָרויף ניט קוקן, איך קען עס ניט פאַרטראָגן.

שרה האָט געקוקט דערשראָקן, שטוינענד. — וואָס האָט פּאַסירט, שלומקע? — איר האַנט האָט אַ גלעט געטון זיינע האָר, די צווייטע האַנט האָט אים געצויגן צו דער קאַנאַפּע, אים דאָרט אַוועקגעזעצט. — דערצייל . . .

— גאָרניט. האָסט געלייענט?

— וואָס?

אַ מיידל פרעגט וואָס? — דעם באַריכט, דעם באַריכט פון דער דעמאָנסטראַציע?

— געלייענט, אודאי געלייענט.

— ס'אַליגן! הערסט, ס'אַליגן! די גאַנצע געשיכטע איז אַ ליגן, פונם אָנהויב ביזן סוף.

— פאַרשטייט זיך, ס'אַליגן, דערוואַרטעסט דאָך ניט זיי זאָלן שרייבן דעם אמת.

אָט האָסטו דיר, זי דערוואַרטעט אויך ניט „זיי" זאָלן שרייבן דעם אמת. — ווער איז דער זיי?

— די צייטונגען.

— די צייטונגען. מענטשן שרייבן דאָך, ניין?

— געוויס מענטשן, אָבער יענע מענטשן . . .

— פאַרגעסט אפּנים אַז איך האָב דאָרט אויך געאַרבעט.

נאָכוואָס האָט ער געזאָגט „האָב געאַרבעט"? אָבער פאַרפאַלן.

— דו האָסט ניט געשריבן דעם באַריכט.

— איך האָב יאָ געשריבן. — קורצע פּאַוזע. — אָבער ניט ד ע ם באַריכט. איך האָב געשריבן דעם אמת, אָבער דער אמת, דאָס איז אַ פּאָר אַלטע קאָלאָשן . . .

— וואָס פאַר קאָלאָשן?

— אה, מר. דייוויס.

— נו, שלומקע, רעד ניט אַזוי, אַזוי . . . וואָס איז געווען, וואָס איז געשען?

— גאָרניט.

— ביסט געווען ביי דער דעמאָנסטראַציע?

— אודאי בין איך געווען.

— און האָסט אָנגעשריבן אַ באַריכט?
— דאָך דיר געזאָגט.
— האָבן זיי אים ניט געדרוקט?
— זעסט דאָך וואָס זיי האָבן געדרוקט.
— נו, טאָ וואָס האָט עס צו טון מיט מר. דייוויס, קאַלאָשן?
— מר. דייוויס זאָגט, דער אמת איז אַ פּאָר אַלטע קאַלאָשן, מ׳גייט אַריין אין אַ צייטונג דאַרף מען די קאַלאָשן לאָזן אין דרויסן.
— ניט שלעכט, — האָט שרה אַ שמייכל געטון. — טאָ וואָס האָסטו געזאָגט?
— האָב איך אים געזאָגט ער קען זיך גיין באַרוויס אָדער אין לאַ־קירטע שיך, איך וועל מיינע אַלטע קאַלאָשן ניט אויסטון, און אויב אים געפעלט עס ניט . . .
— האָסט אויפגעגעבן די שטעלע?
— זי ניט באַדאַרפט אויפגעבן, האָט זיך אַליין אויפגעגעבן. ווילסט ניט איך זאָל זיין אַ ליגנער, אַ זשוליק, אָדער אַ שכור ווי דער מר. דייוויס? אי, דער מר. דייוויס!
— מיינסט צו זאָגן ער איז פּשוט אַ שכור?
— ניין, ניט פּשוט, אַ שכור מיט אַ . . . דריידל. גיט אַ זופּ בראַנפן און פאַרבייסט מיט אַ קרעכץ, אַ זיפץ. אויך אַ גאַרניט. מילא נו. וואָס הערט זיך ביי דיר? ביי דער דעמאָנסטראַציע ניט געווען?
— ווי האָב איך געקענט?
— גוט וואָס דו ביסט ניט געווען.
— וואָס, טאַקע אַזוי שלעכט געווען?
— שלעכט! געווען עפּעס שוידערליך. איך זאָג דיר . . . און אָט די ליגנער . . . — שלום האָט אַ נעם געטון די צייטונג און גלייך צוריק אַ שמיץ געטון. — זאָלן זיי גיין אין דער ערד. פּטור פון זיי.
— און וואָס דיינקסטו צו טון?
— איך ווייס ניט. איך דיינק איך וועל גאָר אַוועקפאָרן קיין ניו יאָרק.
— אַוועקפאָרן קיין ניו יאָרק?!
שלום אַליין האָט זיך פאַרחידושט ווען ער האָט דערהערט זיינע רייד. ווען דייוויס האָט גערעדט וועגן אַ סאָציאַליסטישער צייטונג איז ביי אים דורכגעלאָפן דער געדאַנק — ניו יאָרק. איצט איז אָט דער

געדאַנק אַרויסגעקומען, אָבער אַרויסגעקומען כמעט ווי אַ באַשלוס. שלום האָט זיך געחידושט, אָבער וואָס האָט זי זיך דערשראָקן?

— נו וואָסי, פאַרוואָס ניט?

— ׳עסט מיך מיטנעמען?

מיינט זי עס טאַקע? מיינט זי ניט צו זאָגן: ווי קענסטו אַוועקפאָרן און מיך איבערלאָזן? — גוט, קום, פאָר מיט. — האָט ער געענטפערט און גלייך אַ טראַכט געטון: דו מיינסט דאָך עס אויך ניט. ווען דו האָסט אַ טראַכט געטון וועגן ניו יאָרק איז זי, שרה, אַפילו ניט אַריין אין דיין „חשבון״, טאָ נאַכוואָס דער ליגן, דו, אמתער מענטש, דו! איז דאָך דייוויס גערעכט.

— ניין, איך קען ניט פאָרן. ווייסטאָך, איך דאַרף ענדיקן דעם קורס. ווען איכ׳ל ענדיקן וועל איך קומען צו דיר, יאָ?

— יאָ.

— וועסטו פאַר מיר געפינען אַ שטעלע?

— ס׳הייסט? איך וועל אריינגיין אין דער הויפּט ביבליאָטעק און אַ זאָג טון: חברה! אַ שטעלע פאַר שרקען! און מעגסט זיין זיכער זיי וועלן גלייך געבן.

— דו שלעכטער בחור. איך מיין עס טאַקע. איכ׳ל ענדיקן וועל איך אפשר טאַקע צופאָרן קיין ניו יאָרק. קען קריגן דאָרט אַ שטעלע אַזוי גוט ווי דאָ. ניין?

— איך גלויב אַזוי. איך גלויב דו וועסט גיכער קריגן וואָס צו טון ווי איך.

— אה, נאָר ניט געזאָרגט, וועסט קריגן אַ שטעלע.

לויט שרקעס רייד איז אויסגעקומען אַז ניט נאָר וועט ער קריגן אַ שטעלע, ער׳ט ווערן אַ באַרימטער שרייבער, ער׳ט זיך אַרומדרייען אין סאַלאָנען . . . גאַנץ מעגליך ער זאָל שוין אויף איר ניט וועלן אַ קוק טון ווען זי וועט קומען אַהין. וועט ער?

אַ קוק און אַ קוש, אַ געפליסטער, און באַלד רעדט מען שוין ליפּ צו ליפּ, ברוסט צו ברוסט . . .

אַ מידער איז שלום געגאַנגען אַהיים. די שאַרפע איבערלעבונגען פון טאָג פאַרשוואונדן, דער ווייטיק פון אַוונט געמילדערט, דאָך האָט ער געפילט אַזוי מיד און אַזוי . . . פוסט. יאָ, פוסט. פריער האָט ער געפילט אַ ווייטיק, ער וואָלט געקענט שרייען, וויינען, איצט...

ווען דיר ווילט זיך וויינען, גיי ניט צו דער פרוי. דיינע קלאָרע, לויטערע טרערן וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טפּה סרוחה.

האָט ער ערגעץ געלייענט דעם זאַץ? ער געדיינקט ניט, אָבער ער פילט אַזוי. לייכטער, אָבער הוילער, פּוסטער. און אפשר, פּשוט מיד. יאָ מיד. שלאָפן. שלאָפן.

(23)

— קליוולאַנד איז שוין פאַר דיר צו קליין? — האָט די מאַמע געפרעגט מיט פאַרוואורף, ווייטיק.

— די „טיימס" רופט אים ער זאָל דאָרט ווערן דער הויפּט רע־דאַקטאָר, — האָט גיפּטיק באַמערקט דער יונגערער ברודער לעראָי, אָבער ניט שלום, ניט טאַטע מאַמע האָבן אויפגענומען די באַמערקונג. שלום האָט שוין לאַנג געוואוסט אַז צווישן אים און זיין יונגערן ברו־דער קען קיין שלום ניט זיין, דאַרף אויך קיין קריג ניט זיין, אַ מענטש קריגט זיך בלויז מיט יענעם מיט וועמען ער רעכנט זיך, וועמען ער האָט ליב, זיין יונגערן ברודער, ניט נאָר ער אים ניט ליב, באַלד, באַלד און ער וועט אים אויך ניט פיינט האָבן. מיט טאַטע מאַמע האָט ער אויך ניט גערעדט וועגן זיין פאָרן. וואָס האָט ער זיי געקענט זאָגן? ווייסט ער אַליין צוליב וואָס ער פאָרט קיין ניו יאָרק? האָט ער דען געטראַכט, איבערגעטראַכט און באַשלאָסן אַז ער פאָרט? ניט ער האָט געטראַכט, ניט ער האָט געוואוסט צוליב וואָס ער פאָרט, ער האָט בלויז געפילט ער וויל, ער דאַרף אַוועקפאָרן. אַ טונקעלער געפיל אַז ער דאַרף זיך אָפּרייסן, אַוועק פון דעם פּלאַץ, אַוועק פון זיך, פון זיינע דורכפאַלן, דורכגעפאַלן, דורכגעפאַלן אין אוניווערסיטעט, דורכגעפאַלן אין צייטונג, דורכגעפאַלן. זיינע דורכפאַלן טוען אים ניט באַנג. פון אוניווערסיטעט אַרויסגעפאַלן, נו, נאָך ביליק באַצאָלט, זיצט דאָך דעבס אין תּפיסה. צען יאָר. און ער איז אָפּגעקומען מיט ווערן אויס סטודענט. און דער דורכפאַל אין צייטונג, האָט דען אַנ־דערש געקענט זיין? ניין, אַנדערש האָט ניט געקענט זיין, אָבער דאָך, דורכגעפאַלן. וועט ער אין ניו יאָרק ניט דורכאַפּלן? ווער ווייסט, אפשר דאָרט אויך, אָבער פאָרן מוז ער. טאַטע מאַמע קען ער אָט דאָס אַ ניט דערקלערן, זיי וועלן פּשוט ניט פאַרשטיין, קען איינער דער־

קלערן וואָס פאַר אים אַליין איז ניט אינגאַנצן קלאָר? און ווען ער זאָל קענען דערקלערן? דער מאַמע האָט אייגנטליך ניט געקימערט צוליב וואָס ער פאָרט, איר האָט ווי געטון וואָס ער פאָרט אַוועק. פיר זין האָט זי, זיינען צוויי שוין אַוועקגעגאַנגען, חתונה געהאַט, לעבן פאַר זיך. געוויס, זיי וואוינען דאָ אין שטאָט, אָבער ניט ביי איר, ניט מיט איר, איצט פאָרט אַוועק דער דריטער, זי בלייבט מיטן אינגסטן בלויז, ווער ווייסט, באַלד וועט אויך דער אַוועקגיין, זי וועט בלייבן אַליין. אַ טאַכטער! פאַרוואָס האָט זי ניט קיין טאָכטער? אַ טאָכטער, אַפילו אַז זי האָט חתונה, גייט אַוועק, איז זי נאָך אַלץ נאָענט צו דער מאַמען, זין אָבער . . .

און דער טאַטע? — שווער פאַר אַ קליינעם מענטשן אין דער גרוי־סער שטאָט, — האָט ער פאַרטראַכט אַ זאָג געטון.

— לעבן דאָרט פונדעסטוועגן עטליכע מיליאָן מענטשן, — האָט אים שלום געענטפערט.

— יאָ, מענטשן לעבן. אַ גרויסע שטאָט . . . — האָט ער פאַר־טראַכט צוגעגעבן. דוד האָט אַ שפרונג געטון צוריק אויף עטלעכע ס'איז דרייסיק יאָר ווען ער האָט זיך אויך געריסן פון כושטיווקע אין דער גרויסער שטאָט אַריין. האָט ער ניט געשריבן צו דער חברה מפיצי השכלה? פייטערבארג, אָדעס. ווער ווייסט וואָס פון אים וואָלט געוואָרן ווען ער רייסט זיך טאַקע דאַן אַרויס. ער האָט זיך ניט אַרויסגעריסן, איצט רייסט זיך זיין זון. דער פאָטער האָט אַ קוק גע־טון אויף זיין זון און מיט אַמאָל דערקענט: אָט דער זון איז מיינער. ניט נאָר זיינער ווייל ער שטאַמט פון זיין זאמען, נאָר זיינער ווייל ער גייט אין זיינע דרכים, ער איז ניט דערגאַנגען, אפשר וועט דער זון יאָ דערגיין. און צוליב וואָס איז ער געגאַנגען מיטן קוישיקל אויפן אָרעם, געפעדעלט, צוליב וואָס שטייט ער אין קראָם, אויב ניט צוליב דעם אַז דער זון זאָל דורכפירן דאָס וואָס דעם טאַטן איז ניט געלונגען דורכצו־פירן? זאָל ער פאָרן דער זון. — האָסטו אַן אַדרעס צו וועמען צו קו־מען, איך מיין צו וועמען זיך ווענדן, אַ בריוו?

— וואָס הייסט אַן אַדרעס? ער'ט פאַרפאָרן צו דער מומע זלאַ־טעס קינדער, — האָט זיך די מאַמע אריינגעמישט.

אָט אַ אידענע. האָט ער דען געטראַכט וועגן פאַרפאָרן, זיין? פון אַזעלכע קלייניגקייטן האָט דוד ניט געטראַכט. ער האָט אין זינען

געהאַט צייטונגען, אַ מענטש אין אַ צייטונג דאָרט. קליוולאַנד האָט אויך צייטונגען, גויאישע, אַפילו אַ אידישע. די אידישע צייטונג האָט דוד געלייענט, דאָך האָט ער אָן דער ניו יאָרקער אידישער צייטונג ניט געקענט אויסקומען, ניו יאָרק דאָס איז די שטאָט, אָט ווי פּיטערבאָרג. דאָסזעלבע די גויאישע צייטונגען. שלום פאַרט, ווען ער האָט אַ בריוו צו עמיצן, אַ שיינעם בריוו, אַ גוטע רעקאָמענדאַציע . . .

— איך האָב אַדרעסן. ניט פאַרפאַלן ווערן, — האָט שלום גע־ענטפערט דעם טאַטן מער ווי דער מאַמען.

— מ׳ נאַ, — האָט דער טאַטע אַ זאָג געטון און זיך אויפגעהויבן. אים האָט ניט געאַרט וואָס זיין זון פאָרט אַוועק, אדרבה, ער וויל ער זאָל פאָרן, און דאָך . . . אַ שווייגנדיקער דער שלום, אַ פאַרשטיקטער, שטיקט אַלץ אין זיך, אָבער אַ גוט קינד, בעסער ווי אָט דער . . . אָבער ער פאָרט אַוועק . . .

— דו זוך ניט קיין אַנדערע פלעצער, פאָרפאָר צו דער מומע זלאַ־טעס קינדער, — האָט די מאַמע געטענהט אירס. איר האָט ניט אַזוי געקימערט נאָכוואָס איר זון פאָרט ווי וואו וועט ער זיין, וואו וועט ער שלאָפן, וואָס וועט ער עסן, צי וועט אים חלילה ניט זיין קאַלט. — לייג אַריין דאָס סוועטערל אויך. לייג עס אַריין, וואָס אַרט עס דיך, עס קאָסט דיר טייער? וועט צונוץ קומען. — אַ סוועטערל, זאָקן, העמ־דער, ווען זי זאָל קענען וואָלט זי אים מיטגעגעבן עסן כאָטש אויף אַ יאָר צייט. דער טאַטע האָט זיך ניט געמישט צום פּאַקן, ווען די מאַמע איז אָבער אַרויסגעגאַנגען, ער איז געבליבן אַליין מיט שלומן, האָט ער אַ וואָרף געטון אַ קוק צי איז זי טאַקע ניט דאָ דערביי און אַ פרעג גע־טון: און אויף הוצאות האָסטו כאָטש?

— איך האָב אויף הוצאות, האָב גענוג, — האָט שלום געענט־פערט עטוואָס פאַרשעמט. ער האָט זיך געשעמט מיט די פינף הונדערט דאָלאַר וואָס זיינען אים פאַרבליבן פון זיינע צייטונגס געשעפטן ווען ער האָט פאַרקויפט די טעריטאָריע זיינע און ניט דערציילט, ניט אַוועקגעגעבן די עלטערן דאָס געלט. באַלד האָט ער זיך אַזש פאַר־רויטלט פון פאַרשעמטקייט ווען ער האָט דערפילט דעם טאַטנס האַנט לעבן זיינער. דער טאַטע האָט אים געשפּאַרט אַ פּאַפּירל אין האַנט אריין, אַ צוואַנציקער, — נאַ, נעם, וועט צונוץ קומען. — שלום האָט אַזש אַ רוק געטון די ברילן, אַ קוק טוענדיק אויפן טאַטן. דער טאַטע

האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעקערט פון אים, דער מאַמעס טריט האָבן זיך שוין געהערט. שלום האָט אויף שנעל אַריינגערוקט דאָס פּאַפּירל אין קעשענע. די מאַמע האָט גערעדט, פּאָטער און זון האָבן פאַרשווערעריש געשוויגן.

שלום וואָלט געגומען זיין געשוואָלן רענצל, אַוועקגעגאַנגען צום באַן און אַוועקגעפאָרן. אַ מענטש פאָרט צו קיין ניו יאָרק. ביי אסתרן אָבער פאָרט אַוועק אירס אַ קינד, און ווי לאָזט מען עס אַ קינד אַזוי אַרויספאָרן, אָן אַ געזעגענען זיך? מלך האָט דעם פרימאָרגן ווען זיין ברודער איז אַוועקגעפאָרן זיך שטיל אַרויסגעשאַרט פון הויז אָן אַ זיי געזונט. ברוך האָט געלאָזט וויסן דער מאַמע אַז ער קען ניט קו־מען, איז צו פאַרנומען, זאָל די מאַמע שוין זאָגן אַ פאָר געזונט אין זיין נאָמען, דערפאַר אָבער איז חיים מיט עטלען געקומען און טאַקע אין זיין אויטאָמאָביל געגומען שלומען און טאַטע מאַמע צום באַן.

— נו, פאָר געזונט! — זאָגט חיים, נעמט אַריין שלומס האַנט, גיט זי אַ דריק, — זע, שלאָג זיך צו עפּעס צו. ווערסט זיך צו גאָרניט דערשלאָגן, שעם זיך ניט, קום צוריק, האָסט ביי קיינעם גאָרניט פאַר־נומען, — און ער לאָזט אָפּ די האַנט, דערפאַר אָבער טוט ער אַ קוועטש שלומס אַקסל. דאָס איז חיימס קוש. — פאָרט געזונט, — זאָגט עטל עטוואָס פאַרשעמט. שלום שעמט זיך אויך צו קוקן אויף איר, אים דוכט זיך זי זעט אַז ער קוקט אויף איר בויך, כאָטש ער וויל גאָרניט קוקן אַהין. — פאָר געזונט, מיין זון! — זאָגט דוד כאַזאַנאָוויטש, לייגט נאָך אַרויף די צווייטע האַנט אויפן זונס האַנט און טוט זי אַ טרייסל, קערט זיך אָפּ. די מאַמע נעמט אפילו ניט דעם זונס האַנט, זי כאַפּט אים אַרום, פאַלט צו צו אים, קושט אים און פאַרגייט זיך אין אַ געוויין.

שלום איז מבולבל פון דער מאַמעס קושן, פון איר געוויין. די מאַמע. זי האָט אים זיכער אַמאָל געקושט, אָבער ער געדיינקט עס קוים, און איצט פילט ער אירע קושן, איר קערפּער. אַזוי מאָדנע, אַזוי . . . נו, וויין ניט, מאַמע! וואָס ווייגסטו?

— נאַרישע אידענע, האָט זיך צעוויינט, — זאָגט שוין דוד, ווען שלום מיטן רענצל אין האַנט איז שוין ביי די שטיגן פון וואַגאָן. — וואָס ווייגסטו, וואָס? ווייגט!

די מאַמע ענטפערט אפילו ניט. מיט פאַרוויינטע אויגן פאָלגט

זי נאָך איר זון ווי ער גייט אַריין אין וואַגאָן, גייט צו צום פענסטער, וואו, זי זעט, ער באַזעצט זיך. אַלע קוקן צו דעם פענסטער. שלום רוקט אַרויף די שויב, שטעקט קוים אַרויס דעם קאָפּ, זעט זייניקע און זוכט דעם מאַן אין אוניפאָרם, וועמען ער שוין אַ געשריי טון, ווען וועט די באַן זיך שוין רירן.

— אלאָבאָרד!

— אלאָבאָרד!

דער צוג האָט זיך אַ שפּאַר געטון, אַ רוק, אַ צי, אַ ריר געטון.

הענט פאָכען נאָך, אָבער די באַן פאָרט שוין. שלום האָט אַראָפּ־געלאָזט די שויב. ענדליך!

היימיש פילט זיך אויף אַ באַן — דער פאָרטער, דער קאָנדוקטאָר און דער רייזענדער פּאַרקויפער, ווייטער פילט זיך יעדער איינער אין אַן אַנדער וועלט, אַ וועלט וואָס באַוועגט זיך און דאָך אָפּגעשלאָסן, אַזוי נאָענט צו מענטשן און דאָך אַזוי פרעמד, אַלע פאָרן, דאָך פאָרט יעדער איינער פאַר זיך. שלום האָט אַ בלאָנזע געטון מיט זיינע קורצ־זיכטיקע אויגן איבערן וואַגאָן און גלייך געבליבן זיצן אַ ביט זעענדי־קער, אַ פרעמדער. די רעדער האָבן אויסגעקלאַפּט: איך פאָר, ניו יאָרק, ניו יאָרק. קאָמיש. דאָס ערשטע מאָל, זינט ער איז געפאָרן פון כוש־טיווקע קיין אַמעריקע, פאָרט ער איצט אויף אַ באַן. ניט אויסגעקו־מען. די גאַנצע רייזע קיין אַמעריקע גיט מיט אַמאָל אַ טויך אויף. ער דערזעט זיך אין זיין גאַרניטורל, קאַפּעליושל, דעם טאַטן, די מאַמע, די ברידער, די שטרויענע רענצלעך. ווי דייטליך אָט די שטרויענע רענצ־לעך! דאַן די שיף. שוין אַזוי לאַנג, אַזוי . . . קאָמיש. די דאַמאָלט־דיקע רייזע טויכט אונטער. קליוולאַנד, זייער דירה אויף אָראנזש עוועניו, זיין ערשטער טאָג אין שול. קינעמאַטאָגראַפיש שווינדן די בילדער, פאַרשווינדן. ניו יאָרק. ניו יאָרק. ער פאָרט קיין ניו יאָרק. וואָס דאָרטן? פון אַלע זאַכן וואָס ער האָט מיטגענומען איז דאָס בעס־טע — אַ בוך. מיט אַ בוך פאַר די אויגן פאַרשפּאָרט מען טראַכטן, קלערן. שלום שטריינגט זיך אָן צו לייענען, אָבער די ווערטער שפּרינ־גען פאַר די אויגן, ער קוקט אַרויס אין פענסטער. דרייט זיך די ערד, רייסט זיך פון אונטער די באַן רעדער, איין שטיקל ערד פאַרשווינדט, אַ צווייטס שפּרינגט אויף, אַ בוים שפּרינגט אונטער, טעלעגראַף סלו־פּעס אַנטלויפן. ביימער, פעלדער. דאָ אין אַמעריקע פעלדער אויך.

אַט איז אַ בהמה. אַ טשערעדע בהמות אין כושטיווקע ווי זיי קומען פון פעלד ציט זיך פאַרביי שלומס אויגן, די פעלדער אַרום כושטיווקע, דער וואַלד דאָרט טוט זיך אַ ווייז און פאַרשווינדט. שלום האָט זיך געטראָגן ניט נאָר אין שטח, אין רוים, נאָר אויך אין צייט, געשטויסן געוואָרן אויף צוריק און פאָראויס. ערשט איצט אויפן באַן איז ער גע־פאָרן ניט נאָר פון קליוולאַנד, נאָר אויך פון כושטיווקע קיין ניו יאָרק.

(24)

ניו יאָרק.

די וואולוואָרטה, זינגער, אַנדערע הויכע געביידעס, שטיין, שטאָל — פון דעם איז שלום ניט נתפעל געוואָרן. דאָ הויכע געביידעס אין קליוולאַנד אויך, אַ פּאָר שטאָק העכער, צוליב דעם וועט שלום ניט פאַררייסן דעם קאָפּ, שטיין און קוקן. וואָס אים האָט צעטומלט איז דער שטראָם מענטשן. אין קליוולאַנד אויך דאָ אַ סך מענטשן, פעלן מענטשן אויף ניינטער און יוקליד צי אויפן סקווער? אָבער דאָרט גייען מענטשן איינציקווייז, דאָ פליסט אַ שטראָם מענטשן. אין יעדן שטראָם זיינען דאָ איינצעלנע טראָפּנס, אָבער דאָרט זעען זיך די טראָפּנס, דאָ, אויב אַ טראָפּן שפּאַלט זיך אָפּ פון שטראָם, ווערט ער צעשפּליטערט, צעשטויבט אויף וואַסער שטויב. שלום מוז אַריין אין שטראָם, אַניט וועט ער צעשטויבט, צעריבן ווערן. אַריין אין שטראָם.

„טיימס" סקווער און פּאָבליק סקווער אין קליוולאַנד. דאָרטן „פּליין דילער", „ניוס", „פּרעס", דאָ — „טיימס", „וואָרלד", „העראַלד", דאָ ווי דאָרט דאַרף מען אויסטון די „קאָלאָשן", און אַפילו אָן די קאָלאָשן, מיט „לאַקירטע שיך" איז ניט אַזוי לייכט אַריינצוקומען.

— מר. דייוויס? אַה, וואָס מאַכט ער, דער אַלטער? מאַכט נאָך אַלץ אַ שנעפּסל? און איר, געקומען פון קליוולאַנד אַהער, זוכן אַ שטעלע? נו, נו . . .

דער „נו, נו" זאָגט: נאָך דאָ יאָלדן אויף דער וועלט, קומען נאָך אַלץ פון דער פּראָווינץ זוכן שטעלעס, די וועלט בייט זיך גאָרניט.

ניין, אויף טיימס סקווער האָט שלום ניט נאָר ניט געפונען וואָס צו טון, ער האָט אַפילו ניט געפונען אַ מר. דייוויס, וואָס זאָל אים אַ זאָג טון: — מיר געפעלט דיין פּרצוף. העפליך, אָבער אַזוי קאַלט. אַזוי קאַלט . . .

אויף יוניאָן סקוועור האָט שלום געקראָגן אַ וואַרימערע אויפנאַמע, שוין אַ ביסל צו וואַרים. כאַוועך כאַזאַנאָוויטש! ער האָט זיך פאַר־שעמט פאַר דעם וואָרט כאַוועך. נו יאָ, ער איז אַ סאָציאַליסט, אָדער ווי זיי רופן עס קאָמוניסט, דאָס הייסט, ער האָט געלייענט קאַרל מאַרקס, ענגעלס, לעצטענס אַפילו ליענינס אַ פּאָר ביכער, אָבער דאַנ־טאָנס ברייטער פּנים, הויכער שטערן איז אים נאָך אַלץ געווען קלאָ־רער ווי ליענינס ברייטער פּנים, ראָבעספּיערס געשניצטער פּנים, זיין פאַרקעמטע קאָפּ האָר, שאַרפער ווי טראָצקיס פּנים, פאַרשפּיצט בערדל. דאַנטאָן, ראָבעספּיער, מאַראַט — לעגענדאַרע פיגורן, אָבער די לעגענ־דע האָט געלעבט אין שלומס געדעכעניש, אין זיין פאַנטאַזיע, ליענין, טראָצקי — לעבעדיקע פיגורן, אָבער נאָך ניט לעגענדאַר. אין פראַנק־רייך איז שלום ניט געווען, דערפאַר טאַקע האָט ער געקענט זען פאַריז, זען ווי מ׳שטורמט די באַסטיל, האָט ער אָבער געוואָלט זען די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָט ער דערזען . . . כושטיווקע, דעם מאַרק, די קראָמען, דעם קלויסטער, די שול, טאַטע און מאַמעס שטוב, און אין כושטיווקע אַ רעוואָלוציע? דער סטראַזשניק, סיידן, אָן זיינע בענד־לעך, אָן זיין לאַנגער שווערד, וואָס האָט זיך געפּלאָנטערט פאַר זיינע פיס. די ווירקליכקייט האָט געשטערט דער פאַנטאַזיע.

ער האָט געפּרואווט אַ רעד טון מיטן טאַטן, אפשר וועט ער אים געבן אַ בילד פון ר ו ס ל אַ נ ד, אָבער דער טאַטע האָט רק גערעדט וועגן „ניקאָלאַיקען", אים איז זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן וואָס מ׳האָט אַרונטערגעוואָרפן ניקאָלאַיקען, דאָס איבעריקע האָט אים ניט געקימערט, ליענין איז געווען עפּעס אַ גוי, פון טראָצקין האָט ער יאָ געהאַלטן — לייבעלע טראָצקי! אָבער נאָך מער ווי פון לייבעלע טראָצקי האָט ער געהאַלטן פון דר. הערצל, לאָרד ראָטשילד, היינט ל אָ ר ד באַלפור!

שלום האָט געשמייכלט פונם טאַטנס ל אָ ר ד באַלפור. אויב שוין יאָ אַן ענגלישער ל אָ ר ד איז לאָרד . . . בייראָן, כאָטש קיעטס לידער זיינען אים אַ סך בעסער געפעלן. און ארץ ישראל? אין כוש־טיווקע, ווען ער האָט געלערנט חומש, האָט ער „געזען" אברהם, יצחק, יעקב, די מוטער רחל פון דער סדרה ויחי: ואני, און איך יאַנקעוו, בבאי מפדן מתה עלי רחל . . . פדן ארם, מצרים, ארץ ישראל — אַ אויסטער־ליש לאַנד, פון אַמאָל, אַט ווי טויזנט און איין נאַכט, וואָס האָט עס צו

טון מיט אים? ער איז אין אַמעריקע. און אין אַמעריקע אַ רעוואָלוציע? ווי וועט עס, אשטייגער, פֿאַרקומען? אָט ווי דעם ערשטן מאַי? שלום האָט געשמייכלט — אויך מיר אַ רעוואָלוציע! און אַפילו אין ד ע ר רעוואָלוציע איז ער געווען אַ זייטיקער צוקוקער, אַ רעפּאָרטער, מי־שטיינס געזאָגט. אי, ער האָט צוליב דעם פֿאַרלוירן זיין שטעלע? נו, דאָס איז אַ זייטיקער, פּריוואַטער עניק, אַזוי צו זאָגן, אָט פּונקט ווי דאָס אויסשליסן אים פֿון אוניווערסיטעט. ניין, ער איז ניט קיין יוזשין דעבס און אויך ניט קיין „כאַווער״, פֿונדעסטוועגן איז גוט הערן דאָס וואָרט, זען אַ כאַווערישן בליק, פֿילן אַ כאַוועריש דערמונטערנדיק וואָרט. „גוט, כאַווער כאַזאַנאָוויטש, שרייבט עפּעס אָן, מיר׳ן עס מיט פֿאַרגניגן דרוקן, אויב, פֿאַרשטייט זיך, עס וועט זיך אַריינפּאַסן, וועט זיין גוט, אָבער, איר ווייסט דאָך מסתם, צאָלן קענען מיר ניט . . .״

ניין, דאָס האָט ער ניט געוואוסט. ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט, אויב מ׳שרייבט עפּעס אָן, מ׳דרוקט עס אָפּ, באַצאָלט מען דערפֿאַר. אויך האָט ער ניט געמיינט אָנשרייבן אַ זאַך, זי פֿאַרקויפֿן, שטיק אַר־בעט, ער האָט געמיינט קריגן אַ שטעלע, שרייבן, נייס, אַרטיקלען, ניט ווען עס איז פֿאַרקויפֿן אַן אַרטיקל, אָבער, קענטיק, אַזוי גייט עס שוין דאָ.

— כדי צו דערגרייכן עפּעס מוזטו עפּעס אָנשרייבן, אַ ב ו ך , — טענהט צו אים הַאַלב שיכורלעך סידני קליין, אַ בחור ניט פֿיל על־טער פֿון שלומן, וואָס שטאָלצירט מיט קענען פֿאַרטראָגן אַ סך בראַנפֿן, שלאָפֿן מיט אַ סך מיידלעך און מיט ריידן גראָבע רייד. — פֿאַרשטייסט, שרייבסט עפּעס אָן, אַן אַרטיקל, אַ דערציילונג, אַפילו אַ ליד, קומסט עס פֿאַרקויפֿן, קוקט מען אויף דיר מיט פֿאַרדאַכט: ווער צו אַלדי טייוולען ביסטו? און ווען זיי קויפֿן עס ביי דיר, די הינטישע זין, טוען זיי דיר אַ טובה, אַ פֿאַרדאַמטע טובה, ביסט אַ קיינער נישט, אַ גאָרנישט, און פֿאַרוואָס זאָלן זיי קויפֿן ביי אַ גאָרנישט, ווען זיי קע־נען קריגן ביי אַ פֿירמע. פֿאַרשטייסט, עס איז די פֿאַרדאַמטע פֿירמע וואָס פֿאַרקויפֿט עפּעס, ניט די זאַך גופֿא. האָסטו אָבער אָנגעשריבן אַ בוך, קענען זיי אַנאָנסירן אַ ליד פֿון סידני קליין, דעם מחבר פֿון . . .

— אַנטשולדיקט מיין פֿראַגע, האָט איר שוין אַ בוך?

— ניין, איך האָב נאָך נישט, אָבער איך אַרבעט אויף אַ בוך, אַ בוך לידער. האָט אַ ציגאַרעט? אַ בוך לידער וואָס וועט מאַכן אַן

איבערקערעניש. — בלאָזנדיק דעם רויך האָט ער צוגעגעבן, — אַ רע־וואָלוציע וועט עס מאַכן. די גאַנצע אַלטע, פאַרשטונקענע פּאָעזיע וועט דאַרפן גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר. נאָך אַ טרונק?

שלום האָט אַ רעכן געטון אויפן קאָפּ וויפיל אָט די לעקציע קאָסט אים. פיר שנאַפּסן, ציגאַרעטן, אַ חשבון פון . . . ער איז ניט קיין קמצן, אים אַרט ניט אַזוי פיל ווען ער גיט אויס אַ דאָלאַר אָדער צוויי — כאָטש דאָס ביסל געלט זיינס גייט ווי וואַסער — וואָס אים אַרט יאָ איז דער געדאַנק אַז אָט דער סידני קליין, אַנדערע ווי ער, באַ־טראַכט אים פאַר אַ „פיש", אַ פריץ וועמען מ'קען מעלקן. די ערשטע פאָר וואָכן, ווען ער האָט נאָר וואָס זיך אָנגעהויבן באַקענען, געווען נייגעריק צו טרעפן נייע מענטשן, קינסטלער, שרייבער, איז ער מיט פאַרגניגן געגאַנגען אין די אונטערערדישע שיינקלעך, זיך געלערנט נעמען אַ טרונק בראַנפן, אַליין גערעדט און נאָך מער זיך צוגעהערט צו יענעמס רייד, צוגעקוקט צו יענעמס פנים. דאָס איז דער קינסטלער, דאָס איז די קינסטלערישע אַטמאָספערע. עס קאָסט אַ פאָר דאָלאַר? איז וואָס? היינט טרינקט יענער אויף מיין חשבון, מאָרגן . . .

מאָרגן, נאָך עטליכע וואָכן באַקאַנטשאַפט, האָט ער ביים אַרויס־נעמען אַ פּעקל ציגאַרעטן שוין געשפּירט ווי פינגער דערנענטערן זיך, ציען ציגאַרעטן. ער האָט ניט אָפּגעזאָגט. נאָך אַלעמען, וואָס איז אַ ציגאַרעט? אָבער ער האָט געפילט אַז ער וויל דעם ציגאַרעט נ י ט געבן. ער האָט געזען ווי בען דזשיימס — אַזוי האָט ער זיך גערופן — האָט אַרויסגענומען דריי ציגאַרעטן, איינעם פאַררויכערט, צוויי אַרונטערגעשטעקט הינטער די אויערן, געהערט ווי יענער האָט גע־רעדט וועגן רעוואָלוציע, ליטעראַטור און ער האָט בשעת מעשה פאַר זיך געטראַכט: פאַרוואָס קויפט ניט אָט דער בען דזשיימס אַ פּעקל צי־גאַרעטן? ער האָט אויך געטראַכט: וואָס איז בעסער, געבן דעם צי־גאַרעט כאָטש ער פילט ווי ניט צו געבן, אָדער ניט געבן טאַקע ווייל אַזוי פילט ער? וואָס איז אמתער, אַן אויפריכטיקער אכזר, אָדער אַ פאַלשער נדבן? און בען דזשיימס האָט אַלץ געטאַראַלייקעט וועגן ליטעראַטור, רעוואָלוציע. בען דזשיימס, סידני קליין, סאָפיע . . .

אַלע האָבן גערויכערט, געטרונקען, גע . . . הורט, און אַלע האָבן געשריבן, געמאָלן, געקלעפּט, מער ניט, דאָס רויכערן, טרינקען און אַפילו הורן האָט ער געזען, אָבער דאָס געשריפט, די מאַלעריי האָט ער

ניט געזען, יעדער איינער האָט געאַרבעט אויף אַ . . . גרויסער זאַך. די גרויסע זאַך איז אים געוואָרן פאַרדעכטיק. זיינען זיי אַלע ניט אַ חברה טויגעניכטסן, דורכפאַלן, זייער טרינקען, זייער ריידן, זייער רעוואָלוציאָנערישקייט, ניט אַ מיטל צו פאַרדעקן זייערע דורכפאַלן? וואָס וואָלט געווען ווען סידני קליין קריגט אַ שטעלע אַלס . . . זאָקן פאַרקויפער פאַר פופציק דאָלאר אַ וואָך? וואָלט ער ניט פאַרגעסן זיין פּאָעזיע, זיין רעוואָלוציאָנערישקייט?

און ער, שלום, איז ער ניט אַ דורכפאַל? דערזעלבער דורכפאַל וואָס סידני קליין, וואָס בען דזשיימס. ער קען ניט אַזוי פּלאַפּלען ווי זיי, אָבער שלעפּט ער זיך ניט אום מיט זיי, כאַווערט ער זיך ניט מיט זיי, די כאַוויירים, כאַווערטעס . . . אָבער וואָס האָט ער אויפגעטון? וואָס האָט ער אָנגעשריבן? גילטן אַלס רעוואָלוציאָנערער שרייבער בלויז ווייל אַ דורכפאַל. די רעוואָלוציע — אַ מעכטיקע כוואַליע, און זיי, ער גופא, שפּענדלעך, מיסט וואָס די כוואַליע טראָגט מיט זיך מיט. טראָגנדיק זיך, זעט מען ניט די שפּענדלעך אַזוי דייטליך, שלאָגט זי זיך אָבער אָפּ אָן אַ ברעג, דערזעט מען — שפּענדלעך, מיסט. אַ נס וואָס די רעוואָלוציע איז נאָך ניטאָ, שרייבן זיי וועקסלען אויף דער צוקונפט. ניין, שלום וועט ניט לעבן אויף דער רעפּוטאַציע פון דער צוקונפט . . . ער ו ו ע ט אָנשרייבן עפּעס, אָנשרייבן אַ גרויסע זאַך. אָדער גאָר זוכן אַרבעט, טאַקע אַן אַ ר ב ע ט , ניט שרייבן. אָבער וואָס קען ער טון? גאָרניט. האָט ניט קיין מלאכה אין האַנט. אַ שלימזל. סיידן ער זאָל דאָ פּרואוון אַריינגיין אין אוניווערסיטעט, פאַרענדיקן זיין קורס.

„. . . און מלכל האָט שוין, דאַנקען גאָט, גרעדזשואייטעד. ביי דער גרעדזשואיישאָן בין איך געווען, דער טאַטע, ברוכל מיט סילוויען און חיים, עטל האָט ניט געקענט קומען ווייל זי האָט ניט געהאַט אויף וועמען צו לאָזן דאָס קינד . . .“

פון דער מאַמעס „בריוו“ — מייסטנס אָפענע קאַרטלעך, געשריבן אין אידיש, איין וואָרט אָנגערוקט אויפן צווייטן, שלום איז זיי קוים דורכגעקראָכן—האָט געוויזט מיט אינטימיטעט, שיר ניט געהיימניש. די גאַנצע היים—עפּעס אַ געהיים קעסטל, זעלטן ווען מ׳קוקט אַהין אַריין, אָבער מ׳ווייסט ס׳איז דאָ, און כאָטש מ׳קוקט ניט אָפט אַהין, אָבער ס׳איז גוט וואָס ס׳איז דאָ. זיינע בריוו אַהיים זיינען געווען טעלע־

גראַפיש קורץ, דערפאַר אָבער האָט די מאַמע אַרויסגעשריבן יעדע קליינינקייט וואָס האָט נאָר געהאַט צו טון מיט דער הויז, דער משפחה.

„מלכל האָט גרעדזשואייטעד . . .“ שלום קען זען אָט דעם שנעק, דער חצוף ווי ער שטייט מיט דער יאַרמעלקע מיטן טראלד. איך, לע־ראָי טשייס, גראַדואיר. ער קען אַפילו שוין זען זיין וויזיט קאַרטל: „לעראָי טשייס, קאָונסעללאָר עט לאָו“. ניט חלילה סתם „לויער“ אָדער „אַטטאָרני“, נאָר דוקא „קאָונסעללאָר עט לאָו“ ווען ער קען צושרייבן ק.ק.! (קינגס קאָונסעללאָר). ער וועט זיין אַן ערפאָלגרייכער אַדוואָקאַט. וויל ער, שלום, זיין אַ דערפאָלגרייכער . . . וואָס קען ער ווערן? און אַז ער וועט זיך שוין מוטשען אַ יאָר אָדער צוויי, וועט קריגן זיין „בעטשעללאָר אָף אַרטס“, וואָס וועט ער קענען טון? גיין וואַשן געפעס אין אַ רעסטאָראַן. דאָס קען ער טון גלייך איצט, דאַרף ניט גיין אין אוניווערסיטעט. אפשר וועט ער עס טאַקע טון אויך. אָבער דערווייל מוז ער פּרואוון טון עפּעס אויפן שרייבערישן געביט. ער האָט דאָך נאָך גאָרניט פּרובירט. ער׳ט אָנשרייבן אַן אַרטיקל, אַן אַרטיקל וועגן די פּראָבלעמען פון דער אַמעריקאַנער יוגנט.

איבער פינף חדשים האָט עס גענומען פון זינט ער האָט אָנגעהויבן שרייבן דעם אַרטיקל ביז ער האָט אים דערלעבט זען געדרוקט אין אַ לינקן חודשליכן זשורנאַל, און ווען ער האָט אים דערזען אָן אָפּגע־דרוקטן, גענומען לייענען, האָט ער קודם אַ שמיץ געטון דעם זשורנאַל, גענומען אַרומלויפן איבערן צימער, ערשט נאָכדעם האָט ער אים אויפ־געהויבן, אויסגעגלייכט די בלעטלעך און איבערגעלייענט ביזן סוף. איבערגעלייענט, האָט ער זיך פאַרטראַכט: דער שכור מר. דייוויס איז דאָך ניט געווען אינגאַנצן אויסערן וועג ווען ער האָט גערעדט וועגן דעם אמת ווי וועגן קאַלאָשן, ווען ער האָט געזאָגט, אַז אויך אין די „באָלשעוויק“ צייטונגען וועט ער געפינען אַ פאַרטיקן לאָמפּ, אין יע־נער ליכט צו שרייבן. וואָס זיי האָבן געמאַכט פון זיין אַרטיקל! ער האָט געשריבן וועגן פּראָבלעמען וואָס שטייען פאַר דער יוגנט, ווי קע־נען זיי זיך צופּאַסן, אַריינפּאַסן אין דער געזעלשאַפט, זיך טראָגן מיטן שטראָם, און ניט נאָר זיך טראָגן, נאָר די פראַגע איז וואוהין, ווי אַזוי, און צוליב וואָס? זיין אַרטיקל איז געווען אַן אַרטיקל פון פרעגן, זוכן, יעדע פראַגע איז ניט געווען סתם געפרעגט, נאָר דורכגעווייטיקט, און וואָס איז ביי זיי אַרויסגעקומען? אָנשטאָט זוכענישן, פראַגן, אַן ענט־

פער, אַ פּאַרטיקע פאָרמולע, אַ רעצעפּט — שליסט זיך אָן אָן אונזער פּאַרטיי! אַרויפגיין צום רעדאַקטאָר, אָט ווי ער איז אַרויפגעגאַנגען צו דעם מר. דייוויס, אים זאָגן וואָס ער דיינקט, אים . . . ער וואָלט געדאַרפט אַרויפגיין, יאָ, ער מוז דאָס טון, אָבער . . . דאָס איז זיין ערשטער אַרטיקל, דער ערשטער אַרטיקל מיט זיין נאָמען. ער האָט אַ קוק געטון אויפן בלעטל, געזען—ש ו ל ע ם כ א ז א נ אָ ו ו י ט ש, דער נאָמען פאַרנעמט כמעט די גאַנצע שורה. ש ו ל ע ם , ער האָט אומישנע אַזוי געשריבן זיין נאָמען, זאָל ער גלייך, פון ערשטן מאָל אָן זיך אַריינשניידן דעם לייענער אין קאָפּ, אים געדיינקען. שולעם כאַזאַנאָוויטש. היינט אָוונט איז ביי סאָפיען אַ צוזאַמענקונפט. די געווײנליכע חברותא. ער וועט גיין אַהין. זאָל ער מיטנעמען דעם זשורנאַל? מסתם וועט דער זשורנאַל שוין זיין דאָרט, איז ניט זי, וועט עמיצער אַנדערש אים שוין האָבן געקויפט. ניין, ער'ט אים ניט מיטנעמען, ער'ט אויך ניט פרעגן: געזען מיין אַרטיקל? ניין, דאָס וועט ער ניט טון, און אַז עמיצער וועט אים עפּעס זאָגן, דאַן וועט ער ערשט דערציילן ווי אַזוי דער רעדאַקטאָר האָט דעם אַרטיקל צוקאַ־ליעטשעט, דער אָריגינאַל איז . . .

— שולעם! ביסט אַ מאַדים! — האָט אים סאָפיע אויפגענומען, אים אַרומגעכאַפּט און אַ קוש געטון, — דיין אַרטיקל איז וואונדער־באַר. עס איז אַזוי גוט, אַזוי . . . אָט געגעני ווי מיר יונגע פילן, — האָט זי פאַרענדיקט איר באַגייסטערטע אויפנאַמע, אים אָנגענומען ביי דער האַנט, צוגעפירט צו איינעם וואָס איז געזעסן אויף אַ קישעלע: — זייט באַקאַנט — ווינדהאַם גרעי, שלום כאַזאַנאָוויטש. ער האָט אָנ־געשריבן דעם אַרטיקל וועגן וועלכן איך האָב מיט אייך גערעדט. — זי האָט אים צוגעפירט צו אַ צווייטן קישעלע: קארמעליטא מענדאזא — שולעם, שולעם כאזאנאָוויטש.

שלום האָט שאַרף אַ קוק געטון אויף קארמעליטא מענדאזא. קאַר־מעליטא מענדאזא? ווּעמען בלאָפט זי? דאָך אַ אידישע מיידל! אַ טענצערין? אהא, אַ טענצערין, מוז זי שוין זיין אַ שפּאַנישע — קארמעליטא, אָבער מענדאָזא איז דאָך סיי ווי אידיש. מסתמא קיילע מענדעלסאָן. און דער ווינדהאם גרעי? קען אים ניט. אַ נייער. ווייטער אַזוי אַלע באַקאַנטע, די אַלטע חברותא.

— העללאָ, שולעם!

— העללאָ, בען!
— העללאָ, שולעם!
— העללאָ, סידני!
— דער אַרטיקל דיינער אַ גוטער אַרטיקל, אַ פֿאַרדאַמט גוטער אַרטיקל, ניט חלילה ווייל איך שטים איין מיט דיר, אָבער אַ פֿאַרדאַמט גוטער אַרטיקל.

שלום האָט דערשפּירט אַז סידני קליין האָט דעם אַרטיקל אַפילו ניט געלייענט, אָבער ער איז ניט געווען בייז אויף אים למאי ניט האָבנדיק געלייענט זאָגט ער אַ פֿאַרדאַמט גוטער אַרטיקל. איז ער שוין שכור? ביין, דערווייל בלויז אונטערן גלעזל. — האָסט ביי זיך אַ ציגאַרעט?

שלום האָט אים געגעבן אַ ציגאַרעט, געגעבן מיטן גאַנצן האַרצן, און סידני, מעשה עלטערער שרייבער, האָט געלערנט שלומען: — פֿאַרשטייסטו, אָנגעשריבן אַן אַרטיקל? פּיין! אָבער דאָס איז נאָך אַלץ גאָרניט, דאַרפֿסט שרייבן עטליכע טוצן אַרטיקלען ביז דיין נאָמען זאָל האָבן עפּעס די ווערט. אַ בוך דאַרפֿסטו אָנשרייבן, אַ בוך!
— וואָס מכח דיין בוך?
— היינט וועל איך לייענען איין פּאָעמע פֿון מיין בוך.

ער האָט געלייענט. קלאַנגען האָבן אַ קלאַפּ געטון שלומען אין די אויערן, ער האָט אַזש אַ דריי געטון דעם קאָפּ צו זען די קלאַנגען, די ווערטער. געזען האָט ער — אַ זשאָנגליאָר וואַרפֿט עטליכע פֿלעשער אין דער לופֿטן, כאַפּט זיי אויף. אָט אַזוי האָט סידני קליין געוואָרפֿן ווערטער, קלאַנגען, די קלאַנגען האָבן געשווינדלט אין די אויערן, קלאַנגען, ווערטער, אָבער קיין זאַך, קיין זין. אָט דאָס דאַרף עס ברייַנגען די רעוואָלוציע אין דער פּאָעזיע! שלום האָט שוין מער ניט געהערט, ער האָט געקוקט אויפֿן לייענער, געזען די באַוועגונגען פֿון מויל, פֿון פּנים — ווי קאָמיש אַ מענטש זעט אויס ווען ער לייענט פֿאַר אין דער הויך. און ווי זעען אויס די צוהערער? דעמ׳ס פּנים זאָגט: גוואַלד, ווען ענדיקט ער שוין! אַ צווייטנס: אַריינגעפּאַלן. פֿאַרפֿאַלן. דער׳ס פּנים זאָגט: איך מוז זיין פּאָעטיש, אַ צווייטער׳ס פּנים זאָגט: לייען! לייען! און איר האַלב געעפֿנט מויל גיט צו: איך האָב דיך האַלט, איך וואָלט דיך אַ קוש געטון, איך וועל דיך קושן, איך וועל ...

אָט דער האַלב געעפֿנטער מויל האָט געעפֿנט שלומען די אויגן.

אין דעם ציגאַרעטן רויך וואָס האָט זיך געוויגט ווי אַ דינע נעץ, האָט ער געקענט זען דעם קלאָנגען געקוילער, וואָס האָט זיך דאָרט קאַלוי־טעט, ער האָט אויך דערזען, דערפֿילט די הייסע געשלעכטס פּאַרע וואָס איז געשטאַנען אין דער לופֿט. סידניס שטימע איז דערטרונקען גע־וואָרן אין אַ געקלאַפּערײַ. ער האָט געענדיקט, מ׳האָט געקלאַפּט. שלומס הענט האָבן זיך באַוועגט, ער האָט געקלאַפּט מיט די הענט אָט ווי זיי וואָלטן געווען אַ פּאָר ברעטלעך, ערשט ווען דער טומל האָט זיך איינגעשטילט האָט ער זיך געכאַפּט אַז ער האָט געקלאַפּט בראַוואָ און ער האָט זיך געחידושט: וואָס האָב א י ך געקלאַפּט? וואו איז די מיידל מיטן האַלב אָפענעם מויל? זי איז שוין לעבן סידנין. ווי זי שלינגט אים מיט די אויגן. יאָ, זי וועט . . .

קאַרמעליטאַ מענדאַזאַ האָט געטאַנצט. שלום האָט זיך איינגע־קוקט. די קונסט פון טאַנצן איז אים געווען אינגאַנצן פרעמד. ער האָט געפּרואווט כאַפּן, „פאַרשטיין" וואָס די קאַרמעליטאַ וויל עס אויסטאַנצן, אָבער האָט עס גלייך אויפגעגעבן. זיין קוק איז געפאַלן אויף ווינדהאַם גרעי. ער האָט געזען ווי יענער האָט געקוקט אויף קאַרמעליטאַס פיס און שלומען איז קלאָר געוואָרן — דער איינציקער וואָס פאַרשטייט . . . קאַרמעליטאַס טאַנצן איז דער ווינדהאַם, ער איז אַ מבין אויף אירע פיס . . . סידני מיט דער, ווינדהאַם מיט דער . . . אַלע זיינען שוין געווען שכורלעך, שכור און גאָר שכור. מ׳האָט נאָך כלומרשט גערעדט, אָבער קיינער האָט געהערט וואָס יענער האָט גע־זאָגט, וואָס ער אַליין האָט געשריען. מ׳האָט געטאַנצט, אָבער די לייַ־בער האָבן זיך נאָר געקאָרטשעט, געדרייט, גלייך נאָכן טאַנץ האָט מען זיך אַ וואַלגער געטון אויף דער ערד, אויף די קישעלעך. פּאָעזיע, ליי־טעראַטור, קונסט, רעוואָלוציע, די רויטע געשלעכטס פאַרע האָט אַרומ־גענומען, פאַרדעקט אַלץ.

שלום, דער צייטונגס טרעגער, האָט זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג. די געוואוינהייט פון אויפשטיין פרי האָט דורכגעריסן דעם שטאַרקסטן שלאָף. ער האָט אַ ציאַמקע געטון מיט די ליפּן, דערפילט אַ זויערן טעם, ברייט אָן עפן געטון די אויגן, אָנגעשטריינגט אַ קוק געטון אין טונקעלן חלל, דער קוק האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דער וואַנט אַנטקעגן און גלייך אַריבערגעשפּרונגען צוריק אויפן געלעגער. לעבן אים ליגט . . . סאָפיע?

וואַרט, לאָמיך נאָר זען.

דער נעכטיקער אָוונט, דער צימער מיט די קישעלעך אויף דער ערד, די טונקעלע באַלויכטונג, די הייסע רויטע פּאַרע האָט זיך גענו־מען וויגן, פֿנימער האָבן גענומען שווינדלען.

אַזוי הייסט עס? איז ער געווען שכור? ניין, ער איז ניט געווען אַ ז ו י שכור. ער געדיינקט גענוי, סידנין האָט אַוועקגעפירט יענע מיידל מיטן האַלב אָפענעם מויל, ווינדהאם גרעי האָט זיך אַרויסגעו־שאַרט מיט דער טענצערין, דזשיימס מיט . . . און ער איז נאָך גע־בליבן, ניט געהאַט מיט וועמען אַרויסצוגיין איז ער געבליבן און פֿאַר־בליבן. סאָפּיע . . .

זיינע קורצזיכטיקע אויגן האָבן אין דער טונקל געטאַפּט סאָפּיעס פּנים. ס'אַראַ ברייטער פּנים ביי איר. קיינמאָל ניט געזען איר פּנים אַזוי ברייט. דאָס מויל, עטוואָס געעפֿנט — אויך אַזוי ברייט, אַזוי... און אַזאַ דיקער אַרעם, און . . . אַזאַ ברוסט . . . די קורצזיכטיקע אויגן האָבן זיך צוגעוואוינט צו דער טונקלקייט און האָבן אריינגענומען סאָפּיעס גאַנצן נאַקעטן קערפּער ווי זי איז געלעגן אויפֿן רוקן, די פּיס צענומען, דער בויך הויבנדיק און אַרונטערלאָזנדיק זיך. ער האָט זי קיינמאָל ניט געזען אַזאַ דיקע, אַזאַ צעפלאָסענע. אָנטון די ברילן! זי צודעקן.

ער האָט אַ לייג געטון דעם צודעק אויף איר און אַליין זיך אַ הויב געטון אַרונטערצוגיין פֿון געלעגער. זי האָט זיך אַ ריר געטון, אָן עפֿן געטון די אויגן און אַ פֿרעג געטון: שוין אויף? ווי שפּעט?

— עס מוז זיין . . . וואַרט, איכ'ל געפֿינען מיין זייגער.

ער איז אַרונטערגעשפּרונגען, עטוואָס אַרויפֿגעצויגן דעם רולעט, אַ בלאָנזע געטון מיט די אויגן איבערן צימער, דערזען זיין אנטון, זיי־נע ברילן. ער האָט זיי גלייך אָנגעזאָטלט אויפֿן נאָז. ער האָט דערזען סאָפּיעס פּנים, איצט פֿיל קלענער, דייטליכער, ניט אַזוי צעפלאָסן. וועלכער פּנים איז דער ריכטיקער, דעם וואָס ער האָט געזען אין דער טונקל אָן די ברילן, אָדער דעם, וואָס ער זעט איצט? און איר קער־פּער? ער האָט זי עטוואָס צוגעדעקט, אָבער ער קען נאָך זען דעם קערפּער ווי ער האָט אים געזען אינגאַנצן אַ נאַקעטן, אָן די ברילן. עפּעס געמיינעס דאָ אין אַזאַ דיקן, פֿליישיקן קערפּער. איצט, עטוואָס צוגעדעקט, אין די קליידער זעט זי גאָר ניט אויס אַזוי דיק, אַזוי לייי־

ביק. קליידער זיינען זייער וויכטיק. ער האָט זיך געכאַפּט ער שטייט אַ נאַקעטער, און גלייך גענומען טאַפּן זיין אנטון.

— שטייסט שוין טאַקע אויף?

זי האָט זיך אַ צי געטון, די ארעמס פּאַרריסן אַרויף, מיט די פּיס אַ דריגע געטון און אַראָפּגעשאַרט דעם צודעק. שלום האָט מיט אַמאָל דערזען איר פּנים, איר קוק, ער האָט געקענט איבערלייענען די איינלאַדונג: קום! ... איר גאַנצער קערפּער האָט אים נאָך אויסגעזען נאַקעטער ווי פריער, נאַקעטער און מיאוסער. ווי מיאוס ...

— קום, לייג זיך צו אַ ווײַלע. ס׳איז נאָך פרי.

אַנטלויפן פון דאַנען, פון איר, פון אָט דער ...

זי האָט מער ניט גערופן מיט קיין וואָרט, זי האָט בלויז איבערגעקרייצט איין פוס איבער דער צווייטער, אַ פיר געטון מיט אַן אויג. כהרף עין איז שלום געוועזן אין בעט, זיך אַ וואָרף געטון אויף איר.

אין דערהיים ביי זיך האָט ער זיך געבאָדן, געוואַשן און אים האָט זיך געדוכט אַז ער קען זיך גאָרניט דערוואַשן. נאָך דער באָד האָט ער אויסגעטרונקען אַ גלאָז הייסע וואַסער מיט לימענע, און ווי זויער דער געטראַנק איז ניט געווען האָט ער נאָך אַלץ ניט געקענט פאַרטרייבן דעם טערפקן טעם אין מויל.

אַנטלויפן. אַנטלויפן פון דאַנען, אַנטלויפן פון אָט דער חברה טויגעניכטסן, כלומרשטע קינסטלער, כלומרשטע רעוואָלוציאָנערן. נואפים. איינפּאַכע זנות. סאָפיע. איר נאַקעטקייט. ווי אַ פרוי קען דאָס פאַרדעקן איר מיאוסקייט. קורץ, דיק, האָט זי אין אירע שוואַרצע, גוט געניייטע קליידער אויסגעזען גאָרניט אַזוי גראָב, ניט צעפלאָסן, דערפאַר אָבער נאַקעטערהייד, ס׳אַראַ מאַסע לייב! לייב ... אַ מוסטער צייכנערין ביי היטעלעך, האָט זי גוטן געשמאַק זיך אָנצוטון. מוסטער צייכנערין איז אָבער פאַר איר ניט גענוג, ניט נאָר היטעלעך, קעפּ וויל זי צייכענען, אַ מאָלערין זיין, אַ קינסטלערין, באהעמע ... לייב, צעפלאָסן, צעיורן לייב ... און אָט דאָס לייב האָט ער פונדעסטוועגן ניט געקענט ביישטיין, זי האָט איבערגעקרייצט אַ פוס איבער אַ פוס, און ער איז צוגעפאַלן צו איר ... האָט זי געפילט זיין כעס דאַן, ווי ער האָט דערנידערנדיק זיך נאָך מער דערנידעריקט זי? סאָפיע אַ איינפאַכע ... שרהלע. נו זי, אָדער זי וועט בלייבן די אַלטע מיידל אין דער ביבליאָטעק אָדער איר טאַטע דער אַלרייטניק וועט געפינען

פאַר איר דעם פּאַסיקן שדוך, דעם דאָקטאָר אָדער דעם אַדוואָקאַט. מלך . . . מוז שוין פּראַקטיצירן. ניין, ער'ט ניט פאָרן אַהיים. ער'ט אפשר גאָר אויפגעבן שרייבעריי, זוכן אַרבעט. ניין, ער'ט פּרואוון נאָך איין מאָל. נאָך איין מאָל וועט ער פּרואוון. ער'ט זיך אַנידער־זעצן, וועט אָנשרייבן אַ בוך, ניט ווי דער סידני קליין, טאַקע אָנשרייבן, און דאַן . . .

טעג, נעכט איז שלום געזעסן און געשריבן. עס האָט אים אויס־געפעלט געלט. ער איז געגאַנגען, געקראָגן אַרבעט אין אַ רעסטאָראַן, געוואַשן געשיר, דער שווערער טאָג אַרבעט האָט אים דאָך ניט צוריק־געהאַלטן פון זיצן און שרייבן. אַרבעט, אַפילו עסן איז געוואָרן אַ בײ־זאַך, פון אַרויסגיין ערגעץ, זען באַקאַנטע איז געוועזן אָפּגערעדט. ער האָט זיי ניט געוואָלט זען, ניט געטאָרט זען, שרייבן, אָנשרייבן דעם בוך.

אַרויסגענומען דאָס לעצטע בלעטל פון דער שרייב מאַשין, איז ער געבליבן זיצן, די פינגער רוענדיק אויפן געשטעל פון דער מאַשין, פאַר די אויגן האָט געסטאַרטשעט דאָס איינע וואָרט „אנדערוואוד". דער טשאַד האָט גענומען אַרויסגיין פון קאָפּ. נו, געענדיקט. איצט, אָפּגעבן די מאַשין. ניין דאָלאַר האָט עס אים געקאָסט. ניין דאָלאַר! נו, מילא. ער האָט אָנגעשריבן. איצט, איצט — פאַרקויפן!

פון איין פאַרלעגער איז אָנגעקומען אַ בריוול: מיר האָבן געלייענט אייער מאַנוסקריפּט מיט גרויס אינטערעס, אָבער, ס'טוט אונז לייד, מיר קענען זיך ניט באַנוצן מיט אים. שיקן מיר אים אייך צוריק און מיר האָפן איר'ט אינגיכן געפינען אַן אַנדער פאַרלעגער. פון אַ צווייטן פאַרלעגער, אַ דריטן אויך דאָסזעלבע בריוול. דערזעענדיק דעם פּאַ־קעט, האָט ער שוין געקענט לייענען דאָס בריוול אויסענווייניק. ער האָט געבלעטערט דעם מאַנוסקריפּט, געזוכט צייכנס פון אַ בלייפּען, מיט די קורצזיכטיקע אויגן האָט ער געזוכט פינגער שפּורן אויפן פּאַ־פּיר. קיין סימן, קיין שפּור פון מענטשליכע פינגער. ליגנער! זיי האָבן ניט געלייענט, אַפילו ניט אַ קוק געטון. בלויז אַ שאָד דאָס פּאָסט געלט. ער'ט אַליין גיין, דערלאַנגען אין האַנט אַריין דעם פאַר־לעגער, דעם לייענער . . .

דער לייענער פונם פאַרלאַג האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, אַ שטורכע געטון מיט די פינגער די ברילן אויפן נאָז, דערזעענדיק דעם

אריינגעקומענעם, האָבן די אויגן זיך דערמאָנט עפּעס און אַ שמייכל האָט זיך באַוויזן אין זיי: דאָס איז דאָך דער יונגער בחורל וואָס האָט שיר ניט אַריינגעוואָרפן אים אין האַנט אריין אַ מאַנוסקריפּט און אַרויסגעוואָרפן אַ געבעט: ביטע, לייענט! און אַנטלאָפן. איצט איז ער דאָ נאָך אַן ענטפער. — אהו! וואָס מאַכט איר? זיצט!

שלום האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ ביינקל אַט ווי ער וואָלט זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ באַלון.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס גוטס?

ער פרעגט ביי אים וואָס הערט זיך עפּעס גוטס. דאָס גוטס דאַרף ער דאָך אים זאָגן.

— איך בין געקומען פרעגן וועגן מיין ... מאַנוסקריפּט. האָט איר אים געלייענט?

אַרויסגעריסן די ווערטער פון מויל, האָבן די אויגן זיך פאַרטשעפּעט אָן לייענערס פּנים, אים ניט אָפּגעלאָזט: נו, זאָג, זאָג, אַז דו האָסט געלייענט, אַז ...

— יאָ, איך האָב געלייענט דעם מאַנוסקריפּט, — ענטפערט דער לייענער ציענדיק די ווערטער. ציענדיק האָט ער שוין דערווייל אָנגעקליבן נאָך ווערטער, דאָך קומען זיי ניט אַזוי שנעל. שלומס אויגן ציען, שלעפּן: נו, נו, וואָס?

— נו, עס איז אַ גוט בוך, גוט אָנגעשריבן, אָבער ...

— אָבער ...

— אַלס כלל דיסקוטירן מיר ניט מיטן שרייבער פאַרוואָס מיר קענען ניט אָננעמען אַ בוך. פּאַקטיש קען איין פאַרלעגער צוליב אַ געוויסער אורזאַך ניט אָננעמען אַ בוך און אַ צווייטער זאָל צוליב דערזעלבער אורזאַך אים יאָ אָננעמען, אָבער איך זע איר זייט נאָך אַ יונגער מאַן, גאָר אַ יונגער מאַן, ווי אַלט זייט איר? אַזוי געדיינקט. נו, פאַר אַזאַ יונגן מענטשן ווי איר איז נאָך צו פרי צו שרייבן וועגן די פּראָבלעמען פון דער יוגנט. דאָס דאַרפט איר איבערלאָזן פאַר אונז אַלטע, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל.

— אדרבה, ווייל יונג ...

דער אַלטער לייענער, וואָס האָט אַלס כלל ניט דיסקוטירט מיט שרייבער, האָט קענטיק דאָך הנאה געהאַט פון זיין געניטקייט, דערפאַרענקייט, קענטניש און אויך פון זיין רעדן. — איר פאַרשטייט, איר

זייט יונג, אָבער טאַקע דערפֿאַר קענט איר ניט שרייבן וועגן דער יוגנט. דער וואָס שטייט טיף אין וואַסער קען ניט זען ווייט איבערן וואַסער. מ׳דאַרף שטיין איבערן וואַסער צו זען ווייט אַוועק. ערשטנס, זייט איר צו ליריש. איך האָב גאָרניט קעגן ליריזם, אָבער ליריזם איז גוט אין פּאָעזיע, אין פּראָזע, אין אַ בוך, וואו איר באַהאַנדעלט אַ פּראָבלעם . . .

— איך דיינק איך האָב באַהאַנדלט די פּראָבלעם אָלזייטיק.

דער לייענער האָט בייזליך אַ קוק געטון. דער קוק האָט געזאָגט: האָסט׳אך קיינע מאַניערן. א י ך רעד! דאָס מויל האָט אַרויסגעַרעדט: — יאָ, איר האָט זי באַהאַנדלט פילזייטיק, אָבער אַלע זייטן זיינען א י י ע ר ע זייטן.

— איך . . . איך . . .

דער בחור איז דאָך גאָר אַ . . . לאָזט ניט רעדן, זאָגן די אויגן, און נאָך אַ דרינגליכן קוק פרעגט דאָס מויל: איר זייט אַ אידישער?

— איך בין דאָ אויסגעוואקסן, — האָט שלום מיט פאַרדרוס געַענטפערט.

— געדיינקט אַזוי. און אייער ענטפער באַשטעטיקט עס. אַזוי סענסיטיוו אָט ווי אַ איד קען נאָר זיין. נאָך אַ ביסל און איר וועט אַ טראַכט טון אַז איך בין אַן אַנטיסעמיט. אָדער אפשר האָט איר שוין אַ טראַכט געטון? וואָס, אַ טראַכט געטון?

— ניין, איך . . .

— נו, נו, ניט נויטיק זיך פאַרענטפערן. איך ווייס איר זייט היפּערסענסיטיוו. ווען איך האָב געזאָגט אַלע זייטן זיינען א י י ע ר ע זייטן, און ווען איך האָב געפרעגט צי זייט איר אַ איד, האָב איך אייך געוואָלט זאָגן, אַז ניט קוקנדיק וואָס איר האָט אפשר געוואָלט שרייבן וועגן די פּראָבלעמען פון דער אַמעריקאַנער יוגנט, האָט איר אָבער איני־סטינקטיוו געשריבן נאָר וועגן זיך, און וואָס אייך, אַ אידישן יונגנמאַן, גייט אָן איז אפשר אינטערעסאַנט, פאַקטיש זייער אינטערעסאַנט, הלואי וואָלט די גאַנצע יוגנט טאַקע אַזוי באַנומען זאַכן, אָבער עס טוט מיר לייד, די מייסטע אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר יונגע בחורים און מיידלעך זיינען, דוכט מיר, קנאַפּ וואָס פאַראינטערעסירט אין די אַלע פראַגן. איר גייט אַמאָל צו אַ בייזבאָלל?

— יאָ . . .

— ווען איר זאָלט זיך דאָן גוט צוקוקן צו די אַמעריקאַנער יונגע וואָלט איר אפשר געזען אַז איך בין גערעכט, איך מיין איר וואָלט פֿאַר־שטאַנען וואָס איך בין אויסן. ווי דאָס איז . . . טוט מיר לייד . . . אייער מאַנוסקריפּט? דאָ האָט איר אים . . .

דער מאַנוסקריפּט ביי שלומן אין האַנט — אַ טויט קינד. אַ קינד וואָס האָט נאָר וואָס געלעבט און פּלוצלונג געשטאָרבן, אויסגע־גאַנגען ביי אים אויף די הענט, און וואָס זאָל ער דערמיט טון? באַ־גראָבן. באַגראָבן. קלאָר, ער איז ניט קיין שרייבער. ד ע ר האָט יאָ געלייענט. אפשר איז ער גערעכט. ער איז גערעכט. האָט ער ניט געשריבן וועגן זיך? וואָס גייט טאַקע אָן דעם אַמעריקאַנעם בחור די פּראָבלעם אָדער גאָר די טראַגעדיע פֿון אַ טראָפּן וואַסער וואָס קען ניט אַריין, אָדער וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פֿון שטראָם און איז אין געפֿאַר צעשטויבט צו ווערן? דער אַמעריקאַנער בחור איז אין שטראָם. אין בייז באַלל, אין געשעפֿט. ניט נאָר דער אַמעריקאַנער, זיין ברודער, זיינע ברידער, ברוך אין געשעפֿט, מלך פּראַקטיצירט שוין מסתם, אַן אַפּיס . . . נאָר ער, ער אַליין אַ דורכפֿאַל. און ער האָט עס געוואָלט בויען אַ פֿילאָזאָפֿיע אויף אַ דורכפֿאַל. אַלע פּעסימיסטישע פֿילאָזאָפֿיעס זיינען מסתם אַזוי געבויט געוואָרן. דו, שלום, ביזט דורכגעפֿאַלן, אָבער ניט דער אַמעריקאַנער בחור, זאָגט דער לייענער פֿונם פֿאַרלאַג, און ער איז גערעכט. דער אַמעריקאַנער בחור איז נאָך ניט דורכגעפֿאַלן, לע־ראַי אויך ניט . . . ברוך אויך ניט . . . איצט קומען אַהיים, קומען מיטן בייטשל . . . ניין, ער׳ט אַהיים ניט פֿאָרן. וואָס, וועמען האָט ער דאָרט? דער טאַטע, די מאַמע. דער טאַטע אים אריינגעשפּארט אַ פּאַפּירל, די מאַמע — וויינען. לעראַי, ברוך, חיים. „וועסט זיך דער־שלאָגן צו עפּעס, בלייב דאָרט, וועסט ניט געפֿינען גאָרניט, שעם זיך ניט קומען צוריק, האָסט ביי קיינעם גאָרניט פֿאַרנומען“. חיים, אַט דער פּראָסטאַק, דער ניט געבילדעטער, ער האָט פֿאָראויסגעזען ער׳ט דורכפֿאַלן און אים געזאָגט, שעם זיך ניט. און וואָס האַלט אים אָפּ אויב ניט שעמען זיך? וואָס האַלט אים דאָ? וואָס איז ניו יאָרק פֿאַר אים? דורכגעפֿאַלן. דורכגעפֿאַלענע פּאָעטן, כלומרשטע רעוואָלוציאָ־נערן. זיך אַרומשלעפּן, בעטן אַ ציגאַרעט, כאַפּן אַ שנעפּסל, כאַפּן אַ סאָפּיע . . . נו, דאָס איז ניט פֿאַר אים. וואָס איז אים ניו יאָרק?

און פאַר װעמען דאַרף ער זיך שעמען? פאַר . . . מלכן? נו, ער איז אים ניט מקנא. ניין, ער איז אים ניט מקנא. ער איז קיינעם ניט מקנא. אַלץ װאָס ער װיל . . . װאָס װיל ער? ער װייסט ניט גענוי װאָס ער װיל, ער װייסט אָבער װאָס ער װיל ניט. איצט װיל ער ניט זיין מער אין ניו יאָרק. ניין, דאָס װיל ער ניט. אה, ער האָט נאָך געגוג אויף הוצאות. אויב ער זאָל פאָרן מיטן שיף ביז אלבאני, באַ־פאַלאָ, אָדער גאָר כאַפּן אַן אויטאָמאָביל. אה, ער'ט זיך שוין דער־שלאָגן. ער'ט ניט שרייבן נאָך געלט, — ער'ט אפילו ניט שרייבן אַז ער קומט. ער'ט קומען װעט ער . . .

(25)

**א**ין די קנאַפּע צװיי יאָר װאָס שלום האָט פאַרבראַכט אין ניו יאָרק האָט די אידישע קליװלאַנד זיך אַ רוק געטון. די „שװאַרצע כמאַרע" װאָס איז אַ צייט שוין געהאַנגען איבער װאודלאַנד עװעניו האָט זיך מיט אַמאָל אַ רוק געטון און דער שװאַרצער װאָלקנבררוך האָט פאַרפלייצט די אידישע גאַס—װאודלאַנד עװעניו איז געװאָרן שװאַרץ. די הייזער, לאַנג שוין חורבות, האָבן איצט אויסגעזען נאָך מער אַלט, צעבראָכן, די טראָטואַרן אַפילו זיינען געװאָרן צעבראָכן און פאַר־שװאַרצט, באַדעקט מיט קוילן שטויב, אַפילו דאָס ביסל אידישע קראָ־מען װאָס זיינען געבליבן אויף װאודלאַנד עװעניו האָבן אויך געקראָגן אַן אויסזען פון אָפּגעלאָזנקייט, אַלטקייט. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך אַ רוק געטון, װי דער שטייגער, צו מזרח צו, העט װייט אַרויס אַזש ביז דער צװיי הונדערטער גאַס. די „פעלקער װאַנדערונג" איז פאָרגעקומען טאָג איין טאָג אויס, אָבער ערשט װען מ'איז אַ שטיקל צייט אַװעק, מעג עס זיין בלויז װעלכע ס'איז קנאַפּע צװיי יאָר, און מ'קומט צוריק, דאַן דערזעט מען, דערפילט מען אַ פלוצלונגע ענדע־רונג. פאַרפאַרנדיק צו טאַטע מאַמע אין הויז אַרום דער הונדערט און פינפטער גאַס, האָט שלום באַטראַכט די נייע, בעסערע, קלענערע אָבער באַקװעמערע דירה און זיך געפילט דאָרט פרעמד, ניט נאָר װי אַ גאַסט װאָס איז ערשט געקומען, נאָר װי אַן אָרימאַן אין אַ רייכער הויז. טאַטע מאַמע האָבן עס באַמערקט, און דער טאַטע האָט געזאָגט: װאודלאַנד עװעניו איז ניט צו דערקענען — חושך. לויטער נעגער. די

קלייטן זיינען נאָך אידישע, מ׳מאַכט נאָך איצט אויך אַ לעבן דאָרטן, בישקשה, צום שוואַרצן דערלייגט מען ניט, איז אָבער גיי מאַך...

די מאַמע אויף וועמען דער מאַך מיטן האַנט האָט אָנגעוויזן האָט אויפגעכאַפּט די באַוועגונג, דעם פאַרוואורף. — זיצן אויף וואודלאַנד עוועניו, ניט אָנקוקן קיינעם. צופאָרן צו חיימען, דאַרף מען זיך שלעפּן מיט דריי קאַרס, דאָ... האָסט באַדאַרפט זען זיין לייזערל! אוי, אַ טייער קינד! מיר פאַר זיינע ביינדעלעך!

— חיים וואוינט דאָ ניט ווייט?

— חיים און ברוך.

— און מלך?

שלומן איז ניט אָנגעגאַנגען וואו זיין ברודער מלך־לעראַי וואוינט, ער האָט זיך בלויז געוואונדערט ווי קומט עס וואָס ער וואוינט ניט מיט די עלטערן, דאָך נאָך ניט חתונה געהאַט. די מאַמע האָט גאָרניט גע־שריבן וועגן זיין אַרויסקלייבן זיך. דער טאַטע האָט געענטפערט: — מלך? פריער איז אים ניט אָנגעשטאַנען וואָס מיר וואוינען אַרום וואודלאַנד עוועניו, געטון צום טויט מ׳זאָל זיך אַרויסקלייבן, האָט מען זיך אַרויסגעקליבן, שטייט אים שוין ניט אָן די הונדערט און פינפטע. טאַקע, ווי קען עס אים אָנשטיין, אַן אַדוואָקאַט...

— אים ניט אָנגעשטאַנען, — האָט די מאַמע פאַרטיידיקט איר אינגסטן זון, — ס׳איז געווען ווייט צו פאָרן אין קאָלעדזש, און, וואָס מיינסטו, ס׳איז עפּעס אַזאַ יחוס צו וואוינען צווישן שוואַרצע? איצט האָט ער אַן אָפיס דאַון טאַון, איז אים אַביסל ווייט צו פאָרן פון דאַנען, האָט ער זיך גענומען אַ דירה נאָענטער צום שטאָט.

— און ווער צאָלט פאַר אים דירה געלט?

— וואָס הייסט ווער צאָלט? ער האָט, קיין עין הרע, אַ פיינעם אָפיס, מאַכט אַ פיין לעבן.

שלום האָט זיך שוין אָריענטירט אין זיין „נייער" היים. מלך איז שוין אויפן וועג צו ווערן אַ דערפאָלגרייכער אַדוואָ־קאַט, ברוך — אַ דערפאָלגרייכער געשעפטסמאַן, דעם טאַטנס מיט דער מאַמעס געשעפט, ווייזט אויס, שעפּיטיעט ניט אַזוי, דער טאַטע זעט אויס זייער געעלטערט, קרייַנקליך, איז ער קראַנק? דערפאַר האָבן זיי נחת פון זייער אייניקל, דאָס ערשטע אייניקל, די מאַמע הערט גאָרניט אויף צו רעדן: לייזערל און לייזערל, דער טאַטע

האָט אַפּילו מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטון: דער פּראָצענט איז ביי איר בילכער ווי דער קרן, אָבער ער איז, קענטיק, אויך פאַרליבט אינם „פּראָצענט". שוין מוזן צוגיין, זען חיימען, עטלען, דעם „פּראָצענט".

חיימס קרעפּטיקע האַנט האָט אַרומגענומען שלומס האַנט, און האַלטנדיק זי האָט ער געמאָסטן דעם ברודער מיט די אויגן. — זיך אַביסל אָפּגעטעסעט, — האָט ער אַ זאָג געטון, — אָבער, דוכט זיך, אויסגעוואַקסן. ניין, עטל?

עטל, די יונגע מאַמע, האָט אויסגעזען נאָך שענער ווי מיידלווייז. אירע שוואַרצע האָר, שוואַרצע, געדיכטע ברעמען, וואָס האָבן פריער צוגעגעבן אַ געוויסע שטרייַנגקייט צו איר פּנים, האָבן זיך איצט פאַר־לאָרן אין דער מילדקייט וואָס האָט אַרויסגעשיינט, אַרויסגעלויכטן פון די אויגן, — פון פּנים. סאָפיע, די ברייטע, צעפלאָסענע סאָפיע, מיט איר ברייטן פּנים, מיט איר שוואַרצער סטעזשקע אויף דער אויבערש־טער ליפּ, האָט אַ שפּרונג געטון שלומען אין פּנים אַריין, אַ שפּרונג געטון און גלייך אַרונטערגעפאַלן, פאַרשוואונדן, זיך באַהאַלטן פאַר עטלס פּנים, פאַר איר מילדן קוק. זיין פאַרהייראַט, מאַן און ווייב, איין שלאָף צימער, איין בעט, איין באָד, איז אפילו ניט אַזוי אנציענד, ווען די ווייב איז אָבער אַזאַ ווי עטל . . .

— נו, ווי איז דיר געגאַנגען? זיך! וואָס שטייסטו? באַלד גיין עסן. דערצייל, עפּעס אַ פיין שטעטל ניו יאָרק?

וואָס זאָל שלום דערציילן חיימן פון ניו יאָרק? וועלכע ניו יאָרק? זיין ניו יאָרק, פון די סידני קליינס, בען דזשיימס, סאָפיע? דאָס איז פאַר חיימען זיכער ניט אינטערעסאַנט. פון וועלכער דען ניו יאָרק? פון די ביליקע רעסטאָראַנען וואו ער האָט געוואַשן געפעס? סיידן אפשר יוניאָן סקווער, און דאָס אויך, ניט זיין, שלומס, יוניאָן סקווער וואו ער האָט זיך אויסגעגליטשט אַלס שרייבער, נאָר יוניאָן סקווער, אַרבעטער, פאַרזאַמלונגען.

אַ שלעכטער דערציילער שלום. הויבט ער אָן דערציילן, דערזעט ער אַ בילד, דאָס בילד בייט זיך שנעל, רופט אַרויס אַ צווייטס, און ער, ניט ער קען שפּרינגען פון בילד צו בילד, ניט ער קען אָנהאַלטן דעם פאָדים פון וועלכן ער האָט אָנגעהויבן, פּלאָנטערט ער זיך, דאָך רעדט ער פרייער ווי מיט טאַטע מאַמע. יענע האָבן אים ניט געפרעגט וואָס ער האָט געטון, פאַרוואָס ער איז צוריקגעקומען, אָבער ער האָט געפילט

אַז זיי פֿאַרשווייגן דאָס, אָט ווי מ׳פֿאַרשווייגט, מ׳היט זיך ניט צו פֿרעגן עמיצן ווי אַזוי יענעמס ווייב איז אַרונטער פֿון זינען אָדער פֿאַרוואָס זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. חיים, עטל, זיי האָבן אויך ניט געפֿרעגט, אָבער ניטאָ אין זייערע פּנימער אָט דער באַהאַלטענער פֿאַרלאַנג און די מורא צו פֿרעגן. חיים איז שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין ניו יאָרק, אין די געביידעס, עלעווייטעדס, סאָבוויים, און אויך אין די אַרבעטער דאָרט, פֿאַרזאַמלונגען, דעמאָנסטראַציעס, קאָמוניסטן, קאָמוניזם. אַ קאָמוניסט? ניין. זיי שרייען צופֿיל. ער האַלט ניט פֿון שרייען, לייזערל שרייט שוין פֿאַר אים אויך, גיט ער צו מיט אַ שמייכל, און דער שמייכל גיט זיך איבער צו עטלען. — אי, אַ וואויל אינגל, נאָר אַ שרייער! כ׳דיינק ער׳ט אויסוואַקסן אַ זינגער.

— אַ חזן. כאַזאַנאָוויטש.

— ׳עסט זיין איבערראַשט, די מאַמע מיט די ביינדלעך! אירע האָר, איר נאָז, איר מויל, נאָר די אויגן מיינע, — האָט ער צוגעגעבן מיט מענערישן שטאָלץ און עטל האָט דערביי זיך געררויטלט מיט דער הנאה פֿון דער פֿרוי וואָס מ׳לויבט איר שיינקייט דורך איר קינדס פּנימל, און מיט דער צאַרטליכקייט פֿון דער מוטער וואָס דערפֿילט דאָס לייב פֿון איר לייב אַפֿילו ווען דאָס קינד איז ניטאָ דערביי. — ער שלאָפֿט שוין? — פֿרעגט חיים.

— טשעפּע אים ניט, — זאָגט עטל שטיל, און אין דעם שטילן פֿאַרזאָג דערפֿילט שלום אַז עטלס וואָרט איז ביי חיימען געבאָט, געזעץ.

— אַ וואויל אינגל, — חזרט איבער חיים שוין מיט דער אָפּשאַצונג ניט נאָר פֿון אַ טאַטן. — און דו? כ׳מיין, נאָך ניט אויפֿגעזוכט פֿאַר זיך אַ מיידל? — שלום פֿאַררויטלט זיך און חיים שפּרינגט איבער. — און וואָס דיינקסטו צו טון?

געקומען די פֿראַגע, אָבער שלום איז ניט צעטומלט. נו יאָ, עפּעס דאַרף ער דאָך טון, ער׳ט זיך דאָך ניט אָוועקזעצן ביי טאַטע מאַמע אויף קעסט. — איך דיינק גיין צוריק צו מיינע געשעפֿטן — קריגן אַ שטיקל ציייטונגס טעריטאָריע.

— דאָך דאַרפֿן געלט.

— יאָ, געלט דאַרף מען, — האָט שלום פֿאַרשעמט צוגעגעבן.

— אָלרייט, מיינעם אַ פּופּציקער האָסטו, — האָט חיים אַ זאָג

געטון, און כאַפּנדיק זיך אַז אַ פּופּציקער איז ווייט ניט קיין מטבע צו קויפן אַ צייטונגס טעריטאָריע, האָט ער גענומען ריידן. — אינגאַנצן האָב איך אַ הונדערטער. דאָ גראָדע אַרבעט, מ׳פאַרריכט אַלטע, מ׳בויט נייע, איך אַרבעט מערסטנס אויף נייע אַרבעט, אָבער די הוצאה איז געוואָרן גרויס, ווייסטאָך, אַ קינד, דערצו געמוזט אויסבייטן די מאַשין, די אַלטע „שיוורעלעוו" (שעווראָלעי) איז שוין פּשוט צעפאַלן געוואָרן, אַרום און אַרום . . .

— שוין זען, — האָט שלום עפּעס שולדיק געענטפערט. אים איז ניט אָנגענעם געווען דער געשפּרעך. ער האָט טאַקע באַשלאָסן צו קויפן אַ צייטונגס טעריטאָריע, דערביי אַ טראַכט געטון אַז וואו ער׳ט נעמען געלט דאַרויף ווייסט ער אַליין ניט, אָבער ער האָט נאָך גאָרניט געטון וועגן דעם, ווייסט נאָך אַפילו ניט וויפיל געלט ער דאַרף, טאָ נאָכוואָס רעדן וועגן דעם, דערצו נאָך אַזוי „הויך", פאַר עטלעך אין די אויגן.

חיים האָט דערפילט שלומס פאַרלעגנהייט און מער ניט גערעדט וועגן דעם. ערשט פאַר שלומס אַוועקגיין האָט חיים אַ פרעג געטון: שוין געווען ביי ברוכן? וועסט זיין ביי אים טו מיט אים אַ רייד.

— וואָס מאַכט ער?

— אָ, ער איז אָלרייט. געוואָרן אַ גרויסער געשעפטסמאַן, אַ מאַנופעקטשורער. אים שוין ניט געזען . . . וואַרט, ווען האָב איך אים געזען? פּסח! יאָ, פּסח צום סדר. ער, זיין ווייב, מלך, ווייסט׳אָך, משפחה סדר . . . — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל.

— מסתם אים זען, — האָט שלום אָן איבעריקן חשק געזאָגט.

— ׳עסט אים זען, גיב מיט אים אַ רייד. און מיינע פאַר דאָלאַר, אויב דו דאַרפסט זיי שוין . . .

— ניין, דערווייל דאַרף איך ניט, — האָט שלום געענטפערט און זיך אָפּגעזעגנט. אין קעשענע האָט ער געהאַט ניט מער ווי זיבעצן סענט, אָבער ער האָט זיך געשעמט דאָס אַרויסווייזן פאַרן ברודער. ערשט אַרויסגייענדיק פון זיין הויז האָט שלום איבערגעטראַכט: ס׳אַראַ נאַרישקייט אָט דאָס שעמען זיך, אָט די פּוסטע גאווה, ניין, ניט קיין גאווה, פאַרקערט, געפאַלנקייט. אָבער פאַר חיימען? האָט דאָך חיים אים געזאָגט ער זאָל זיך ניט שעמען קומען צוריק. און אַז ער׳ט דאַרפן בעטן ביים טאַטן, ביי דער מאַמע? ניין, ער׳ט ביי זיי אויך

ניט בעטן. ער׳ט טאָקע אַריבערגיין צו ברוכן. וועט ברוך אים אָנט־לייען געלט? ברוך דער ג ע ש ע פ ט ס מ אַ ן ?

שלום איז געגאַנגען צו ברוכן לייען אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר ניט ווי אַ ברודער וואָס קומט און זאָגט: איך האָב איצט ניט אַ סענט, דו האָסט יאָ, ליי מיר, טייל זיך מיט מיר, איך וועל האָבן וועל איך דיר אָפּגעבן; ער איז אויך ניט געגאַנגען ווי אַ געשעפטס מענטש צו אַ גע־שעפטס מענטש כאָפּן אַ גמילות חסד אָדער גאָר לייען אויף פּראָצענט, ער איז געגאַנגען בעטן אַן הלואה אָדער גאָר זיינע אַ אונטערשריפט און ער זאָל אויך קריגן די צווייטע אונטערשריפט צו לייען ערגעץ אין אַ ליי קאַסע. איז אַרויסגעקומען אַז אי ער האָט ניט געבעטן קיין געלט, אי יאָ געבעטן און נאָך אַ טובה אויך געבעטן. ביידע זאַכן האָט שוין ברוך דער געשעפטס מאַן, באַרני טשייס, דער סעקרעטאַר פון דער איי. בי. סי. דרעס קאָמפּאַניע אינקאָרפּאָרייטעד, ניט געקענט געבן.

— קיין אייגענע געלט האָב איך ניט, — האָט ער דייטליך גע־זאָגט, — און פון געשעפט קען איך ניט, — האָט ער שוין מעשה נע־בעך צוגעגעבן, — ווייסט׳אַד, אַ קאָרפּאָריישאַן.

שלום האָט געהערט אַ פּאַרדומפּטן געריויש פון מאַשינען ביי דער קאָרפּאָריישאַן און אויך די ווערטער: — פּאָר דערזעלבער אורזאַך קען איך אויך ניט אונטערשרייבן קיין גאַראַנטיע אויף אַ הלואה.

שלום האָט דאָך געוואוסט, געפילט אַז אַזוי וועט זיין, נאָכוואָס איז ער גאָר געגאַנגען? ווען ער זאָל קענען זיך אַליין אויספּאַטשן דערפאַר.

איז עס געווען זיין דערשלאָגענער אויסזען וואָס האָט אַרויסגע־רופן ביי זיין ברודער — אָבער איך קען דיר געבן אַ דזשאָב אויב דו ווילסט? — שלום האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ. — אַ דזשאָב?

— קענסטאָך בוכהאַלטעריע, ניין?

— בוכהאַלטעריע? — „קונסט און וויסנשאַפט״, זיין אַמאָליקער קורס אין אוניווערסיטעט, האָט אַ שפּרונג געטון פאַר די אויגן. בוכ־האַלטעריע אויך אַ וויסנשאַפט.

— יאָ, — האָט ער צעגערנדיק אַ זאָג געטון, — איך קען בוכ־האַלטעריע. — שטילערהייד האָט ער געטראַכט: וואָס איז דאָ צו קע־נען?

— נו, קען איך דיר געבן אַ דזשאָב אַלס בוכהאַלטער. איך דאַרף גראַדע איצט אַ בוכהאַלטער.
— האָסט'אַך אַ מיידל?
— וואָס איז דיין עסק? — האָט ברוך געריי‌צט אַ זאָג געטון. — איך פרעג דיך, ווילסט אַ דזשאָב אַלס בוכהאַלטער? קענסטו אַרויפ־קומען אַרבעטן אפילו מאָרגן. ניין, ניט מאָרגן, מאַנטיק, מאַנטיק אינ־דערפרי. נו?

באַרני טשייס האָט געוואָלט, געדאַרפט אָפּזאָגן זיין מיידל די בוכהאַלטערין. ניט חלילה ווייל זי איז אַ שלעכטע בוכהאַלטערין אָדער ענטפערט ניט דעם טעלעפאָן מיטן געהעריקן דרך ארץ. זיין סילוויע איז אים פּשוט דערגאַנגען די יאָר מיט איר אייפערזוכט, דערגאַנגען די יאָר אומזיסט און אומנישט. די צייטן ווען ברוך האָט „פאַרפירט" קויפערינס פון קליידלעך זיינען פאַרביי. פאַר חברים, איצט זיינען דאָס געווען מיטגלידער פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, האָט ער נאָך געקענט אַמאָל זיך אַ באַרים טון מיט אַ „זיג" וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן, אָבער דאָס האָט ער געטון נאָר דערפאַר ווייל יענער האָט זיך פריער באַרימט. קומענדיק אַהיים האָט ער ניט איין מאָל געוואונשן אַז סילוויע זאָל אים לאָזן צורו. אַ פרוי זאָל גאָר קיינמאָל ניט וויסן פון קיין זעט . . . איז ער אויף איר ממש געווען ברוגז, דוכט זיך אַזאַ קליינס, און ס'קומט צו עפּעס . . . איז גאָר ניטאָ קיין שיר.
— ביסט היינט אויסגעגאַנגען מיט דיין בוכהאַלטערין, דערפאַר ביסטו אַזוי . . . מיד. — פאַרדאַמט זאָל זי ווערן מיט דער בוכהאַלטערין אינאיינעם. ער האָט אַפילו אויף יענער ניט אַ קוק געטון. אַנשטעלן אַ מאַן און פּטור.

דערפאַר האָט עס באַרני טשייס געוואָלט, שוין באַשלאָסן אָפּצו־זאָגן די מיידל, דאָס דערשיינען פון זיין ברודער האָט אים נאָך פאַר־לייכטערט דעם עסק, אַ פאַרטיקער תירוץ—אַ ברודער זוכט אַ שטעלע. דער ברודער, ניט ער האָט חשק געהאַט צו זיין אַ תירוץ — צוליב אים זאָל מען עמיצן אָפּזאָגן — ניט אים איז געפעלן געוואָרן דער טאָן וואָס זיין ברודער האָט גענומען. ס'איז ניט דיין עסק! ווילסט אַ דזשאָב? האָט אים נאָך ניט אָנגעשטעלט און רעדט שוין צו אים ווי צו אַ . . . משרת. אים אַ שמיץ טון די שטעלע אין פּנים אַריין. די פינגער האָבן אָנגעטאַפּט די נעט פון די קעשענעס, אַפילו די זיבעצן סענט שוין

ניטאָ. אַהער אין שאָפּ געגאַנגען צופוס די גאַנצע וועג, זיך געשעמט בעטן ביי טאַטע מאַמע אויף פאָר געלט, און די שטרעקע, אַ גאַנץ לאַנגע שטרעקע. ער איז מיד, אַזוי מיד, אַזוי פאַרדאַמט מיד! — אָל־רייט, — האָט ער מיד אַ זאָג געטון.

און שלום כאזאנאָוויטש איז געוואָרן דער בוכהאַלטער ביי דער פירמע איי. בי. סי. דרעס קאָמפּאַניע אינקאָרפּאָרייטעד.

(26)

גלייך נאָכדעם ווי ברוך כאזאנאָוויטש — בערנאַרד טשייס, האָט חתונה געהאַט מיט בארני קאהנס טאָכטער און געוואָרן אַ שותף צום געשעפט האָט ער גענומען רעפאָרמירן דעם שאָפּ. אָנגעהויבן האָט ער פונם נאָמען. בארני קאהנס קליידל קאָמפּאַניע איז ניט קיין נאָמען.

— וואָס־זשע, מיין נאָמען געפעלט דיר ניט? — האָט בארני גע־פרעגט ניט אָן באַליידיגונג.

— וואָס גאָר געפעלט מיר ניט? דער נאָמען איז אָלרייט, אָבער ניט פאַר אַ געשעפט. —

— יאקאס געטון געשעפטן מיט ד ע ם נאָמען.

— יאָ, אָבער פאַרגעסט ניט, דאַן איז עס ניט געווען קיין קאָרפּאָ־ריישאָן. — דאָס וואָרט קאָרפּאָריישאָן איז אַרויסגעקומען אי קרעפטיק אי מאַסיוו. — אַ קאָרפּאָריישאָן, פאַרשטייט איר מיך, מוז האָבן עפּעס אַנאַנדער נאָמען, ניט אַ נאָמען פון איין מענטשן.

— אָט האָסטו דיר, אַ קאָרפּאָריישאָן, אַ נייע אָנשיקעניש, — האָט באַרני קאהן מבטל געמאַכט דעם גאַנצן ענין קאָרפּאָריישאָן.

— און ווידער, — פּרואווט בערנאַרד טשייס אַ נייעם וועג, — אַ נאָמען מיינט אַמאָל זייער אַ סך. אָפּגערעדט שוין וואָס ביים פאַר־קויפן סחורה קומט אַ נאָמען צונוץ, איר ווייסט׳אך, אַ שטייגער סאָס־קוועהעננעה זייד. אַז מ׳גיט אַ זאָג סאסקוועהעננעה ווייסט מען שוין, נאָר אַמאָל קען מען נאָך מאַכן אַ פאַרמעגן פון פאַרקויפן אַ נאָמען.

— פאַרקויפן? אַ נאָמען!

— יאָ, יאָ, מיינער אַ באַקאַנטער, — האָט שוין בערנאַרד געבאַקן אַ ליגן, — האָט געעפנט אַ שיך געשעפט, האָט ער עס אַ נאָמען געגעבן „גלאָוב״. וואָס עפּעס גלאָוב? אַזוי איז אים געפעלן געוואָרן, זיינע

שיך, בוטיעם, טראָגט מען איבער דער גאָרער וועלט. איז ער געשטאַ־
נען אין געשעפט און געמאַכט ניט אַזוי גוט. איין מאָל קומט אַריין
עפּעס אַ פּאַרשוין: צי ער וויל פאַרקויפן דאָס געשעפט? קיין געשעפט
האָט ער טאַקע ניט געטון, אָבער וועגן פאַרקויפן האָט ער ניט גע־
טראַכט, ווער וועט קויפן אַ צרה׳דיק געשעפט? אָבער אַז אַ מענטש
קומט און פרעגט צי ער וויל פאַרקויפן, פרעגט ער אים: וואָסי, ווילסט
קויפן? יאָ, מאַכט יענער, איך וויל קויפן דאָס געשעפט, די סחורה, די
אויסשטאַטונג, דעם נאָמען, אַלץ. פרעגט ער אים וואָס ווילסטו געבן
דערפאַר? רופט זיך יענער אָן: וויפיל ווילסטו? דאָ האָט שוין מיין
פריינד דערפילט אַז עפּעס איז דאָ, זאָגט ער, איך דיינק איכ׳ל ניט
פאַרקויפן, שטיי אין געשעפט, מאַך אַ לעבן . . .

— געשעפט! — האָט יענער אַ זאָג געטון. — איך קויף ניט דיין
געשעפט.

— וואָס דען קויפסטו?

— וואָס אַרט דיך וואָס איך קויף. דאָ האָסטו מיין פאַרשלאַג,
איך גיב דיר צען טויזנט דאָלאַר פאַר סחורה, אויסשטאַטונג, הכל בכל
מכל פלעקל, ווילסט נעם, ניט, איז אַ גוטן.

צען טויזנט דאָלאַר! דער מענטש איז שיר ניט געפאַלן חלשות.
סיידן, אליהו הנביא האָט זיך פאַרשטעלט, איז געקומען אים ראַטעווען.
— אָלרייט, מאַכט ער, גייט עס. — און ער האָט פאַרקויפט. ערשט
ווען ער האָט אונטערגעשריבן, דערוויסט ער זיך אַז דאָס האָט אַ מילי־
אָנערסקע שיך קאָמפּאַניע אונטערגעשיקט אַ מענטשן ער זאָל קויפן
דעם נ אָ מ ע ן „גלאָוב“. באשר זיי האָבן אַ סך קראָמען אין אַנ־
דערע שטעט מיט אָט דעם נאָמען און אַזוי ווי דאָ אין שטאָט איז זיין
נאָמען רעגיסטרירט, האָבן זיי געמוזט אָפּקויפן דעם נאָמען. האָבן זיי
אים געגעבן צען טויזנט דאָלאַר. ביי זיי האָט עס אַ ווערט? זיי
האָבן נאָך געהאַנדעלט אַ מציאה. ווען ער ווייסט עס פריער וואָלט
ער געקענט ביי זיי קריגן פופציק טויזנט! יעס סיר, אַ נאָמען איז אַ
נאָמען.

— מילא, ווילסט אַ נאָמען, זאָל זיין אַ נאָמען, — האָט באַרני
קאהן נאָכגעגעבן. אים גייט עס שטאַרק אָן ווי זיין שאָפּ וועט הייסן?
קליידלעך וועט מען מאַכן?

בערנאַרד טשייס האָט שוין גאָר געדאַרפט אַ נאָמען. באַרני

קאהן איז קיין נאָמען ניט. אויס באַרני קאהן. און ווידער, ער איז דאָך אַ שותף, ניין? ווי וואָלט געווען באַרני און בערנאַרד, בערנאַרד און באַרני? עפּעס ניט . . . סיידן בי. און בי. אויך צו „באביש״. וואָס מכח טשייס און קאהן? אויסלאָזן דעם קאהן. אפשר סי. און סי. בי. און בי. סי און סי. בי. סי. איי. בי. סי. דאָס איז פיין! איי־בי־סי. בערנאַרד האָט שוין געזען ווי ער גייט אַריין אין אַ קראָם: איך וועל אייך ווייזן דעם אלף בית פון קליידלעך. מיר קענען דעם אלף בית פון א ביז ת. פיין! דאָס איז אַ שליסל צו אַ געשפּרעך. און עס איז געבליבן — איי. בי. סי. דרעס קאָמפּאַניע, אינקאָרפּאָרייטעד.

דאָס איז געווען גלייך פון אָנהויב, ווען בערנאַרד איז נאָר וואָס אַריין אין געשעפט און האָט נאָך באַטראַכט דעם פּאַרקויפער אַלס דעם וויכטיקסטן מענטשן, ניט נאָר אין געשעפט, נאָר אין אַלגעמיין. אַמע־ריקע! דאָס לאַנד פון „סיילסלייט״. וואָס איז אַ לאַנד אָן פּאַרקוי־פער? פּאַרקויפן! דאָס איז דער עיקר. דאַן האָט ער עס אַריינגע־בראַכט אין אָפּיס אַ געדרוקטן אויפשריפט: קויף פאַר צוויי, פּאַרקויף פאַר דריי, ווייטער איז פו און שפּיי. ער איז געשטאַנען און זיך גע־שפּיגלט אין דעם אויפשריפט און באַרני קאהן האָט פּאַמעליך געלייענט אָבער באַרניס פּנים האָט ניט אויסגעדריקט די מינדסטע צופרידענ־הייט. — וואָס, געפעלט אייך ניט?

— כ׳מיין, — האָט באַרני געקנייטשט מיט די פּלייצעס. — וואו האָסטו עס געקראָגן אָט די תורה?

— עס איז ניט קיין שלעכטע מאָטאָ. ד אָ ס א י ז געשעפט.

— יאָ, דאָס איז געשעפט, — האָט באַרני אומוויליק צוגעגעבן.

— יעס סיר, — האָט בערנאַרד האפּערדיק געענטפערט, — גע־שעפט. מאַכן געלט. מ׳מאַכט דאָס ביסל געלט פּייפּט מען אויף דער וועלט.

— יאָ, מאַכן געלט, — האָט באַרני פּאַטאַקעוועט נאָך אַלץ אָן באַגייסטערונג און אַריין צוריק אין שאַפּ צום שנייד טיש. מאַכן געלט. באַרני קאהן האָט אַ שפּרונג געטון אויף צוריק מיט עטליכע יאָר, דאַן ווען ער האָט נאָך געאַרבעט ביי יענעם. אַפילו ווען מ׳האָט געאַרבעט האָט עס קוים געסטאַיעט אויף אַ לעבן און אַז מ׳האָט געהייסן גיין? קיין תכלית, היינט אַריין, מאָרגן אַרויס. איז ער אַוועקגעגאַנגען און געעפנט אַ שאַפּ פאַר זיך. אַ קליין שאַפּל אָבער פון דאָרט וועט אים

קיינער ניט הייסן גיין, דאָרט אַז ער וועט אַרבעטן וועט ער פאַרדינען אויף זיין אויסקומעניש. זיכערקייט האָט געזוכט באַרני קאהן. ער האָט געאַרבעט, פאַרדינט, ניט נאָר גענוג אויף זיין אויסקומעניש, האָט נאָך אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלאַר, און ווען די אָפּגעשפּאָרטע דאָלאַרן האָבן זיך געמערט האָט ער באַשלאָסן — ער'ט קויפן אַ הויז, אַ דירה פאַר זיך. ווי אַ זאַך מאַכט זיך זאָל ער וויסן אַז ער האָט אַן אייגענעם דאַך איבערן קאָפּ, קיינער וועט אים פון דער דירה ניט אַרויסשטעלן. ס'האָט אים געצומען לאַנג צו קויפן די דירה, אָבער ער האָט געקויפט, און אַן אַ היפּאָטעק. אַ דירה מיט אַ היפּאָטעק איז אַ קאָפּ מיט אַ פאַרך. ער וויל ניט קיינע פאַרכעס, ער וויל האָבן אַ ריינעם, קלאָרן קאָפּ, אָן קאָפּדרייעניש, מיט פראָצענטן, מיט באַנוסן. נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר און באַרני קאהן האָט דערפילט ער ווערט עלטער, זיינע צוויי מיידלעך וואַקסן אונטער. ער שטייט אין שאָפּ, מאַכט אַ לעבן, אַ פיין לעבן, אָבער ווי אַז דאָס רעדל טוט זיך אַ דריי, אָט ווי אין ניינצן זיבן אַ שטייגער, אַ קריזיס, וואָס דאַן? און ער האָט באַשלאָסן — נאָך אַ הויז דאַרף ער קויפן. ווי אַ זאַך מאַכט זיך האָט ער איין הויז פאַר זיך, אַ צווייטע צו פאַרדינגען. פאַר אַ בויט קען ער אויסקו־מען בלויז מיטן דירה געלט. און ער'ט שטאַרבן לאָזט ער איבער ביי־דע הייזער די מיידלעך, בתנאי זיי זאָלן אַכטונג געבן אויף דער אַל־טיטשקער. געקומען שלעק, אים געדרייט אַ מח מיט אַקציעס, שמאַק־ציעס, האָט ער זיי פשוט אַרויסגעטריבן. ווען גייט עס אָן פאַפיר־לעך? ער וויל ניט רייך ווערן שנעל, ער וויל זיך פאַרזיכערן, פאַרזי־כערן זיך, די קינדער, ווייטער . . . דער, זיין איידים, אַ פייאיקער בחור, אַ גוטער געשעפטסמאַן, אָבער וויל איינרייסן אַ וועלט. די וועלט איז אים קאַרג. נו, אַ יונגער בחור. זאָל ער רייסן, אַבי ער זאָל אים לאָזן צורו. זאָל ער לויפן, פליען, ער, בערל שניידער, שטייט אין שאָפּ. דאָ איז ער באַלעבאָס.

בערנאַרד טשייס האָט אין זיין רייסעניש נאָך געלט איינגעזען אַז פאַרקויפן אַ קליידל איז נאָך ניט אַלץ. דער רייץ פון פאַרקויפן איז אָפּגעטעמפּט געוואָרן. פאַרקויפער קען מען קריגן. גייט דאָך ניט אַוועק אַ טאָג עמיצער זאָל ניט אַריינקומען און זיך אָנבאָטן אַלס פאַר־קויפער, פאַר פינף און צוואַנציק דאָלאַר אַ וואָך, גאַראַנטירט, קען ער קריגן דעם בעסטן פאַרקויפער, און בערנאַרד טשייס איז ניט קיין פינף

און צוואַנציק דאָלאַרדיקער מענטש. נײַן, דער עיקר, האָט געזען בער־נאַרד, איז מאַכן דאָס קליידל אַזוי אַז מ׳זאָל עס קענען פֿאַרקויפֿן. גוטע סחורה, גוטע אַרבעט דאָס איז זיך אַלץ פֿײַן פֿאַר די האַלע בראָ־דערס פֿאַר די היגבי, ווען עס קומט אָבער צו פֿאַרקויפֿן אַ סך סחורה, דאַן איז דער עיקר — ביליק! דער פּרייז רעדט! מ׳מוז פּראָדוצירן ביליקער, קענען קאָנקורירן, פֿאַרקויפֿן ביליקער פֿונם צווייטן. געוויס, אין דער מאַנופֿעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, וואו ער איז שוין געווען אַ טיכטיקער מיטגליד, האָט ער גערעדט וועגן דעם אַז אַלע דאַרפֿן זײַן אייניק, איינער פֿאַר אַלע און אַלע פֿאַר איינעם, אָבער דאָס איז דאָך בלויז אַזוי זיך, אָדער ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אַרבעטער, ווען עס קומט אָבער צו געשעפֿט, ווען ער דערזעט ערגעץ אַ קליידל פֿון דער סאָנשיין צי אַן אַנדער פֿירמע, נעמט ער עס גלייך אַרײַן אין קאָפּ, ניט אויף נאָכצומאַכן דאָס, דאַרויף האָט ער אַ צייכנער, זאָל יענער זיך דרייען זײַן קאָפּ, אים דרייט דער קאָפּ ווי צו מאַכן דיזעלבע קליידל מיט אַ האַלבן דאָלאַר ביליקער. אה, ער וואָלט שוין געפֿונען אַ וועג. דעם שאַפּ דאַרף מען איבעראַנדערשן, אינגאַנצן איבעראַנדערשן. אַ מענטש האָט אָנגעזעצט אַ שאַפּ מיט אַלטוואַרג! אַ מושב זקנים! דער עיקר אָט דער איציע. דער איד מוז שוין זײַן באַלד זיבעציק. זיצט און פֿאַרקעט זיך. ווען ער דערזעט אָט דעם איציען ביי דער מאַשין ווערט אים אַזש ניט גוט. ווען ער דערזעט אים נאָר אַרײַנגיין, זײַן קאַלאַטל, דעם שוואַרצן, שטרויענעם קאַפּעליוש, דאָס סיווע בערדל. עס איז אַזוי קאָמיש. און ניט נאָר קאָמיש, עס איז אַ פֿאַרלוסט. דער מענטש ביי אַ מאַשין איז אַן אַבסאָלוטער פֿאַרלוסט.

— איר ווייסט, מר. קאָהן, דעם אַלטן איציע דאַרף מען אַוועק־שיקן. ער איז ניט קיין אַרבעטער.

— דער אַלטער איציע ניט קיין אַרבעטער? — האָט באַרני קאָהן אַ קוק געטון מיט שפּאָט אויף זײַן יונגן איידים. — ווייסט, ווען דו ביסט נאָך אויף דער וועלט ניט געווען האָט ער שוין גענייט חתונה קליידער.

— יאָ, דאָס קען זיך זײַן, אָבער איצט קען ער שוין ניט אַרבעטן, ער איז פּשוט צו אַלט.

— און אַן אַלטן דאַרף מען אַרויסוואַרפֿן, וואָס? אי, בערנאַרד, וואָלסט געמעגט אַ ביסל דרך ארץ האָבן פֿאַר אַן עלטערן מענטשן.

— דרך ארץ איז זיך אַלרייט, כ׳האָב מיין גרעסטן רעספּעקט פאַר אַלטע לייט, אָבער דאָ איז ניט קיין מושב זקנים. דאָ איז אַ שאַפּ, דער אַלטער איציע זיצט ביי אַ מאַשין און מאַכט דריי קליידלעך און אַ יונ־גע שיקסע זיצט און מאַכט ניין. אַ חילוק!

— נו, ווען איך בין דו וואָלט איך דערלייגט דעם אַלטן וואָס ער מאַכט ווינציקער פון דער שיקסע.

באַרני קאהן לאַכט פון אים. — נו, לאָמיך אייך זאָגן, עס וואָלט זיך שוין בעסער געלוינט אים צאָלן די פאַר דאָלאַר אַ וואָך און ער זאָל ניט זיצן ביי דער מאַשין איידער פאַרנעמען אַ מאַשין.

— וואָס־זשע, ווילסט געבן די אַלטע אַ פּענסיע?

ער לאַכט נאָך אַלץ אָט דער באַרני קאהן, אָט דער אַלטער . . . לאַך, לאַך, זאָל עס קומען צו אַ ווילכטיקן ענין וועל איך דיר שוין ווייזן ווער עס לאַכט. דער לאַכט וואָס לאַכט דער לעצטער. — ניין, איך האַלט נאָך ניט ביי געבן פּענסיעס, אפשר איר זייט דאָ אין שאַפּ צוליב צדקה צוועקן, אונטערשטיצן אַלטע לייט, פאַר עולם הבא. איך בין דאָ אין שאַפּ צו מאַכן געלט.

— שוין געהערט דאָס. נו, איך האָב גאָרניט קעגן דעם. ווילסט מאַכן געלט — מאַך, אָבער פאַרגעס ניט דאָ אַזאַ זאַך ווי יושר. יעס סיר, יושר. נעמען אַן אַלטן מאַן וואָס אַרבעט שוין מיט מיר אינאיי־נעם, ביי יענעם און פאַר מיר, אפשר אַ יאָר צוואַנציק, און אים אַרויס־וואַרפן, דאָס איז ניט נאָר קיין יושר, דאָס איז . . . דאָס איז . . .

באַרני קאהן האָט מיט די אויגן, מיט די הענט געזוכט עפּעס אַ שאַרף וואָרט, שאַרפער ווי ניט יושרדיק. בערנאַרד טשייס איז אָבער ניט נתפעל געוואָרן פונם וואָרט יושר.

— יושר? — האָט ער איבערגעפרעגט. — קודם לאָמיך ווערן אַן עושר, נאָכדעם וועלן מיר רעדן וועגן יושר. יושר!

— נו, פונם אַלטן איציע וועסטו שוין קיין עושר ניט ווערן, — האָט באַרני קאהן פאַרענדיקט אנטגילטיק. אין דרויסן,ביים פאַר־קויפן, קויפן, אין אָפיס, דאָרט קען זיך בערנאַרד זיין באַלעבאָס, אין שאַפּ — איז ער באַלעבאָס, ער, באַרני קאהן, בערל דער שניידער.

דאָס מאָל האָט באַרני קאהן אויסגעפירט, דער אַלטער איציע איז געבליבן זיצן אין שאַפּ, ער איז אָבער געזעסן ווי אַ שטעכעלקע אין בערנאַרדס אַ פינגער, אויב ניט אַרויסגענומען האָט די שטעכעלקע גע־

שטאָכן, דער פינגער האָט געריסן. ער מוז דעם האָלץ אַרויסנעמען, ער׳ט אַרויסנעמען דעם האָלץ וועט ע ר שוין פירן דעם שאַפּ, ניט בערל דער שניידער. ער קען זיך זיין אַ גוטער שניידער, אָבער ער איז ניט קיין געשעפטס מענטש, דער מענטש ווייסט אַבסאָלוט ניט וואָס געשעפט איז. ווי ער האָט געפירט דאָס געשעפט ביז אַהער הויבט ער ניט אָן צו פאַרשטיין. אַ מענטש זאָל ניט באַגרייפן . . . פונם אַלטן וועט ער פטור ווערן.

און דער אַלטער איציע איז זיך געקומען יעדן פרימאָרגן. האָט ער געטראָפן בערנאַרדן, האָט ער אַ מורקע געטון: ׳ט׳מאָרגן. דערפאַר אָבער אַז ער האָט אָנגעטראָפן באַרני קאהן האָט ער זיך געגריסט: גוט מאָרגן, בערל! נאָך אַ טאָג, האַ? דאָ אַ סך טעג ביי גאָט. יאָ, ביי גאָט איז דאָ אַ סך טעג. און ביי דיר, דאָ עפּעס אַרבעט?

— דאָ, מיט גאָטס הילף, — איז בערל אַריינגעפאַלן אין אַלטן איציעס טאָן. — שוין אַריינגעלייגט צו אייך אין קעסטל.

— נו, אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, אַז ס׳איז דאָ אַ ביסל אַרבעט און אַ ברעקל געזונט קען מען נאָך ווי ס׳ניט איז מאַכן אַ שטיקל לעבן, — און דער אַלטער איציע האָט זיך אָוועקגעזעצט ביי דער מאַשין „מאַכן אַ שטיקל לעבן". זיצנדיק ביי דער מאַשין האָט ער אָפּט פּרובירט כאַפּן אַ שמועס מיט דער אידישער און אַפילו ניט אידישער מיידל ביי אַ צווייטער מאַשין, און האָבן זיי געלאַכט פון זיין ענגליש, זיין אויס־שפּראַך, האָט ער זיי גוטמוטיק געענטפערט: לאַכט, לאַכט, אַז איכ׳ל קומען אין אייער עלטער וועל איך ריידן ענגליש בעסער פון אייך. אַ פרייליכער שניידער, דער אַלטער איציע. די מיידלעך האָבן געלאַכט, אַזש געקוויטשעט פאַר געלעכטער און בערנאַרד טשייס האָט שיר ניט געפּלאַצט פאַר כעס. ווען ער פירט דעם שאַפּ וואָלט מען אַזוי ניט געקוויטשעט. ווען ער פירט דעם שאַפּ וואָלטן זיי געשוויגן, יעס סיר, געשוויגן, די שווייג סיסטעם וואָלט ער איינגעפירט, אָט ווי אין די גרויסע שעפּער, ביי פאָרדן, ביי . . . לאַכן! כיכיטלילען, און אַלץ — דער אַלטער. וואַרט!

ער האָט זיך דערוואַרט. באַרני קאהן האָט טעלעפאָנירט אַז ער פילט עפּעס ניט גוט, וועט ניט קענען עפענען דעם שאַפּ, זאָל בערנאַרד עפענען. באַרני וועט אַריינקומען שפּעטער. בערנאַרד, מעשה איידים און שותף, האָט געענטפערט: ניט געפערליך, באַרני קען אינגאַנצן ניט

אַריינקומען אויב ער פילט ניט גוט. — אַריינקומען װעל איך, אָבער איך װייס ניט צי איכ'ל קענען עפענען, — האָט באַרני געענטפערט שוין אַ ביסל פאַרדראָסיק. אים האָט פאַרדראָסן װאָס מ'קען אויף אים אויסטראַכטן אַז ער איז אַזוי קראַנק אַז ער װעט אַ גאַנצן טאָג ניט אַריינקומען אין שאַפּ, אים האָט אויך פאַרדראָסן װאָס דער געטרייער איידים און שותּף זיינער איז אים זייער געטריי, הייסט אים זיצן אין דערהיים, אָבער פרעגן װאָס אים איז האָט דער געטרייער איידים פאַרגעסן צו פרעגן. ער'ט נאָך ליגן אַ שעה, צװיי, אפשר װעט איבערגיין דער קאָפּ װייטיק. די גאַנצע נאַכט ניט צוגעמאַכט אַן אויג. ער'ט אפשר איינדרימלען, איבערשלאָפן אַ פּאָר שעה. נאָכדעם װעט ער גיין אין שאַפּ.

באַרני קאהן איז ניט געקומען זיבן אינדערפרי װייל ער איז געלעגן אין בעט מיט אַ קאָפּ װייטיק, און דער אַלטער איציע האָט יענעם פרימאָרגן געהאַט יאָרצייט נאָך זיין טאַטן װאָס איז געשטאָרבן מיט אַ יאָר זעכציק צוריק, איז ער געגאַנגען אין שול דאַװנען, זאָגן קדיש. ביז ער איז פאַרטיק געװאָרן מיטן דאַװנען, ביז ער איז געקומען אין שאַפּ איז שוין געװען נאָך ניין. װען ער איז געקומען צו דער אַרבעט, אַריינגעגאַנגען אין שאַפּ, האָט ער מיט זיינע אַלטע אויגן נאָך פון װייטן דערזען װי ביי זיין מאַשין זיצט אַ מיידל און נייט. װער האָט זיך עס צוגעכאַפּט צו זיין מאַשין? זיין מאַשין איז געשטאַנען ביים סאַמע פענסטער. אַ מיידל, מסתּם געמיינט ער קומט ניט אַריין, האָט זי זיך אַװעקגעזעצט. װער איז די מיידל? אין כאַלאַטל, אין קאַפּעליוש, איז ער געשטאַנען הארט לעבן דער מיידל, מיט איין אויג, פון דער זייט געקוקט אויף איר. די מיידל האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ, אַ קוק געטון אויפן אַלטן. דער אַלטער איציע, דערזעענדיק אַן אומבאַקאַנט פּנים, האָט אַ קנייטש געטון מיט די ליפּן. דער קנייטש פון דער אונטערשטער ליפּ אויף אַרונטער האָט געזאָגט: אַזוי גאָר! אַװעקגעזעצט אַ נייע מיידל? די נייע מיידל, אַ שיקסע, װאָס האָט ניט געקענט דעם אַלטן איציע, ניט זיין אידישן קנייטש, האָט צוגעכאַפּט איר קוק. די אַלטע פיגור לעבן איר איז איר אויסגעקומען אי לעכערליך אי געשפּענסטערהאַפט. װאָס האָט אָט דער אַלטער, באַבאַרדעטער איד דאָ צו טון? און װאָס קוקט ער אַזוי אויף איר? זי האָט איבערגעטראָגן איר קוק צו דער מיידל קעגנאיבער און דערזען אַז אויך דער

אַלטער קוקט אויף יענער מיידל און די מיידל דרייט מיט די אויגן אין דער ריכטונג פון אָפּיס און מיט אַ שפּיץ פינגער אַפּילו אַ ווייז געטון אַהין. קיין וואָרט, אָבער דער אַלטער איציע האָט פאַרשטאַנען. ער האָט זיך אַ ביסל פאַרשפּעטיקט, די שיקסע איז אַריינגעקומען זוכן אַר־בעט, האָט זי דער יונגער „פּאַניטש" — אַזוי האָט ער גערופן בער־נאַרדן הינטער די אויגן — אַוועקגעזעצט. פאַרכאַפּט, הייסט עס, זיין פּלאַץ. נו, דער פּאַניטש, ווייסט ער, וויל פון אים פּטור ווערן. דאָס ווייסט ער. אָבער בערל! וואו איז ער, בערל? פאַרוואָס זעט מען אים ניט? שיקט זיך עס ער זאָל וויסן דערפון און זיך האָבן באַהאַלטן? ניין, עפּעס . . .

— וואו איז דער אַלטער? — האָט ער שוין אַ פרעג געטון ביי דער מיידל.

די מיידל האָט צעפּירט מיט די הענט, וואָס האָט געמיינט: איך ווייס ניט, און אָנגעוויזן אויפן שנייד טיש, ווי איינער זאָגט: פרעג זיי דאָרט, איך מיש זיך ניט.

בערל, האָט דער אַלטער איציע זיך דערוואוסט, פילט עפּעס ניט גוט, אָבער וועט מסתמא באַלד זיין. יאָ, ער האָט טעלעפאָנירט און געזאָגט אַז ער'ט באַלד זיין.

געקראָגן דעם ענטפער, האָט דער אַלטער איציע אַ גלעט געטון זיין סיווע בערדל, די פינגער האָבן זיך אַ ווײַלע פאַרהאַלטן דאַרויף — איציע האָט זיך געישובט, און באַלד האָבן די פינגער זיך אָפּגעטיילט פון בערדל און אויך איינער פון צווייטן — איציע האָט באַשלאָסן. ער האָט באַשלאָסן צו וואַרטן אויף בערלען. ביים עק פון אַלע מאַשינען וועלכע זיינען געשטאַנען פאַרוויז, קאָפּ אַנטקעגן קאָפּ, איז געשטאַנען איין מאַשין אין דער ברייט. אָט די מאַשין, די פינסטערסטע, האָט ווי פאַרשלאָסן די גאַנצע רייע מאַשינען, געזאָגט: מער קיין מאַשינען שטעלט מען ניט. ביי אָט דער מאַשין האָט זיך אַנידערגעזעצט דער אַלטער איציע. אַנידערגעזעצט ניט צום אַרבעטן, ער איז געזעסן מיט אַ זייט צו דער מאַשין, געשוויגן. געשוויגן האָבן אויך די מיידלעך, און האָט איינע עפּעס געפרעגט ביי אַ צווייטער, האָט זי עס געטון שטילערהייד און געקראָגן אַן ענטפער אין אַ געפּליסטער. די נייע מיידל האָט דערפילט עפּעס אומהייליכעס אין דעם אַלטן, אין זיין שווייגן, אינם שווייגן פון די מיידלעך. — ווער איז דער אַלטער? —

האָט זי סודותדיק אַ פרעג געטון. — דעם באַלעבאָס' אַ פריינד, — האָט אַ מיידל קורץ און אָפּגעהאַקט געענטפערט. איציע האָט אַפילו ניט אַ דריי געטון דעם קאָפּ צו זיין מאַשין. מיטן עלנבויגן אויף דער מאַשין, דעם באַקן־ביין אָנגעשפּאַרט אָן גראָבן פלייש ביים גראָבן פינ־גער, איז ער געזעסן אַזוי ווי ער וואָלט געדרימלט, זיין קאָפּ האָט זיך אָבער ניט אַ שאָקל געטון, ער האָט ניט „געכאַפּט קיין פליגן מיט דער נאָז". דער אַלטער איציע איז געווען וואַך. האָט ער דערהערט די טיר אין פראָנט האָט זיך געעפנט, האָט איין אויג זיינס זיך אַ הויב געטון, זען צי קומט דאָס ניט בערל. לאַנג האָט געוואַרט דער אַלטער איציע, אפשר אַ צוויי שעה, און אין פאַרלויף פון די צוויי שעה איז בערנאַרד טשייס ניט אַריינגעגאַנגען אין שאַפּ. אין אָפּיס איז געזעסן אַ באַלעבאָס, אָבער אין שאַפּ האָט ד ע ר באַלעבאָס ניט געקענט אַריינגיין ביז דער אַלטער איציע וועט ניט אַרויסגיין, און דער אַלטער איציע איז ניט אַרויסגעגאַנגען, ער איז ניט געגאַנגען פרעגן, מאָנען, ער איז בלויז געזעסן, געוואַרט אויף בערלען. מיט אים וויל ער רעדן. און דער אַלטער איציע האָט זיך דערוואַרט.

בערל האָט זיך אַריינגעשטעלט. ביים שוועל פון שאַפּ, דערזע־ענדיק דעם אַלטן איציע זיצנדיק אין כאַלאַטל, קאַפּעליוש, ניט ביי זיין מאַשין, איז ער געבליבן שטיין. דער קוק זיינער האָט אַריינגענומען ניט נאָר דעם אַלטן איציע נאָר דעם גאַנצן שאַפּ, גלייך באַגריפן — מ'האָט פאַרכאַפּט דעם אַלטנס מאַשין. דער קוק האָט אַ שפּרונג געטון צו דער מאַשין ביים פענסטער, די פיס האָבן נאָכגעפאָלגט דעם קוק, אָט גייען זיי גלייך צו דער מאַשין. אויסגלייכנדיק זיך מיט איציען איז ער געבליבן שטיין: וואָסי? וואָס איז געשען? — דער אַלטער איציע האָט ניט געענטפערט, ער האָט בלויז אַ ווייז געטון מיט דער האַנט צו זיין מאַשין. באַרני איז שנעל צוגעגאַנגען אַהין, זיך אָפּגעשטעלט. ווידער האָט די מיידל דערפילט עמיצער הויערט איבער איר און גלייך דערפילט ווי איר האַרץ קלאַפּט שטאַרקער. זי האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ. זי האָט קוים באַנומען באַרניס פנים ווען זי האָט דערהערט: ווער ביסטו?

די פראַגע האָט איר אַ קלאַפּ געטון. — ווער איך בין? וואָס מיינט איר?

— וואָס טוסטו דאָ? — האָט באַרני געפרעגט שוין ניט אַזוי האַסטיק אָבער צודרינגליך.

— איך אַרבעט! — דאָס האַרץ קלאַפּעניש האָט זיך איינגע־שטילט. זי שרעקט זיך ניט, וואָס דאַרף זי זיך שרעקן, אויב זי פּילט יאָ עפּעס איז עס פּאַרדרוס, כעס. וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגן: ווער ביסטו? וואָס טוסטו? פריער דער אַלטער, איצט דער. ווער איז ער?

— אַרבעטסט, דאָס זע איך, אָבער ווער האָט דיר געהייסן זיך זעצן דאָ אַרבעטן?

— וואָס מיינט איר ווער? דער באַלעבאָס! — אַ מאַך מיט דער האַנט האָט אָנגעוויזן אויפן אָפיס.

— דער באַלעבאָס? איך בין דער באַלעבאָס. דאָ בין איך באַלע־באָס. די מאַשין באַלאַנגט צו . . . רב איציע! רב איציע!

דער אַלטער איציע האָט זיך אויפגעהויבן, געבליבן שטיין. דעם קאָפּ אָנגעבויגן אַ ביסל אָן אַ זייט, די הענט אויסגעשטרעקט, דעם פּנים עטוואָס פאַרקרומט, האָט ער זיך געבעטן: בערל, איך בעט דיך, מאַך ניט קיין . . .

אָבער בערל האָט ניט געוואָלט הערן. ער האָט אַ נעם געטון איציען פאַר דער האַנט, אים געצויגן, צוגעפירט צו דער מאַשין ביים פענסטער. די מיידל וואָס האָט שוין געהאַט זיך אויפגעהויבן האָט זיך עטוואָס אָפּגערוקט, באַרני האָט אַ צי געטון דעם אַלטן איציע, אים אַוועקגעזעצט. — דאָס איז אייער מאַשין! — אַוועקגעזעצט דעם אַלטן איציע, האָט ער אַ קוק געטון אויף דער מיידל. זי איז געשטאַנען אַ פאַרלאָרענע, געקוקט אויף די מיידלעך, אויף באַרנין, געפרעגט מיט די אויגן: וואָס טוט זיך דאָ?

— עס טוט מיר לייד, — האָט באַרני קאהן שוין גערעדט געלאַסן, — עס טוט מיר זייער לייד, — האָט ער איבערגעחזרט, אַ טאַפּ געטון דעם שטערן, פאַרמאַכט די אויגן. — איר פאַרשטייט? — האָט ער אַ זאָג געטון, רייבנדיק דעם שטערן, — די מאַשין באַלאַנגט צו דעם אַלטיטשקן דאָ. ער זיצט דאָ זינט די מאַשין איז דאָ אַוועקגעשטעלט געוואָרן. אויב איר ווילט קענט איר זיך זעצן ביי דער מאַשין אָן דאָרט. קומט.

— איך וויל ניט.

— איר ווילט ניט? פאַרוואָס?

— איך האָב פּיינט צופּיל באַלעבאַטים!

— איך האָב אויך ניט ליב צופּיל באַלעבאַטים, — האָט באַרני אַ זאָג געטון ניט אָן ביטערער איראָניע. — וויפיל קום איך אייך?

— איך ווייס ניט.

— נאָט! — האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע דריי דאָלאר און דערלאַנגט. — ריכטיק?

— כ׳גלויב אַזוי, — האָט די מיידל געענטפערט שוין אָן כעס און אַוועק זיך איבערטון. זי וועט אַרויסגיין וועט זי אויסלאָזן איר שווער ביטער האַרץ צו יענעם באַלעבאָס. אַ עובדא! אַוועקזעצן אַ מיידל ביי יענעמס אַ מאַשין! זי האָט אָבער יענעם באַלעבאָס ניט געטראָפן. די מינוט וואָס באַרני קאהן איז אַריינגעקומען האָט בערנאַרד טשייס זיך אַרויסגעשאַרט פון אָפיס.

— ווייטער אַז איר׳ט אַוועקגיין פון דער מאַשין, וועל איך אייך...

וואָס ער וועט טון האָט באַרני קאהן ניט דערענדיקט. ער איז אַרויסגעגאַנגען אין אָפיס, זיך אַוועקגעזעצט, געריבן דעם שטערן מיט דער האַנט. וואו איז ער ערגעץ, זיין גן איידים, זיין ליבער שותּף? איין פרימאָרגן ניט אַריינגעקומען איז . . . און דער קאָפּ, דוכט זיך שוין ניט ווי געטון, און שפּאַלט זיך שוין ווידער. ווי הייסן דאָס די פּילן צום קאָפּ? אַספּירין! ער האָט דאָך ערגעץ אַ קעסטעלע דאָ. וואו איז עס?

ער האָט איינגעשלונגען צוויי פּילן און געזעסן זיך צוגעהערט צום קאָפּ צי הערט ער שוין אויף ווי טון. דוכט זיך גרינגער אַ ביסל. האַמערט ניט אַזוי אין די שלייפן. אַריינגיין אין שאַפּ.

אויך בערנאַרד איז אַריינגעקומען אין שאַפּ. שוין אויפן שוועל האָט ער געזען דער אַלטער איציע זיצט ביי זיין מאַשין. צוגיין, אים אַ שלעפּ טון פון דאָרט! ער האָט אַ ביס געטון די אונטערשטע ליפּ. אַרויסגיין צוריק אין אָפיס? ניין. מאַכנדיק זיך ניט וויסנדיק, איז ער צוגעגאַנגען צום טיש וואו דער שותּף איז געשטאַנען. — נו, ווי פּילט איר?

— איך בין אָלרייט.

— שוין לאַנג אין שאַפּ?

— אַרום אַ שטונדע.

— איר ווייסט ניט, שוין פאַרטיק דאָס מוסטער קליידל?

— וועלכער מוסטער? וועלכע קליידל?

— איר זייט ניט געוועזן האָב איך דאָ געגעבן אַ מיידל מאַכן אַ מוסטער.

— וועלכע מיידל?

— אַ נייע מיידל.

— וואו זיצט זי?

— ביים פענסטער.

— ביים פענסטער זיצט דער אַלטער איציע.

— אה, איצט זע איך טאַקע. און וואו איז די מיידל?

— אַוועקגעגאַנגען.

— איר האָט זי ניט אַוועקגעשיקט?

— ניין, זי איז אַליין אַוועקגעגאַנגען. איר איז ניט געפעלן געוואָרן אַ שאָפּ מיט אַ סך באַלעבאַטים.

— איך האָב אויף איר קיין פאַראיבל. מיר געפעלט עס אויך ניט.

— מיר אויך ניט, — האָט באַרני געענטפערט, און מער איז ניט געווען וואָס צו רעדן.

בערנאַרד איז אַרויסגעגאַנגען צוריק צו זיך אין אָפיס, וואו ע ר איז געווען באַלעבאָס. דאָרט האָט ער ערשט פאַרביסן די ליפּ איין מאָל און צוויי מאָל. דער אַלטער דונדער זיצט דאָרט. נו, ער׳ט לאַנג ניט זיצן. אַ סך באַלעבאַטים. מיר׳ן נאָך זען ווער ס׳איז באַלע־באָס. זיך דורכריידן מיט לעראָי׳ן . . .

(27)

— שמיד ווען דאָס אייזן איז הייס, אָבער דער שמיד דאַרף אַליין זיין קיל. דו ביסט צו „הייס", — האָט דער יונגערער ברודער דער אַדוואָקאַט, לעראָי טשייס, געלערנט זיין עלטערן ברודער.

— וואָס מיינסטו? — האָט בערנאַרד געפרעגט אַ ביסל צע־טומלט. ער האָט ערוואַרטעט דער ברודער זאָל אים פּאַטאַקעווען.

— איך מיין פּשוט אַטוואָס. פון דיינע רייד נעם איך אַרויס אַז דער שאָפּ נויטיקט זיך אין רעפאָרמען. אויף אַזוי ווייט ביסטו גע־רעכט, אָבער דער וועג ווי דאָס צו טון איז נאָך אַ פראַגע. לאָמיר

זיך פאַרשטעלן אַז דו קריגסט שוין ביי דיין ווייב די צוויי אַקציעס, דו האָסט די איין פּופציק . . .

— זיכער וועל איך זיי קריגן!

— לאָמיך זאָגן אַז יאָ, דאָך איז ניט אַזוי לייכט פּטור צו ווערן פון דיין שותף, דיין שווער. פאַר די אַקציעס וואָס ער האָט דאַרפסטו באַצאָלן אויב ער וויל ניט זיין מער אין געשעפט, און ער'ט זיכער ניט וועלן, האָסטו געלט? ער האָט געלט, הייזער, דו האָסט ניט. דאָס איז נומער איינס. נומער צוויי — דער אַלטער דונדער דאָרט צוליב וועמען דו ביסט עס אַזוי אויפגעקאָכט. ניט אַזוי לייכט פּטור צו ווערן פון אים. איך שטעל מיר פאָר ער באַלאַנגט צו דער יוניאָן און זיי זיינען ניט אַזוי נייגעריק צו האָבן אים אויף זייער קאַרק, זוכן פאַר אים אַרבעט, זיי וועלן ניט קריגן, זיי דאַנקען גאָט וואָס ער זיצט ביי דיר. דו'סט אים אַוועקשיקן קענען זיי אַרויסרופן אַ סטרייק.

— זאָלן זיי! ווער האָט פאַר זיי מורא, ווער? קאַרג אַרבעטער? און די אַסאָסיאיישאָן?

— וועגן דעם טאַקע האָב איך געוואָלט רעדן. פאַרשטייסט, ווען דער קאָנטראַקט מיט דער יוניאָן גייט אויס און אַ ל ע באַלעבאַטים זיינען קעגן דער יוניאָן, דאַן גיט איין באַלעבאָס אַכטונג אויפן צווייטן, העלפט אים אַפילו, ווען אָבער ביי דיר אַליין זאָל זיין אַ סטרייק, דאַן מעגסטו זיכער זיין אַז יעדער איינער פון דער אַסאָסיאיישאָן וועט דיך פאַרזיכערן אַז ער וועט דיר העלפן, וועט דיר ראָטן ניט נאָכצוגעבן, נאָר יעדער איינער וועט צו דערזעלבער צייט פּרואוון פאַרכאַפּן דיינע קונים. קענסט די אַסאָסיאיישאָן אַזוי גוט ווי איך, און וועסט צוגעבן אַז וואָס איך זאָג איז ריכטיק. דו פאָלג מיך, מאַך דערווייל קיין ווען, ביי אַ געלעגנהייט וועסטו קריגן דיינס, און 'עסט קריגן די געלעגנ־הייט, ניט געזאָרגט.

— כ'דיינק דו האָסט רעכט.

— אודאי בין איך גערעכט! — האָט לעראָי טשייס מיט פאַררי־סענער זעלבסטצופרידנקייט געענטפערט. און בערנאַרד טשייס, כאָטש זיין ברודער האָט אים ניט פאַטאַקעוועט, פאַרקערט, ער האָט אים גאָר צעשטערט זיין באַשלוס פּטור צו ווערן אי פונם אַלטן איציע אי פונם אַלטן קאהן, אים געמאַכט צום נאַר, האָט דאָך ניט געהאַט קיין פאַר־איבל אויף זיין ברודער, אים האָט אַפילו ניט פאַרדראָסן וואָס דער

ברודער האָט אַזוי אָפן אַרויסגעוויזן זיין חכמה. אדרבא, עס האָט אים הנאה געטון. דער בחור איז קלוג. דער חברה מאַן האָט זיכער שכל. יעס סיר, אָט דער ברודער זיינער וועט גרייכן ווייט, ניט ווי די אַנדערע ברידער זיינע, די שלימזלס. ווי לאַנג איז אַז ער האָט געענדיקט אויף אַדוואָקאַט? ער איז געווען זיין ערשטער און אייציקער קליענט. ער האָט אים רעקאָמענדירט צו איין קליינעם מאַנופעקטשורער, אַ צווייטן, און דער חברה מאַן פאַרשטייט אַן עסק, אים אַז מ׳גיט עפּעס איבער ווערט עס גלייך באַזאָרגט, ביסלעכוויז איז כמעט דער גאַנצער פאַך שוין אין זיינע הענט. די אַסאָסיאיישאַן האָט אָפיציעל אים ניט געוואָלט אָנשטעלן, די „גרויסע" איז ניט אָנגעשטאַנען, אָבער די קלענערע זיינען סיי ווי זיינע קליענטן און זיי זיינען די מערהייט. יעס סיר, דער בחור וועט ווייט גרייכן. אַזוי האָט באַשלאָסן בערנאַרד טשייס און אויך באַשלאָסן אים צו פאָלגן.

— און ווי גייט עס אַזוי? וואָס הערט זיך ביי די אַלטע?

— אה, ווי געוויינליך. דער אַלטער קרומט זיך עפּעס. אַזוי זאָגט די מאַמע.

— געהערט, דער שלימזל איז דאָ צוריק.

— יאָ, געקומען צוריק מיטן בייטשל. געקומען איך זאָל אים לייען געלט . . .

— און . . .

— געלט, האָב איך אים געזאָגט, האָב איך ניט, ווילסט אַ דזשאָב קען איך דיר געבן. אים אַוועקגעזעצט ביי די ביכער.

— ווען איך בין דו וואָלט איך עס ניט געטון. דער פאַרשוין וועט דיר נאָך אָנטון צרות, געדיינקן!

— ניט ביי מיר! ביי מיר וועט ער טון וואָס איכ׳ל הייסן, ער׳ט ניט טון, וואַרף איך אים אַרויס אָט ווי . . . — בערנאַרד טשייס האָט אַ ווייז געטון מיט די הענט ווי ער וואַרפט עס אַרויס זיין ברודער שלום.

— אָלרייט, ווי דו פאַרשטייסט, — האָט לעראָי גרויסהאַלטעריש אַ זאָג געטון. געמיינט האָט עס: איך האָב מיין פליכט געטון, ווילסט ניט פאָלגן, ביסטו אַ נאַר. איך, דער קלוגער, האָב מיינס געטון.

בערנאַרד, וואָס האָט נאַר וואָס געטראַכט וועגן זיין ברודערס חכמה האָט אין זיך געשמייכלט: בין אויך ניט קיין שיפּע זיבעלע. איך

ווייס וואָס איך האָב צו טון. שלום זיצט, זאָל ער זיצן. סילוויע איז גאָר געוואָרן אַן אַנדער מענטש. דערגייט אים מער ניט די יאָר מיט קיינע בוכהאַלטערינס. ביי אַ געלעגנהייט וועט ער טאַקע ביי איר אַ בעט טון די צוויי אַקציעס פון געשעפט, דאָס צינגל פון דער וואָגשאָל, ווי ער האָט עס גערופן ביי זיך. און שלום, זאָל ער נאָר פּרואוון מאַכן שטיק!

שלום האָט ניט געמאַכט קיינע שטיק. ער איז געזעסן ביי זיין טיש, געפּירט די ביכער, געענטפערט דעם טעלעפאָן. האָט זיך גע־מאַכט, עמיצער האָט גערופן אַ מיידל פון שאָפּ צום טעלעפאָן, איז ער אַריינגעגאַנגען און זי גערופן. בערנאַרד האָט זיך קוים דערוואַרט ביז די מיידל האָט אָפּגעענטפערט אירע יאָס און ניינס, און ווי נאָר זי איז אָפּגעטראָטן פון טעלעפאָן האָט אים בערנאַרד מכבד געווען: וואָס דיינקסטו איז דאָ, אַ שדכנות ביורא, וואו מיידלעך זאָלן אָפּרעדן מיט בחורים וואו זיך צו טרעפן? איך וויל דו זאָלסט וויסן, אַז דאָ איז אַ שאָפּ, פאַרשטייסט, אַ שאָפּ, ניט קיין שדכנות ביוראָ, דאָ דאַרף מען אַרבעטן. מ׳רופט צום טעלעפאָן, זאָג זי איז פאַרנומען, זי איז ניטאָ, זאָג וואָס ס׳ניט איז, נאָר רוף ניט צום טעלעפאָן. געדיינקן!

שלום איז געזעסן, געקוקט דורך זיינע גראָבע אויגן גלעזלעך אויף זיין ברודער, ניט באַגריפן וואָס קאָכט ער זיך אַזוי דער ברודער זיינער, די מיידלעך אַרבעטן דאָך שטיק אַרבעט, דאָך זייער צייט, ער האָט בלויז באַנומען אָט די באַשעפעניש וואָס איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן, אָם בולטסטן האָט ער געזען די אויף אַרויף פאַרקאָמטע האָר. ווי שיטער. ניט שוין־זשע קריגט ער שוין אַ פּליך, דער ברודער זיי־נער? נעמען אָט דעם טעלעפאָן געשטעל און אים אַ שמיץ טון אין קאָפּ אַריין: נאַדיר דיין טעלעפאָן, גיי דיר אין דער ערד אַריין מיט דיין טעלעפאָן אינאיינעם, מיט דיין שטעלע, מיט דיין . . . אַלץ וואָס שלום האָט אַרויסגעבראַכט פון מויל איז געווען: אַלרייט.

— כ׳וועל אָוועקוואַרפן, כ׳וועל אַוועקוואַרפן די אַרבעט, כ׳וועל פּרעסירן די שטעלע, — האָט געהאַמערט דעם גאַנצן נאָכמיטיק ביי שלומען אין קאָפּ, און, אריינגעפּירט אַ ציפער אין בוך, האָט ער צוויי מאָל איבערגעקוקט צי האָט ער אַריינגעפירט דעם ריכטיקן ציפער, צי האָט ער אים אַוועקגעשטעלט אין ריכטיקן קאָלום. — ניט אָנקוקן זיין פּרצוף, ניט הערן זיינע דרשות, ניט הערן זיין: וואָס מאַכן די אַלטע?

ניט דאַרפֿן ענטפֿערן דער מאַמע אויף איר: וואָס מאַכט ברוכל? ברוכל! פאַרדאַמט זאָל ער ווערן. זשאַלעוועט דעם טעלעפאָן, מ׳עט אים אָפּבייסן, פּאַסט אים ניט אַ מיידל זאָל ריידן אויף זיין טעלעפאָן. און ווידער, אַן אַנדער באַלעבאָס איז בעסער? אַלע איין שוואַרץ יאָר. וואָס איז אים דער חילוק? זאָל זיך אים דוכטן ער אַרבעט פאַר פּידרעכן. ער׳ט אָפּשפּאָרן די עטליכע דאָלאַר, קויפן אַ צייטונגס טעריטאָריע, וועט ער אויף זיין שוועל ניט אַרויפקומען.

איז שלום געזעסן ביי זיין שרייב טיש, אַריינגעפירט ציפערן אין די ביכער, געענטפערט דעם טעלעפאָן, און האָט מען גערופן אַ מיידל פון שאַפּ האָט ער געענטפערט זי קען ניט קומען צום טעלעפאָן, אָבער מיט אַ נידעריקערן טאָן, מיטן מויל צום טרייבל, געפרעגט, געבעטן ממש מ׳זאָל עפּעס אָנזאָגן וועט ער איבערגעבן. האָט מען עפּעס אָנגעזאָגט איז זיין מאַרך שוין געווען אָנגעשטריינגט אויף אָפּצוהיטן די מיידל, ער זאָל זי ניט פאַרזען ווען זי וועט אַרויסגיין, און דערזען זי, האָט ער מעשה פאַרשווערער, אויף גיך און אין דער שטיל, איר איבערגעגעבן דעם אָנזאָג. די מיידל האָט אַ ביסל פאַרשעמט און, אויך ווי ער, פאַרשווערעריש געזאָגט אַ גיכן, שטילן דאַנק, און פון אָט דער אָ ניט וויכטיקער פאַרשווערערישקייט איז אויסגעוואָקסן אַ שטילער, פריינטשאַפטליכער בונד צווישן אים און די מיידלעך אין שאַפּ. זיי האָבן געפילט אין אָפּיס זיצט זייערער אַ מענטש, ער האָט געפילט ער איז ניט דעם באַלעבאָס׳ אַ ברודער, די מיידלעך זיינען גאָר זיינע שוועסטער. יעדעס מאָל וואָס ער האָט געזען זיין שוועגערין, חיימס ווייב, עטלען, האָט אים אַרומגענומען אַ בייִנקעניש נאָך אַ . . . שוועסטער, אַזאַ שוועסטער ווי עטל, איצט, אַרבעטענדיק אין שאַפּ, האָט ער דערפילט ער האָט אַ סך שוועסטער, און פון די אַלע שוועסטער האָט איינע, עוועלין, זיך אַרויסגערוקט אַלץ נאָענטער און נאָענטער צו אים מיט איר ענליכקייט צו עטלען, ענליך ניט אַזוי אין פּנים, נאָר אין . . . ער האָט אַליין ניט געקענט דערקלערן אין וואָס, אַז בסך הכל האָט ער מיט עוועלינען כמעט ווי ניט אויסגערעדט אַ וואָרט, אָבער ווען ער האָט איר דערלאַנגט איר קאָנווערטל מיט די שכירות האָט ער געפילט ער וואָלט געוואָלט זי זאָל שטיין אַ ביסל לייִנגער לעבן אים, ער זאָל אויף איר קענען קוקן. האָט זי אויף אים אַ קוק געטון האָט ער גלייך צוגעכאַפּט די אויגן, דערלאַנגט דאָס קאָנווערטל און געבעטן אין זיך:

ריר אַן מײַנע פֿינגער מיט דײַנע. זײַנע פֿינגער האָבן געציטערט.

האָט זיך געמאַכט, אײן נאָכמיטיק, האָט אַ קינדערישע שטימע גערופֿן עוועלינען צום טעלעפֿאָן. אַ קינדערישע, איבערגעשראָקענע, בעטנדיקע שטימע. שלום האָט ניט פֿאַרגעסן זײַן פֿאַרבאַט, געפּרוּווט אַרויסקריגן אַן אָנזאָג פֿאַר עוועלינען, אָבער די קינדערישע שטימע ער־געץ וואו האָט אַזוי דרינגליך געבעטן: איך מוז רעדן צו איר, די מאַמע איז קראַנק. איז ער אַרײַנגעלאָפֿן אין שאַפּ, גערופֿן עוועלינען צום טעלעפֿאָן. אין דער מינוט וואָס זי איז געשטאַנען מיטן טעלעפֿאָן אין האַנט האָט ער באַמיט זיך פֿאַרטושירן, ניט אַרויסצוטאָרטשען מיט זײַן אָנוועזנהייט ווען זי רעדט וועגן אירע אינטימע אָנגעלעגנהייטן, און האָט דאָך הנאה געהאַט פֿון זײַן דערבײַ, הערן זי, זען זי, וויסן וואָס בײַ איר טוט זיך.

גלײַך נאָכן טעלעפֿאָן געשפּרעך איז עוועלין, מיטן וויסן פֿון די באַלעבאַטים, אַוועקגעגאַנגען אַהיים. בערנאַרד איז געווען אָנגעבלאָזן, האָט אָבער שלומען גאָרניט געזאָגט. אַ איד, מעג ער דײַנקען ער איז אַמעריקאַניזירט, אַסימילירט, קען אַלץ ניט הערן דאָס וואָרט קראַנק אַזוי גלײַכגילטיק ווי דער אַמעריקאַנער, ווער שמועסט נאָך אַ מאַמע קראַנק. פֿאַר אַ קראַנקער מאַמע האָט אַפֿילו בערנאַרד געהאַט דרך ארץ.

שלומען איז אָנגעגאַנגען די קראַנקע מאַמע אויף וויפֿיל זי איז גע־ווען עוועלינס מאַמע. ביז דאַן האָט ער ניט געפּרוּווט פֿאַרפֿירן קיין געשפּרעך מיט איר, אָבער ווען זי איז געקומען אויף מאָרגן אין שאַפּ האָט ער אומגעריכט אַ פֿרעג געטון וואָס מאַכט איר מאַמע.

— אַ דאַנק, זי איז אַ ביסל בעסער.

— און ווער גיט אויף איר אַכטונג?

— מײַן קלענערע שוועסטער.

— האָט זי עס גערופֿן אין טעלעפֿאָן?

— יאָ, דאָס האָט זי גערופֿן.

בײַם לעצטן ענטפֿער האָט שלום געזען דעם שמייכל אויף עווע־לינס פּנים, האָט באַגריפֿן אַז עוועלין האָט ליב איר קלענערע שוועס־טערל און האָט אויך דערפֿילט אַז דער שמייכל אויף עוועלינס פּנים איז אים אַזוי ליב. . . .

עוועלין איז שוין געזעסן בײַ איר טיש, גענייט העקלעך, קנעפּ־

לעך, שלום איז געזעסן ביי זיין טיש, געשריבן ציפערן, אָבער ער האָט געזען עוועלינען, געטראַכט: עוועלין. ווער איז זי? האָט אַ מאַמע, אַ שוועסטערל, קיין טאַטן, קענטיק, ניט. די מאַמע איז קראַנק און . . . עוועלין פאַרדינט זעכצן דאָלאַר אַ וואָך אויב זי אַרבעט אַ פולע וואָך. איר פּנים — אַזאַ בלאַס פּנים, אָבער אַזאַ צאַרטע הויט. ביים שלייף האָט ער באַמערקט אַ קליין בלוי אָדערל. סאָפּיע. די ברייטע, צע־שוואומענע סאָפּיע, האָט ווי אַ כמאַרע זיך אַ טראָג געטון פאַר שלומס אויגן. ער זעט מער ניט עוועלינען, די ביכער. איין כמאַרע, אַ צווייטע. שרהלע. חתונה געהאַט. דער טאַטע אירער האָט טאַקע געפּר־נען, געקויפט פאַר איר אַ דאָקטאָר. האָט זי ליב איר מאַן? זי זעט אויס אַזוי צופרידן. אים געבעטן קומען. ער איז ניט געגאַנגען. וועט ניט גיין. אַ צעריסענער הימל, אויסגעטריפּעטע כמאַרעס גיבן זיך אַ יאָג, פאַרשטעלן דעם הימל, נאָך אַ יאָג און זיי צעגייען זיך, אַ לאָך אין הימל, און אין דער לאָך שיינט אַ שטערנדל, אַ בלאַס שטערנדל, דאָך פינקלט עס אַזוי. עוועלין. עוועלין קריגט זעכצן דאָלאַר אַ וואָך. בערנאַרד האָט געוואָלט אַז אויך די מיידלעך, די אַרויסענדיקער פון די קליידלעך, זאָלן אַרבעטן פון שטיק, אָבער באַרני קאהן האָט זיך געשטעלט קעגן. — מער פעלט מיר ניט. איין קליידל האָט זעקס העקלעך, אַ צווייטע קליידל זיבן, וועל איך זיך שטעלן דינ־גען איבער אַ העקל צי אַ קנעפּל. — בערנאַרד האָט געפּרוּאווט אויפ־ווייזן מ'דאַרף זיך ניט דינגען, מ'מאַכט אַ פּרייז אַזוי פיל אַ טוצן, נאָכ־דעם ציילט מען איבער, אָבער באַרני קאהן האָט ניט געוואָלט הערן. אים איז שוין אַזוי אויך ניט גוט פון דער ציילעניש. האָט אים פאַר־פלייצט דעם שאַפּ מיט קוויטלעך, האָט ער אים פאַרפלייצט. וואָס עפּעס — אַ קוויטל. ער האָסט די קוויטלעך. האָט זיי אַלע מאָל פיינט געהאַט. אַן עסק — קוויטלעך, צעטלעך. מ'בייט, נייט מען. באַרני קאהן האָט זיך איינגעשפּאַרט ניין. די שטעפּער ביי דער מאַשין — מילא, אָבער די אַרויסהעלפער, זיי נייען פון וואָך. דערפאַר אָבער האָט באַרני קאהן געמוזט נאָכגעבן אַריינצושטעלן אין שאַפּ אַ זייגער, און יעדע מיידל, אַפילו די וואָס אַרבעט פון שטיק, האָט געמוזט אַריינ־שטעקן איר קאַרטל אין זייגער און אָפּקלאַפּן די צייט ווען זי איז גע־קומען. האָט אַ מיידל, אַ וואָך אַרבעטערין, פאַרשפּעטיקט אויף פינף מינוט האָט שלום געמוזט די פינף מינוט אַרונטעררעכענען.

— וואָס מיינסטו וואָס? — האָט אים בערנאַרד געגעבן אַ לעק־ציע, — פינף מינוט איז ביי דיר גאָרניט? ביי דער פינף, ביי יענער פינף קלייבט זיך צענויף אַ גאַנצע שטונדע, און אַ שטונדע איז געלט.

האָט שלום אַרונטערגענומען פאַר פינף, צען מינוט, געזען ווי די מיידל, קריגנדיק איר קאָנווערטל, אַנטאַפּנדיק די האַרטע מטבעות אָנ־שטאָט לויטער פּאַפּיר, האָט אַ קוק געטון אויף אים מיט אַ קוק: חזרים! אַרונטערגענומען פאַר די פינף מינוט! נו, ווי דען? ווען ער קען צו־נעמען אָט דאָס קאָנווערטל, אַרויסנעמען דאָס קליינגעלט און אַריינ־לייגן אַ גאַנצן דאָלאַר. אין קיינעם פון די קאָנווערטלעך האָט ער עס פונדעסטוועגן ניט געטון, ווען ער האָט אָבער אויסגעפּילט עוועלינס געהאַלט פאַר דער וואָך, געזען אַז פון אירע זעכצן דאָלאַר איז, אַ דאַנק איר אָוועקגיין אַהיים, געבליבן ניט מער ווי קנאַפּע פופצן, האָט ער אויף דער גיך, אָט אַזוי ווי עמיצער וואָלט געהיט זיינע פינגער, אַריינ־געלייגט אַן איבעריקן דאָלאַר און האַסטיק פאַרקלעפּט דאָס קאָנווערטל, צוקלאַפּנדיק דאָס פלעפּל, טאָמער חלילה קלעפּט זיך עס אָפּ, און דער דאָלאַר, זיין דאָלאַר, קריכט אַרויס.

— איך דיינק איר האָט געמאַכט אַ טעות אין מיינע שכירות, — האָט עוועלין אויף מאָרגן זיך אָפּגעשטעלט ביי זיין טיש. — איר האָט מסתּם פאַרגעסן אַז איך בין די וואָך אויסן געווען אַ פּאָר שטונדן.

שלומס פּנים איז פאַרפלייצט געוואָרן. ער האָט אַ טאָפּ געטון די ברילן און, מאַכנדיק זיך קוראַזש האָט ער אַ זאָג געטון: — איר האָט ניט געקראָגן קיין פולע שכירות, האָט איר?

— ניין, געווען דאָרט קליינגעלט, אָבער לויט מיין רעכענונג . . .

— נו, איך דיינק אַז א י ר האָט געמאַכט דעם טעות, — האָט שלום, שוין מעשה געניטער בוכהאַלטער, וואָס רעדט צו איינעם וועל־כער איז שוואַך אויף חשבונען, געזאָגט. — איר האָט אָדער געמאַכט אַ טעות אין ציילן אָדער אין רעכענען. ווען איר׳ט קומען אַהיים ציילט איבער נאָכאַמאָל . . . איך בין זיכער איר האָט געמאַכט אַ טעות . . .

עוועלין איז געווען זיכער אַז זי האָט איבערגעציילט ריכטיק און אַז זי האָט אויסגערעכנט ריכטיק, אָבער אַז ער זאָגט, אפשר. ער איז דאָך אַ בוכהאַלטער. פאַר פיר און פערציק שעה איז זעכצן דאָלאַר, איז וויפיל איז פאַר דריי שעה? פאַר איין שעה איז . . .

זיצנדיק ביי דער אַרבעט האָט זי אויפן קאָפּ גערעכנט, געציילט

דאָס געלט, געזען פּאָר זיך די פּאַפּירלעך, דאָס קליינגעלט, דאָך האָט זי ניט געקענט איבערציילן ריכטיק, אויסרעכענען, זי וועט קומען אַהיים . . . אָבער אין דערהיים האָט מען שוין אויסגעגעבן געלט און געגנוי וויפיל און אויף וואָס האָט זי ניט געקענט דערגיין, דער חשבון איז געבליבן ניט אויסגערעכנט.

— נו, איר האָט אויסגעפונען? — האָט שלום איר אויף מאָרגן אַ פרעג געטון, און גלייך ווי ער האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער האָט ער זיך דערשראָקן.

— ניין, ניט געקענט. געקומען אַהיים איז דאָס געלט שוין ניט געווען, כ'מיין ניט דאָס גאַנצע געלט, מיין שוועסטערל . . .

— וואָס מאַכט די מאַמע?

— אַ דאַנק, זי איז שוין אַלרייט.

ניט אויסגעפונען. האָט שלום געשמייכלט. פיין. גוט. און ווי אַז זי האָט יאָ אויסגעפונען נאָר זיך מישב געווען: אַ גויס טעות איז קיין טעות? דאָס וואָלט געווען ניט שיין. און פאַרוואָס ניט שיין? און אַז ביי איר נעמט מען אַרונטער פּאָר פינף מינוט? גנבה? וואָס מיינט גנבענען?

שלום האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זיין אַבסטראַקטן דיינקען וועגן יושר, גערעכטיגקייט, גנבה, גזלה, קאַפּיטאַל, מערווערט. ער וואָלט זיך געוואָלט דורכרעדן מיט עוועלינען, הערן וואָס דיינקט זי וועגן די זאַכן. יאָ, אָבער איר פרעגן נאָכאַמאָל וואָס מאַכט די מאַמע? ער געדיינקט אין ניו יאָרק, איין פאַרשוין וועמען מר. דייוויס האָט אים געראַטן צו זען צוליב אַ שטעלע אין אַ צייטונג, איז ווען ער האָט אים נאָכדעם באַגעגנט האָט ער אים געפרעגט: געהערט עפּעס פון מר. דייוויס? דער מענטש האָט פּשוט ניט געהאַט קיין אַנדער באַרירונגס פּונקט, אָבער עס פלעגט אים אַזש ניט גוט ווערן פון דער פראַגע, אים האָט זיך געוואָלט אַ פרעג טון דעם מענטשן: איר ווילט טאַקע זייער שטאַרק וויסן וואָס מאַכט מר. דייוויס? ניין, ער וועט מער ניט פרעגן וואָס מאַכט די מאַמע? ער'ט . . .

די קומענדיקע וואָך האָט ער ווידער אַריינגעלייגט אַן איבעריקן דאָלאַר. אָבער דאָס מאָל האָט שוין עוועלין ניט געוואַרט אויף מאָרגן. גייענדיק צום עלעווייטאָר האָט זי געעפנט דאָס קאָנווערטל, איבערגעציילט און, דערזען אַן איבעריקן דאָלאַר, האָט זי זיך צוריקגעקערט

און, פּאַפּירלעך אין האַנט, געוויזן — אַן איבעריקער דאָלאַר.

איין דאָלאַרדיק פּאַפּירל האָט געטאַנצט פאַר שלומס אויגן, זיך געדרייט: זעסטו! חכם! וואָס ווערסטו איצט זאָגן? ווי לייכט ס׳איז צו זאָגן: מיין טעות. אָבער דאַן . . . דאַן קען ער שוין מער קיין טעות ניט מאַכן, ניט אַריינלייגן מער קיין איבעריקן דאָלאַר. איבעריק? — ניין, ס׳איז ניט געווען קיין טעות, — האָט ער זיך אָנגערופן. — זי האָט געקראָגן אַ העכערונג.

— אַ העכערונג! מר. קאהן האָט מיר גאָרניט געזאָגט!

וואָס האָט ער דאָ אָפּגעטון! אָבער פאַרפאַלן. אַנשטאָט פאַר־ריכטן קריכט ער נאָך טיפער.

— מר. טשייס האָט געהייסן.

— מר. טשייס?

קלאַר, עוועלין גלויבט ניט. אַריינגעקראָכן מיטביידע פיס אין אַ בלאָטע. זי זאָל כאָטש ניט זאָגן די אַנדערע מיידלעך. איר אָנזאָגן. אָבער עוועלין איז שוין ניט געווען. — פערד! בהמה! — האָט שלום זיך געזידלט, — אומגעלומפּערטער נאַר! איז דאָס אַ גאַנג פון אַ מענטשן? קענסט ניט רעדן צו איר ווי אַ מענטש, אַ מאַן, אַ בחור...? איצט פאַרפאַלן. ער׳ט זי זען מאָרגן, ווען זי וועט גיין אַהיים וועט ער איר נאָכגיין, איר אָנזאָגן זי זאָל כאָטש ניט אויסזאָגן די אַנדערע.

עוועלין איז אים פאַרלאָפן דעם וועג, דערציילט וועגן דער העכע־רונג דער מיידל לעבן איר און יענע איז, ניט וואַרטנדיק אויף סוף וואָך, צוגעגאַנגען צו באַרני קאהן און אויך געבעטן אַן הוספה. אַז עוועלין האָט געקראָגן . . .

— עוועלין האָט געקראָגן אַן הוספה? ווער זאָגט עס?

— זי אַליין האָט עס מיר דערציילט.

— וואָס טוט זיך דאָ? — האָט באַרני קאהן ניט געקענט פאַר־שטיין, מ׳העכערט די מיידלעך די שכירות און אים זאָגט מען אַפילו ניט. ס׳איז דאָך זיין געלט פונקט ווי זיין טייערן גן איידעמס. מיט כעס לויפט ער צו בערנאַרדן און פרעגט צי האָט ער געהעכערט. יענער לייקנט, אָבער באַרני קאהן טענהט: זי האָט אַליין געזאָגט!

— וואָס פאַרשטייט איר ניט? — פאַלט שוין בערנאַרד אויף אַ געדאַנק, — איינע זאָגט זי האָט געקראָגן כדי די צווייטע זאָל אויף דעם סמך קענען גיין בעטן, און אַז די צווייטע קריגט, גייט דאַן די

ערשטע בעטן. אַ מאַנעוורע אַזאַ. קיינער האָט ניט געקראָגן קיין העכערונג און קיינער וועט ניט קריגן.

געפעלט באַרנין דער איינפאַל און ער זאָגט שוין דער מיידל: ביסט אַ חכמה, האַ? פריער קומסטו זאָגן אַז עוועלין האָט געקראָגן אַן הוספה, נאָכדעם וועט זי קומען, זאָגן דו האָסט געקראָגן. מיר ווייסן שוין די שטיק.

— אָבער עוועלין האָט מיר אַליין געזאָגט, איר קענט זי פרעגן.

אַ ספּראַווקע, אַ נאָכפרעגעניש ביז בערנאַרד לויפט אַריין אין אָפיס און גיט אַ זאָג צו שלומען: לאָמיך זען דעם בוך, דעם שכירות בוך, דעם טשעק בוך!

דער שכירות, דער טשעק בוך ווייזט ניט מער ווי זעכצן דאָלאַר אויף עוועלינס חשבון. אָבער זי זאָגט זי האָט געקראָגן זיבעצן! זי האָט אַליין איבערגעציילט זיבעצן!

— האָב איך געמוזט מאַכן אַ טעות ביים אַריינלייגן דאָס געלט. מוז עמיצן פעלן דער דאָלאַר.

— נאָר דו מאַכסט טעותן! — בייזערט זיך שוין בערנאַרד אויף זיין ברודער. — און ס׳זאָל עמיצן פעלן אַ דאָלאַר וואָלט ער ניט געקו־מען מאָנען?

— קען זיין האָט ניט באַמערקט, — ענטפערט שלום אַ פּוילן תירוץ און שטאַרקט זיך באַלד, — אַלענפאַלס די איי. בי. סי. האָט דאָ גאָר ניט פאַרלאָרן, דער שכירות טשעק איז אויסגעשטעלט ריכטיק. קענסט זען.

בערנאַרד האָט ניט געוואָלט קוקן ניט אויפן טשעק־שטעפּסל, ניט אויף זיין ברודער. אַ שלימזל! גיי רעד מיט אַ שלימזל. לעראַי איז געווען גערעכט. אים ניט געדאַרפט געווען אָנשטעלן. און ווי־דער, דער טשעק איז ריכטיק. דער שוואַרץ יאָר ווייסט זיי. ווילן אַרויסרייסן נאָך אַ דאָלאַר מאַכן זיי שטיק. וואָס אנבאלאנגט אים איז דער ענין דערליידיקט. קיינער האָט ניט געקראָגן, קיינער וועט ניט קריגן קיין העכערונג, און פּטור.

פאַר בערנאַרדן איז דער עסק געווען דערליידיקט, אָבער ניט פאַר שלומען און אויך ניט פאַר עוועלינען. וואָס האָט ער דאָ אָפּגעטון! פאַרקאָכט אַ קאַשע, און איצט . . . האָט זי כאָטש ניט איבערגעגעבן אַז ער האָט איר געזאָגט אַז מר. טשייס האָט געהייסן העכערן אירע

שכירות? אפנים אַז ניט, ווייל ווען יאָ וואָלט ער . . . אָבער כאָפּט אים דער טייוול. זי, וואָס וועט זי איצט זאָגן? ווי וועט זי אויף אים קוקן? ווי וועט ער איר קוקן אין די אויגן? ער מוז מיט איר רעדן. נאָך היינט. ווען זי וועט אַרויסגיין פון דער אַרבעט.

אָט ווי זי וואָלט געוואַרט אויף אים. קוים האָט ער זיך דערנעענ־טערט צו איר האָט זי גלייך אויסגעשאָסן: וואָס איז דאָס פאַר אַן עסק מיט אַ דאָלאַר, אַ העכערונג?

— איך . . . איר פאַרשטייט . . . איר האָט געקראָגן אַ העכערונג, אָבער די מיידלעך, די אַנדערע, זיי האָבן ניט געדאַרפט וויסן.

זיין שטאַמלען, זיין דרייען זיך האָט איר ניט איבערצייגט.

— און פאַרוואָס האָבן די אַנדערע ניט געטאָרט וויסן? פאַרוואָס האָבן די אַנדערע ניט געקראָגן און איך יאָ? אויב קריגן איז אַלע.

— נו, איר פאַרשטייט, עס איז ניט אַזוי איינפאַך, עס איז . . .

— הערט מיך אויס, — האָט זי ראַש זיך געטון אַ שטעל אָפּ און געקוקט אויף אים שטריינג, — איר זאָגט מיר דעם אמת, אָבער דעם אמתן אמת, האָב איך געקראָגן אַ העכערונג אָדער ניט? זאָגט, יאָ צי ניין?

ער האָט ניט אויסגעהאַלטן איר קוק. שוין ביים „אמתן אמת" האָט ער אַרונטערגעלאָזט די אויגן. ווען ער האָט דערפילט איר שווייגן נאָכן „יאָ צי ניין" האָט ער אויפגעהויבן די אויגן, געקוקט אויף איר: נו נאָ, טו מיט מיר וואָס דו ווילסט, און שטיל אַרויסגעזאָגט: ניין.

עוועלין האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגן און שטיל אַ זאָג געטון: געדיינקט אַזוי. זי האָט גענומען גיין פּאַמעליך, ער איז געגאַנגען ביי איר זייט, זי האָט געשוויגן און ער, ווי ער האָט ניט אָנגעשטריינגט זיין מאַרך, האָט ניט געפונען קיין ווערטער. קוים זיינען געקומען אַ פּאָר ווערטער וואָס ער האָט געקענט איר זאָגן האָט זיך אַ שפּאַר געטון אַ קוואַל פון זידל ווערטער אויף זיין אייגענעם חשבון און זיי פאַר־טריבן. ענדליך האָט ער אַרויסגעבראַכט: עוועלין!

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט. — פאַרוואָס האָט איר עס געטון? דאָס איז געווען אייער דאָלאַר, ניין?

— איך . . . איך . . .

— איר האָט רחמנות געהאַט אויף מיר, די מאַמע איז קראַנק...

— איך . . .
— איך דאַרף ניט אייער רחמנות. נאַ, דאָ האָט איר אייער דאָ־לאַר . . .
— עוועלין!
זי האָט אים געשפּאַרט דעם דאָלאַר אין האַנט.
— ניט קיין רחמנות. אויף מיין וואָרט ניט רחמנות, עס איז...
אַריינגעשפּאַרט אים דעם דאָלאַר, האָט זי מיט שנעלע טריט זיך דערווייטערט פון אים. ער האָט אַ קוק געטון אויפן צעקנייטשטן דאָ־לאַר. איר נאַכלויפן. איר דערקלערן, דערציילן איר. ווי נאַריש. ווי אומגעלומפּערט נאַריש. אַ דאָלאַר אַ . . . שדכן. צום טייוול. איצט. איצט וועט זי שוין ניט וועלן אַפילו אויף אים אַ קוק טון. ווען ער קען איר נאָר דערקלערן . . .
ווי איבעראַשט איז געוואָרן שלום ווען אויף מאָרגן, אַריינקו־מענדיק אין שאַפּ, איז עוועלין, עפענענדיק די טיר, דערזעענדיק אים, געבליבן שטיין און ער האָט דייטליך געזען ווי זי האָט זיך פאַררויטלט. זי איז אויף גיך אַריינגעלאָפן אין צימערל זיך איבערטון, אים אפילו קיין גוט מאָרגן ניט צוגעוואָרפן, אָבער זי האָט זיך פאַרראויטלט. זי האָט זיך פאַררויטלט! איר פּנים, אירע אויגן. ער וועט זי אָפּוואַרטן פאַרנאַכט. ווען זי וועט אַרונטערגיין. יאָ, ער׳ט רעדן מיט איר. אָה, זי האָט זיך פאַררויטלט . . .
שלום איז געווען אַ גליקליכער מענטש. ער איז געווען אַזוי גליקליך אַז אים האָט אַפילו ניט פאַרדראָסן ווען זיין ברודער איז אַריינגעקומען און אַפילו ניט אַרויסגעמרוקעט זיין גוט מאָרגן. ער דאַרף ניט דעם ברודער זיינעם מיט זיין גוט מאָרגן, אַ שוועסטער! עוועלין!
און דער ברודער? דוכט זיך נעכטן איז שוין דער עסק געווען דערליידיקט, אָבער דערזעענדיק „אויפן ניכטערן האַרצן״ שלומען ביים שרייב טיש האָט אים ווידער אַרומגעכאַפּט אַ פאַרדרוס. נאָכוואָס דאַרף ער אָט דעם שלימזל ביי זיך אין שאַפּ? אַ ברודער. ברידער. דער עלטערער אַ באַמאַז, דער אַ טויגעניכטס. פּטור ווערן פון אים. און אפשר באַלאַנגט ער אויך צו אַ יוניאָן. יוניאָן . . . אַ ברודער אַ שלימזל . . . באַדאַרפט געווען פאָלגן לעראָין דאַן. יענער בחור האָט אַ קאָפּ אויף זיך . . .

נאָך אין פּאַבליק סקול האָט לעראַיס קאָפּ אַרויסגעסטאַרטשעט פון צווישן אַלע קינדער קעפּלעך. אַ „גרינער״ האָט ער דאָך דער ערשטער געהויבן די האַנט ווען די לערערין האָט עפּעס געפרעגט. האָט די לערערין פאַרזען די האַנט וואָס האָט זיך געטרייסלט אין דער לופטן, האָט ער זיך אַזש אויפגעשטעלט — איך קען! איין מאָל און צוויי מאָל האָט די לערערין אים אַרויסגערופן צום טאָוול, שטיל פאַר זיך האָט זי באַוואונדערט אָט דאָס אינגל מיטן שמאָלן פּנימל, שאַרפן קין, גלאַנציקע שוואַרצע האָר און שאַרפע, שפּיציקע אויגלעך, אָט דאָס גרינע אינגל וואָס שלינגט אַזוי שנעל די למודים דאָ אין שול, ווען דאָס אינגל האָט אָבער גענומען הויבן די האַנט צו אָפט, זיך אויפשטעלן צו ראַשיק, האָט זי אָדער פאַרזען זיין האַנט, אָט ווי אַ קעלנער פאַרזעט אַ קונה, וואָס גיט ניט קיין „טיפּ״, אָדער גאָר אים שטריינג באַפוילן — זעץ זיך אַוועק! — שפּרינגט צו פיל, — האָט זי ביי זיך באַשלאָסן, און די אינגלעך, חברים, האָבן, צוליב זייערע אייגענע חשבונות, אים אַ נאָמען געגעבן „שפּרינגענדיקער דזשעק״. אויף דער לערערין האָט ער געטראָגן אַ שווער האַרץ — זי רופט אים ניט אַזוי אָפט ווי ער האָט געוואָלט, דערפאַר אָבער ווען עס האָט זיך געמאַכט דער פּרינ־ציפּאַל איז אַריינגעקומען, די לערערין האָט געוואָלט זיין זיכער אַז דאָס אינגל וואָס זי וועט אַרויסרופן וועט איר ניט פאַרשוואַרצן דעם פּנים, האָט זי גערופן לעראַין. שטייענדיק ביים טאָוול, זעענדיק דער לע־רערינס בייגעריקן, שיר ניט בעטנדיקן שמייכל: נו, ווייז וואָס דו קענסט! האָט זיך אים געוואָלט נוקם זיין אָן דער לערערין, ער קען ניט, ער קען גאָרניט, דער אויסדרוק אויף זיין פּנים — בלאַנק. דאָס האָט אָבער בלויז אָנגעהאַלטן אַ מאָמענט, באַלד האָבן די שאַרפע אויגלעך אויפגע־בליצט: לייענען? איך וועל דיר ווייזן. איכ׳ל אייך אַלעמען ווייזן! און ער האָט געלייענט ווי אַ וואַסער. אָפּגעלייענט האָט זיין קוק גע־פרעגט: נו? זעט איר שוין! איך קען. איך קען בעסער פון אייך אַלעמען. שפּרינגער רופט איר מיך, נו יאָ, איך וועל אייך אַלעמען אַריבערשפּרינגען. און ער איז אַריבערגעשפּרונגען קלאַסן, געענדיקט פּאַבליק סקול אין דריי יאָר, אַריין אין האַי סקול.

אין דער העכערער שול איז דער גערעג צווישן אים און אַנדערע

שילער געוואָרן נאָך אָנגעשטריינגטער, שאַרפער. דאָ איז ניט געווען געווען געווען געווען געווען צוו געווען אָי ווייזן ער קען בעסער לייענען, דאָ האָט מען אויך געדאַרפט הויבן אַ פוס, לויפן, שפּילן באָל. לעראַי האָט זיך געוואָרפן צום באָל שפּילן נאָך מיט מער אייפער ווי צו די ביכלעך, דער באָל האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן האַרטער ווי די ענגלישע שפּראַך, לייענען, שרייבן, מאַטעמאַטיק האָט ער געקענט בעסער ווי די אַנדערע אינגלעך, אָבער באָל שפּילן האָבן זיי געקענט בעסער. דזשימי דאָנאָוואַן האָט יאָגנדיק זיך נאָכן באָל געקענט אומפאַלן וויפיל מאָל, אָבער יעדעס מאָל איז ער אויפגעשפּרונגען אָט ווי ער אַליין וואָלט געווען אַ גומענער באָלעם, און ווען לעראַי האָט זיך אַ יאָג געטון, געפאַלן, האָט ער מיט דער קני אַ ריב געטון אָן די קליינע שטיינדעלעך און ער האָט געפילט אַז די גאַנצע הויט איז אַרונטערגעריסן. עס האָט געשמאַרצט, געשמאַרצט שוידערליך. אַרויפקאַטשען די קאַלאַשניע, אַ קוק טון, זען, מיט דער האַנט אַ פיר טון אָפּווישן דאָס בלוט דאָרט, אַפּוואַשן. ער האָט אָבער בלויז אַ לייג געטון די האַנט פלאַך צו דער קני און ווייטער געשפּילט, געלאָפן, געפאַלן. דערפאַר אין וואָש צימער האָט ער לאַנג באַטראַכט זיין קני, געוואַשן, געווישט, געזוכט מיט עפּעס איבערבינדן. גייענדיק אַהיים האָט ער שטאַרק אינזינען געהאַט ער זאָל ניט אונטערהינקען, איז געגאַנגען פאַמעליך, פאַרטראַכט. ניין, באָל איז ניט זיין פאַרטע. ניט בייז באָל, ניט פוס באָל, אַפילו ניט בעסקעט באָל, זיין טרומף איז — געשיכטע, שפּראַך, לאַטיין. יאָ, אַפילו לאַטיין. צווייען האָבן געקראָגן סקאָלאַרשיפּס אין „וועסטערן רעזערוו" — דזשימי דאָנאָוואַן, ווייל ער איז געווען דער בעסטער פוט באָל שפּילער פון צענטראַל האַי סקול און לעראַי טשייס, ווייל ער איז געווען דער בעסטער „סקאָלאַר".

פּאַבליק סקול, האַי סקול — אַ געיעג, אָבער אויף אַ גלייכן פעלד. יענע אינגלעך האָבן פלינקע פיס, דערפאַר האָט ער געהאַט אַ פלינקן קאָפּ, האָט זיי געקענט אַריבעריאָגן, אָבער אין אוניווערסיטעט איז עס אַ געיעג באַרג אַרויף, און די יעגער ווייט ניט קיין גלייכע. זייער ווייניק האָבן געהאַט פלינקע קעפּ, דערפאַר אָבער געווען זייער אַ סך מיט פלינקע פיס צום לויפן, באָל שפּילן, געזונטע מוסקולן צום שווימען, רודערן און, דער עיקר, גאָר פילע מיט פאַרריסענע קעפּ — רייכע זינדלעך און טעכטערלעך. ווי יאָגט מען זיי אַריבער? טאַטע מאַמע

איז ער דערגאַנגען די יאָר, געמאָנט בעסערע קליידער, גייענדיק אין אוניווערסיטעט האָט ער אַכטונג געגעבן זיין שניפּס זאָל זיין אויסגע־בונדן ווי עס דאַרף צו זיין, דער דלות זאָל זיך אַזוי ניט אָנזען. צו־זאַמענטרעפנדיק זיך אַמאָל מיט זיין ברודער שלום אויפן קעמפּוס ווי יענער פלעגט אַריינפאַלן אין אוניווערסיטעט גלייך פון זיין צייטונגס־אַרבעט, זומער מיט אַ צעכראַסטעטן האַלז, ווינטער אין אַ דיקן סוועט־טער, האָט אַ האָס כוואַליע אים אַ שלאָג געטון אין פּנים אַריין. דער שלומפּער! וואָס האָט אַזאַ נפש צו טון אין אַ אוניווערסיטעט? ער זאָל כאָטש ניט צוגיין צו אים אַמאָל ווען אַנדערע זיינען דערביי. שלום האָט אים ניט פאַרשוואַרצט דעם פּנים. ער האָט געלערנט אין אַן אַנדער געביידע און האָט ער אים אַמאָל באַגעגנט האָט ער געקוקט אויף זיין ברודער מיט אַ מאָדנעם שמייכל. שלום דער שלומפּער האָט געשמייכלט פון זיין ברודער וואָס סטראַצלט זיך אויס צו גיין אין או־ניווערסיטעט אָט ווי ער וואָלט געגאַנגען אָנקוקן אַ כלה. האָט לעראַי אַמאָל געכאַפּט אָט דעם שמייכל האָט ער שנעל אָפּגעקערט דעם קאָפּ. זיין ברודערס אָפּלאַכערישער שמייכל האָט אים פונדעסטוועגן ווינציק וואָס געאַרט. אים האָט אָבער זייער געאַרט ווען ער האָט געזען ווי די רייכע זינדלעך פאַרגינען זיך אויך צו קומען אין אוניווערסיטעט מיט צעכראַסטעטע העלזער, וואָכעדיקע הויזן, דאָך האָט זיך אויף זיי אָנ־געזען זייער רייכקייט. זייערע צעכראַסטעטע העלזער האָבן דייט־ליך געזאָגט: מיר האָבן גוטע, זיידענע העמדער, טייערע דימענטענע שפּילקעס פאַר אונזערע קראַוואַטן, אָבער דאָ אין דעם חדר וואוהין מיר גייען בלויז צוליב שפּאַס וועלן מיר אונזערע קראַוואַטן ניט אויס־בינדן. ביי אַ טאַנץ, אַ באַל, דאָרטן וועלן מיר אָנטון אונזערע בעסטע קליידער, פאַר אונזערס גלייכן וועלן מיר ווייזן וואָס מיר פאַרמאָגן, דאָ קענען מיר אַפילו נאַקעטערהייד אַרויסווייזן אונזער גבירהשאַפט. און ווירקליך, אַפילו נאַקעטערהייד, ווען דער קייסער איז קיין קייסער, דער גלח קיין גלח, האָט דאָס רייכע זינדל דאָך באַוויזן אַרויסצואווייזן זיין גבירהשאַפט טאַקע מיט זיין נאַקעטקייט, מיט זיין אומפאַרשעמטקייט. ווי אומפאַרשעמט נאַקעט אָט די גבירישע זינדלעך האָבן זיך עס פאַר־גונען אַרומצוגיין אין גימנאַזיום! נאַקעט. אינגאַנצן נאַקעט. ביין, לעראַי טשייס האָט באין אופן ניט געקענט פועלן ביי זיך ווען עס איז

זיך ווייזן אינגאַנצן נאַקעט פאַר אָט די רייכע זינדלעך, ער דער קבצן, דער איד . . .

אָנגעטוענערהייד זיינען זיי געווען זייער העפליך צו אים, אָבער טאַקע אָט די העפליכקייט האָט געוואָרנט: האַלט זיך פון ווייטן! מיט זייערס גלייכן האָבן זיי זיך דערלויבט גראָבע שפּאַסן. זיי האָבן אים קיינמאָל ניט געלאָזט הערן דאָס וואָרט: איד, אָבער אין זייערן אַ קוק, אין זייער אַ באַוועגונג, ווען ער האָט ווען עס איז אומגערן אָנגערירט איינעם פון זיי, האָט ער דייטליך געקענט איבערלייענען — דו, איד, וואוהין שטופּסטו זיך? גיי דיר אין דיין רו. זיץ וואו דו באַלאַנגסט. געוויס, זיי האָבן גראָבע קעפּ, ווען עס קומט צום לערנען קען ער זיי ווייזן ווער זיי זיינען און ווער ער איז. ער האָט ניט איין מאָל גע־פּרואווט אָנווייזן. — ווילסט? — האָט ער אַ פרעג געטון עדואַרד האָ־וואַרד, — וועל איך פאַר דיר צוגרייטן דיין „פּאַפּיר", איך האָב דעם גאַנצן מאַטעריאַל וועגן דעם, — האָט ער נאָך צוגעגעבן מיט אַ פּאַ־מיליאַרן טאָן, אָבער עדואַרד האָוואַרד האָט זיך ניט אָנגעכאַפּט אָן דעם אָנבאָט, פאַרקערט, ער האָט אַ זייטיקן קוק געטון און ניט זאָגנדיק אַ וואָרט, זיך דערווייטערט פון אים. די רייכע פעסטונג איז ניט איינ־צונעמען. ניט ער קען זיך אַהין אַריינרייסן, ניט ער קען זיך אַריינ־גנבענען. און אַריין אַהין מוז ער. געוויס, ער איז דער בעסטער סטו־דענט, אָבער אַפילו ווען ער וועט שוין האָבן זיין דיפּלאָם, אַפילו ווען ער וועט ענדיקן מיט אַ גאָלדענעם מעדאַל, ערשט דאַן דאַרף ער אָט די רייכע זינדלעך, אָט די פאַרבינדונגען מיט די רייכע כדי צו ווערן דער דערפאָלגרייכער אַדוואָקאַט. פאַרבינדונגען! פאַרבינדונגען מוז מען האָבן, שוין פון אוניווערסיטעט, פון קעמפּוס. זיינע שאַרפע אויגן האָבן גענישטערט ניט נאָר די פּראָצעסן פון פאַר עטלעכע הונדערט יאָר, זיי האָבן אויך געלויערט, געטשאַטעוועט אויף דער ריכטיקער פאַרבינדונג, צוגעהיט אַזאַ פאַרבינדונג, איז אָנכאַפּן זי, האַלטן, ניט אָפּלאָזן, ווייל עס איז ניט קיין פראַגע וויפיל מענטשן ער קען, נאָר ו ו ע ל כ ע.

— מיסס לעווי — מר. טשייס, — האָט מען זיי פאָרגעשטעלט.

לעראָיס שאַרפע, שפּיציקע שוואַרצע אויגלעך האָבן זיך אַריינגע־שטאָכן אין דער מיסס לעוויס גרוי־בלויע אויגן, אין אירע בלאָנדע האָר, און גלייך זיי צוריקגעכאַפּט אָט ווי אַ שפּיאָן וואָס קוקט אַריין

דורך אַ שליסל לאָך כאַפּט צו די אויגן ווען דער וועמען ער האָט נאָכ־
געשפּיאָנירט האָט געכאַפּט זיין קוק. לעראָי האָט שפּיאָנירט.
לעווי? אַ אידישע? אָט די בלאָנדע, בלויאויגיקע שיקסע אַ אידישע?
און די געשפּיאָנירטע האָט געכאַפּט זיין קוק, און אירע אויגן, בלוי ווען
זיי זיינען וואַרים, גרוי ווען קאַלט, האָבן איצט גרויע געקוקט און גע־
פרעגט: דו, מיט די שוואַרצע, געלאָקטע האָר, מיטן שאַרפן נאָז, שפּי־
ציקן קין, מיט אָט די שאַרפע שוואַרצע אויגן, דו ביסט דאָך אַ איד, און
דיין נאָמען איז טשייס?

— צופרידן צו קענען אייך, — האָבן די ליפּן געזאָגט, אָבער די
אויגן — צוויי שווערדן פון צוויי דועליסטן, די שאַרף פון איין שווערד
האָט אָנגערירט די צווייטע, אָנגערירט און זיך אָפּגעטיילט: די דוע־
ליסטן האָבן זיך דערקענט אַלס פאַרשווערער. זיי האָבן אַרונטערגע־
לאָזט די שווערדן און אויך די אויגן.

לעווי?

טשייס?

— זייט איר אַ אידישע? — האָט לעראָי מיט אַ מאָדנער פאַר־
זיכטיגקייט אין טאָן שטיל אַ פרעג געטון, שפּעטער ווען ער איז גע־
בליבן אַליין מיט דער מיסס לעווי. זי וועט אַ קוק טון אויף אים אָט
ווי עדוואַרד האָוואַרד האָט אַ קוק געטון, זי וועט זיך אַ קער טון, אָדער
זי וועט . . .

— קענט איר עס ניט דערקענען לויט מיין נאָמען? — האָט זי
שפּילעווודיק, מיט אַ שמייכל געענטפערט. — איר זייט דאָך אויך אַ
איד, ניין?

ער איז אַרויס פון געפאַר. ער איז אויפן גלייכן וועג. אים איז
גוט. — קענט איר עס ניט דערקענען אָן מיין נאָז? — ענטפערט ער
אויך מיט שפּילעווודיגקייט אין זיין טאָן. זעענדיק ווי זי באַטראַכט
זיין „נאָז" פילט ער ווי ער רויטלט זיך און גיט צו — געוויס בין איך
אַ איד.

— געדיינקט אַזוי, — ענטפערט זי, — מער ניט דער נאָמען
האָט געקלונגען עפּעס ווי . . . איר ווייסט, מיין פאָטער, ריכטער לעווי,
געהערט מסתם . . .

לעראָי טשייס האָט אַ פיר געטון מיט די אויגן, זיינע ליפּן האָבן
זיך עטוואָס געעפנט, אָן ווערטער האָבן זיי געפרעגט דערשטוינט:

וואָס? דיין פּאָטער איז ריכטער לעווי! זי האָט אָבער ניט געזען די דערשטוינונג און גערעדט אין אַ לייכטן טאָן:

— ער דערציילט מיר אָפט, אידן קומען צו אים בייטן זייערע נע־מען. נו, ווילסט בייטן דעם נאָמען — בייט. אָבער איין מאָל קומט צו אים אַ איד, ער וויל בייטן דעם נאָמען. וואָס איז דיין נאָמען? פרעגט ער אים. — לעווי. — לעווי, און דו ווילסט אים בייטן? און קומסט צו מיר! נאָ סיר, בייטן ד ע ם נאָמען וועסטו מוזן גיין צו אַן אַנדער ריכטער, איך בייט ניט מיין נאָמען. — און ער האָט אים ניט געביטן. מיין פּאָטער געפעלט זייער דער נאָמען, עס איז אַן אַל־טער אידישער נאָמען, זאָגט ער, און מיר געפעלט ער אויך. געפעלט ער אייך?

— אודאי געפעלט ער מיר, פאַרשטייט זיך ער געפעלט מיר, — האָט לעראָי זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שטוינונג. — לעווי איז אַ פיי־נער נאָמען. איר פאַרשטייט, מיין נאָמען איז געווען . . .

ער האָט ניט געדאַרפט דערציילן גלייך אַז זיין נאָמען איז געווען כאַזאַנאָוויטש און ער האָט אים געביטן. ניט געדאַרפט, אָבער זי האָט גערעדט אַזוי שפּילעוודיק, די מעשה מיטן אידן לעווי, איר טאַטן דעם ריכטער, איר טאַטע, ריכטער . . . פאַרפאַלן.

— מיין נאָמען איז געווען כאַזאַנאָוויטש. יאָ, כאַ־זאַ־נאָ־וויטש, — האָט ער שוין מיט אַ וויצל טאָן איבער אַזאַ נאַרישן נאָמען גערעדט.

— קענט איר עס אַרויסרעדן? זעט איר שוין. איר קענט ניט, קיינער האָט ניט געקענט, און ווען עס איז געקומען צום אויסלייגן איז גאָר געווען צרות, נו האָב איך אים געקורצט אַ ביסל. טשייס איז קורץ, איינפאַך, ניט אַזוי?

— יאָ, — האָט זי פאַרעוו צוגעגעבן.

אָט די פאַרעוודיגקייט איז אים ניט געפעלן געוואָרן. — און ווי־דער, וואָס איז אַ נאָמען? ווי זאָגט דער אַלטער ביל . . . (שעקספּיר).

שעקספּיר, געטהע.

די מיידל קען ליטעראַטור.

— איר לייענט דייטש?

— אודאי לייען איך. איר פאַרשטייט, מיין פּאָטער איז אַ דייטש־שישער, דאָס הייסט, זיינע עלטערן זיינען געקומען פון אונגאַרן, אָבער זיי האָבן גערעדט דייטש, ווען ער איז געווען אַ קליין קינד האָט ער נאָר

גערעדט דייטש מיט זיינע עלטערן, דאַן האָט ער שטודירט אין דייטש־לאַנד . . .

אונגאַרן, דייטשלאַנד, איר פאָטער, ריכטער לעווי. געהערט דעם נאָמען אַזוי פיל מאָל. און זי איז גאַנץ שטאַרק פאַרליבט אין איר פאָטער. זיין פאָטער. דוד כאַזאַנאָוויטש . . . ער מוז זיך באַקענען מיט א י ר פאָטער. זיך באַקענען מיט ריכטער לעווי. ריכטער לעווי. דאָס מיינט זייער אַ סך. זי זאָל נאָר עפענען די טיר פאַר אים. זי וועט עפענען . . .

זיין ערשטע איינלאַדונג אַרויסגיין מיט אים ערגעץ אין אָוונט האָט זי העפליך צוריקגעוויזן. עס טוט איר לייד אָבער דעם אָוונט איז זי שוין פאַרנומען. לעראַי איז ניט צוגעשטאַנען גלייך בעטן אַ צווייטן אָוונט, אָבערביים צווייטן מאָל טרעפן זיך האָט ער ווידער איינגעלאַדן און . . . זי האָט אָנגענומען.

געלט. געלט. פינף דאָלאר האָט ער געבעטן, געמאָנט, געריסן ביי טאַטע מאַמע. ער מוז האָבן. ער מוז! אויף וואָס, אויף וואָס? האָט ער איבערגעקרומט דער מאַמעס פראַגע, ער מוז האָבן, און פאַר־טיק. ער׳ט גיין דערציילן דעם טאַטן זיינעם צי דער מאַמע אַז ער האָט זיך באַקענט מיט מאַרגאַרעט לעווי, ריכטער לעוויס טאָכטער, גייט אַרויס מיט איר איבערמאָרגן. ער דאַרף, ער מוז האָבן פינף דאָ־לאר און פטור. און די מאַמע האָט געגעבן. אַ ברירה האָט זי גע־האַט? אַז מלך בעט אַזוי שטאַרק מסתמא דאַרף ער, אין קאָרטן וועט ער עס ניט פאַרשפילן, אויף מיידלעך וועט ער עס ניט אויסגעבן . . . איר מלכל. אַ מיידל, אַ שנור . . .

ווען ער האָט אַ נייעם אנצוג, אַ בעסערן אנצוג. אָבער . . . דער שניפּס איז אויסגעבונדן ריכטיק. יאָ, און די האָר . . . אַ שיינער בחור לעראַי טשייס, ניט אַזוי? יעס סיר, און ער גייט היינט אַרויס מיט מאַרגאַרעט לעווי, ריכטער לעוויס טאָכטער. זי האָט געזאָגט ער זאָל איר טעלעפאָנירן אַרום זיבן אַזייגער. ווי שפּעט איז איצט? אַ פערטל צו זיבן. נאָך אַ קוק אין שפּיגל און לעראַי האָט זיך אַרויסגעלאָזט אין גאַס, זיך אַרויסגעלאָזט ווי אַ קאַפּיטאַן אויף זיין ערשטער רייזע אויפן אָפענעם ים.

— עס טוט מיר לייד, אָבער דער טראַפּיק איז געווען אַזוי געדיכט

אַז עס איז געווען פּשוט אוממעגליך זיך דורכצושטופּן. נו, וואוהין גייען מיר?

לעראַי האָט שוין אויסגעשטודירט וואָס וואו מ׳שפּילט און האָט פאַרגעלייענט אויסענווייניק, פאַרגעלייענט אייניקע פּלעצער, אָבער אין קאָפּ האָט געקלאַפּט: זי איז געקומען אין אַ אויטאָמאָביל, איר אויטאָמאָביל, ער איז געקומען מיטן טראַמוויי . . .

— גוט, לאָמיר אַריינגיין אין די „סטייט" — האָט זי צוגעשטימט און דערמיט פאַרטריבן זיינע אויטאָמאָביל נאַכטראַכטענישן. ער האָט אַ לייג געטון דאָס פינף דאָלאַרדיקע פּאַפּירל ביים קאַסע פענסטערל און אַ ווייז געטון צוויי פינגער. אים, דעם גביר, דעם פּריץ שטייט אָפּילו ניט אָן צו רעדן צו עפּעס אַ מיידל אַ קאַסירשע, זיין שטאָלצע באַנעמונג האָט געשריען: זעסט? ווייסט? איך גיי מיט אַ מיידל, מיט . . . די קאַסירשע האָט פלינק אַ שאַר געטון דאָס קליינגעלט אויסגאַב, אַ לייג געטון דריי פאַרשמאַלצעווטע דאָלאַרס און אַ דריי געטון דעם קאָפּ צום מאַן הינטער לעראַיען, פרעגנדיק מיטן קוק: וויפיל? ניין, דער קאַסירשע איז ניט אָנגעגאַנגען וואָס לעראַי טשייס האָט דעם אָוונט דאָס ערשטע מאָל אויסגענומען ריכטער לעוויס טאָכטער אין די „סטייט", דערפאַר אָבער איז עס אים אָנגעגאַנגען, אָנגעגאַנגען זייער און זייער שטאַרק. ער האָט געקוקט אויפן לייוונט, אָבער גאַנץ אָפט האָט ער צוגענומען די אויגן פון לייוונט, אַרונטערגעלאָזט זיין קוק צו אירע האָר, איר האַלז, זי האָט אַ שיינעם האַלז, און פון די האָר, פון קערפּער פילט ער אַזאַ אנגענעמען פאַרפום גערוך. ווען זי באָדט זיך אין וואַנע . . . איר נאַקעטער קערפּער אין וואַנע האָט פאַרטריבן דעם פאַרפום גערוך, פאַר די אויגן האָט געבלענדט איר קערפּער, איר נאַקעטער קערפּער. זי האָט אַ דריי געטון דעם קאָפּ צו אים, זיין קאָפּ האָט זיך אויך אַ דריי געטון, זיין גיריקער קוק האָט אַ שלונג געטון איר פּנים און גלייך אָפּגעשפּרונגען צוריק צום לייוונט. ער וואָלט געזעסן מיט איר . . . ביי איר אין הויז, ער וואָלט זי געהאַלטן . . . ער וואָלט געלעגן . . .

— וואָלט איר געוואָלט אַריינגיין ערגעץ עפּעס אויסטרינקען?

— זי האָט גאָרניט קעגן.

— האָט זי אַ ספּעציעלן פּלאַץ וואוהין זי גלייכט אַריינצוגיין?

— איין פּלאַץ איז פּונקט אַזוי גוט ווי דער צווייטער. אַמאָל

גייט זי אַריין אין „די גאָלדענע פּאַווע". זיי האָבן דאָרטן זייער גוטע געבעקס.

— יאָ, זייער געבעקס איז זייער געשמאַק, — האָט לעראָי צוגע־געבן, כאָטש ער האָט די „גאָלדענע פּאַווע" קיינמאָל ניט באַזוכט, האָט נאָך קיינמאָל אין קיין רעסטאָראַן ניט געעסן חוץ אַ טעפּל קאַווע און אַ פּאָר פּענעצלעך ברויט. דאָס האָט אים ניט געשטערט זי אַריינפירן אין דער „גאָלדענע פּאַווע", מעשה קאַוואַליער צונעמען איר מאַנטל און זיצנדיק ווי־זאַ־ווי ביים טישל אָננעמען די פּאָזע פון אַ וועלט מענטש, אַ לעב יונג וואָס פאַרברענגט נאַכט איין נאַכט אויס אין אַן אַנדער קאַפע מיט אַן אַנדער מיידל. ערשט וועןביידע האָבן שוין באַ־שטעלט קאַווע און צובייסן, די קעלנערין האָט זיך דערווייטערט, האָבן זייערע ביידנס בליקן זיך אָנגעטראָפן, ביידע האָבן זיך מיט אַמאָל דער־פילט ווי אַ אינגל מיט אַ מיידל וואָס האָבן זיך אַרויסגעגנבעט פון טאַ־טע מאַמע און איצט, ווען שוין אָנגעקומען אין זייער באַהעלטעניש, ווייסן זיי ערשט ניט וואָס צו טון, שעמען זיך אַ ביסל. — ווען עס זאָל זיין פינסטער! — האָט געזאָגט דער קער פון זייערע ביידענס קעפּ צום עלעקטרישן לעמפּל וואָס האָט אפּירגעשיינט פון הינטער אַ מושעלאַר־טיקן שיסעלע אויף דער וואַנט.

— אַ פיינער פּלאַץ דאָ.

— יאָ, אַ גאַנץ פיינער פּלאַץ, אַן אַנגענעמער, — האָבן זיך גע־הערט ווערטער, ווערטער וואָס זיינען געווען בלויז אַ קאַמופלאַזש פאַר דעם ניט אַרויסגעזאָגטן — איך וואָלט דיך געוואָלט אַ קוש טון. — אסור אויב איך וואָלט געווען קענען.

— איר זייט שוין דאָ געווען אַמאָל? — האָט זי אַ פרעג געטון מיט ווערטער, אין דער אמתן פרעגנדיק: גייסט מיט אַנדערע מיידלעך?

— איך דיינק איך בין דאָ געווען איין מאָל אָדער צוויי מאָל, — האָט ער געענטפערט, זאָגנדיק דערביי: וואָס דאַרפסטו פרעגן וועגן אַנדערע? איצט איז עס דאָך דו. דו.

— דאָ אייניקע גאַנץ פיינע פּלעצער, אָבער דער פּלאַץ, עפּעס איז דאָ אנגענעמער, היימישער, ניט אַזוי? — געמיינט האָט עס: איך קען עטליכע בחורים, פיינע בחורים, אָבער דו, דו געפעלסט מיר בעסער, דו ביסט . . .

— יאָ, עס איז אַן אַנגענעמער פּלאַץ, — האָט ער באַשטעטיקט, זאָגנדיק דערביי: אי, וואָלט איך . . .

די קעלנערין האָט צוגעבראַכט די קאַווע, געבעקס. עס האָט פּאַסירט אַזביידע הענט האָבן זיך גלייכצייטיק אַ שטרעק געטון צו דער צוקער פּושקע, פינגער האָבן זיך אָנגערירט, אָפּגעשפּרונגען ווי אָפּגעבריטע. — אַנטשולדיקט! אַנטשולדיקט! — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט בייביידן, בליקן האָבן זיך באַגעגנט, אָפּגעשפּרונגען, זיך פאַרטיפט אין דער קאַווע, באַלד האָבן די ליפּן זיך אויך פאַרנומען מיטן טרינקען די קאַווע. די הייסע פליסיגקייט האָט, דוכט זיך, אָפּגעשווייכט דעם דורשט פון די ליפּן נאָך קושן, אָבער נאָך די ערשטע פּאָר שלוק קאַווע האָבן די ליפּן ווידער אַרויסגעלאָזט די ווערטער: די קאַווע איז פיין, זאָגנדיק דערביי — ביסט מיר געפעלן, בחור, איך וואָלט געוואָלט פילן דיינע ליפּן אויף מיינע און זי האָט געקראָגן דעם ענטפער: — יאָ, די קאַווע איזווירקליך גוט — וואָס האָט געמיינט: מיידל! דו רייצסט מיך מיט דיינע ליפּן, מיט דיין קוק. געדיינק, איכ׳ל צופאַלן צו דיר...

ניין, לעראָי טשייס איז ניט צוגעפאַלן צו מאַרגאַרעט לעוויס ליפּן דאָרט ביים טישל. אָפּגעטרונקען, האָט ער באַצאָלט, איבערגעלאָזט אַ פיינעם טרונק געלט, דערביי אַ רעכן געטון אין קאָפּ וויפיל עס האָט אים געקאָסט דער אָוונט, וויפיל איז אים געבליבן פון די פינף דאָלאַר וואָס ער האָט שיר ניט אויסגעשווינדלט ביי דער מאַמע. אָנטוענדיק איר דעם מאַנטל, האָט ער געפילט ווי זיינע פינגער ציטערן און, ער האָט אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי, אָבער ער האָט דערפילט איין פינגער זיינער האָט אָנגערירט איר נאַקן, סאַמע דאָרטן וואו די האָר ענדיקן זיך, אַ ריר בלויז. דער מאַנטל איז שוין געווען אָנגעטון, די פינגער האָבן שוין גאָרניט געפילט, אָבער ווען זי האָט, גלייך נאָכן אָנטון דעם מאַנטל, זיך אַ קער געטון צו אים, האָט ער מיט אַמאָל אַזוי דערפילט איר לייב, איר קערפּער, אַז ער האָט מער ניט געזען איר פּנים, איר געשטאַלט, ער האָט בלויז געפילט זי, געפילט אָט ווי איר קערפּער וואָלט זיך אָנגערוקט אויף אים. אָנכאַפּן אָט דעם קערפּער, אים אַרומנעמען . . .

— נו, גייען מיר?

דער טומאַן פאַר די אויגן האָט זיך צעזייט. ער האָט דערזען איר

פנים, איר שמייכל. ער האָסט זי. ער האָסט זי! ער וואָלט זי אַזוי אַרומגעכאַפּט, זי אַ . . .

— לאָמיר גיין.

ער איז געגאַנגען לעבן איר, ביים איבערקרייצן די גאַס האָט ער זי אַ נעם געטון אונטערן אָרעם, אָבער ער האָט געפילט אַז ער גייט איר נאָך, זי גייט און ער גייט איר נאָך, זי פירט אים. וואוהין פירט זי אים? ערשט ביים אַריינגאַנג אין אויטאָמאָביל אייגפאָר האָט ער זיך געכאַפּט דאָס גייט זי צו איר אויטאָמאָביל. און ער? ער האָט זיין אויטאָמאָביל ערגעץ אַנדערש, וועט ער זאָגן. ניין, זי׳ט וויסן ער זאָגט אַ ליגן. ער׳ט גאָרניט זאָגן. ער׳ט זיך אָפּגעזעגענען מיט איר. זאָל זי פאָרן.

— גייט אַריין! — האָט זי באַפעלעריש אַ זאָג געטון, עפענענדיק דאָס טירל פאַר אים און, צי איז דאָס געווען איר באַפעלערישע שטי־מע, צי איז דאָס געווען דער בחור פונם איינפאָר וואָס איז געשטאַנען און געוואַרט מ׳זאָל אַרויספאָרן, ער האָט זיך דערפילט געצוואונגען אַריינצוגיין. קוים האָט ער זיך אַריינגעזעצט, פאַרהאַקט דאָס טירל, האָט דער אויטאָמאָביל זיך אַ ריר געטון, זיך אַרונטערגעקייקלט ביז צו דער גאַס, און מיט איין האַנט אויפן רעדל גרייט צו קירעווען, האָט זי אַ פרעג געטון: אין וועלכער זייט וואוינט איר?

— איסט! — האָט ער א היסע געטון, און תוך כדי דבור האָט זי אַ דריי געטון דאָס רעדל, אַ פיר געטון מיט די אויגן רעכטס, לינקס און זיך אויסגעקירעוועט, געפאָרן.

ער — מזרח, ערגעץ אויף דער זעקס און פערציקסטער און וואוד־לאַנד עוועניו, לעבן די צוקערניעס, הינער שטייגן, יאַטקעס, נעגערס, זי — מערב, אין לייקוואוד, צווישן בוימער, בלומען. מזרח איז מזרח און מערב איז מערב און זיי׳ן זיך קיינמאָל ניט באַגעגענען. נאָכוואָס האָט ער זיך אַריינגעזעצט? ער האָט געדאַרפט געווען זאָגן אַ גוטע נאַכט, אַוועקגיין, נעמען דעם טראַם, פאָרן אַהיים . . .

— וואו וואוינט איר?

— אָרום הונדערט און פינפטער, — האָט ער אַ זאָג געטון. — איר׳ט מיך אַרונטערלאָזן אויף יוקליד און הונדערט און פינפטער. מיר וואוינען צווישן יוקליד און סופּיריאָר.

— איך וועל אייך צופירן אַהיים, ביז צו דער טיר, — האָט זי פרייליך געזאָגט, — מיר באַדינען ווי עס דאַרף צו זיין.

— איר וואָלט געקענט זיין אַ גוטער שאָופער.

— איז איך טרייב גוט?

— אויסגעצייכנט.

— און מ'זאָגט אַז פרויען קענען ניט טרייבן.

— אַלס כלל זיינען זיי שלעכטע טרייבער. איר זיינט אַן אויס־נאָם.

— אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט. נו, וואו פאַרקירעוועט מען זיך?

— נעקסטן בלאָק, — האָט ער אַ זאָג געטון, ניט וויסנדיק אַפילו וואָס פאַר אַ גאַס דאָס איז. פּטור ווערן, וואָס גיכער פּטור ווערן פון איר מיטן אויטאָמאָביל, זאָל זי אָוועקפאָרן, זאָל זי ניט זען ווי ער גייט צוריק צו יוקליד עוועניו, נעמען דעם טראַם פאָרן צו זיך אַהיים, פאַר־דאַמט זאָל עס ווערן, אַ היים אויף זעקס און פערציקסטער און וואוד־לאַנד. ער זאָל כאָטש ניט פאַרשפּעטיקן. מוז שוין זיין נאָך צוועלף.

— דאָ איז עס, — האָט ער אַ זאָג געטון. זי האָט זיך אָפּגע־שטעלט, אַ קער געטון דעם קאָפּ אין דער ריכטונג פון דעם הויז. זאָל זי קוקן. וועט סיי ווי גאָרניט זען, פינסטער.

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ גוטע נאַכט.

— אַ דאַנק.

— אַ דאַנק אייך.

ווי קאַלט. ס'אַראַ קאַלטער געזעגענען זיך. פריער וואָלט ער געקענט . . . ער וואָלט זי אַרומגענומען, ער וואָלט זי געקושט, ער וואָלט כאָטש אַ דריק געטון איר האַנט ווען, ווען זי פירט אים ניט אַפּ „אַהיים". ז י פירט א י ם אַפּ אַהיים. אַ היים. צום טייוול. איצט דאַרף ער גיין נעמען דעם טראַם, זיך שלעפּן אַהין אין יענעם עיפּוש. ווי ער האַסט עס. גייט עס אין דער ערד אַריין . . .

(29)

שלומס אָוועקפאָרן פון דערהיים, דאָס „פאַרשוואַרצט ווערן" פון וואודלאַנד עוועניו, מלכ'ס בריקען און וואַרפן זיך, זיין ברעכן, ממש

ברעכן טירן און פענסטער, האָט סוף כל סוף געפירט דערצו אַז דוד און עטל כאַזאַנאָוויטש האָבן זיך אַריבערגעקליבן פון דער וואודלאַנד עוועניו געגנט אין דער געגנט פון אַ הונדערט און פינפטער גאַס, אַרי־בערגעקליבן זיך אי פון דער דירה אי פון דער קראָם.

מלך האָט טאַקע שוין געוואוינט אויף קאָלומביאַ עוועניו, ער וואָלט שוין ניט געדאַרפט זאָגן מאַרגאַרעט לעווי אַז ער וואוינט דאָרט און ערשט נאָכדעם נעמען דעם טראַם און פאָרן אויף צוריק צו זיך אַהיים, אָבער ער האָט זיך אויסגעהיט זי זאָל אים מער אַהיים ניט פירן. וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס אַ בחור ווען ער זיצט אין אויטאָ־מאָביל און די מיידל טרייבט? אים וועט קיין פרוי ניט פירן, ניט אין אויטאָמאָביל, ניט פאַרן נאָז. זי וועט אים מער ניט פירן אַהיים. ער וועט זי אַרויספירן צו זיך אין הויז? ניין, ער'ט גיין צו איר אין הויז, זיך באַקענען מיט איר פאָטער, דעם ריכטער לעווי. ער האָט קיין אויטאָמאָביל? אָבער טרייבן קען ער דאָך. קען דינגען אַן אויטאָ־מאָביל. ניין, דאָס קאָסט פאַרדאַמט צו טייער. ער קען לייען אַן אויטאָמאָביל. ניט ביי חיימען. יענער ציטערט פאַר זיין אויטאָמאָ־ביל ווי פאַר זיין ווייב. ווען ער האָט זיך געלערנט טרייבן האָט יע־נער רק געציטערט טאָמער חלילה רייבט ער אָפּ אַ שטיקל אויער פון זיין שעווראָלעיקע. האָט שוין איצט אַ נייע, אָבער צו אים וועט ער ניט גיין, ער האָסט אים אָט דעם . . . פייפער הייגער, אים און זיין ווייב, די . . . סאָציאַליסטקע. גייען זיי ביידע צו אלדי גוטע יאָר. אָבער ער קען זיך ווענדן צו בערנאַרדן.

— הער, בערנאַרד, גייסט ערגעץ היינט אָוונט? גייסט ניט. ווי וואָלט געווען ווען דו לייסט מיר דיין אויטאָמאָביל אויף היינט אָוונט?

— דעם אויטאָמאָביל? וואָס דאַרפסטו אַן אויטאָמאָביל?

— איך דאַרף.

— גייסט באַראַבעווען אַ באַנק?

— נאָך ערגער.

— אַרויסנעמען אַ מיידל?

— געטראָפן.

— איז וואָס, אַזאַ רייכע פּריצטע אַז מיטן טראַם שטייט איר ניט אָן צו פאָרן?

דאָס איז שוין אַ באַליידיקונג. לעראָי איז שוין אין כעס. בער־נאַרד זעט עס. — כ׳מיין ווער איז זי? עפּעס אַ פיין מיידל?

— ווילסט דוקא וויסן? נו, ווייס. געהערט פון ריכטער לעווי? זיין מיידל.

— וו־אַ־ס??!

תחלת האָט מלך חרטה געהאַט וואָס ער האָט דערמאָנט איר נאָ־מען. נאָכוואָס דערמאָנען אַ מיידלס נאָמען? ס׳איז זיין סוד. זעענ־דיק אָבער די ווירקונג וואָס דער נאָמען האָט אַרויסגערופן, האָט ער שטאָלץ געשמייכלט: נו, געפעלט דיר דער שדוך?

— מיינסט עס טאַקע?

— גלויבסט מיר ניט, וואָס?

— הער אַ געשיכטע! ריכטער לעוויס מיידל! קיבעצסט מיך. מיינסט ווירקליך . . . ?

— הער אויף מאַכן שטיק. דיר געזאָגט דאָך — מאַרגאַרעט לעווי. און איך דאַרף דעם אויטאָמאָביל, גיסט אים מיר?

— נעם אים, נעם אים. אַנגעגאָסן אַ פולן קעסל גאַזאָלין ערשט היינט אינדערפרי. — בערנאַרד האָט אַ קוק געטון אויף זיין ברודער, דאַן אים אַ קלאַפּ געטון אין פּלייצע: — בחור! ביסט אַלרייט!

אַ פיינע געגנט. אַ שטילע גאַס. דאָס הויז? דאָס מוז עס זיין. נישקשה פון אַ שטיבל. פאַרשטייט זיך, ער וועט זיך ניט אַנידער־שטעלן בלאָזן דעם האָרן. ער דאַרף, מוז אַריינגיין, און ער׳ט זען דעם ריכטער. אַ צי ביים קראַוואַט און אַ דריק דאָס קנעפּל.

— דאָס איז מיין פאָטער. דאָס איז מר. טשייס.

— צופרידן צו קענען אייך, מר. טשייס. — ריכטער לעווי האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פאָטעל, דערלאַנגט אַ ברייטע האַנט, אָנגענו־מען לעראָיס האַנט, האָט ער זי פאַרהאַלטן און אין דער צייט צודרינג־ליך געקוקט אויף לעראָיען, אַ פאָטאָגראַפישער קוק, אַט ווי ער וואָלט אין דעם איין מאָל געוואָלט אים גוט, גוט באַטראַכטן, אַריינבעמען אַלע זיינע געזיכטס צוגן. לעראָי האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט ווען דער ריכטער האָט אַרויסגעלאָזט זיין האַנט, געענדיקט דעם אויגן עקזאַמען און אים אָנגעוויזן אויף אַ שטול: זיצט!

לעראָי איז געקומען אַרויסנעמען מאַרגאַרעטן, ערגעץ גיין, אָבער ביז זי וועט אַרויפציען אויף זיך אַ מאַנטל, אָנטון אַ היטעלע מוז ער

דערווייל זיצן. אויב פריער, שטייענדיק פּנים אל פּנים צום ריכטער האָט ער געפילט ווי יענער נעמט פון אים אַרונטער אַ פאָטאָגראַפיע, האָט ער איצט, זיצנדיק, יעדעס מאָל אַ פּיר געטון מיט די אויגן צום ריכטער, און יעדער פּיר מיט די אויגן איז געווען אַ פילם אַרונטערגע־כאַפּט. אָט האָט ער אַ כאַפּ געטון דעם ריכטערס קאָפּ. אַזאַ מאַסי־ווער גרויסער קאָפּ. די האָר — בלאָנדע האָר אין גרוי ווערן, שטרוי ווערט היי, און אַזוי קורץ געשוירן, מ׳קען אַפילו ניט כאַפּן צי אינמיטן איז אַ פּליך אָדער טאַקע אַזוי נידעריק אָפּגעשאָרן. דאָס פּנים ברייט, ביינערדיק, אַ פעסטע גאמבע. וואָלט קיינמאָל ניט געזאָגט דאָס איז אַ איד. אַ דייטש. סיידן אפשר די אויגן. ביר קאָליר אויגן, אַזעלכע גרויסע און אַזוינע מילדע, גאָרניט ווי דער פּנים. דער קערפּער אַזאַ ברייטער, אַזאַ קרעפּטיקער. און דאָס איז אַ ריכטער. לעראָי האָט געפּרואווט אָנמעסטן אויף מר. לעווי דעם ריכטערישן כאַלאַט, די יאָר־מעלקע. מוז אויסזען גאַנץ אַנדערש אין יענע בגדים. דאָך, ער, לע־ראָי, וואָלט געווען אַ שענערער ריכטער.

לעראָי האָט צוגעכאַפּט זיין קוק פונם ריכטער, אַ בליק געטון אויף אַ בילד אויף דער וואַנט, זיך איינגעקוקט אין דעם. דער ריכטער האָט אַ זאָג געטון: מיין זעליקער פאָטער. אַזוי האָט ער געזאָגט יעדן איי־נעם וואָס האָט געוואָרפן אַן אויג אויף דעם גרויסן פּאָרטרעט, און ערשט ווען אַרויסגעזאָגט די ווערטער, האָט ער זיך געכאַפּט: איר פּאַר־שטייט דייטש, ניין? ריכטער לעווי איז געבוירן געוואָרן אין אַמערי־קע, טאַקע אין קליוולאַנד, אָבער ווען ער האָט אָנגעוויזן אויפן פאָטערס בילד איז עס געווען — מיין זעליקער פאָטער.

— האָט איר אַ פאָטער, אַ מוטער?

— יאָ, איך האָב אַ פאָטער, אַ מוטער, — האָט לעראָי צעמישט געענטפערט. וואָס איז דאָס? ווייטער אַן עקזאַמען? דער ריכטער...

— דאָס איז גוט, דאָס איז זייער גוט, אַ פאָטער, אַ מוטער . . .

נאָך דער „מוטער" איז געקומען אַ מין שווייגן וואָס האָט גערעדט, עפּעס אַ מין אָפּגעריסענער זיפץ. ווייזט אויס דאָ איז צרות מיט אַ מוטער, און דער ריכטער איז, ווייזט אויס, אַן אָפּגעריסענער נאַר, אַ...

— נו, אָט בין איך דאָ. כ׳גלויב וועסט נאָך זיין אויף ווען איך וועל קומען, ניין? סיי ווי, נאַדיר דיין גוטע נאַכט! — און זי האָט אַריינגענומען דעם מאסיוון קאָפּ צווישן אירע הענט און געקושט דעם

פּאָטער אין בײדע באַקן. דער פּאָטער האָט זי אַ טוליע געטון צו זיך, לײכט געקלעפּלט מיט די פינגער איבערן פּלײצע: אַ גוטע נאַכט, טײ־ערינקע מײדל מײנע, אַ גוטע נאַכט, גרעטאַ, קום ניט צו שפּעט.

— אָלרײט, פּאָטער.

— אַ גוטע נאַכט. איך . . .

— אַ גוטע נאַכט, מר. טשײס. צופרידן אײך צו קענען. גיט אַכטונג אויף מײן טאָכטער.

— איך װעל. איך בין זײער און זײער צופרידן אײך צו קענען.

— ער האָט װאַרים געדריקט דעם ריכטערס האַנט.

— אַה, איר זײט געקומען מיט אַ קאָטערינקע?

— נו, נו, ניט געלאַכט פון מײן טשוטעבעקא (סטודעבײקער).

— פײן!

זי װײסט ניט אַז עס איז אַ געליענער. און אַז זי װײסט יאָ. װעמען אַרט עס? זי זיצט לעבן אים, פּאַרט מיט אים? און איר פּאָ־טער, דער ריכטער לעװי . . .

— נו, װי געפעלט אײך מײן פּאָטער?

— ער זעט אויס צו זײן זײער אַ גוטער, — האָט לעראַי אַ זאָג געטון און אַלײן הנאה געהאַט װאָס אים איז אײנגעפאַלן דער „זײער אַ גוטער”. װאָס קען ער זאָגן װעגן אים, אָט דעם . . .

— אַה, ער איז אַ טײערינקער! ער איז אַזאַ גוטער, מײן פּאָטער!

זי איז קענטיק פאַרליבט אין איר טאַטן. נו, נו, פאַראַן, הײסט עס, מענטשן װאָס קענען זײן פאַרליבט אין אַ טאַטן. אויב ער מאַכט קײן טעות װעט ער פריער דאַרפן געפעלן װערן דעם טאַטן. לעראַי טשײס האָט עס גוט אַרײנגענומען אין זינען: געפעלן װערן דעם טאַטן, דערװײל זאָגט ער: ניט געזען אײער מוטער

— די מאַמע איז געשטאָרבן װען איך בין געװען אַ קינד. האָט איר געזען איר בילד? עס הײנגט קעגנאיבער דעם זײדנס בילד. איך האָב אַן עלטערע טאַנטע, מײן מאַמעס אַן עלטערע שװעסטער, זי װאױנט מיט אונז . . .

אַ טאַנטע, אַ זעליקער פּאָטער, אַ טאַטע. װאָס גײען זײ אים אָן? מאַרגאַרעט. גרעטאַ. גרעטאַ. אַ שײנער נאָמען. דער פּאָטער האָט זי, קענטיק, אויך שטאַרק ליב. געװינען דעם פּאָטער. ער האָט גערעדט מיט דער טאָכטער װעגן איר פּאָטער און, געזען אַז זי רעדט

גערן וועגן אים, האָט ער געדולדיק געהערט און צום סוף אַ זאָג געטון: גרעטאָ. ער האָט זיך גלייך פאַרכאַפּט — אייך אָרט דאָך ניט ווען איך וועל אייך רופן ביי דעם נאָמען? געהערט אייער פאָטער האָט אייך אַזוי גערופן. גרעטאָ קלינגט אַזוי שיין.

— ניין, זי האָט גאָרניט קעגן.

געוואונען איין צוג, האָט לעראַי געטראַכט. מאַרגאַרעט לעווי איז שוין גרעטאָ. אַ רוק פאָראויס. אָפּפירנדיק זי אַהיים האָט ער כלומרשט אומגערן אַרויפגעלייגט איין האַנט אויף איר קני. זי האָט צוריקגעלייגט זיין האַנט אויפן רעדל און אַ זאָג געטון — איך טרייב מיטביידע הענט. איז זי געוואָרן ברוגז? וואָלט זי געווען ברוגז וואָלט זי ניט צוגעדריקט זיין האַנט צום רעדל און זי האָט יאָ צוגע־דריקט זיין האַנט. עס וועט גיין . . .

געענדיקט דעם אוניווערסיטעט, אויפן קעמפּוס האָט מען זיך שוין מער ניט געטראָפן, איז לעראַי געוואָרן אַן אָפטער באַזוכער ביי גרע־טאַן, ביי ריכטער לעווי אין הויז. בלייבנדיק איין מאָל אַליין מיטן פאָטער האָט ער גענומען רעדן וועגן דער טאָכטער, וועגן איר . . . לייענען דייטש, און ער האָט געזען ווי דעם פאָטער טוט עס הנאה צו ריידן וועגן זיין טאָכטערס קענטעניש, איר דייטש. — נו, מיר האָבן זיך געשלאָגן מיט די דייטשן, אָבער בלויז מיט ווילהעלמען, ניט מיט געטהען, וואָס, ניט אַזוי? געלייענט געטהע? דאָס איז געווען אַ דיכטער!

לעראַי הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס איז דאָס פאַר אַ ריכטער. אַ ריכטער דאַרף זיין אַ שטרייִנגער, חשובער מענטש, רעדן פון פּראָ־צעסן, אַדוואָקאַטן, און דער, אַ ריכטער און רעדט וועגן דיכטער, געטהע. נו יאָ, ער האָט „אָפּגענומען" דייטש, ניט ווייל ער האָט גע־וואָלט קענען דייטש. געמוזט האָבן אַ פאַר שפּראַכן, דייטש, די גרינג־סטע שפּראַך, האָט ער גענומען דייטש, איצט קוקט ער אַפילו ניט אַריין אין אַ דייטשיש ביכל! און דער . . . געטהע . . . זעליקער פאָטער . . . דאַרפן מיט אים אַמאָל אַ רעד טון „שאָפּ".

לעראַי טשייס האָט שוין געהאַט אַן אָפיס. בערנאַרד האָט אים געליען געלט, שפּאַסנדיק דערביי: נאָ, זעסט? האָסט נאָך ניט אויס־געדרייט פאַר מיר קיין איין אַדוואָקאַטיש דריידל און איך צאָל דיר שוין. ביי טאַטע מאַמע האָט ער אַרויסגעריסן די לעצטע פאַר דאָלאַר,

געקויפט אַ געניצטן אויטאָמאָביל, געדונגען פאַר זיך אַ דירה, איז געוואָרן אַ מענטש פאַר זיך, אַן אַדוואָקאַט, מיט אַן אָפיס, מיט קליענטן אַפילו, אָבער די קליענטעל האָט אים ניט צופרידנגעשטעלט — ווידער אַ שניידער, אָבער אַ שניידער, און די שניידער רק זיי שליסן שותפותן, אָט ווערט מען שותפות, אָט גט מען זיך און מ׳זוכט אַ נייעם שותף. קריגן טאָקע עפּעס אַ גוטן גט פּראָצעס, אַ רייכע ירושה צום ליקווידירן, עפּעס וואו מ׳זאָל קענען אָפּלעקן אַ ביינדל. דאַרפן אַ רעד טון מיטן ריכטער, אפשר קען ער רעקאָמענדירן . . . אַ רעד טון מיט אים כלומרשט וועגן געזעץ.

— געלייענט אייער אנטשיידונג אין דעם וויטני פּראָצעס, — האָט ער הכנעהדיק אַ זאָג געטון.

— הם . . . — האָט דער ריכטער אַ ברום געטון, און זיינע ביר קאָליר אויגן, געוויינליך אַזעלכע מילדע, זיינען מיט אַמאָל געוואָרן אַזוי שטריינג אַז דער פּנים אַפילו האָט אָנגענומען אַ שטריינגען, שיר ניט אכזריותדיקן כאַראַקטער. ריכטער לעווי האָט פיינט געהאַט עמיצער זאָל מיט אים פאַרפירן אַ געשפּרעך וועגן געזעצליכע ענינים ביי אים אין הויז. גרעטאַ קען אַמאָל אַרויפקריכן צו אים אויף די קני און אָנהויבן אויספרעגן: וואָס איז געשען מיטן טאַטן? אַ שלעכטער פּראָצעס? זאָל דער טאַטע דערציילן. וויל דער טאַטע ניט, איז ער אַ שלעכטער טאַטע, וועט זי שוין מיט אים מער קיינמאָל ניט ריידן. דאַן קען זיך שוין דער טאַטע ניט העלפן, דערציילט דער טאַכטער וועגן אַ פּראָצעס, אָבער דאָ, אָט דעם אַ . . .

— אַ מערקווירדיק גוט געשריבענע אַנטשיידונג, — האָט לעראָי ניט נאָכגעלאָזט.

דער ריכטער האָט אַ קער געטון דעם קאָפּ. — אַ חניפהניק דער בחור. אָט ווי אַלע . . . רוסן. ער האָט ניט ליב די רוסן. — האָט איר געלייענט אַ סך אַנטשיידונגען?

לעראָי איז ניט קיין ריכטער, אַפילו ניט קיין אַלטער אַדוואָקאַט, ער האָט זיך נאָר וואָס אויסגעפּיקט, אָבער ווען עס קומט צו געריכט אַנטשיידונגען, געזעץ, קען ער, דוכט זיך, אָט דעם ריכטער עפּעס זאָגן. און ער זאָגט. פּראָצעסן האָבן זיך אַ שאָט געטון. ריכטער לעווי איז געזעסן, געהערט אָנגעשטריינגט אָט ווי ער וואָלט אויסגעהערט אַ וויכטיקן עדות, מאָמענטנווייז האָט אָבער זיין געדאַנק אַ בלאָנזע געטון.

— אָט דער בחור, מעג ער זיך זיין אַ חניפהניק, אָבער עס ווייזט אויס ער פאַרשטייט אַן עסק, קען געזעץ.

— יאָ, — גיט דער ריכטער צו, — אינטערעסאַנט צו לייענען געריכט אַנטשיידונגען, און פאַר יונגע אדוואָקאַטן אודאי.

יונגע אדוואָקאַטן. אַן אַנצוהערעניש. נו, מירן נאָך . . . אין דער הויך זאָגט ער:

— יאָ, איך לייען געריכט אַנטשיידונגען און האָב הנאה. מאַכט זיך אַמאָל, איך לייען און כאַפּ אַ זאַץ, אַ שורה, אַ וואָרט אַפילו . . . אָט אַפילו אין אייער אַנטשיידונג . . .

דעם ריכטערס ברעמען האָבן זיך אַ צי געטון. וואָס? אָט דער אָ, ניט נאָר איז ער אַ־חניפהניק, ער איז נאָך אַ חצוף אויך, ווי אַלע . . . רוסן. ער האָט פיינט די רוסן.

לערנאָי האָט שוין חרטה געהאַט אויף דער ווענדונג וואָס ער האָט געגעבן צו זיין געשפּרעך. חנפענען, האָט ער געוואוסט, מעג מען. וועלכע מיאוסע מיידל וועט עס דערלאַנגען אַ פּאַטש אַ בחור דערפאַר וואָס שטייענדיק מיט איר לעבן שפּיגל האָט ער איר געזאָגט אַז זי איז אַ שיינע? אָבער אַ שיינער מיידל אַנווייזן אויף אַ בראָדיוווקע! אָבער פאַרפאַלן. יונגע אַדוואָקאַטן, האָט ער געזאָגט אָט דער ריכטער. דער „שפּרינגענדיקער דזשעק" איז אַרויסגעשפּרונגען און וויל ווייזן דעם ריכטער אַז ער ווייסט אויך, ניין, אַז ער ווייסט בעסער פון אים.

— אין דעם לעצטן פּאַראַגראַף, וואו איר זאָגט: „און דער פאַר־טיידיקטער, ווערנדיק פּראָוואָצירט . . ." נו, אָט דאָס וואָרט „פּראָוואָ־צירט" קען מיינען אי פּראָוואָצירט, אי פּשוט אַרויסגערופן. אַ גרויסער חילוק. — זעסטו שוין! זאָגט זיין קוק. נו, וואָס וועסטו איצטער זאָגן, קלוגער ריכטער וואָס דו ביסט? זעענדיק אַז דער ריכטער איז ניט נתפעל פון זיין קענטעניש, ווערט דער שפּרינגער אין אים נאָך אומרואיקער, נאָך אומגעדולדיקער, ער שפּרינגט שוין פון דער הויט. — ווען איך בין דער אַדוואָקאַט אין דעם פּראָצעס וואָלט איך אָט דאָס וואָרט געמאַכט פאַר מיין שפּרינג־ברעט צו אַפּעלירן פאַר אַ נייעם משפּט.

— איר וואָלט אַפּעלירט? און וואָלט איר געוואונען? — פרעגט דער ריכטער, און דער קוק זיינער זאָגט: צוציק וואָס דו ביסט! ווייסט ניט וואָס דו רעדסט.

לעראַי פילט ער איז אַוועק צו ווייט. — נו, דאָס ווענדט זיך שוין אָן ריכטער, — וויל ער פאַרגלעטן מיט אַן אומדירעקטן קאָמפּלימענט.

— יאָ, דאָס ווענדט זיך אָן ריכטער, — באַשטעטיקט ריכטער לעווי פאַרטראַכט. — און איך מוז אייך זאָגן אַז ריכטער האָבן צו טון גאַנץ אָפט מיט מענטשן ניט נאָר מיט ווערטער, פּאַראַגראַפן, כאָטש ווערטער שפּילן אַ גרויסע ראָליע. ווי וואָלט איר געשריבן דעם פּאַראַגראַף? — האָט דער ריכטער אומגעריכט פאַר לעראַיען אים אַ פרעג געטון.

לעראַי האָט מיט אַמאָל דערפילט ווי דער גאַנצער מאַסיווער קאָפּ דעם ריכטערס רוקט זיך נאָענטער, נאָענטער צו אים, באַלד, באַלד און דער קאָפּ וועט אים פאַרשטעלן די שיין.

— איך . . . איך . . . איך קען ניט דאָ גלייך אויפן אָרט, אָבער, אויב איר׳ט מיר ערלויבן וועל איך פּרואוון אָנוואַרפן דעם פּאַראַגראַף. אַ צווייטן מאָל, אַז איכ׳ל דאָ זיין . . .

— גייט עס. ווען איר׳ט קומען אַהער, ברענגט אייער ווערסיע, מירן זען.

וואָס? לאַכט פון אים דער ריכטער? מיינט ער טאַקע אַז בעסער פון אים קען שוין קיינער ניט? אַ מאָדנער מענטש אָט דער ריכטער לעווי. ער איז גאָרניט אַזאַ ווי מ׳שטעלט זיך אים פאָר. ניין, ער איז גאָר קיין נאַר. און לעראַי טאָר זיך ניט מאַכן צום נאַר פאַר אָט דעם ריכטער. אין אוניווערסיטעט פאַר זיין לעצטן עקזאַמען האָט לעראַי ניט געאַרבעט אַזוי שווער אויף זיין טהעזיס ווי ער האָט איצט געאַרבעט אויף דעם איינעם פּאַראַגראַף, ניט געווען אַ וואָרט וואָס ער זאָל ניט האָבן אויסגעמעקט און פאַרביטן מיט אַ צווייטן, ער האָט גע־קנייפּט וועבסטערס ווערטער בוך, געזוכט, געגנישטערט, און ווען עס איז שוין ענדליך געווען פאַרטיק האָט ער עס באַטראַכט נאָך אַמאָל: לאָמיך נאָר זען, איז דאָרט ניטאָ אַ שפּעלטעלע, אַ שפּאַרונע? ניטאָ, האָט ער באַשלאָסן. דער פּאַראַגראַף איז פּערפעקט. דאָך, דערלאַנ־גענדיק עס דעם ריכטער, איז ווי ער וואָלט דערלאַנגט אַ קאָמפּאָזיציע צו אַ לערער.

ריכטער לעווי האָט אַ נעם געטון די פּינסנע, זיי געטון אַ שטעל אַרויף אויפן נאָז, אַ טרייסל געטון דאָס שטיקל פּאַפּיר און גענומען לייענען. לעראַי האָט נאָכגעפאָלגט, געזען דעם ריכטערס אויגן גיין

איבער די שורות, באַמערקט אַז אַ שמייכל באַווייזט זיך אויפֿן ריכטערס פּנים און אים איז געוואָרן הויל אונטערן האַרצן. איז עס אַזוי גוט אַז דער ריכטער מוז שמייכלען, אָדער ער האָט שוין דאָרטן געכאַפּט עפּעס, אַ וואָרט, אַ . . . וואָס איז אַזוי שלעכט אַז . . .

— נו, דער פּאַראַגראַף איז גוט, זייער גוט אָנגעשריבן, אָבער וואָלט איך געוועזן דער אַדוואָקאַט אין דעם פּראָצעס וואָלט איך אויפֿן גרונט פֿון איין וואָרט אַפּעלירט, און דאָס וואָרט איז . . .

— וואָס פֿאַר אַ וואָרט?

— איר זעט? אָט וואו איר שרייבט: און דער פּאַרטיידיקטער, אויפֿגערייצט דורך . . . קענט איר מיר דערקלערן גענוי וואָס מיינט אויפֿגערייצט? אַ מאַב ווערט אויפֿגערייצט צום לינטשן דורך אַפּעלירן צו זיינע נידעריקסטע אינסטינקטן און ער קען אויך אויפֿגערייצט ווערן צו גוואַלדטאַטן, לינטשן אין נאָמען פֿון גערעכטיגקייט, יושר, אמת, פֿרייהייט. דאָסזעלבע מיט אַן איינצעלנעם מענטשן. און איר'ט דאָך צוגעגעבן אַז דער מאָטיוו פֿאַר דער טאַט מיינט זייער אַ סך. דיינקט איר ניט אַז איך וואָלט געקענט אַפּעלירן?

— נו, אַפּעלירן וואָלט איר געקענט, אָבער איך צווייפֿל צי איר וואָלט געוואונען.

— נו, דאָס ווענדט זיך שוין אָן ריכטער, — האָט ער גוטמוטיק געשמייכלט. — יאָ, דאָס וואָלט שוין דער ריכטער באַדאַרפֿט באַשטימען. אָבער דער פּאַראַגראַף איז גוט אָנגעשריבן. זייער גוט אָנגעשריבן. וואָס טוט איר? האָט אַן אָפּיס פֿאַר זיך?

— יאָ, ניט לאַנג געעפֿנט.

— אַ יונגער אַדוואָקאַט ווי איר וואָלט באַדאַרפֿט זיך אָנשליסן אָן אַן אַלטער פֿירמע, באַקאַנטע אַדוואָקאַטן.

— יאָ, דאָס איז ריכטיק, אָבער, פֿאַרשטייט איר מיך, ווען אַ יונגער אַדוואָקאַט קומט אַריין אין אַן אַלטער פֿירמע ניט רעקאָמענדירטערהייד איז רעכט מ'זאָל פֿון אים מאַכן אַ שרייבערל.

— ניט ווען ער איז אַ פֿייאיקער מענטש, קען געזעץ.

— יאָ, אָבער עס איז נאָך אַ פֿראַגע צי קריגט ער די געלעגנהייט אַרויסווייזן זיינע פֿייאיגקייטן. פֿייאיגקייטן זיינען ניט קיין מעטריקע וואָס מ'קען ווייזן גלייך ביים אַריינקומען, מ'דאַרף קריגן די געלעגנהייט, און אויב מ'לאָזט ניט צו . . .

— יאָ, דאָס איז גאַנץ ריכטיק, — האָט דער ריכטער צוגעגעבן, — ווען איך האָב נאָר וואָס געהאַט געענדיקט . . .

דער ריכטער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין דערנאָך איינגערונגען. לעראָי האָט אים קוים געהערט. ער האָט געטראַכט: אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. דער אַלטער האָט געמוזט צוגעבן אַז דער פּאַראַגראַף איז גוט אָנגעשריבן. בעסער פון זיינעם, דאָס ווייס איך. אָבער וואָס? עפּעס ממשותדיקס . . . אפשר . . .

ריכטער לעווי, פאַרענדיקענדיק זיינע דערנאָך איינגערונגען האָט אַ קוק געטון אויף לעראָיען. אָט אַזוי איז ער דאָך געווען אַלס יונגער מאַן, נאָר וואָס געענדיקט דעם קורס, געזוכט קליענטן, פאַרבינדונגען. ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט. וועט דער זיך אַרויפאַרבעטן? יאָ, ער וועט גרייכן. ער זאָל נאָר ניט גרייכן צו ווייט. פייאיגקייטן האָט ער, אַמביציעז איז ער, אָבער זיין אַמביציע קען אים נאָך טרייבן צו לייכטע פאַרדינסטן, צווייפלהאַפטע פּראָצעסן. שוין געזען אַזעלכע חברה. אַזאַ אַ דאַרף מען פירן, אָפּהיטן, וואָרענען. — איין זאַך, — האָט ריכטער לעווי כלומרשט פאַרענדיקט זיינע דערנאָך איינגערונגען, — אַ קליענט אין וועמעס אומשולד איך האָב געצווייפלט, איך האָב געפילט ער באַהאַלט עפּעס פון מיר, האָב איך קיינמאָל ניט פאַרטיידיקט. קיין מאָל! פאַר קיינע געלט!

— פאַרשטייט זיך, — האָט לעראָי צוגעגעבן. אָבער ריכטער לעווי איז ניט געווען אַזוי זיכער אויב דאָס איז טאַקע פאַרשטענדליך פאַר דעם יונגנמאַן. דאָ עפּעס צוציענדיקס אין אים — זיינע פייאיגקייטן, זיין אַמביציע, אָבער אויך עפּעס אפשטויסנדיקס — זיין שאַרפקייט, זיין חוצפּה. אַזוי זיינען זיי שוין די רוסן. ווער, אייגענטליך, איז ער? ווער איז זיין טאַטע, ווער איז געווען זיין זיידע? אַ אימיגראַנט דאָס איז אַ זאַך אָן אַ עטיקעט, קיין פירמע, ניטאָ אויף וועמען זיך פאַרלאָזן, מ׳דאַרף אַליין אויסגעפינען. און וואָס, אייגענטליך, גייט אים אַזוי אָן דער יונגערמאַן? גרעטאַ. איז טאַקע עפּעס ערנסטעס צווישן זיי? גייען שוין אַרום אַ לאַנגע צייט, פון אוניווערסיטעט נאָך. געדאַרפט מיט איר ריידן. זי איז אַ וואויל קינד, אָבער זי איז יונג. פאַרוואָס האָט זי אים גאָרניט געזאָגט. אפשר האָט זי עפּעס פאַרטרויט דער טאַנטע עליזע? דערזעענדיק גרעטאַן גייענדיק צו אים האָט ער איר אַנטקעגנגעקוקט מיט דער פראַגע אין די אויגן: האָסטו פאַרטרויט?

גרעטאַ האָט אויף דער פראַגע געענטפערט: מייבל קומט באַלד אַריבער, זי מוז דיך זען, האָט זי געזאָגט. פון איר שטימע אין טע־לעפאָן האָב איך אַרויסגענומען אַז ס׳איז עפּעס צרות ביי איר. ס׳טוט מיר לייד וואָס איך האָב אייך דאָ געלאָזט וואַרטן אַזוי לאַנג, — האָט זי זיך געווענדעט שוין צו לעראַיען.

— אה, מיר האָבן דאָ גוט פאַרבראַכט, אַלענפאַלס האָב איך גוט פאַרבראַכט, גערעדט מיט אייער פאָטער און אַ סך געלערנט פון אים.

דאָס האָט אויסגענומען, זייער אויסגענומען אי ביים פאָטער, אי ביי דער טאָכטער.

— איך בין זייער צופרידן, האָט גרעטאַ געענטפערט, און שטי־לערהייד האָט זי געזאָגט — ס׳טוט מיר לייד, היינט קען איך ניט גיין. מייבל, מיינע אַ פריינדין, קומט אַריבער, כ׳מוז דאָ זיין.

— איר מוזט, מוזט איר.

— איך מוז ווירקליך. איר פאַרשטייט, זי האָט עפּעס צרות . . .

לעראַי האָט מעשה זשענטלמאַן ניט נאָר ניט געפרעגט וואָס פאַר צרות, ער האָט פאַרשטאַנען אַז ער איז איצט אַן איבעריקער און גע־מאַכט אַ באַוועגונג ווי זיך אויפצוהויבן, נעמען גיין אַהיים. — אָבער מיר קענען אַרויסגיין מיטוואָך, — האָט גרעטאַ ווי טרייסטנדיק אים אַ זאָג געטון.

— מיטוואָך? מיטוואָך קען א י ך ניט.

וואָס איז דאָס? גלויבט ער איר ניט? שפּילט מיט איר אין ברוגזלעך? צולהכעיסן? זי קען ניט גיין היינט, קען ער ניט גיין מיטוואָך? אָבער זי קען דאָך טאָקע ניט, און ער . . . יעדעס מאָל וואָס זי האָט געוואָלט גיין איז ער געווען גרייט, און מיט אַמאָל . . . זי האָט אים האַלט דעם בחור אָבער צייטנווייז האָט זי אים אויך פּשוט פיינט פאַר זיין וועלן זיין דער שטאַרקערער, ד ע ר שטאַרקער. — וואָס זשע מייבל קומט צו אייך מיטוואָך? — האָט זי כלומרשט שפּאַסיק אַ זאָג געטון.

אייפערזיכטיק? האָט לעראַי אַ טראַכט געטון מיט צופרידנ־קייט, די מינע אויף איר פּנים האָט אָבער דערציילט ניט פון אייפער־זוכט. זי גלויבט אים ניט. גיי דערצייל איר וואָס פאַר אַ „מייבל“ ס׳קומט צו אים מיטוואָך. אָט דער נאַרישער סדר. ער האָט ניט געוואָלט צוזאָגן קומען, אָבער די מאַמע האָט זיך אַנגעזעצט, געוויינט

פשוט, דער טאַטע איז קראַנק, האָט ער צוגעזאָגט, מוז קומען. און אפשר ניט גיין. גיין מיט איר? — איר גלויבט מיר ניט? — האָט ער פאַרדראָסיק אַ פרעג געטון.

— איז דאָ אַן אורזאַך פאַרוואָס איך זאָל אייך ניט גלויבן?

אַ מענטש שטעלט עס אַוועק אַ פראַגע! אַ ביין אין האַלז אין דער ברייט. זי וואָלט גאָר געקענט זיין דער ריכטער.

— ניין, ער ווייסט קיין אורזאַך פאַרוואָס זי זאָל אים ניט גלויבן, אָבער ער ווייסט יאָ איין אורזאַך פאַרוואָס זי זאָל אים יאָ גלויבן.

זי האָט געקוקט אויף אים און דער קוק האָט געמאָנט: אדרבא, זאָג. איך וועל דיר גלויבן, נאָר זאָג.

— מיטוואָך אָוונט איז פסח, דאַרף איך גיין צו אַ סדר.

— אַ וואָס?

— אַ סדר. ווייסט ניט וואָס אַ סדר איז? איר ווייסט וואָס פסח איז?

— יאָ, איך ווייס, פסח, דאָס איז דער אידישער איסטער, ניין?

— נו יאָ, עפּעס אַזוינס.

— אָבער אַ סדר, וואָס איז דאָס? ווי זעט עס אויס?

— נו, עס איז אַ . . . עס איז אַ וועטשערע, אָבער ניט אַ געוויינ־ליכע וועטשערע, איר ווייסט׳אָך, די אַלטע לייט זאָגן עפּעס תפלות, מ׳טרינקט וויין, מ׳עסט, און מיינע אַלטע האָבן שוין אַזאַ מנהג אַז פסח צום סדר מוזן אַלע קינדער, די גאַנצע פאַמיליע זיין צוזאַמען. עס איז אַ מין פאַמיליען אנגעלעגנהייט.

— אה! איך וואָלט אַזוי געוואָלט בייוואוינען אַזאַ סדר! קען איך מיטגיין מיט אייך?

די פראַגע, דער קוק — ממש אַ דערקלערונג אין ליבע. קען איך זיין איינע פון דער פאַמיליע? האָט זי דאָך ממש געפרעגט. לעראַי וואָלט באַדאַרפט זיין גליקליך, אַנכאַפּן די אויסגעשטרעקטע האַנט, אַ צי טון צו זיך, אָבער דער געדאַנק אַז ער דאַרף גרעטאַן אַרויפברייננגען צו זיינע עלטערן אין הויז, דער טאַטע, אַפילו די מאַמע, היינט די ברי־דער . . . ווי קען ער דאָס? — געוויס, — ענטפערט ער, — איך פאַר־זיכער אייך אַז איר וועט זיין זייער אַן אנגעלייגטער גאַסט, אָבער איך בין ניט אַזוי זיכער אויב עס וועט אייך געפעלן ווערן. איר פאַרשטייט, דאָס איז אַ מין רעליגיעזע צערעמאָניע.

— איז עס, פאַ? — האָט זי מיט אַמאָל זיך געווענדעט צו איר פאָטער וואָס האָט די גאַנצע צייט פון זייער שטילן געשפּרעך אַזוי ווי זיך באַזייטיקט. — ווייסטו וואָס אַ סדר איז?

— אודאי ווייס איך. דער זעליקער פאָטער — אַ קוק אויפן בילד — פלעגט פראַווען אַ סדר, אַלע קינדער, די גאַנצע פאַמיליע האָט גע־מוזט זיין ביים סדר. עס איז געווען זייער שיין. ווי דער זעליקער פאָטער איז געשטאָרבן האָט עס אויפגעהערט, אָבער איך געדיינק עס זייער גוט, איך האָב עס ליב געהאַט, די מצות, די פיש . . . פאַרוואָס פרעגסטו עס?

— הערסט'אַך, מר. טשייס האָט אַ סדר ביי זיינע עלטערן.

— אַזוי? — האָט ריכטער לעווי אַ פרעג געטון מיט אינטערעס. הייסט עס, זיינע עלטערן זיינען פרומע אידן. אויך גוט.

— וואָלסטו עפּעס געהאַט אויסצוזעצן קעגן דעם איך זאָל גיין צו דעם סדר, בלויז זען ווי דאָס קוקט אויס?

— נו, — האָט דער ריכטער געצויגן, — איך האָב גאָרניט קעגן, אָבער . . . ביסטו זיכער אַז מר. טשייס האָט גאָרניט קעגן? פאַר־שטייסט, אַ סדר, דאָס איז אַ מין פאַמיליען אנגעלעגנהייט . . .

— אה, ניין! איך האָב גאָרניט קעגן, — האָט מר. טשייס איי־פערדיק פאַרזיכערט דעם ריכטער לעווי, — אדרבא, עס וואָלט פאַר מיר געווען אַ גרויסער כבוד, איך . . .

— און דו, גרעטכען, ווילסט טאַקע גיין? — האָט דער טאַטע געפרעגט מיט אַ טרויעריקער צאַרטליכקייט. דער טרויעריקער היב־טערטאָן האָט געפרעגט: וואָס־זשע, אַזוי ווייט האָלט עס שוין אַז דו ווילסט שוין טאַקע ווערן איינע פון ז י י ן פאַמיליע?

— איך וואָלט אַזוי געוואָלט!

גרעטאַ, גרעטכען וויל, איר פאָטער שטימט צו, וואָס קען לעראָי טשייס טון אויב ניט געבן נאָכאַמאָל אַ פייערליכע איינלאַדונג? ער האָט זיך געשאָלטן פאַר אַרויסברייינגען דאָס וואָרט סדר. וואָלט זי ניט געגלויבט, וואָלט זי געווען ברוגז, זי וואָלט זיך איבערגעבעטן. איצט דאַרף ער זי נעמען צו אָט דעם פאַרדאַמטן סדר. פאַרדאַמט זאָל עס ווערן. די קללות האָט גרעטאַ ניט געהערט. זי האָט שוין גענומען פרעגן וואָס זאָל זי אָנטון, וואָס דאַרף מען אָנטון? ווען דאַרף מען קומען? און לעראָי טשייס האָט געמוזט איר געבן אַן עצה וועלכע

קלייד איז פּאַסיקער. ער האָט איר צוגעזאָגט ער וועט קומען זי נעמען, און ער האָט געזען גרעטאַ איז געווען צופרידן, זי איז אַזש פריילעך געוואָרן, אַ קינד האָט אויסגעפּירט אירס, וועט גיין . . . ריכטער לעווי האָט אויך צופרידן געשמייכלט: זאָל זי גיין די טאָכטער זיינע, זאָל זי זען זיינע טאַטע מאַמע, זיין משפּחה. אפשר אַז זי'ט זיי זען וועט זי אָפּגעקילט ווערן. ניט איין חתן האָט אָפּגעלאָזט דעם שידוך נאָכדעם ווי ער האָט דערזען זיין צוקונפטיקע שוויגער, דערזען אַז זיין געליבטע איז די שוויגער אין פּאַטענץ . . . ניט ווייל ער וויל דוקא זי זאָל אָפּגעקילט ווערן, אָבער עס קען דאָך פּאַסירן. זאָל זי זען. זי איז יונג, אָבער האָט אַ גוטן גראַדן שכל און אַ געזונטן אינסטינקט.

טאַטע און טאָכטער זיינען געווען צופרידן. אַן אומצופרידענער איז לעראָי אַוועקגעגאַנגען. דער רוח האָט אים אָנגעטראָגן זיך אַרויס־ריידן. אָבער פאַרפאַלן, מוזן איבערקומען. ער'ט לאַנג ניט זיצן, וועט ניט אויסזיצן דעם גאַנצן סדר, בלויז יוצא זיין . . .

(30)

לעראָי טשייס, עפּענענדיק די טיר פאַר גרעטאַן, אַריינלאָזנדיק זי צו זיינע עלטערן אין הויז, האָט אויך אַריינגעלאָזט אַ שווערע, קאַל־טע, שוויגנדיקע לופט וואָס האָט אַרויסגעשטויסן די וואַרימע, היימי־שע לופט. רייד, קלאַנגען זיינען מיט אַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן, געבליבן הייגען אין דער שטייענדיקער לופט. אָנגעלאָדענע שטיל־קייט, און אין דער שטילקייט האָט זיך אַריינגעשטאָכן דער בוקעט בלומען אין לעראָיס האַנט. מאַרגאַרעט לעווי האָט אויפגעריסן די אויגן פון דער כאַזאַנאָוויטש פאַמיליע: ווער איז זי? דער בוקעט בלומען האָט געריסן די אויגן: וואָס איז דאָס? ווען לעראָי, בוקעט בלומען אין האַנט, איז באַלד צוגעגאַנגען צו דער מאַמע, זי אַ קוש גע־טון, האָט שלום אַ לייג געטון די האַנט צו זיין מויל איינצוהאַלטן דעם געלעכטער וואָס האָט זיך געריסן, חיים האָט פאַרשעמט אָפּגעקערט די אויגן — ער זעט גאַרניט, ברוך מיט זיין ווייב ווי אויך עטל האָבן גע־שלונגען מיט די אויגן מאַרגאַרעט לעווי.

— מיין מוטער, מיין פאָטער, מיינע ברידער, מיינע שוועגערינס — מיס לעווי, — האָט לעראָי פאַרגעשטעלט און גענומען זוכן אַ פּלאַץ פאַר די בלומען. די מאַמע האָט צוגענומען דעם בוקעט. די שטייענ־

דיקע לופט האָט זיך גענומען באַוועגן, וויגן. לעראַי האָט אַרונטער־ גענומען די פעלערינע פון גרעטאַן, אַנטבלויזנדיק איר האַלז, די טיף דעקאָלטירטע סאַמעטענע קלייד. בערנאַרד האָט שוין סודותדיק דער־ ציילט זיין ווייב אַז דאָס איז ריכטער לעוויס טאָכטער, און דער „סוד״, געהערט פון אַלעמען, האָט אויף דאָס ניי אויפגעריסן די אויגן אַ קוק טון שוין ניט אויף מאַרגאַרעטן, נאָר אויף ריכטער לעוויס טאָכטער.

היטנדיק גרעטאָס טריט אָט ווי זי וואָלט געגאַנגען פּאַמעליך מיט גליטשערס אויף די פיס אויף גלאַנציקן אייז, האָט לעראַי זי צוגעפירט צום טיש, זי אַוועקגעזעצט. זיצנדיק שוין האָט ער נאָך אַ וואָרף גע־ טון אַ קוק צי זיצט ער, צי זיצט גרעטאַ אויף אַ זיכערן פּלאַץ. גרעטאַ זיצט פּונקט קעגנאיבער שלומען. מילא, פאַרפאַלן, אָבער ער׳ט אַכ־ טונג געבן. זייער אַוועקזעצן זיך אַ מין סיגנאַל אָנצוהויבן דעם סדר. ער האָט זיך אָנגעהויבן.

אויגן פאַרמאַכט, די כוסה אויפן האַנט ווי אויף אַן איידעלער וואָגשאַל, האָט דוד געמאַכט קדוש. די פאַרמאַכטע אויגן, דאָס לייגנ־ ליך, געלבליך פּנים מיט דעם אַרומגעשאָרענעם בערדל, די אויסגע־ שטרעקטע האַנט וואָס האָט אָפט לייכט אַ ציטער געטון האָט געווירקט אומהיימליך, זיין שטימע, אַ ווייכע, אַ וואַרימע, האָט געגלעט דעם אויער, אָבער אויך אין דער שטימע האָט זיך געהערט אַ מאָדנער צי־ טער. — . . . ותתן לנו . . . מועדים לשמחה . . . — האָט געזונגען דוד כאַזאַנאָוויטש, געפילט האָט זיך אַז אים איז גאָרניט אַזוי פרייליך. דעם כוס האָט ער בלויז צוגעטראָגן צו די ליפּן. די ווייבער האָבן אויך בלויז פאַרזוכט דעם ווין. לעראַי האָט מיט די אויגן געוואָרנט גרעטאַן: טרינק ניט אָט די משקה, זעסט? טו ווי איך, צוגעטראָגן צו די ליפּן, יוצא. דער איינציקער וואָס האָט זיך געלאָזט וואוילגיין מיט זיין כוס איז געווען שלום. ער האָט אויך צוגעטראָגן דעם כוס צו די ליפּן, פאַרזוכט. די זיסקייט, דער בייסיקער נאָכטעם פון דעם יונגן מוסקאַטעל, דער ווידערווילן צו אָט דעם סאָרט ווין האָט אויפגע־ טויכט — אַן עראינערונג וואו ער האָט געטרונקען דעם ווין, נאָכדעם געבראָכן. ניו יאָרק. גריניטש ווילעדזש. געבלאָפטע באָהעמיע . . . סאָפיע . . . די ליפּן, קוים געעפנטע האָבן געצויגן פּאַמעליך דעם ווין, אויף צו להכעיס זיך, צו להכעיס ניו יאָרק. סאָפיע? גייט זי צום טייוול. עוועלין. כלומרשט אין שפּאַס האָט ער זי אַ פרעג געטון

אפשר וואָלט זי געגאַנגען צום סדר מיט אים. — אַ סדר? — נו יאָ, אַ סדר, וואָס קוקט זי אַזוי? דער טאַטע זיינער פראַוועט יעדעס יאָר אַ סדר. אַ פאַמיליען סדר.

— וואו קום איך אַהינצו?

אַט ווי זי וואָלט שוין גאָר קיין שייכות ניט געהאַט מיט אים. זי זעט אַז איר שטויס איז געווען צו שטאַרק, טוט זי אַ פיר מיט דער האַנט איבער זיינע האָר, פאַרקוקט אים אין די אויגן: דו ווייסט אַז איך בין ניט פאַרליבט אין דיין ברודער. דער קוק דערביי זאָגט: דיך האָב איך יאָ ליב, ווייסט׳אַך . . .

— אסור, אויב איך האָב אויף דיר פאראיבל דערפאַר, — ענט־פערט ער שוין לאכנדיק.

— ווערסט שוין אַליין האָבן דעם פאַרגניגן צו זיצן מיט אים ביים סדר. די אַלע פאַמיליען אנגעלעגנהייטן . . . ניט פאַר מיר. קענסט טרינקען מיין כוס.

די ליפּן האָבן אויסגעזויגן דעם גאַנצן ווייַן פון דער כוסה. די אויגן האָבן פאַרוואונדערט געקוקט אויפן ליידיקן גלעזל: אויסגע־טרונקען אינגאַנצן? ניט קיין גוטער ווייַן, אָבער ער וואָלט געטרונ־קען נאָך, ער וואָלט געטרונקען . . . די אויגן טוען אַ שפּרונג צום פלעשל, שפּרינגען אָפּ צוריק און הויבן אָן בלאָנזען איבער די פּנימער.

דוד כאזאנאָוויטש האָט יעדן יאָר געפראַוועט אַ סדר. דאָס איז ניט נאָר געווען אַ פאַמיליען אנגעלעגנהייט צו האָבן אַלע קינדער, די משפחה ביים טיש, דאָס איז אויך געווען פאַר אים אַ מין באַווייז אַז זיינע קינדער זיינען נאָך אידן. די קינדער זיינע. ער האָט זיי גע־פּרואווט נעמען אין שול אַריין. דער אינגסטער האָט נאָך אפילו גע־האַט זיין בר מצוה אין שול, אָבער געגאַנגען אַהין איז ער ניט, ניט ער, ניט די אַנדערע. די עלטערע האָבן געאַרבעט אום שבת, דער אינגסטער? . . . האָט זיך אַפילו געשעמט צו גיין מיט זיין טאַטן. אַ ראש השנה צי אַ יום כפור האָט ער נאָך ווי עס איז פאַרשלעפּט איינעם אָדער צוויי, שפּעטער איז שוין יום כפור אויך געוואָרן ביי זיי גאָרניט. פון פאַסטן איז אָפּגערעדט. דערפאַר אָבער צום סדר . . . אודאי, עסן, טרינקען, אָבער זיי זיצן פאַרט ביי זיין טיש, זאָגן זאָגן זיי ניט, הערן זיי כאַטש ווי ער זאָגט די הגדה. זייער זיצן ביי די אָפענע הגדות און זייער ניט זאָגן האָט ממש אים אונטערגעטריבן: גיכער, גיכער, זאָג

שוין אָפּ, און דאָס שטומע טרייבן האָט אים געצוואונגען צו זאָגן גי־ כער. דאָס יאָר האָט דוד אָבער ווי ניט געזען די בייזיצער ביים טיש, ער האָט געזאָגט די הגדה מיט אַ העכערן טאָן, ניט געאיילט, אדרבא, ער האָט זיך שיר ניט געציקלט. אין דעם געזאַנג האָט זיך אָפּט אריינ־ געכאַפּט אַ „אוי“, אָבער דער אוי האָט אויך געקלונגען זיס. זיסער ווייטיק.

דער טאַטע איז קראַנק, האָבן שלומס אויגן געזען דעם אָוונט קלאָרער ווי ווען עס איז פריער. די מאַמע אַלט געוואָרן. חיים גע־ וואָרן אַזוי געזעצט, באַלעבאַטיש, ערנסט. עטל געוואָרן מאַמיש — צוויי קינדער שוין. גוט וואָס צו עוועלינען האָט זיך גאָרניט „צוגע־ קלעפּט“, גוט וואָס מ׳וואוינט נאָך באַזונדער, זי מיט איר מאַמע, ער ביי זיין מאַמע, זיין טאַטע. מאַמע, טאַטע, ברידער. וואָס האָט ער צו טון מיט זיי? וואָס פאַר אַ שייכות האָט ער מיט ברוכן, מיט זיין באַלעבאָס בערנאַרד טשייס פון דער איי. בי. סי. דרעס קאָמפּאַניע? אָדער גאָר מיט מלכן, מיט זיין ברודער לעראָי טשייס? וואו האָט ער עס געכאַפּט די פּריצטע? אַ קלייד דאָס האָט אָנגעטון! גערדיינקט מסתם זי גייט אין אָפּערא. און ער — אַ קוש געטון די מאַמע. קאָמיש. סנאָב. געזען אין די מואוויס טוט ער נאָך. מאַלפּע. אַ קליינער צוויי־יאָריקער מלכקע גיט אַ שפּרונג אַרויס, אַ מלכקע מיט אַ וואַרא־ טשיקל וואָס שטעקט אַרויס, מיט אַ סטרעמפּל וואָס ציט זיך פאַמעליך פון נאָז, באַלד פאַרשווינדט דער מלכקע, און פאַר די אויגן זעט ער לעראָי טשייס. ווי ער זיצט עס אַזוי אָנגעצויגן, ערנסט. דער מענטש איז אַ בלאָף, איין גרויסער בלאָף. שלום דערפילט אַ דרינגענדן פאַר־ לאַנג אַריינצושרייען זיין ברודער אין פּנים: בלאָף! בלאָף! געבראַכט בלומען, אַ קוש געטון די מאַמע. דאָס האָט ער געשפּילט טעאַטער פאַר איר, פאַר דער פּריצטע. ער וויל זי גוט באַטראַכטן אָט די פּריצ־ טע. זיין בליק געגנט אָן אירן. אַזאַ שמייכלענדיקער בליק. וואָס? זי פילט אויך דעם בלאָף, דעם אָנשטעל? ווער איז זי? ריכטער לע־ וויס טאָכטער? אים דוכט ער האָט זי אַמאָל ערגעץ געזען. וואו האָט ער זי געקענט זען? פרעגן זי. האָב איך אייך ניט געזען ערגעץ? ניין, אַזוי באַנאַל וועט ער ניט זיין, ער וועט אָט די פראַגע ניט פרעגן. אָבער ער האָט זי פאָרט געזען. וואַרט, וואו האָט ער זי געקענט זען? אויפן קעמפּוס! ער קען זיך קוים דערוואַרטן ביז דער טאַטע וועט

פאַרטיק מיט זיין זאַגעכץ, און אַזוי שנעל ווי די מאַמע הויבט זיך אויף פון טיש, דערלאַנגען עסן, טוט ער אַ פרעג: זייט איר געווען אַ וועס־טערן רעזערוו סטודענט?

— יאַ, וואָסי?

— איך האָב אָבער געדיינקט אַז איך האָב אייך דאָרטן געזען.

— וואָס־זשע, איר זייט אויך אַ וועסטערן רעזערווער? — פרעגט זי אויפגעלעבט, עס הייסט — געפונען מיין גלייכן.

וואָס מיינט זי, וואָס? ער באַרימט זיך מיט זיין אוניווערסי־טעט פאַר איר? — געווען, — ענטפערט ער, — אָבער זיי האָבן מיך אַרויסגעטריבן. — אָט ווי ער וואָלט איר געזאָגט: זעסטו? טאַקע אַ אוניווערסיטעט, אָבער אַרויסגעטריבן פון דאָרט, ווי געפעלט עס דיר?

— אַרויסגעטריבן! פאַרוואָס?

גרעטאַס העכערער טאָן באַוועגט לעראַיען אַ דריי טון דעם קאָפּ. מיט איין אויג דערזעט ער ווי גרעטאַ קוקט אַזוי פאַראינטערעסירט צו שלומען. שלום כאַפּט אויף דעם זייטיקן קוק און אין אים דערוועקט זיך אַ פאַרלאַנג צו רייצן זיין ברודער.

— אה, איך האָב זיך פאַרליבט אין דעבסן און זיי איז ניט גע־פעלן געוואָרן דער שידוך.

— אין דעבסן? ווער איז דאָס?

— דעבס! ווייסט ניט ווער דעבס איז? דער סאָציאַליסט! זשין דעבס.

— אה, איר זייט אַ סאָציאַליסט?

— נו, ניט גענוי אַ סאָציאַליסט . . .

— אַ קאָמוניסט?

— ניט גענוי דאָס אויך . . .

— וואָס דען, אַן אַנאַרכיסט?

— עפּעס ענליכעס צו אַלע דריי, — ענטפערט שלום מיט אַ שמייכל.

— אייך זאָגן דעם אמת, — שמייכלט גרעטאַ, — געהערט עפּעס וועגן סאָציאַליזם, קאָמוניזם, אַנאַרכיזם, אָבער אסור מיר אויב איך ווייס דעם אונטערשייד. ווייסט איר?

די מאַמע האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסן פּאַלומיסעק פיש, אים קוים געהאַלטן אויף די אויסגעשטרעקטע הענט און פאַרווירט געקוקט

וואו אים אַוועקצושטעלן — די בלומען וואָס מלך האָט געבראַכט און זי אַליין האָט אַוועקגעשטעלט אינמיטן טיש האָבן אַרויסגעסטאַר־טשעט, ממש אַ בוים אַ גאַנצער און ניט געלאָזט דעם פּאַלומיסעק זיך אַרונטערלאָזן אויפן טיש. עטל האָט אויך פאַרווירט אַ קוק געטון אויפן טיש, חיים, כאַפּנדיק איר בליק, האָט אַ קוק געטון אויף דער מאַמע, אויף די בלומען, האָט זיך עטוואָס אונטערגעהויבן, אַ נעם געט־טון די וואַזע מיט בלומען און זי אַוועקגעטראָגן צום בופעט, דאָרט אַוועקגעשטעלט.

שלום האָט באַמערקט חיימס באַוועגונג, גלייך אַריבערגעטראָגן דעם קוק אויף מלכן און, זעענדיק ווי יענער זידט שטילערהייד פון כעס וואָס מ׳באַגייט זיך אַזוי ניט העפליך מיט זיינע בלומען, האָט אים נאָך אָנגעכאַפּט אַ שטאַרקערער געפיל צו רייצן זיין ברודער.

— נו, דאָ אַן אונטערשייד, — האָט ער מיט אַ שמייכל געזאָגט. — האָט איר אַמאָל געזען דעם סאָציאַליסטישן עמבלעם? די סאָציאַ־ליסטן טראָגן אַ פּאַקעל — דאָס ווילן זיי אונטערצינדן די וועלט; די אַנאַרכיסטן, ווייסט איר דאָך מסתם, טראָגן באָמבעס, דאָס ווילן זיי אויפרייסן די וועלט, און די קאָמוניסטן, זיי האָבן אַ סערפּ מיט אַ האַ־מער, מיטן סערפּ ווילן זיי אָפּהאַקן די קעפּ, מיטן האַמער פאַרקלאַפּן די טרונעס. איצט קענט איר זיך אויסקלייבן וואָס איר ווילט.

— איך קלייב אויס . . . אַ שטיקל געפילטע פיש . . .

איר שמייכל, איר אַרט אַרויסרעדן „געפילטע פיש" האָט אים דערמאָנט אַן גוים וואָס רעדן אַרויס די ווערטער געגוי אַזוי, אין דעם אַרט אַרויסריידן אַ מין ביליק מאַכן דעם אידן. — אַ גוטער אויסוואַל, — ענטפערט ער, — אַלע גוים האָבן ליב געפילטע פיש. דאָס איז אונזער . . . ווי זאָל איך עס זאָגן . . . ווען איך וואָלט געווען אַ קאַפּי־טאַן פון אַ אידישער נייווי וואָלט איך אַלס עמבלעם געהאַט אַ פאָן מיט אַ געפילטן פיש.

— עס איז געשמאַק, אַ מחיה! — האָט זי זיך ממש באַלעקט.

— מיין מוטער איז אַ ספּעציאַליסט אויף מאַכן געפילטע פיש, — האָט לעראָי זיך אַריינגעמישט, שטאָלצירנדיק כאָטש דערמיט וואָס זיין מוטער מאַכט גוטע פיש און געוואָלט דערווייל זי אָפּציען פון איר געשפּרעך מיט שלומען. שלום האָט זיך אָבער ניט געלאָזט אָפּציען. ער האָט געזופּט נאָך אַ גלעזל וויין, געזופּט מיטן שמייכל פון אַ

מענטשן וואָס פילט אַז דער וויין גייט אים אין קאָפּ אָבער טראַכט זיך: זאָל ער גיין, מיר איז גוט אַזוי, איך וויל טרינקען. ריידן, אים אויף צו להכעיס. — איר׳ט זיין איבערראַשט, — ווענדעט ער זיך צו גרעטאַן, — אַז אויך געפילטע פיש איז דאָ דרייערליי — אוקראַאיני־שע, אַט ווי מיין מאַמע מאַכט זיי, ליטווישע — מאָגערע, און פּוילישע — זיסע.

— ווירקליך?

— איך אַליין האָב ניט געוואוסט דערפון ביז דאָ ניט לאַנג. אַלע מאָל געעסן פיש ווי מיין מאַמע האָט זיי געקאָכט, מיט פעפער, זאַלץ, ערשט אין ניו יאָרק, כ׳קום אַריין אין אַ הויז, מ׳דערלאַנגט מיר פיש און זיי זיינען זיס. און זיי זיינען גאַנץ געשמאַק.

— זייט איר געווען אין ניו יאָרק? — פרעגט גרעטאַ, קענטיק מער פאַראינטערעסירט אין ניו יאָרק ווי אין פיש.

— יאָ, געווען דאָרט אַ קורץ שטיקל צייט.

— אַ פיינע שטאָט, ניין?

— נו, מיר געפעלט ניו יאָרק ניט אַזוי שטאַרק.

— ווירקליך? מיר געפעלט ניו יאָרק!

— מיר געפעלט קליוולאַנד בעסער. די קליוולאַנדער מיידלעך זיינען שענער ווי די ניו יאָרקער, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שעל־מישן שמייכל.

— הערט, הערט! — האָט זי זיך אַ ווענד געטון צו לעראַיען. — געהערט וואָס ער האָט געזאָגט? די קליוולאַנדער מיידלעך, זאָגט ער, זיינען שענער ווי די ניו יאָרקער.

וואָס איז ער אויסן, אַט דער . . . פּרוּווט ער עס פלירטן מיט גרעטאַן? אַט דער . . . פירנדיק זי צום סדר, האָט לעראַי מער ווי אַלץ געציטערט טאָמער וועט עמיצער פון זיין משפּחה פרוּוון פאַר־פירן אַ געשפּרעך מיט איר. חיים — ניט געפערליך, יענער איז אַ באַמאַז, וועט ניט עפענען אַ מויל, שלום אויך אַ טויגעניכטס, ווייסט אַפילו ניט ווי אָנצוהויבן אַ געשפּרעך מיט אַ מיידל, געציטערט האָט ער פאַר בערנאַרדן, יענער קען נאָך פּרוּוון זיינע פּיפּיקע שטיק, אים קען זיך דוכטן דאָס רעדט ער, דער פאַרקויפער, צו אַ קליידל קויפערין. ער האָט גאָרניט קעגן בערנאַרדן, ער איז אַ גוטער געשעפטס מאַן און קיין נאַר איז ער אויך ניט, אָבער רעדן מיט גרעטאַן? די וואולגאַרי־

טעט פונם פאַרקויפער וועט אַרויסשפּרינגען. דאָס מוז ער פאַרהיטן. דאָס האָט ער פאַרהיט. געקומען אומישנע שפּעט, זיך באַלד געזעצט צום טיש, ערשט דער האָט גאָר געקראָגן לשון. וואָס איז געשען מיט אים? איז ער שיכור?

— הערט זיך ניט צו צו אים, — זאָגט לעראַי מעשה ספּאָרט, מיט אַ שפּאַסיקן שמייכל, — דער בחור איז אַ פּ אָ ע ט , און אַ פּאָעט, ווייסט איר דאָך . . .

פאַרדאַמט זאָל ער ווערן. וועט ער ניט אויפהערן ריידן, שמייכלען צו איר . . . ?

— זייט איר אַ פּאָעט? — טוט גרעטאַ שאַרף אַ הויב דעם קאָפּ אָט ווי זי וואָלט מיט אַמאָל דערזען אַן אַנדער שלום.

— נו . . . צעגערט שלום. אונטער גרעטאַס קוק, פילט ער, ער רויטלט זיך, אים איז אַנגענעם צו הערן דאָס וואָרט, אַנגענעם צו פילן איר קוק וואָס איז גרייט צו באַוואונדערן, אָבער דער אויער האָט דייטליך געהערט ווי ד ע ר ב ר ו ד ע ר האָט עס אַרויסגערעדט. דעם ברודערס טאָן — אַ שאַרפער לימענע זאַפט אַריינגעשפּריצט אין אַ גלאָז טיי, די טיי בלייבט זיך מאָמענטאַל. שלומס פּנים וואָס האָט זיך נאָר וואָס גערויטלט פון אַנגענעמער פאַרשעמטקייט בלייבט זיך אויס. — אויב אַ פּאָעט מיינט אַ שלימזל וואָס האָט ניט געקענט זיך אַרויפאַרבעטן, ווערן אַ גוטער דאָקטאָר אָדער אַ שלעכטער אַדוואָקאַט, דאַן בין איך אַ פּאָעט . . .

נאַ, מיין טייערער ברודער, אָט האָסטו דיר דיינס פאַר וועלן מיך דערנידעריקן ביי איר אין די אויגן.

— איך מיין, איר שרייבט לידער? — לאָזט זיך גרעטאַ ניט אַריינציען אין דער הינטערטאַניקער קריגעריי צווישן די ברידער.

— אַמאָל פלעג איך זיך פאַרנעמען מיט אָט די נאַרישקייטן, — ענטפערט ער אומעטיק.

שלום האָט זיך פאַרנומען מיט די „נאַרישקייטן“ איצט נאָך מער ווי פריער. זיין שרייבערישע קאַריערע, האָט ער געוואוסט, איז גע־ענדיקט, ער איז אַ בוכהאַלטער, וועט שוין אַזוי אויסרייבן זיין הינטן זיצנדיק ביי די ביכער, קראַצנדיק ציפערן, אָבער טאַקע אָט די גע־שעפטס ביכער מיט די דיקע טאָוולען האָבן אים געשטויסן אַלץ שטאַר־קער צו די דינע ביכלעך, די לידער ביכלעך, און נאָך מער צו די נאָך

דינערע בלעטלעך פּאַפּיר, צום שרייבן לידער. אָט די פאַרשריבענע בלעטלעך פּאַפּיר זיינען געוואָרן אַ מין פאַרבאַהאַלטענע זינד און טאַקע דערפאַר שיר ניט אַ קדש הקדשים, אַפילו עוועלינען האָט ער נאָך ניט געוויזן קיין איין ליד, כאָטש געוואָלט האָט זיך עס אים זייער שטאַרק. איצט קומט צוגיין אָט דער אַ כאַם, אָט די אַ . . .

זי האָט געהאַלטן דעם שאַרף פון דער לעפל אויף אַ קניידל און זיך געישובט: איינשניידן? מיט אַ ווינקל פון אויג געפרעגט לעראַיען: וואָס זאָגסטו? וואָס איז עס? לעראַי האָט צוגענויגט דעם קאָפּ צו אירן. דער געריך פון אירע האָר, די נאָענטקייט פון איר פּנים, איר האַלז האָט געצופּט זיינע נאָזלעכער — זי אַ קוש טון, אַ קוש טון! און דאָס קניידל האָט געסטאַרטשעט פאַר די אויגן, זיך אָוועקגעלייגט צווישן אירע און זיינע האַלב געעפנטע ליפּן. אין אַ געפּליסטער האָט ער איר דערקלערט וואָס אָט דער באַלעם — קניידל רופט מען עס — איז. שלום האָט דערזען זייערע פּנימער, באַנומען: דאָס גיט זיין ברוד־דער איר אַ לעקציע איבער קניידלעך, און אין זיך זיי ביידן געשיקט צום טייוול. כאַפּט זיי אַ שוואַרץ יאָר, כאַפּט עס אַלעס אַ . . .

לעראַי האָט שאַרף אַ קער געטון זיין קאָפּ פון גרעטאַס, שלום האָט אַ שאַר געטון דאָס ביינקל פון הינטער זיך, בערנאַרד איז שוין געווען אויפגעשפּרונגען, חיים און די מאַמע האָבן געפירט דעם פאָטער אונטער די אָרעמס אין וואָש צימער . . . פון דאָרט אין שלאָף צימער.

— ס׳אי גאָרניט, סי גאָרניט. מיר ניט גוט געוואָרן. גייט עסן, גייט, קינדער, עסן. — האָט דוד כאַזאַנאָוויטש מיט אַ פאַרשולדיקטן שוואַכן קול געבעטן די קינדער. די קינדער האָבן זיך אַרויסגעשאַרט פון שלאָף צימער, נאָך זיי די מוטער.

— ניטאָ קיין טעלעפאָן? — האָט לעראַי אַ פרעג געטון מיט אַ טאָן פון: אָט באַרבאַרן! קיין טעלעפאָן אַפילו ניטאָ. — אויב אַזוי, — האָט ער צוגעגעבן, — וועל איך גיין רופן אַ דאָקטאָר. איך קען אַ גוטן דאָקטאָר, — האָט ער באַטאָנט, וואָרענענדיק אַזוי אַרום קיינער זאָל ניט וואָגן רופן חוץ אים, דערביי האָט ער שטיל אַ זאָג געטון גרע־טאַן זי זאָל גיין מיט אים.

— עס טוט מיר זייער לייד, — האָט זי גענומען ריידן שוין מיט דער פעלערינע אויף די אַקסל. דער „זייער לייד" האָט געקלונגען אַזוי נאַריש און האָט מיט אַמאָל אַרויסגעגעבן דעם סוד — לעראַי גייט

דאָס נאָכן דאָקטאָר כדי צו קענען אַנטלויפֿן, אַרויסכאַפּן „זיין אוצר פֿון פֿייער". זיי זיינען אַרויסגעגאַנגען אָן אַ „גוטע נאַכט".

— אפשר וועלן זיי נאָך קומען? — איז געהאַנגען איבערן טיש, איבער די טעלער יוך מיט קניידלעך.

— ווי פֿילט ער? — האָט בערנאַרד געפֿרעגט דער מאַמע.

— די קינדער שלאָפֿן? — האָט עטל געפֿרעגט חיימען. אירע קינדער זיינען געשלאָפֿן אויף דער צווייטער בעט אין דודס צימער.

— אַנטלאָפֿן! זיך אַרויסגעכאַפּט! — האָט שלום אַ טראַכט געטון וועגן דעם ברודער מיט זיין דאַמע. אַ שטשור איז דער ערשטער צו אַנטלויפֿן פֿון אַ זינקענדיקער שיף. די שיף זינקט. דער טאַטע איז קראַנק. זעט אויס אַ קאַנסער. פֿאַסקודנע.

— די יוך איז געוואָרן קאַלט, — האָט די מוטער באַדויערט די האַלב פֿולע טעלער, זיי אַרונטערגענומען פֿון טיש, די שניר האָבן איר שווייגנדיק געהאָלפֿן, אַריינגעבראַכט דאָס פֿלייש. מ'האָט געגעסן שווייגנדיק, אויערן אָנגעשטריינגט, אָנגעשפּיצט צו דער אָפֿענער טיר פֿון שלאָף צימער, צי הערט זיך אַ קרעכץ, אַ וואָרט, צו דער טיר פֿון גאַס, צי הערט זיך ניט קיין צופֿאָר פֿון אַן אויטאָמאָביל, קיין טריט.

דאָס גלעקל האָט אַ קלונג געטון, צעשפּליטערט דאָס אָנגעשטריינגטע שווייגן, וואַרטן. אַ גלעקל? אַ פֿרעמדער? בערנאַרד האָט ראַש אַן עפֿן געטון די טיר. דאָס קליינע רענצעלע אין האַנט האָט אַן ווערטער פֿאַרגעשטעלט: דאָס בין איך, דער דאָקטאָר.

ביים אַריינגיין צום חולה אין צימער האָט דער דאָקטאָר ווי געלאַזט הינטער זיך אַ שומר: גיב אַכטונג אויף די דאָ. און „זיי" האָבן ווי געפֿילט אַז עס איז דאָ אַ פֿרעמדער שומר, גערעדט ווינציק, און דאָס אויך אין אַ געפֿליסטער, זיי האָבן אָבער אויך געפֿילט אַז אַן אייגענער פֿעלט — לעראָי איז מיטן דאָקטאָר ניט צוריקגעקומען.

— אַזוי שנעל ווי דער דאָקטאָר קומט אַרויס גייט ער אויך אַהיים, — האָט באַשלאָסן בערנאַרד. — די בעסטע זאַך פֿאַרן טאַטן איז איצט רוען, — האָט ער זיך אַליין איבערצייגט.

— וואָס נעמט עס אַזוי לאַנג?

דער דאָקטאָר איז ענדליך אַרויסגעקומען. די מאַמע, אַט גייט זי באַגלייך מיט אים, אַט פֿאַרשטעלט זי אים דעם וועג, הערט וואָס ער

רעדט, טוט אַ קער דעם קאָפּ צו די קינדער, פרעגנדיק מיט די אויגן: איר הערט? איר פאַרשטייט וואָס ער זאָגט?

— דאָס בעסטע וואָלט געווען נעמען אין שפּיטאָל. מעגליך דאָס איז בלויז אַ צעוואונדעטער מאָגן. איכ׳ל אים פאַרשרייבן עפּעס איינצושטילן די ווייטיקן. — וואו שרייבט מען דאָ אָן אַ רעצעפּט? האָבן די אויגן אַ בלאָנזע געטון איבערן טיש, אָנגעשטעלט מיט טעלער. אָנגעשריבן דעם רעצעפּט, האָבן די אויגן געפרעגט: און באַצאָלן? אסתר כאזאנאָוויטש האָט גאָר פאַרגעסן וועגן געלט. צאָלן, זי האָט גאָר געוואָלט פרעגן און פרעגן, זיך דערוויסן וואָס איז פאַרט מיט איר דודן, וואָס זאָל זי טון, אפשר קאָמפּרעסן, אפשר . . .

דער דאָקטאָר איז שוין געווען אומגעדולדיק. — קיינע קאָמ־פּרעסן. ניט נויטיק. באַשטעלט די רפואה און זאָל ער עס נעמען רעגלמעסיק. — ער האָט אַ טרייסל געטון דאָס רענצעלע — אַ קאפּוליע אָנצוהערעניש: נו, באַצאָלט שוין, לאָמיך שוין גיין! אסתר האָט אָבער נאָך אַלץ געפרעגט וואָס דוד זאָל עסן, וואָס ער זאָל טרינקען.

— פאָרזיכטיק מיטן עסן. קיינע שאַרפע זאַכן. מ׳דאַרף אונ־טערזוכן. דאָס בעסטע וואָלט געווען אַ שפּיטאָל. — האָט דער דאָק־טאָר געוואָרפן ווערטער, און דער טאָן פון די ווערטער האָט געיאָגט: נו, באַצאָלט שוין, לאָמיך שוין גיין. די מאַמע איז אַנטשוויגן געוואָרן און די ברידער האָבן דערפילט ווי דער אומזיכטבאַרער שומר וועמען דער דאָקטאָר האָט געלאָזט ביים אַריינגיין צום חולה רוקט זיך אָן אויף זיי און באַפעלט: באַצאָלט און לאָזט אַרויס! — מ׳דאַרף אים באַצאָלן, — האָט בערנאַרד שטיל אַ זאָג געטון צו קיינעם און צו אַלעמען. די מוטער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג זיך לאָזן ערגעץ נאָך געלט. — האָסט דיין בייטל מיט זיך? — האָט בערנאַרד אַ פרעג געטון זיין פרוי. — איך האָב מיין ב י י ט ל ,— האָט סילוויע האַלב פאַרשעמט געענטפערט, אָבער . . .

— וויפיל איז זיין וויזיט? — האָט חיים אַ פרעג געטון און די האַנט האָט זיך געצויגן צו דער הויזן קעשענע. אַרויסגעצויגן אַ געלט פּאַפּירל, האָט בערנאַרד עס גלייך אַרויסגעכאַפּט, צוגעלאָפן צום דאָק־טאָר און מיט אַ שמייכל אַ פרעג געטון: וואָס איז אייער . . . וויזיט?

— צען דאָלאַר, — האָט דער דאָקטאָר שטיל און טרוקן אַ וואָרף געטון מיטן מויל, די אויגן האָבן אַ בליק געטון אויפן פּאַפּירל און

מיטן קוק עס שוין אויפגעכאַפּט: פּונקט דאָס ריכטיקע פּאַפּירל. גיב עס שוין, עס איז מיינס.

ווען דער דאָקטאָר איז אַרויסגעגאַנגען האָט חיים אַ קוק געטון אויף זיין ברודער: צוגענומען דאָס גאַנצע צענערל? האָבן די אויגן געפרעגט.

— ער איז אַ גוטער דאָקטאָר, — האָט בערנאַרד אַ זאָג געטון אין דער הויך, דערקלערנדיק אַזוי אַרום אַז עס האָט די ווערט דאָס צענערל. — ער איז איינער פון די בעסטע אין שטאָט, — האָט ער נאָך באַקרעפטיקט, און דערמיט ניט נאָר געוואָלט באַרואיקן חיימען נאָר אויך באַוואונדערן לעראַיען. יענער חברה מאַן קריגט דיר אַלע מאָל דאָס בעסטע. אַפילו אַ דאָקטאָר. און ער איז ניט צוריקגעקומען מיטן דאָקטאָר. נו, וואָס וואָלט ער אויפגעטון? ער וועט אויך גיין.

— מ׳דאַרף צוגיין אין אַפּטייק, — האָט די מאַמע אַ זאָג געטון.

— איכ׳ל צוגיין, — האָט שלום זיך אָנגערופן.

— ווילסט, וועל איך דיך צופירן. — האָט בערנאַרד פאַרגעלייגט זיין אויטאָמאָביל.

— ניט וויט. איכ׳ל צוגיין, — האָט שלום אומעטיק געענט־פערט. וויל אויך אַנטלויפן. אַלע ווילן אַנטלויפן. יענער אַנטלאָפן, דער שלאָגט פאַר זיין אויטאָמאָביל, עטל, האָט ער געזען, וואַרפט אומ־רואיקע בליקן צום שלאָף צימער, אירע קינדער דאָרט, זיי אַרויסכאַפּן, חיים פאָלגט נאָך אירע בליקן, און ער, שלום, ער וויל אויך, אויב ניט אַנטלויפן, איז אַרויסגיין. אויף דער פרישער לופט. דאָ שטיקט.

געקומען צוריק פון אַפּטייק האָט ער שוין קיינעם ניט געטראָפן, די מאַמע איז בלויז געזעסןביים פאָטערס בעט, געזעסן און געשוויגן.

— געבראַכט? — האָט זי זיך אויפגעכאַפּט פון איר שווייגן. דער טאַטע האָט אָן עפן געטון די אויגן. די פרישע לופט וואָס שלום האָט נאָר וואָס געהאַט אַריינגעבראַכט מיט זיך איז ווי אָפּגעשפּרונגען פון אים, ער האָט דערפילט אים איז מיט אַמאָל געוואָרן ענג אין האַלז, אַ שווייס האָט אים באַשלאָגן. ער איז אַרויס פון שלאָף צימער. דער ניט אָפּגעראַמטער טיש, די טעלער מיט שטיקלעך פלייש אויף זיי איז אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן — אַ שלאַכטפעלד נאָר וואָס נאָך אַ שלאַכט, די הרוגים ליגן נאָך, די לעבעדיקע צעלאָפן. האַלב אָנגעפילטע כוסות האָבן אויסגעזען באַליידיקט: זעסט? ניט אויסגעטרונקען.

דאָס געשליפענע פלעשל, האַלב אויסגעליידיקט, האָט געפינקלט קעגן דער ליכט, געוואונקען: נאָך דאָ ווייַן . . .

אַרויסקומענדיק פון שלאָף צימער, דערזעענדיק איר זון זיצט בײַם טיש, גלעט מיט איין פינגער דעם ראַנד פון אַ גלעזל ווייַן, איז די מאַ־מע געבליבן שטיין: טרינקסט גאָר? — האָט דאָס שטיין בלייבן אַ גע־שריי געטון.

— שלאָפט? — האָט שלום אַ פרעג געטון. ער האָט דערזען דער מאַמעס אויסדרוק אויפן פּנים. די האַנט לעבן דעם כמעט ליידיקן גלעזל האָט זיך אַ ריר געטון, איבערגעקערט דאָס גלעזל. ער האָט עס אַ כאַפּ געטון, אויפגעשטעלט, אַ קוק אויפן טישטוך, אויף דער מאַמע.

— סיי ווי פאַרגאָסן, — האָט די מאַמע אַ זאָג געטון און זיך גע־לאָזט אין קיך אַרייַן.

שלום איז געבליבן זיצן, די אויגן צום נאַסן פלעק אויפן טישטוך. דאָס האָט ער געמאַכט דעם פלעק, אויסגעגאָסן ווייַן. ווייַן, פליישׁ, טעלער, אַ סדר. אַ פאַמיליען סדר. — וואָס האָב א י ך דאָרט צו טון? — האָט געפרעגט עוועלין. און וואָס האָט ער דאָ צו טון? טאַטע, מאַמע, ברידער, פאַמיליע. פאַמיליע, משפּחה, שבט. אַמאָל, גאָר אַמאָל איז די משפּחה, דער שבט געווען איינס. איין שבט האָט זיך געשלאָגן מיטן צווייטן אָבער אין שבט, אין דער משפּחה זיינען אַלע געווען איינס. איצט אויס שבט. פעלקער, לענדער, אַ גרעסערע וועלט, דער קרייז אַ גרעסערער, אָבער אינם קרייז? שלומס פינגער האָט אַרומגעקרייזט דעם נאַסן ווייַן פלעק אויפן טישטוך, נאָכדעם האָט דער פינגער שוין געצייכנט אַ קרייז אויפן נאַסן פלעק גופא, אַ קרייז אין אַ קרייז, דאָס האָט געדאַרפט זייַן דער שבט, די משפּחה. ער האָט דערהערט, דערפילט דער מאַמעס טריט אָנקומען פון קיך, האָט ער אַ וויש געטון דעם פלעק. אָפּגעווישט. — צונעמען פון טיש, — האָט די מאַמע אַ זאָג געטון צו זיך אַליין און אָנגעהויבן אָפּראַמען. שלום האָט זיך אויפגעהויבן. — זאַמד! — האָט ער מיט אַמאָל אַ טראַכט געטון דאָס איינע וואָרט און גלייך האָבן זיך אַ שאָט געטון פאַר די אויגן זעמדעלעך. זעמדעלעך. יעדער מענטש אַ זעמדעלע. ליגט דוכט זיך אַזוי נאָענט מיט נאָך אַ זעמדעלע, נאָך אַזוי פיל זעמדע־לעך, אָבער אין תוך איין און איינציק זעמדעלע.

— דיר העלפן? — האָט ער אַ פרעג געטון.

— ׳כ׳על אַליין, — האָט די מוטער אומעטיק און דאָך טראַציק אַ ענטפּער געטון. — אַליין, אַליין, — האָט עס געקלאַפּט ביי איר אין קאָפּ. — דוד קראַנק . . . פיר זין, און אַליין, אַליין. וואָלט כאָטש געווען אַ טאָכטער. אַליין. אַליין.

— אַליין, אַליין, — האָט עס אָפּגעקלונגען ביי שלומען אין קאָפּ. — זאַמד, זעמדעלעך. יעדער זעמדעלע באַזונדער. עוועלין . . . זי האָט אויך אַ מאַמע, אַ שוועסטער . . . אין דרויסן איז אַזוי פריש, אַזוי . . . — ער איז אַרויס פון הויז, זיך געלאָזט גיין צו עוועלינען.

(31)

— אוי, לאָזט מיך צורה מיט אייערע דאָקטוירים, שפּיטאָל. האָס־טו געזען אַזעלכעס? זיך אָנגעזעצט אויף מיר! איך בין ניט קראַנק!
— האָט זיך געהיצט דוד כאַזאַנאָוויטש, צו קיין דאָקטאָר ניט געוואָלט גיין, פון אַ שפּיטאָל ניט געוואָלט הערן אַפילו. ער איז אַ געזונטער מענטש. מער ניט, ביים אָנבייסן, זעענדיק ווי שלום טרינקט אַ גלעזל מאַראַנצן זאַפט, האָבן די אויגן געשלונגען די געלע פליסיגקייט, זיינע ליפּן האָבן געזופּט הייסע וואַסער. ווען שלום האָט זיך גענומען צו דער קאַשע, אייער, איז דוד אינגאַנצן אַוועקגעגאַנגען פון טיש: ער האָט ניט געקענט צוזען ווי יענער עסט. ער האָט ניט געקענט עסן. מיט אַ גלאָז הייסע וואַסער פאַר אַ אָנבייסן איז ער געגאַנגען אין שול, געדאַוונט, פון דאָרט אין קראָם אַריין. אין שול ביים דאַווענען האָט ער, דוכט זיך, קיין ווייטיק געפילט, אין קראָם, אַזוי לאַנג ווי ער איז געזעסן, זיך ניט אַ ריר געטון איז אויך געווען נישקשה, אָבער קוים איז אַריינגעקומען אַ קונה, ער האָט געדאַרפט ווייזן סחורה, האָט ער גע־פילט אַז אינעווייניק „אין בויך״ שניידט ווי מיט מעסערס, ניט איינ־צושטיין, ניט איינצוזיצן. זיך אָוועקלייגן. אסתר האָט אים שוין ניט געדאַרפט טרייבן פון קראָם. ער איז שוין אַליין אַוועקגעגאַנגען אהיים. גענומען די פּראָשקעס וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן, געטרונקען אַ גלאָז מילך און געוואַרט . . . וועט ער אויסברעכן אָדער ניט? פאַר־נאַכט איז ער פונדעסטוועגן ווידער געגאַנגען אין שול אַריין. אין שול איז אים פאָרט גרינגער. כאָטש זיך טאָג און נאַכט אין שול, האָט ער שוין צו זיך אַליין געטראַכט.

דוד כאַזאַנאָוויטש איז מיט יעדן טאָג פאַרבליבן אַלץ לייגער אין

שול. ניט נאָר האָט ער געדאַוונט דאָרט, ער האָט אויך געפּרואווט לערנען. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ גמרא פון שאַפע. יאָרן שוין אַז ער האָט ניט אַריינגעקוקט אין אַ גמרא. די אראַמעאישע ווערטער — האַרטע פלעקער וואָס סטאַרטשען אַרויס פאַר די אויגן, האַרבע באַר־לעך ניט איינצובייסן, ער שטריינגט זיך אָן אַ ביסל און די האַרבע פלעקער לייגן זיך איין, די האַרבע באַרלעך ווערן ווייכער, ער קען זיי איינבייסן, צעקייען. יאָ, ער קען נאָך אָפּלערנען אַ בלעטל גמרא, אָבער לייכטער, בעסער פּילט ער זיך מיט אַ מוסר ספר, אַ שטיקל חקירה. ווען דאָס גיין אין בית המדרש אַריין זאָל נאָר ניט זיין אַזוי שווער. איין טאָג, ליגנדיק אין בעט, די ווייטיקן האָבן אַ ביסל נאָכגעלאָזט, איז ער אַרונטערגעקראָכן, אַריינגעגאַנגען אין צווייטן צימער צו דער שאַפּ־קע וואו זיין טלית און תפלין זיינען געלעגן, דאָרט געגומען קוקן, זוכן . . . אַ גאַנג חומשים, אַ סדור, צוויי מחזורים, אַ תהלימל, אַ תחינה, אַ קינה. אַלע זיינע ספרים. ניטאָ קיין ספר אין הויז? ער האָט זיך אַליין געחידושט דאַרויף. ווי איז דאָס אַ הויז, אַ אידיש הויז אָן אַ ספר? זיין טאַטנס הויז, דאָס הויז וואו ער איז אויסגעוואַקסן. אַ קליין נידעריק שטיבל מיט אַ גרויסן שטרויענעם דאַך. אין דעם שטיבל אַ חדר מיט צוויי קליינע פענסטערלעך, דער דיל אָן ערדערנער, אויסגעגלייכט, אויסגעשמירט מיט געלער ליים. אַ גרויסער טיש, אַ באַנק, אַ פּאָר ביינקלעך, אויף דער וואַנט אַ זייגער מיט אַ קרעם קאַ־ליר ציפערבלאַט, גרויסע ווייזערס, לאַנגע קייטן, שווערע וואָגן, און גלייך לעבן זייגער אַ מאַהאָגאַני קאָליר שאַפע. די שאַפע פול מיט קליינע לעכלעך, אויך די ספרים אינעווייניק, די האַרטע גמרא טאָוולען דורכגעלעכערט, דורכגעגעסן. ש״ס. גאַנץ ש״ס. היינט משניותן, חומשים און ספרים — דער כוזרי, דער חובת הלבבות, דער . . . מורה נבוכים... דער . . .

מורה נבוכים, חומש מיטן ביאור, חטאת נעורים, אהבת ציון, המליץ . . .

די אָפענע גלעזערנע שאַפקע — הענט צעפירט אין ביידע זייטן, האָט שטום געזאָגט: קענסט זוכן, איך האָב דיינע צענדליקער יאָרן ניט באַהאַלטן. ספרים? דאָס טלית זעקל — אסתרס אויסגעניי — האָט זיך אַרויסגערוקט — דאָס אַלעס וואָס דיר איז געבליבן. ווייטער ג אָ ר נ י ט . ער האָט פאַרמאַכט די שאַפקע, זיך געלאָזט צוריק אין

זיין צימער אַריין. די טיר פון שלומס אַלקיר, אַ טיר אָן אַ טיר מיט זיינעם, איז געשטאַנען אָפן. דוד האָט אַ בליק געטון אין דעם צימער, אַריינגעגאַנגען אַהין. אַ סטויגעלע ביכער אויף אַ טישל האָט אַ שפּרונג געטון אין די אויגן. ער איז צוגעגאַנגען, פאַרזיכטיק גענומען איין בוך, אָן עפן געטון — ענגליש. אַ צווייטן, אַ דריטן. ער האָט שוין מער ניט געעפנט די ביכער, אַפילו ניט גענומען אין האַנט, אַ קער דעם רוקן פון בוך און ער האָט געזען — ניט אידיש. אויף דער אונטערש־טער פאָליטשקע פון טישל זיינען געלעגן נאָך ביכער, זשורנאַלן. דוד האָט געפּרואווט זיך אָנבויגן, דערפילט אַ ווייטיק, מיט צרות זיך אויס־געגלייכט, אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און אַוועקגעשלעפּט זיך צוריק צו זיך אין אַלקיר, אין בעט.

יענעם פאַרנאַכט איז דוד שוין אַפילו אין שול ניט געגאַנגען, פאַרפעלט אינגאַנצן מנחה מעריב, ניט נאָר האָט ער געפילט ווייטיק אין בויך, ער האָט אויך דערפילט אַ מאָדנעם ווייטיק אין האַרצן. ער איז קראַנק. ער ווייסט עס, ווייסט עס בעסער פון „זיי", כאָטש פאַר זיי האַלט ער אין איין טענהן אַז ער איז געזונט. אָבער וואָס? דאַ־רויף איז מען דאָך ניט מער ווי אַ בשר ודם, מ׳ווערט קראַנק, מ׳שטאַרבט. אָבער דאָס לעבן? עסקת בתורה? וועט מען אים אַ פרעג טון. וואָס האָט ער געטון? וואָס האָט ער אויפגעטון? חתונה געהאַט, אַ שניט קראַם, אַמעריקע, פּעדלען . . . אוי, דאָס פּעדלען! דאַן ווידער אַ שניט קראַם, אַז אָך און וויי וואָס פאַר אַ שניט, און איצט וואָס? אָט דאָס אָ האָט ער עס אויפגעטון? דאָס איז אַלעס וואָס ער האָט ג ע ו ו אָ ל ט אויפטון? ער האָט דאָך אַמאָל עפּעס געוואָלט? עפּעס אַזוינס . . . ניט דאָס . . . ניט דאָס. פיר זין האָט ער אויסגע־האָדעוועט. פיר זין. חיים — אַ וואויל קינד, אייניקלעך צוויי, אָבער פלאַטשיק. ברוך? געשעפט, אַ גביר, וועט האָבן געלט, אָבער וואָס? שלום. געמיינט פון אים וועט עפּעס אויסוואַקסן, וועט ווערן אַ לייט, אַ מענטש, געדיינקט, אפשר אין ניו יאָרק, אַ גרויסע שטאָט, איז גיי, געקומען צוריק, געוואָרן אַ בוכהאַלטער ביי ברוכן. איז דאָס אַ תכלית? גריבלט זיך פונדעסטוועגן אין ספרים, ווער ווייסט, אפשר, אפשר וועט ער זיך פאַרט דערגריבלען. פאַרגראָבן אין זיך, רעדט ניט אַ וואָרט. אַ קינד זאָל עס קומען צו אַ טאַטן, זאָגן, פרעגן . . . גאָרניט, פרעמדע. פונם קלענסטן איז דאָך אָפּגערעדט, יענער שעמט זיך דאָך מיטן טאַטן!

ווייסט גאָרניט אין וועמען דאָס איז געראָטן, סיידן אין איר משפחה. זי? אסתר. בלייבן אַליין . . . דוד כאַזאַנאָוויטש האָט רחמנות געקראָגן אויף זיין אסתרן וואָס זי וועט בלייבן אַליין, באַלד איז דער רחמנות איבערגעגאַנגען אויף זיך אַליין, ער האָט אויף זיך אַזאַ רחמנות געקראָגן אַז אים האָט זיך אַזש פאַרוואַלט וויינען אויף זיין שווער ביטער מזל, זיין קריינק, זיין ניט געראָטן לעבן, זיין שטאַרבן. שטאַרבן. טאַקע א י נ ג א נ צ ן שטאַרבן? גאָר, אויס, ניטאָ?

ניט זעענדיק קיין פייער אין הויז, האָט שלום פאַרזיכטיק געעפנט די טיר, אַ וואָרף געטון מיט די אויגן, דערזען דעם טאַטן אין בעט, האָט ער אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ בלויז, שלאָפט ער? דוד האָט זיך אַ דריי געטון, אַ פרעג געגעבן: שלום?

— געמיינט דו שלאָפסט.

— געדרימלט, — האָט דוד געענטפערט.

— מאַכן פייער?

— קענסט אָנצינדן.

— ווי פילסטו?

— פיל נישקשה. אַזוי בין איך אַ געזונטער מענטש, נאָר אַז דער ווייטיק כאַפּט אָן, אָט דאָ אַ . . .

— אפשר געדאַרפט גיין צו אַ גרעסערן דאָקטאָר, אָדער גאָר אין שפּיטאָל.

— אי, שפּיטאָל. — האָט דוד אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — כאַפּן אַריין אַ מענטשן, צעשניידט מען אים און פאַרטיק. מיר באַשערט צו שטאַרבן, לאָמיך שוין בעסער שטאַרבן אין מיין אייגענער בעט.

— נו, שטאַרבן . . .

— וואָס־זשע, דו גלויבסט ניט אין שטאַרבן?

וואָס פרעגט אים דער טאַטע? גלויבט ער אין שטאַרבן? אין שטאַרבן גלויבן? מוז פילן זייער שלעכט. — ניין, — ענטפערט שלום, — איך גלויב אין לעבן.

— מיינסטו טאַקע אַזוי?

דער טאַטע רעדט עפּעס אַזוי מאָדנע. פרעגט אַזעלכע קשיות. דוד האָט זיך אַ ביסל אַרויפגערוקט, איז שוין געלעגן האַלב זיצנדיק און אָנגעוויזן שלומען אויפן בעט: זעץ זיך צו, וואָס שטייסטו?

שלום האָט אָן חשק זיך אָוועקגעזעצט אויבערפלעכליך, גרייט

יעדע סעקונדע זיך אויפהויבן, אויפשפּרינגען, עס װענדט זיך װאָס דער טאַטע װעט . . .

— געזען דו האָסט אַ סך ספרים ביי דיר אין אַלקיר, — האָט דער פֿאָטער אומגעריכט פֿאַר שלומען אַ זאָג געטון. — לערנסט עפּעס?

— איך לייען, — האָט שלום, נאָך אַלץ ניט באַגרייפנדיק דעם טאַטנס רייד, געענטפערט, דערביי אַ טראַכט געטון: ביים טאַטן איז דוקא ספרים און דוקא לערנען.

— װאָס אַזוינס לייענסטו דאָרט? כ׳מיין װאָס איז דאָס פֿאַר אַ ביכלעך?

— אָה, ביכער. לידער, מעשׂות . . .

— אַזוי גאָר. און אַנדערע ביכער, חקירה?

? ? ?

— נו, װי רופֿט מען דאָס, פֿילאָזאָפֿיע?

— לייען אַמאָל פֿילאָזאָפֿיע אויך, — האָט שלום אַקצענטירט דאָס װאָרט „פֿילאָזאָפֿיע״, און דער אַקצענט — אַ לייכטע איראָניע.

— איז װאָס זאָגן זיי, דיינע פֿילאָזאָפֿן, דאָ אַ יענע װעלט, צי ס׳איז ניטאָ?

די פֿראַגע האָט שלומען תּחילת געקלונגען אַזוי קאָמיש, אַז ער האָט אַזש אַ הויב געטון דעם קאָפּ, זען, צי מיינט ער ׳עס טאַקע װאָס ער פֿרעגט. דערזען װי זיין טאַטנס אויגן זיינען ממש געהאַנגען אויף זיינע ליפּן, געגאָרט אַרויסצוציען פֿון דאָרט אַן ענטפֿער, האָט ער מיט אַמאָל באַגריפֿן — דער טאַטע שטאַרבט און ער װיל ניט שטאַרבן.

— אַ יענע װעלט? — האָט ער איבערגעפֿרעגט. בעת דער מויל האָט געפֿרעגט האָט דער געדאַנק זיך געיאָגט, געשטויסן, װאָס זאָגט מען אים? — קיינער איז ניט צוריקגעקומען פֿון דאָרטן, אָבער אַ סך, זייער אַ סך זיינען אַװעקגעגאַנגען אַהין, — האָט ער געענטפֿערט און, מורא געקראָגן פֿאַר זיין ענטפֿער, האָט ער צוגעגעבן: — אַ סך זיינען אַװעקגעגאַנגען אַהין מיטן פֿולן באַװאוסטזיין אַז זיי גייען אין אַ נייער װעלט, פֿאַר זיי איז זי זיכער געװוען.

— צוריק קומט קיינער ניט, — האָט דער פֿאָטער אַ זאָג געטון מיט אַ זיפֿץ און אַנטשוויגן געװאָרן. שלום האָט מיט אַמאָל דערפֿילט דעם מאַטראַץ אונטער זיך. אַזוי האַרט, אַזוי אומבאַקװעם. זיך אויפֿ־הויבן. אַרויסגיין. אָבער װי? — האָסט שוין געעסן? — האָט ער אַ

פרעג געטון און דערפילט די נאַרישקייט פון זיין פראַגע. יענע וועלט און עסן. דער פאָטער האָט שוואַך אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און שלום האָט זיך דערפילט נאָך נאַרישער. בלייבן זיצן? זיך אויפ־הויבן? דער פאָטער האָט אַ קער געטון דעם קאָפּ צו אים. — פאַרוואָס גייסטו ניט עסן? גיי, די מאַמע האָט צוגעגרייט.

שלום איז אַרויסגעגאַנגען פון פאָטערס צימער און אים האָט זיך געדוכט דער פאָטער קוקט אים נאָך: אָט אַ זון, דער טאַטע קען ניט עסן, דער טאַטע שטאַרבט און ער גייט עסן. ער האָט געעסן דעם מאָלצייט וואָס די מאַמע האָט צוגעגרייט, די אויערן אָנגעשטרייגט צו פאַרנעמען דעם מינדסטן קלאַנג פון פאָטערס צימער. ער האָט גאָרניט געהערט, דערפאַר האָט ער אָבער געזען דעם טאַטנס מאַך מיט דער האַנט. דער טאַטע איז קראַנק, ערנסט קראַנק. מ׳קען אים אַזוי ניט לאָזן, מ׳מוז עפּעס טון.

ער האָט זיך דורכגערעדט מיט חיימען, ביידע האָבן גערופן ברוכן, אַלע דריי האָבן איינגעשטימט אַז דער טאַטע איז זייער קראַנק, אָבער וואָס קען מען טון אַז ער וויל צו קיין אַנדער דאָקטאָר ניט גיין, וויל ניט גיין אין קיין שפּיטאָל, ליגט און גייט איין פון טאָג צו טאָג. דאָס איינציקע וואָס מ׳קען טון איז כאָטש אַכטונג געבן אויף אים אין הויז, ער זאָל ניט ליגן איינער אַליין, ס׳זאָל כאָטש זיין עמיצער אים דער־לאַנגען אַ ביסל וואַסער. די מאַמע דאַרף אויפגעבן דאָס קרעמל. סיי ווי טראָגט עס וואַסער אויף קאַשע, אַ פראַגע צי זי קלאַפּט אויס דירה געלט. און די הויז? ווער וועט אויפהאַלטן די הויז? וואָס הייסט ווער? אַלע! איך, דו, ער, מלך. — ער האָט ניט געקענט קומען, — האָט ברוך פאַרטיידיקט דעם ברודער וועמען ער האָט געדאַרפט רופן, — אָבער איר מעגט זיין זיכער אַז זיין חלק וועט ער געבן. מ׳דאַרף בלויז פועלן ביי דער מאַמע זי זאָל אויפגעבן די „קראָם“.

ביי דער מאַמע האָט מען לייכט געפּועלט. די קראָם איז טאַקע געוואָרן אירע, זי האָט עס געפּלאַנעוועט די ערשטע קראָם אויף וואוד־לאַנד עוועניו, זי האָט זי איינגעשטעלט, זי איז אויך געווען די הויפּט פאַרקויפערין, אָבער זינט מ׳האָט זיך אַריבערגעצויגן אויף הונדערט און פינפטער, און, דער עיקר, זינט דוד האָט אָנגעהויבן קריינקען, האָט זי געזען אַז די קראָם איז ניט דאָס. דוד איז טאַקע ניט קיין גרויסער פאַרקויפער, אָבער דוד האָט איינגעקויפט סחורה, האָט גע־

עפנט די קלייט, איז געזעסן דאָרט, געווען אַ מענטש, אַ באַלעבאָס, ניט ווי איצט, זי דאַרף אַרויסגיין אויף אַ מינוט דאַרף זי פאַרשליסן, לויפן, זיך אַרויסיאָגן די נשמה, און, מישטיינס געזאָגט, וואָס זי האָט שוין פון דער גאַנצער קראָם. זי׳ט ניט האָבן אויף זיך אָט דעם האָרב וועט זי קענען אַכטונג געבן אויף דודן, אים צוטרעפן מיטן עסן. — אַז ער עסט דאָך ג אָ ר נ י ט ! ער גייט דאָך איין פון טאָג צו טאָג!

די קינדער האָבן געטרייסט די מוטער און אויף אַן איידעלן אופן איר געלאָזט וויסן אַז די הוצאות פון הויז נעמען זיי אויף זיך. שלום בלייבט וואוינען, פאַרשטייט זיך, ער׳ט שוין זען . . .

שלום האָט באַדאַרפט צאָלן צען דאָלאַר אַ וואָך, די אַנדערע דריי ברידער צו פינף. חיימס האַנט האָט זיך גלייך געצויגן צו דער קעשע־נע. ברוך האָט געזאָגט: דיר שוין געבן אין שאַפּ. ער האָט קודם באַדאַרפט איבעררײדן מיט מלכן. ער האָט טאַקע געזאָגט אַז מלך וועט געבן זיין חלק, זיכער איז ער פונדעסטוועגן ניט געווען. אַז ער האָט אַפילו ניט געוואָלט קומען. פילט אַז ס׳איז צרות וויל ער זיך אַרויסדרייען. נו, דאָס וועט ניט גיין. אויף מאָרגן האָט ער אים אָפּ־געשטאָט אַ וויזיט אין אָפיס.

— נו, וואָס מאַכט ער, דער אַלטער?

— ער איז קראַנק. ווייזט אויס זייער קראַנק.

— פאַרוואָס גייט ער ניט אין שפּיטאָל?

— ער וויל ניט.

— ער וויל ניט! הערסט, אָט די אַלטע . . . מילא. איז וואָס האָט איר באַשלאָסן?

ברוך האָט איבערגעגעבן דעם באַשלוס.

— גוט, איכ׳ל געבן מיין חלק. וויפיל זאָגסטו איז עס? פינף דאָלאַר? אָלרייט, איכ׳ל דיר געבן מיינע פינף דאָלאַר.

— דער קאַסיר איז שלום. ער וואוינט דאָך מיט זיי.

— מיט אים וויל איך גאָרניט האָבן צו טון. איכ׳ל דיר געבן יעדע וואָך אָדער יעדן חודש די פּאָר דאָלאַר און דו האַנדל מיט אים. אגב, וויפיל צאָלט ער? נאָר צען? ער עסט דאָך, שלאָפט דאָרט, ער דאַרף צאָלן מער. נאָר מילא נו. ווילסט שוין געלט?

— דערווייל . . .

— גוט נו, מ׳וועט דאַרפן לייג אויס פאַר מיר, כ׳וועל דיר באַצאָלן. אגב, ס׳אַ סברה אַז ס׳וועט זיין אַ סטרייק, ווייסטו?

— אויב איך ווייס!

— אַבי דו ווייסט איז גוט. אויב דו קענסט זיך צוגרייטן, גרייט זיך צו.

— ניט געזאָרגט. איכ׳ל שוין זיין גרייט. דער אַלטער איציע וועט שוין ביי מיר פליען. ווי די אַנדערע? גרייטן זיך?

— פאַרשטייט זיך. דערווייל פאַרהאַנדעלט מען, אָבער איך דיינק עס וועט דערפון גאָרניט אַרויסקומען. די יוניאָן . . .

— די יוניאָן האָט מען אין דר׳ערד!

— נו יאָ, אין דר׳ערד מיט דער יוניאָן, געווי וועגן דעם האַנדעלט זיך עס.

— מיר׳ן זיי שוין ווייזן. דערווייל אַ גוטן.

אַ וואוילער חברה מאַן לעראַי. אַלע מאָל אין צייט. און האָט אַ קאָפּ אויף זיך. אָבער ווען עס קומט צו געלט . . . ער זאָל אויסלייגן. נאָכדעם וועט ער עס שוין אַרונטעררעכענען פאַר „לעגאַלע עצות“. קען שוין דעם עסק. דאָס מיינט אַז ער וועט דערווייל יעדע וואָך דאַרפן אויסלייגן צען דאָלאַר. צען דאָלאַר איז שוין אַ מטבע. ווי וואָלט געווען . . .

— מר. קאהן! איך דיינק אַז דער בוכהאַלטער דאַרף קריגן אַ העכערונג אויף פינף דאָלאַר אַ וואָך, — האָט בערנאַרד געלאָזט וויסן זיין שותף.

— וואָס עפּעס פלוצלונג? — האָט יענער אַ פרעג געטון. אים איז ניט געפעלן געוואָרן דער עסק. העכערן שכירות — קעגן דעם האָט ער ניט אַזוי שטאַרק, אָבער אַז זיין שותף, בערנאַרד, זאָל עס פאַרשלאָגן! באשר בכן דער בוכהאַלטער איז זיינער אַ ברודער? אַ נס וואָס ער האָט ניט די אַנדערע ברידער דאָ. יאקאָס זיין סילוויע האָט געאַרבעט פאַר צוואַנציק דאָלאַר, דער קריגט פינף און צוואַנציק.

— די מעשה איז די, — האָט בערנאַרד פרום גערעדט, — ער אַרבעט שוין ביי אונז אַ שטיק צייט, טוט זיין אַרבעט גוט, געשעפט איז ניט שלעכט, און, מיר דוכט, — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ וואונק — אַז דער בחור קלויבט זיך ווערן אַ פאַמיליע מאַן.

— אַזוי גאָר? מיט וועמען? — איז שוין דער אַלטער קאהן גע־

ווען פאַראינטערעסירט. ער האָט ליב געהאַט צו הערן פון שדוכים, חתונות, בריתן.

— ער זאָגט עס ניט אויס, האַלט עס בסוד, אָבער מיר דוכט אַז ער קלייבט זיך חתונה האָבן.

— אויב אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש. גיב אים די העכערונג.

ביים אויסשטעלן די שכירות האָט בערנאַרד אַ זאָג געטון צו זיין ברודער: מאַך דיין טשעק דרייסיק. אויף שלומ׳ס פרעגנדיקן קוק האָט בערנאַרד געענטפערט: פינף דאָלאַר פאַר דער הויז, פאַר דער מאַמע.

— יאָ, אָבער דאָס גייט דאָך פון שאָפּ!

— נו אודאי, פון וואַנען מיינסטו גייט מיין געלט? פונם שאָפּ!

— זאָל איך מאַכן דיין טשעק מיט פינף דאָלאַר ווינציקער?

— ווענן מיין טשעק דאָס איז ניט דיין עסק. מיין טשעק איז אַ טשעק. דיין טשעק מאַך אויס אויף דרייסיק און פאַרטיק. פאַרשטאַנען?

שלום האָט פאַרשטאַנען. ער האָט פאַרשטאַנען אַז דאָס באַגנבעט זיין ברודער דעם אַלטן קאהן. אַ קליינער קעשענע גנב. אָבער וואָס זאָל ער טון? גיין זאָגן דעם אַלטן קאהן: מיין ברודער באַגנבעט אייך? אַ ברודער. נו יאָ, ער האָט דאָך אויך געפּרואווט אַריינלייגן עוועלינען אַן איבעריקן דאָלאַר. ברידער . . . מער ניט, ער האָט דעם דאָלאַר גענומען ביי זיך. באַדאַרפט אים אַ וואָרף טון די שטעלע אין פּנים אַריין. אים איז שוין ניט גוט פון דעם באַלעבאָס פון זיינעם, פון דער אַרבעט. ווען ניט עוועלין . . .

עוועלין איז געזעסן אינעווייניק אין שאָפּ, געניייט העקלעך, קנעפּלעך, פאַרסטריגעוועט לייסטן און שלום איז געזעסן פון פאַרנט אין אָפיס, אַריינגעפירט אין די ביכער עוועלינס פאַרדינסטן און אויך זיין ברודערס. ער האָט שוין מער ניט אַריינגעלייגט אין איר קאָנווערט קיין עקסטרא דאָלאַר, אָבער ביז היינט צו טאָג נאָך, ווען עס מאַכט זיך די מאַמע אירע בעט אין זיין אַנוועזנהייט ביי איר אַ דאָלאַר און זי האָט גראדע ניט, און ער שלאָגט פאַר אַ דאָלאַר אָדער צוויי, קיבעצט זי אים גלייך אַריין: דו לייג אַריין דעם דאָלאַר אין דעם שכירות קאָנווערט. זי איז אַזוי פאַרדאַמט שטאָלץ ביי זיך. אָבער טאָקע דערפאַר האָט ער זי נאָך מער ליב. בדאי זיצן דעם גאַנצן טאָג דאָ ביי זיין ברודער, קראַצן ציפערן, צוזען מאוסקייטן, דערפאַר אָבער אויך

זען עוועלינען, גיין מיט איר יעדן טאָג פון דער אַרבעט און אַמאָל אויך צו דער אַרבעט . . . זיין מאַמע איז שוין צוגעוואוינט געוואָרן ער זאָל אַ נאַכט ניט קומען נעכטיקן און איר מאַמע איז שוין צוגעוואוינט געוואָרן ער זאָל דאָרטן בלייבן שלאָפן.

טיילווייז צוליב עוועלינען איז שלום נאָך געזעסן ביי זיין ברודער אין שאָפּ, אָבער וואָס אַ טאָג איז עס אים אַלץ שווערער געוואָרן. אי־בערהויפּט זינט דער טאַטע האָט זיך אַוועקגעלייגט, זינט ברוך גיט „זיינע" פאָר דאָלאַר אין שטוב אַריין, גייט ניט אַוועק אַ וואָך ער זאָל אים ניט פרעגן: וואָס מאַכט דער אַלטער? ווען ער דערהערט אָט די פראַגע וואָלט ער אים געוואָרפן דעם טעלעפאָן אין קאָפּ אַריין. שטאַרק פאַראינטערעסירט אין טאַטן. קומט אַפילו קיינמאָל ניט געוואוירע ווערן. וויל וויסן ווייל עס קאָסט „אים" פינף דאָלאַר. לייגט אַריין געלט, און אין אַ שלעכט געשעפט . . . ער וואָלט זיך מחיה געווען ווען ער דאַרף אויפהערן צאָלן. פרעגט זיך נאָך.

איין פרימאָרגן, דערהערנדיק אָט די פראַגע, האָט שלום שוין ניט אויסגעהאַלטן. — ווילסט אַזוי שטאַרק וויסן וואָס מאַכט דער אַ ל־ ט ע ר , פאַרוואָס גייסטו ניט צו אים זען?

— וואָסי? וועלכע פליי האָט דיך אַ ביס געטון? — האָט בער־נאַרד אַ פאַרוואונדערטער אַ פרעג געטון. — קען דיך שוין ניט פרעגן קיין פראַגע?

— קענסט פרעגן וויפיל דו ווילסט, אָבער צי איך דאַרף דיר ענט־פערן דאָס איז שוין מיין עסק.

מיט אַ מינוט פריער האָבן זיך ברידער געווערטעלט, אָבער נאָך שלומס ענטפער האָט בערנאַרד פאַרביסן די ליפּ. דער באַלעבאָס האָט ניט געקענט קומען צו זיך פון זיין אַרבעטערס חוצפה. אַוועקשיקן! אַרויסוואַרפן! אַרבעטער האָבן גענומען אַריינקומען צו דער אַרבעט, בערנאַרד האָט פאַרלאָזט דעם אָפּיס מיט אַ פאַרביסענעם געדאַנק: וואַרט! איכ'ל דיר ווייזן. אַוועקשיקן — וועגן דעם איז קיין פראַגע, ער דאַרף אים אָבער נאָך אָנלערנען, אים געבן אַ גוטע לעקציע. ער'ט שוין . . .

אַ נערוועזער האָט שלום געאַרבעט דעם טאָג, פאַרנאַכט, ווי נאָר עוועלין איז אַרונטער איז איר שלום נאָכגעגאַנגען, אַ שווייגנדיקער, אַן אויפגערעגטער.

— וואָסי? וואָס האָט פּאַסירט? — האָט זי מיטפילנדיק גע־
פרעגט.

— אה, גאָרניט.

— גאָרניט? וואָס פּאָרט?

— גאָרניט. מיר שוין ניט גוט. מיר שוין ניט גוט פונם פּלאַץ.
איכ׳ל אַוועקגיין. וואָלט שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען . . .

— אָלרייט, שלומקע, אינגיכן, גלויב איך, וועל איך אויך אַוועק־
גיין, וועלן מיר שוין גיין ביידע.

— וואָס מיינסטו?

— איך דיינק אַז מיר׳ן האָבן אַ סטרייק, און אינגיכן טאָקע.
וועסט גיין פּיקעטן מיט מיר?

— צי איכ׳ל גיין פּיקעטן? איכ׳ל גיין, איכ׳ל . . . אָבער זאָג
מיר, איז עס זיכער?

— דיר געזאָגט איך גלויב, וואָס פרעגסטו מיך זיכער?

— איך מיין צי ווייסטו?

— איך ווייס אַז מ׳פאַרהאַנדעלט, דאָס אַלעס וואָס איך ווייס,
אָבער עס זעט אויס אַזוי. איצט ווייסטו שוין?

— אודאי ווייס איך, עוועלין! — ער האָט אַ צי געטון איר אָרעם.

— משוגענער אינגל! — האָט זי אַ לאַך געטון, און דאָס משוגע־
נע אינגל האָט אַ קוק געטון אויף איר און געזען אַז די מיידל איז ניט
ווינציקער משוגע פון אים.

(32)

צען אַזייגער האָבן די מאַשינען פּלוצלונג זיך אָפּגעשטעלט. די
שטילקייט וואָס איז מיט אַמאָל אַנטשטאַנען, דאָס אויפהויבן זיך פון
די אַרבעטער האָט אַ געשריי געטון: זעט איר? צוויי שעה האָבן מיר
געאַרבעט און איצט אַז מיר ווילן מער ניט אַרבעטן שטייען אַלע רע־
דער שטיל.

בערנאַרד טשייס און אַפילו באַרני קאהן זיינען ניט געווען איבער־
ראַשט פון דעם פּלוצלונגדיקן איבעררייס. אַן אָפענער סוד געווען אַז
דעם אינדערפרי גייען די אַרבעטער אַרויס אין סטרייק. איבערראַשט
איז אָבער געוואָרן בערנאַרד ווען ער האָט דערזען אַז אויך זיין ברודער

שלום האָט זיך אויפגעהויבן, אָנגעטון דאָס רעקל, גרייט מיטצוגיין מיט אַלע אַרבעטער.

— וואָס? דו סטרייקסט אויך? איכ׳ל . . .

אויף דעם האָט ער זיך שוין ניט געריכט. הער אַ געשיכטע! ער האָט געוואָלט ענדע וואָך אים אָפּזאָגן, אים אַרויסטרייבן, ערשט ער נעמט און גייט אַרויס אין סטרייק. וואָס האָט ער צו טון מיטן סטרייק? בערנאַרד האָט געפילט אַז זיין ברודער שלום האָט ניט נאָר מעיז געווען קעגן אים דעם באַלעבאָס, ער האָט אים נאָך פּשוט אויס־געגנאַרט, אַרויסגעכאַפּט ביי אים פון די הענט דעם פאַרגעניגן פון אַרויסטרייבן אים, אַרויסוואַרפן.

— זעסטו שוין, און דו האָסט אים נאָך געגעבן אַן הוספה, — האָט באַרני קאהן צוגעלייגט אַ קנייטל. בערנאַרד טשייס האָט בייז אַ קוק געטון אויף זיין שותף. וואָס בעבעט ער דאָרט? און בייז באַשלאָסן: זיך אָפּרעכענען מיט דיר! מיט אַלעמען זיך אָפּרעכענען. ניט דער שלימזל, ניט דער אַלטער איציע, קיינער פון די אַלטע אַר־בעטער וועט ניט אַרויפגיין צוריק צו אים אין שאָפּ. נייע אַרבעטער. שיקסעס. ער זאָל אַפילו וויסן אַז . . .

— נו, איך גלויב, איכ׳ל אויך גיין אַהיים, — האָט באַרני קאהן שפּאַסיק אַ זאָג געטון.

— וואָס, איר סטרייקט אויך?

— ווייזט אויס אַזוי. ניטאָ וואָס צו טון.

— אָלרייט, — האָט בערנאַרד אַ זאָג געטון און הינטער דעם איי־נעם וואָרט האָט זיך געצויגן דער געדאַנק: — גיי, גיי, וואָלט ניט גע־שאַדט פון דיר אויך פּטור ווערן. פּטור ווערן! פּטור ווערן! — האָט בערנאַרד זיך אַליין פאַרזיכערט, און דעם שלימזל, שלומען, אים וועט ער . . .

שלום איז צוזאַמען מיט עוועלינען, אַלע אַנדערע אַרבעטער אַוועק אין דער יוניאָן, אין דעם גרויסן זאַל וואָס איז שוין געווען צוגע־גרייט פאַר די סטרייקער. די מאַסע מענטשן אין זאַל, דאָס גערעדע־ריי, דער טומעל, האָט אַרומגענומען שלומען. דער גרויסער זאַל — איין ריזיקע שוואם וואָס נעמט אַריין, זאַפּט איין אַלעמען, אים, שלומען, אויך. דער פאַרזיצער גייט אַרויף אויף דער בינע. איין קלאַפּ מיטן האַמער, אַ צווייטער, אַ דריטער, דער עולם זעצט זיך אויס,

שטילט זיך איין, די הונדערטער קעפּ, טויזנטער אויגן — דרעטלעך
וואָס ציען זיך צו איין צענטראַלן פּונקט — דער בינע, פון דאָרט קומט
דאָס וואָרט.

— סטרייק. אַרבעט. באַלעבאַטים. אַרבעטער. קאַמף. קעמפן.
פּיקעטן . . . — ניט קיין נייע ווערטער פאַר שלומען. ער האָט זיי שוין
געהערט אַ סך מאָל, געלייענט, אָבער דאָס איז אַלץ געווען טעאָריע.
זייענדיק אין ניו יאָרק, אַרום יוניאָן סקווער, וואו ער האָט געהערט און
אויך גערעדט רעוואָלוציאָנערע רייד, געלייענט און אַפילו געפּרואווט
שרייבן אויב ניט רעוואָלוציאָנער איז ראַדיקאַל, האָט ער דאָך געפילט
אַז ער, ווי אויך די אַלע אַנדערע כלומרשטע שרייבער, קינסטלער, וואָס
האָבן זיך אַרומגעדרייט אין יענעם קרייז, אַרום סאָפּיעס צימער, זיינען
ניט מער ווי שוים אויף די רעוואָלוציאָנערע כוואַליעס. אָט די שוים
איז אים ניט געווען צום האַרצן. זיין אַ רעוואָלוציאָנער ווייל דורכ־
געפאַלן אַלס שרייבער, גילטן אַלס אַרבעטער קעמפער און אַליין ניט
האָבן פאַרזוכט אַפילו דעם טעם פון אַרבעט, איז אים אויסגעקומען
עפּעס ניט ערליך, פאַלש. קומענדיק צוריק אין קליוולאַנד, זעצנדיק
זיך אַרבעטן ביי זיין ברודער, האָט ער שוין אַפילו געקראָגן דעם באַ־
וואוסטזיין אַז ער איז אַן אַרבעטער, אַרבעט ער דאָך פאַר לוין, דאָך
האָט ער געפילט אַז צווישן אים און דעם „אמתן" אַרבעטער שטייט
עפּעס אַ מין מחיצה. באַזונדערס האָט ער עס דערפילט ווען ער האָט
זיך נעענטער באַקאַנט מיט עוועלינען. עוועלין האָט ניט געלייענט
קאַרל מאַרקס, האָט געהאַט זייער אַ שוואַכן באַגריף וועגן פּאָליטישער
עקאָנאָמיע, אָבער זי האָט ניט געדאַרפט לייענען קאַרל מאַרקס צו זיין
אַ קאָמוניסטקע, זי האָט געגלויבט און געטון, ער האָט געטראַכט און
געצווייפלט. עס האָט פּאַסירט, זי איז געזעסן און זיך צוגעהערט ווי
ער האָט גערעדט וועגן מאַטעריאַליסטישער, אידעאַליסטישער וועלט
אויפפאַסונג, זי האָט געהערט זייער אויפמערקזאַם. אָבער גלייך ווי
ער האָט געענדיקט האָט זי אַ פרעג געטון: ווילסט גיין מיט מיר? און
ער איז געגאַנגען מיט איר . . . צעטיילן צירקולאַרן פאַר אַן אַרבעטער
פאַרזאַמלונג אָדער אַ קאָמוניסטישער דעמאָנסטראַציע. ער איז גע־
גאַנגען מיט איר און איר מקנא געווען, ער איז איר נאָכגעגאַנגען און
באַוואונדערט איר איבערגעבנקייט, איר גלויבן. ער האָט געטראַכט,
זי האָט געטון. דערפאַר איצט קען ער אויך טון. איז ער דאָך אַרונ־

טערגעגאַנגען אין סטרייק גלייך מיט איר, מיט אַלעמען, כאָטש אים האָט מען ניט גערופן, באַלאַנגט ער דאָך ניט צו דער שניידערישער יוניאָן.

— וועלכער שאָפּ? — האָט דער מענטש ביים טישל אַ פרעג געטון שלומען, נאָכדעם ווי די פאַרזאַמלונג איז געווען פאַראיבער, מ׳איז צוגעטראָטן צו פראַקטישער אַרבעט.

— איי. בי. סי.

— פאַך?

— בוכהאַלטער.

— בוכהאַלטער!

דער יונגערמאַן וואָס האָט זיך אַזוי געאיילט מיט זיין אַרבעט אַז ער האָט צומאָל ניט אַ קוק געטון אויף דעם מענטשן וועמעס נאָמען ער האָט פאַרשריבן, האָט איצט אַ הויב געטון דעם קאָפּ און אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אויף שלומען. — בוכהאַלטער, האָט איר געזאָגט?

— יאָ, בוכהאַלטער, וואָסי דען?

— אסור מיר אויב איך ווייס וואָס צו טון. הערריי! אה הערריי! קום נאָר אַהער. קום אַהער אויף אַ מינוט!

— וואָס אַזוינס? — האָט הערריי, דער סעקרעטאַר פון דער יוניאָן אַ פרעג געטון אָט ווי אַ ווינט וואָלט אַ פּאָכע געטון.

— אָט דער מאַן, — האָט דער שרייבער אָנגעוויזן אויף שלומען,
— ער איז אַ בוכהאַלטער.

הערריי האָט אַ קוק געטון אויף שלומען אָט ווי ער וואָלט אַ קוק געטון אויף איינעם וועמען מ׳האָט פאָרגעשטעלט אַז ער קומט פון אינדיע.

— געאַרבעט ביי דער איי. בי. סי., אַרונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַלעמען. וואָס זאָל איך טון מיט אים?

— טו גאָרניט! — האָט הערריי אַ זאָג געטון. — נאָמען און אַדרעס גענומען?

— דאָס האָב איך געטון, אָבער איך קען אים ניט אַריינגעמען אין דער יוניאָן, קען איך?

— נו, — האָט הערריי אַ טאָפּ געטון דעם קין, — אין דער יוניאָן קענסטו אים, פאַרשטייט זיך, ניט אַריינגעמען, קענסט אים אָבער געבן

אַ שאַפּ צום פּיקעטן. שיק אים אַרויס פּיקעטן! — האָט הערדי אַנט־גילטיק געפּסקנט און גלייך אַוועקגעגאַנגען.

— ווילט איר גיין פּיקעטן? — האָט דער שרייבער אַ פרעג געטון.

— וואָס מיינט איר צי איך וויל? — האָט שלום שוין אויפגע־בראַכט געפרעגט. אים האָט פאַרדראָסן די גאַנצע באַנעמונג. אים אויסגעטיילט, אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע. פרעגט מען דעם, יע־נעם, יענער?

— וואָסי? וואָס אַזוינס? — האָט עוועלין אַ פרעג געטון.

— אָה, העללאָ, איוואַ! — האָט דער שרייבער אַ שמייכל געטון, דערזעענדיק עוועלינען. — שוין געקראָגן אייער פּלאַץ צום פּיקעטן?

— מיין שאַפּ, פאַרשטייט זיך.

— וואָלט איר געוואָלט אַ פיינעם יונגן מאַן פאַר אַ באַגלייטער? דער יונגערמאַן דאָ . . .

עוועלין האָט זיך הילכיק צעלאַכט און שלום, ווי ברוגז ער איז געווען, האָט אויך גענומען שמייכלען. עוועלין האָט אַ נעם געטון שלומען אונטערן אָרעם, האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט צום פאַר־וואונדערטן שרייבער און אַרויסגעפירט שלומען.

— יונגערמאַן! וועט איר זיין מיין באַגלייטער? — האָט זי גע־שפּאַסט. — זעט נאָר איר זאָלט זיין אַ גוטער באַגלייטער פאַר אייער דאַמע, — האָט זי פאַרענדיקט מיט אַ פאַרצויגענעם מויל, מעשה פאַר־נעמע דאַמע.

די עוועלין! ווי אויפגעלעבט זי איז. די באַקן, די אויגן. ער וואָלט . . . געמעגט שווערן זי גייט צום טאַנץ.

אַ סטרייק איז ניט קיין באַל און פּיקעטן איז ניט קיין טאַנץ. עוועלין איז געווען געניט אין פּיקעטן. — דעם ערשטן טאָג, — האָט זי דערקלערט שלומען, — איז פּיקעטן אַ פּיקניק. אין די שעפּער וואו די אַרבעטער זיינען אַלע אַרונטערגעגאַנגען איז כמעט ווי ניטאָ וואָס צו טון. מ׳דאַרף פונדעסטוועגן שטיין, אַרומגיין, אַכטונג געבן, זען וואָס טוט זיך. אַ שמועס טון מיטן עלעווייטאָר מאַן מאַכט אויך ניט אויס. וועסט זיין איבעראַשט ווי אָט די מענטשן אין די טונקעלע שטייגן, דוכט זיך אַלץ וואָס זיי טוען איז פאָרן אַרויף און אַרונטער, דאָך ווייסן זיי וואָס עס טוט זיך אין יעדן שאַפּ, אַפילו וואָס עס וועט זיך טון. אַ רעד טון מיטן עלעווייטאָר מאַן קען גאַנץ גוט צונוץ קומען. זעסטו

דעם צווייטן, דריטן טאָג, דאַן, דאַן דאַרף מען שוין האַלטן די אויגן אָפן, דאַן קען מען שוין ניט נאָר זען סקעבס, נאָר אויך דערזען די באַבע פון יענער וועלט, ווען אַ בולעווע פון אַ פּאָליציסט גיט זיך אַ לאָז אַרונטער. זעסט? זיי האָבן *שוין* פּאָליציי!

איין פּאָליציסט, אַ צווייטער, בולעוועס אין האַנט, האָבן שפּאַצירט פּאַמעליך, אָבער טאַקע אין דעם פּאַמעליכן גאַנג איז געווען אַ זיכערקייט — דאָ זייַנען מיר באַלעבאַטים. די קורצע בולעווע אין האַנט, דער פּאָליציסט שפּילט זיך מיט איר, דרייט זי אַזוי קונציק צווישן די פינגער, אָבער די שפּילעוודיגקייט זאָגט אָן: זעסט? מיר קענען זיך זייער גוט באַגיין מיט אָט דער בולעווקע, איר פּרואווט נאָר עפּעס טון, וועט איר שוין זען, איר׳ט שוין פילן . . .

ניט קיין נאָווינע צו זען אַ פּאָליציסט, אָבער דערזען זיי ביי די שניידער שעפּער, דעם ערשטן טאָג פון סטרייק האָט שלומען אַ קלאַפּ געטון אין קאָפּ: זעסטו? האָסט געלייענט וועגן קאַפּיטאַל און שטאַט, נאָ, דאָ האָסטו דיר אַ קלאָרע באַשטעטיקונג. איצט ווייסטו שוין? נו יאָ, דעם שטאַט זעט ער שוין, און דער קאַפּיטאַל? שיקט זיך עס אַז „זיי״ וועלן פּרואוון עפענען די שעפּער מיט סקעבס, פּאָליציי? זיי — בארני קאהן, זיין ברודער. אַ ברודער . . .

דער ברודער, בערנאַרד טשייס, האָט ביי אַ זיצונג פון דער מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישן גערעדט, אַזש געשריען: העכערע פּרייזן, קורצערע שטונדן, דאָס אַרט מיך ניט, זאָלן זיי עס קריגן, אָבער די יוניאָן? נאָ, סיר! מיר וועט קיינער ניט דיקטירן וועמען איך זאָל אַרויפנעמען צו דער אַרבעט. אין מיין שאַפּ בין *איך* באַלעבאָס, קיינער קען מיר ניט זאָגן קיין דעה. מיר אַרויפשיקן וועלכן ס׳איז שייסטער און האַלט זיך מיט אים. נאָ סיר, ניט ביי מיר!

פּטור ווערן. פּטור ווערן פון „רעב״ איציען, פון דעם שלימזל דעם „ברודער״, פון אַלעמען פּטור ווערן. שיקסעס, שיקסעס וועט ער אַרויפנעמען, — האָט זיך באַהאַלטן אונטער בערנאַרדס געשריי.

— אָבער מיר פאַרלירן דעם סעזאָן, און גאָט ווייסט צי עס וועט זיין נאָך אַ סעזאָן, — האָט טשאַרלי לעווין, אַ קליינער מאַנופעקטשר־רער זיך געבעטן שיר ניט מיט אַ וויינענדיקער שטימע.

— ווער זאָגט עס אַז מיר דאַרפן פאַרלירן דעם סעזאָן? מיר

קענען עפענען די שעפּער אַפילו היינט! און איך גיי עס טון אויך. מיין שאָפּ וועט מאָרגן אַרבעטן. יעס סיר!

— מיט סקעבס? — האָט בארני קאהן אַ דערשראָקענער אַ פרעג געטון.

— דאָ גענוג אַרבעטער, — האָט בערנאַרד געענטפערט. — און מיר האָבן גענוג פּאָליציי באַשיצונג.

די אַסאָסיאיישן האָט באַשלאָסן ניט נאָכצוגעבן די פאָדערונג — אַנערקענען די יוניאָן, כאָטש אייניקע מיטגלידער, די קלענערע, האָבן זיך געריסן מ׳זאָל יאָ נאָכגעבן. אויך אין דער יוניאָן האָט זיך גע־קאָכט. — זיי גיבן נאָך העכערע פרייזן, קורצערע שטונדן, — האָבן פילע אַרבעטער געטענהט, — לאָמיר גיין צו דער אַרבעט, צו דער יוניאָן וועלן מיר סיי ווי באַלאַנגען. — אָבער די יוניאָן פירער, זיי האָבן געוואוסט אַז פאַר העכערע פרייזן וועט מען זיך ערשט דאַרפן רייסן אין די שעפּער און אויב ניט קיין יוניאָן וועט מען רייסן פונם אַרבעטער די הויט, די קורצערע שטונדן — דאָס איז בלויז אַן אָנ־שטעל, וועט זיין אַרבעט וועלן די אַרבעטער גופא זען אַריינכאַפּן ווי־פיל זיי וועלן נאָר קענען, און, דער עיקר, קוים אַנערקענט מען ניט די יוניאָן, ווען דער באַלעבאָס דאַרף אַן אַרבעטער רופט ער ניט די יוניאָן נאָר דער אַרבעטער גייט ב ע ט ן אַרבעט ביים באַלעבאָס, דאַן איז די יוניאָן טויט, דאָס יוניאָן ביכל אַ ביכל פון אַ באַנקראָטירטער באַנק, די באַאַמטע — געוועזענע . . . ניין, די יוניאָן קען ניט נאָכגעבן.

די יוניאָן האָט ניט נאָכגעגעבן, די באַלעבאַטים אויך ניט, ביידע צדדים האָבן זיך געגרייט — די באַלעבאַטים — עפענען די שעפּער, די אַרבעטער — פּיקעטן, ניט דערלאָזן.

— פאַרלאַנגט שטעפּער, — האָט בערנאַרד טשייס גערעדט דורכן טעלעפאָן צו דער מיידל פון דער אַנאָנסן אָפּטיילונג אין צייטונג. — גוטע געהאַלטן, זיך ווענדן . . .

— וועסט ניט עפענען דעם שאָפּ מיט סקעבס, — האָט בארני קאהן אַ זאָג געטון צו זיין שותף.

— יאָ, דריי טעג, — האָט בערנאַרד טשייס געענטפערט אין טע־לעפאָן. — גרויסע בוכשטאַבן.

— וואָס האָט איר געזאָגט? — האָט ער זיך געווענדעט צום שותף, אַוועקלייגענדיק דאָס טרייבל.

— מיינסט ניט צו זאָגן דו ווערסט עפּענען דעם שאַפֿ מיט סקעבס?

— און פֿאַרוואָס ניט? — האָט בערנאַרד רואיק געפֿרעגט. — ווען זיי קריגן אַנדערע שעפּער וואָלטן זיי געגאַנגען אַרבעטן, מיר קריגן אַנדערע אַרבעטער. — אין דער רואיקייט פֿון זיין ענטפֿער — אַן אַרויסרוף פֿון אַ שטאַרקערן, אַ געוואַגטן.

— קענסט זיך זאָגן וואָס דו ווילסט, איך וועל מיט קיין סקעבס ניט אַרבעטן, — האָט באַרני קאהן אויך, דוכט זיך, רואיק געענטפֿערט, אָבער אין דער רואיקייט האָט זיך געפֿילט אַן אָנגעצויגנקייט, אָט אָט וועט זי פּלאַצן.

— נו, איר'ט ניט אַרבעטן, וועט זיך געפֿינען אַן אַנדערער וואָס וועט יאָ אַרבעטן. — הינטער די רייד — ווי ווער איך פּטור פֿון דיר! אַ פֿאַרמאַן, אַ פֿאַרליידי, אַ פּוילישע שיקסע, זי וועט שוין זען . . .

— אַזוי גאָר אַן אַנדערער? וואָס־זשע, איך האָב שוין גאָרניט וואָס צו זאָגן?

— ווער זאָגט דען אַז ניין? עס ווענדט זיך אָן אייך. ווילט — אַרבעט, ווילט ניט — אַרבעט ניט. דער שאַפֿ וועט זיין אָפֿן.

— ניט אַזוי לאַנג ווי איך בין אין שאַפֿ!

— ווער הייסט אייך זיין אין שאַפֿ?

— וואָס מיינסטו ווער הייסט מיר? צו וועמען רעדסטו דאָס אַזוי? וואָס בין איך דיר, אַ אינגעלע? דו . . .

אַה, ער איז שוין אין כּעס? גוט. איצט, בערנאַרד, רואיק. געדיינקסט לעראַי האָט געזאָגט: שמיד ווען דאָס אייזן איז הייס, אָבער דער שמיד דאַרף זיין קאַלט. רואיק, רואיק, שווייג, זאָג גאָרניט, ער'ט רעדן נאָך אַ ביסל, דאַן דערלאַנג אים.

באַרני קאהן — אַ טעפּל וואַסער אויפֿן פֿייער. דאָס טעפּל צוגעדעקט אָבער די פּאַרע הויבט דאָס דעקל, אָט לויפֿט עס איבער. אַי־בערגעלאָפֿן! — ווער דיינקסטו, ביסטו? אַ גאַנצער באַלעבאָס געוואָרן!

— קיין גאַנצער טאַקע ניט, אָבער כּמעט אַ גאַנצער.

— איך בין אַזאַ באַלעבאָס ווי דו, און נאָך מער, — האָט שוין באַרני קאהן געשריען. — דער שאַפֿ איז מיינער! דו הערסט, מיינער!

— אַזוי זאָגט איר. איר פֿרעגט אַן אַדוואָקאַט בעסער, ער'ט אייך אפשר דערציילן אַן אַנדער מעשה.

— װ ו אָ ס ? ? !

— אַט דאָס װאָס איר הערט. דער שאַפּ איז מ י י נ ע ר ! בעמט עס גוט אַריין אין קאָפּ. מ י י נ ע ר . איך האָב איין און פופציק אַקציעס, איר ניין און פערציק. װאָס איך זאָג איז געזאָגט. און איצט װי איר װילט.

— ס׳אַליגן! ביסט אַ גאַט פאַרדאַמטער ליגנער! דו . . .

— מר. קאהן! איר זייט בעסער פאַרזיכטיק װי איר רעדט. פאַר אַזעלכע רייד, אַזעלכע װערטער . . .

— װעסטו מיך קלאָגן צום ונתנה תוקף. אַ חוצפּה דאָס האָט! ער׳ט מיר זאָגן . . .

— װאָס דאַרפט איר זיך היצן, רופט אָפּ אייער טאָכטער. זי האָט מיר געגעבן אירע צװיי אַקציעס.

— סילוויע??!

— יעס, סיר.

— עס קען ניט זיין, — האָט בארני קאהן אַ זאָג געטון אַ דער־שלאָגענער. — דאָס איז אוממעגליך.

— איר װילט, װעל איך זי גלייך רופן צום טעלעפאָן.

— כ׳בעט דיך ניט זאָלסט רופן. כ׳װעל װעלן װעל איך זי אַליין רופן. איך װעל זי אַליין זען. — האָט ער שוין כמעט װי צו זיך אַליין דערשלאָגן געזאָגט. ניט רעדנדיק מער מיט זיין שותף, מיט זיין איי־דים, האָט ער שטילערהייד פאַרלאָזט דעם שאַפּ.

באַרני קאהן איז אַרויסגעגאַנגען פון דער געביידע, אַ קוק געטון אויף די פּאָליציסטן, דערזען פון װייטן אַ פּאָר פון זיינע אַרבעטער, אָן אַ שטייט דאָך דער אַלטער איציע. ער פיקעט אויך? בארני קאהן האָט זיך אַ לאָז געטון. צוגיין צו זיי, זיי זאָגן, דערציילן אַז ער װיל ניט קיין סקעבס. ער איז דאָך אַליין געװען אַן אַרבעטער, געסטרייקט, און אַפילו איצט — אויך אַן אַרבעטער, ער אַרבעט שװער און ביטער, דאָס איז ער, זיין שותף, זיין אײדים, די שלאַנג װאָס ער אַליין האָט אויסגעהאָדעװעט.

ער האָט זיך נאָר דערנעענטערט צו די פּאָר אַרבעטער און אַ פּאָ־ליציסט איז אויסגעװאַקסן: ריר זיך! ריר זיך! פאַרשטעלט ניט דעם דורכגאַנג! בארני קאהן האָט פאַרװירט אַ קוק געטון אויפן פּאָליציסט. דער קוק האָט געזאָגט: װאָס טרייבסטו, װאָס? זעסט דאָך, אַ באַלע־

באַס וויל זיך דורכרעדן מיט זיינע אַרבעטער. אָבער דער פּאָליציסט האָט געוואוסט אַז אַ באַלעבאָס דאַרף ניט רעדן מיט זיינע אַרבעטער, מסתם אַ בונטאָווּשטשיק ווי זיי, און ער האָט געטריבן בארני קאהן ווי דעם אַלטן איציע: נו, נו, רירט זיך! רירט זיך! געגאַנגען זאָל ווערן!

בארני קאהן האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און אַוועקגעגאַנגען. זיין טאָכטער סילוויע האָט געוויינט, געקלאָגט — ער האָט זיי ביי איר אויסגענאַרט, זאָל זי אַזוי לעבן ווי ער האָט זיי ביי איר אויסגענאַרט די אַקציעס, געזאָגט ער דאַרף זיי בלויז פאַר פאָרמאַליטעט, און בארני קאהן האָט ניט געשריען, ניט געשטראָפט, ער האָט בלויז געהאַלטן אין איין זאָגן: אַן אייגענע טאָכטער, אַן אייגן קינד....

— זאָל איך זיך מיט אים גטן דערפאַר? זאָל איך . . .? איכ׳ל זיך דערהרגענען, איכ׳ל זיך אויפהיינגען! — און זי האָט זיך אויפסניי צעוויינט.

בארני קאהן האָט אַ גלעט געטון דער טאָכטערס קאָפּ. — נו, שרהלע, גענוג, גענוג געוויינט. גענוג. גיי, מיין טאָכטער, גיי אַהיים, מאַך וועטשערע פאַר דיין מאַן. איכ׳ל שוין זיך אַן עצה געבן. גיי, מיין קינד, גיי.

דאָס וואָרט שרהלע, דעם נאָמען וואָס דער פאָטער האָט באַנוצט בלויז אין די צאַרטליכסטע מאָמענטן, האָט אויפסניי געעפנט אַ קוואַל טרערן. ווי האָט זי דאָס געקענט טון? ווי האָט זי דאָס קיין שכל ניט געהאַט? פאַרוואָס האָט זי אים ניט דערציילט דעם טאַטן? זי האָט אים אַרומגעכאַפּט, אים אַ שטאַרקן קוש געטון און אַרויסגעלאָפן פון הויז. געלאָפן מיטן באַשלוס: זי וועט אים . . .

ניט סילוויעס געשרייען, ניט אירע געוויינען האָבן גערירט בערנאַרדן. — ניט דיין עסק, — האָט ער טרוקן געענטפערט. — געשעפט קער זיך גאָרניט אָן מיט דיר. מיטן טאַטן מיט דיינעם וועל איך זיך שוין אויסגלייכן. זאָרג זיך ניט, איך וועל אים ניט קריוודען, אָבער דו מיש זיך ניט. ניט דיין עסק.

צוויי אַדוואָקאַטן פוןביידע צדדים — צוויי מעקלער — האָבן זיך געדונגען, און לערנאַי טשייס, בערנאַרדס ברודער, האָט זיך אַרויסגעוויזן דער בעסערער סוחר. ביז וואָס ווען דאַרף בארני קאהן ניט אַריינקומען אין שאַפּ, דער באַלעבאָס איז בערנאַרד טשייס.

בערנאַרד טשייס האָט געפירט דעם שאַפּ ביד חזקה. אויף זיינע

אַנאַנסן אין די צייטונגען האָבן זיך אָפּגערופן אַ סך אַרבעטער, מענער, פרויען, אידן און ניט אידן, און בערנאַרד טשייס האָט געקליבן — נאָר פרויען, און קיינע אידישע. שיקסעס. שיקסעס. ווען ער קען נאָך קריגן צושניידער שיקסעס. אָבער צושניידער האָט ער געמוזט נעמען מענער און אַפילו אידן אויך. נאָך אַ טייל שיקסעס איז ער אַליין גע־פאָרן, זיי געבראַכט אין זיין אויטאָמאָביל, אַריינגעפירט זיי אין שאַפּ דורך דעם הינטערשטן אַריינגאַנג, אויפן פראַכט עלעווייטאָר, אַ טייל זיינען אַליין געקומען. פּאָליציי האָט אַכטונג געגעבן, ניט צוגעלאָזט די סטרייקער צו די סטרייק ברעכער, ניט ביי זייער קומען צו דער אַר־בעט, ניט ביי זייער גיין פון דער אַרבעט, די פּאָליציי האָט אָבער ניט געקענט פאַרצאַמען דעם וועג פאַר דעם הילכיקן געשריי: סקעבס! סקעבס! עוועלין האָט די ערשטע געגעבן דעם געשריי, גלייך האָבן אים אונטערגעכאַפּט אַלע אַנדערע פּיקעטס, און דער געשריי, אָט דאָס איינע וואָרט „סקעבס“ האָט געשמיסן די פּנימער פון די סטרייקברע־כער, זיי האָבן געמוזט פאַרשטעלן די אויגן, די פּנימער, בלינדערהייד געזוכט אַ וועג צו אַנטלויפן, ניט בלייבן, ניט הערן דעם געשריי, ניט זען די אַרבעטער. די סטרייקברעכער האָבן זיך געלאָזט גיין מיט אַ גיכן טראָט, איין מיידל האָט גענומען לויפן, די סטרייקערס האָבן זיך אַ לאָז געטון נאָך זיי, די געשרייען האָבן נאָכגעיאָגט. די פּאָליציסטן וועלכע האָבן ניט געקענט אָפּשטעלן, פאַרצאַמען דעם געשריי האָבן אָבער באַוויזן פאַרצאַמען דעם וועג די סטרייקער גופא. מיט קולאַ־קעס, בולעוועס, קלעפּ און שטוכענצעס איז „איינגעשטעלט געוואָרן די אָרדנונג“, אייניקע סטרייקער האָט מען נאָך דערצו פאַרנומען אין פּאַטראָל וואָגן.

אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען צוויי צעקלאַפּטע צושניידער זיינען געקומען אין שאַפּ אַריין, האָבן זיי געפונען אויף איין טיש, וואו עס איז געווען אָנגעלייגט סחורה גרייט צום שניידן — אַ פערציק לאַגן — די סחורה צעשניטן, אין דער לייִנג, ברייט און סקאָס.

— עמיצער האָט געמוזט אַריינקריכן ביינאַכט, — האָבן די צו־שניידער אַרויסגעזאָגט זייער השערה דעם באַלעבאָס וואָס איז געשטאַ־נען און באַטראַכט דעם היזק. בערנאַרד טשייס האָט אַ וואָרף געטון אַ קוק צו די פענסטער פון שאַפּ, צו דער טיר. קיינער האָט ניט געקענט אַריינקומען. עמיצער האָט געמוזט אַריינקומען מיט אַ שליסל. האָט

ער ניט אַמאָל געגעבן שלומען אַ שליסל פון שאַפּ? . . .

— אַלרייט, — האָט ער אַ זאָג געטון צו די צושניידער, — וואַרפט עס אַרונטער. ניין! — האָט ער זיך פאַרכאַפּט, — טשעפּעט עס ניט. נוצט דעם אַנדערן טיש. כ׳וועל ברענגען די פּאָליציי. זאָלן זיי עס זען. איכ׳ל שוין זען . . . און איר שטעלט זיך שניידן. דאָ האָט איר סחורה.

(33)

דער אַדוואָקאַט פון דער יוניאָן, לואי לעווענסאָן, אַ מאַן אין די שפּעטע פופציקער מיט אַ הויכן בלוט דרוק, איז געזעסן אין געריכט, דעם שווערן קאָפּ זיינעם אַרונטערגעלאָזט, בלויז פון צייט צו צייט האָט ער אַ הויב געטון די אויגן, מיד אַ קוק געטון: נאָך אַלץ? בלייפּען אין האַנט, האָט ער „געצייכנט״ בלימלעך, ליניעס, אָנגעשריבן: איך קען די געזעצן, קען די פּאַרפּאַסער, טרינקען ווײַן און פריידיקן וואַסער. אָנגעשריבן, פאַרמעקט און ווידער אַ הויב געטון די אויגן: רעדט נאָך אַלץ? וואָס צעלאָזט ער זיך עס אַזוי? אנגרייף, אָנפאַל . . . זיך צע־לאָזט! אַ געוויינליכע געשיכטע, אַ סטרייק, אַ געשלעג צווישן פּי־קעטס און סקעבס, פינף דאָלאַר און פּטור. איך קען די געזעצן, קען די פּאַרפּאַסער, האָט ער ווידער אַמאָל געדראַקעט, און ווידער אַ הויב געטון די אויגן, דאָס מאָל שוין צום ריכטער, ריכטער לעווי. ווי מאַ־סיוו דאָס זיצט. אַזאַ רואיגקייט, אַזאַ חשיבות, אָט ווי אַ . . . עלע־פאַנט. אַ בילד פון אַ עלעפאַנט געזען ניט אין, נאָר ביים זאָאָלאָגישן גאָרטן, אין דרויסן, איז אַרויפגעשוואומען פאַר לעווענסאָנס אויגן. די „הויזן״ זיינען אויף אים צו גרויס, האָט ער דאַן אַ טראַכט געטון, זע־ענדיק די געקנייטשטע פעל ביים הינטער חלק, און אויך דאָס רעקל איז אַ ביסל צו גרויס אויפן ריכטער לעווי. אַדוואָקאַט לעווענסאָן האָט גענומען מאָלן אַ עלעפאַנט, געטראַכט אַז אַ ריכטער מוז טאַקע האָבן די געדולד פון אַ עלעפאַנט אויסצוהערן אָט די אַלע רייד. רעדט נאָך אַלץ? ווען ענדיקט ער שוין? שוין אַ בעלן געוועז זיין אין דרויסן, אויף דער פרישער לופט, אָדער גאָר אין דער היים. זיך אָוועקלייגן, צולייגן זיך. דער פּולס איז עפּעס היינט שוין גאָר משוגע. מוז זיין אפשר הונדערט אַכציק. און דער אַ לעקיש, דער אַנקלאָגער . . . האַ, וואָס זאָגט ער דאָרט?

— . . . און אָט די שטערער און ברעכער באַנוגענען זיך ניט מיט זייער שטערערישער אַרבעט אין דרויסן, זיי האָבן געהאַט די חוצפה זיך אַריינברעכן אָדער, בעסער געזאָגט, אַריינדרינגען אין דער געביידע און דאָרט באַגיין דעם קרימינאַלן פאַרברעכן פון צעשטערן און פאַר־ניכטן פריוואַט אייגנטום . . .

— וואָס רעדט ער דאָרט? וואָס פאַר אַריינברעכן, צעשטערן, פאַרניכטן? אַדוואָקאַט לעווענסאָן האָט שוין אומרואיק אַ הויב געטון דעם קאָפּ, געוואָרפן אַ בליק צום אָנקלאגער, צום סעקרעטאַר פון דער יוניאָן וואָס איז געזעסן לעבן אים. — איר ווייסט וואָס ער רעדט? — דער סעקרעטאַר פליסטערט אין אויער אַריין: — צעשניטן ביי דער איי. בי. סי. אַ טיש סחורה, אָבער די האָבן קיין האַנט דאַריין. — אַ צודרינגליכער קוק פון אַדוואָקאַט. דער סעקרעטאַר פאַרזיכערט מיט אַ קוק — איך זאָג דעם אמת.

— מיט דער ערלויבעניש פון געריכט, — שטעלט זיך אויף אַד־וואָקאַט לעווענסאָן. — די אָנגעקלאָגטע זיינען געבראַכט געוואָרן אין געריכט נאָך אַ באַגעגעניש צווישן סטרייקער און סטרייק ברעכער מיט דער געוויינליכער אומאָרדנונג וואָס קומט אַרויס פון אַזאַ באַגעגעניש, זיי זיינען געבראַכט געוואָרן אויפן סמך פון דעם אַרעסט וואָס די פּאָ־ליציי האָט געמאַכט אויפן פּלאַץ, און אויף דער קלאַגע — אויפפירן זיך ניט אין אָרדנונג — דאַרפן די אָנגעקלאָגטע געמשפּט ווערן. איך זע אָבער ניט איין קיין גרונד צו משפּטן אָט די מענטשן אויף די קלאַגן פון אַריינברעכן זיך אָדער אריינדרינגען, צעשטערן אייגנטום, דאָ איז אַבסאָלוט ניטאָ קיין גרונד פאַר אַזאַ קלאַגע.

— דער אַדוואָקאַט פאַר די אָנגעקלאָגטע איז, גלויב איך, ניט גוט אינפאָרמירט, — האָט זיך דערהערט אַ יונגע, גוט מאָדולירטע שטימע. אַדוואָקאַט לעווענסאָן האָט אַ קער געטון דעם קאָפּ. אה, דער . . . ער האָט געקענט לעראָי טשייס. ניט איין שניידער קליענט האָט ער ביי אים צוגענומען. לעראָי האָט גערעדט . . . איך קען אינפאָר־מירן דעם זשענטלמאַן אַז אין דער נאַכט נאָכן אַרעסט פון אָט די אָ... זשענטלמען האָט פּאַסירט אַז מ'איז אַריינגעדרונגען אין דער געביידע, אין די צימערן פון דער איי. בי. סי. דרעס קאָמפּאַניע און דאָרטן בייז־וויליק צעשניטן און צעשטערט פּריוואַט אייגנטום, סחורות אין דער ווערט פון הונדערטער דאָלארס. מיר האָבן אויך גענוג אורזאַכן צו

גלויבן, ניין, מיר קענען דאָס באַווייזן אַז די אָנגעקלאָגטע דאָ האָבן די־
רעקט אָדער אומדירעקט זיך באַטייליקט אין אַ דער צעשטערערישער
פאַרברעכערישער אַרבעט, אַז זיי זיינען געווען אינסטרומענטאַל דאַ־
ריין.

— וואָס זיינען די באַווייזן?

דער אַדוואָקאַט און דער סעקרעטאַר פון דער יוניאָן האָבן זיך אי־
בערגעקוקט. דער סעקרעטאַר האָט שטיל, גאָר שטיל געפּליסטערט.—
ער האָט קיינע באַווייזן. דער וואָס האָט עס געטון איז דאָ ניטאָ. —
אַ פאַרשנדיקער קוק פון אַדוואָקאַט און דער סעקרעטאַר גיט צו בלחש.
— אַ צושניידער, כלומרשט אַ סקעב, האָט אָפּגעטון דאָס שטיקל אַר־
בעט. — אַדוואָקאַט און סעקרעטאַר פון דער יוניאָן האָבן געווענדעט
זייער אויגן צום עדות שטול וואו בערנאַרד טשייס איז געזעסן און
דערציילט ווי ער האָט, אריינקומענדיק אינדערפרי אין שאַפּ, געטראָפן
אַ טיש צעשניטענע סחורה, בייזוויליק צעשניטן. ער האָט עדות, דעם
פּאָליציסט. דער פּאָליציסט האָט באַשטעטיקט און נאָך צוגעגעבן אַז
ער האָט באַלד אַרומגעקוקט אַלע טירן און פענסטער און ניט געזען קיין
סמן פון איינברוך, ער האָט אויך גערעדט מיטן עלעווייטאָר מאַן, דעם
באַדינער פון דער געביידע, קיינער פון זיי האָט באַמערקט קיין פרעמ־
דע איינברעכער.

אַדוואָקאַט לעווענסאָן האָט פאַרקנייטשט די אויגן, צוגעמאַכט זיי
און באַלד זיי ברייט געעפנט, אריינגענומען דעם ריכטער, דעם אָנקלאָ־
גער, בערנאַרד טשייס, דעם לעצטן האָט ער גענומען אויפן פאַרהער.

— איר באַהויפּטעט אַז מ'האָט ביי אייך צעשניטן סחורה, דער
פּאָליציסט האָט באַשטעטיקט און איך צווייפל ניט דאַריין, קענט איר
מיר אָבער זאָגן וואָס האָט דער פאַקט פון דער צעשניטענער סחורה צו
טון מיט די אָנגעקלאָגטע דאָ? מיינט איר צו זאָגן אַז ז י י האָבן
דאָס געטון?

— איך . . . איך . . . — בערנאַרד האָט אַ צעטומלטער געדרייט
דעם קאָפּ, געזוכט זיין ברודער לעראָי טשייס. דער ברודער איז געקור־
מען צו הילף.

— מיט דער ערלויבעניש פון געריכט. ניט מר. טשייס ניט איך
האָבן באַהויפּטעט אַז זיי האָבן צעשניטן די סחורה, וואָס איך האָב באַ־

הויפּטעט איז אַז זיי זיינען געווען אינסטרומענטאַל אין דעם פאַרברעכערישן אַקט.

— פאַרוואָס דיינקט איר אַז זיי זיינען געווען אינסטרומענטאַל?

— האָט דער אַדוואָקאַט לעווענסאָן זיך געווענדעט צו בערנאַרדן אַט ווי ער, ניט לעראַי, וואָלט אַרויסגעבראַכט דאָס וואָרט אינסטרומענ־טאַל.

— איר פאַרשטייט, — האָט בערנאַרד גענומען זיך דרייען אויף זיין פּלאַץ. — קיין טיר, קיין פענסטער איז ניט געווען אויפגעבראָכן, דאָס האָט געמוזט טון ניט קיין פרעמדער, דאָס האָט געמוזט טון אַ היימישער, עמיצער וואָס איז אַריין מיט דער הילף פון אַ שליסל . . .

— דערביי איז ער אַנטשוויגן געוואָרן.

— און איר מיינט צו זאָגן אַז די פינף אַנגעקלאָגטע דאָ האָבן געהאַט שליסל צו אייער שאָפּ?

— ניט אַלע פינף אָבער איינער האָט געהאַט.

— און ווער איז דער איינער?

— דער איינער? דער וואָס האָט געהאַט דעם שליסל? — האָט בערנאַרד נערוועז איבערגעפרעגט און אָנגעצייגט אויף שלומען.

שלום האָט אַ הויב געטון דעם קאָפּ, די איבעריקע פיר אָנגעקלאָג־טע האָבן אַ פיר געטון מיט די אויגן.

— פון וואַנען ווייסט איר אַז ער האָט געהאַט אַ שליסל?

— פון וואַנען איך וויים! איך האָב אים אַליין געגעבן!

— ווי קומט עס וואָס איר, אַ באַלעבאָס פון שאָפּ, האָט געגעבן אַ שליסל צו אייערן אַן אַרבעטער? מיינט עס אַז איר האָט געהאַט צו אים אַ גרויסן צוטרוי, וואָס? — האָט שוין אַדוואָקאַט לעווענסאָן גע־פרעגט מיט אַ שמייכל.

— צוטרוי! — האָט בערנאַרד נערוועז אַ וואָרף געטון. — ער איז . . . ער איז מיינער אַ ברודער, — האָט ער צוגעוואָרפן און זיך אַ דריי געטון אויף זיין ביינקל. דער ריכטער, די אַדוואָקאַטן, די אָנגע־קלאָגטע — אַלעמענס אויגן האָבן געבלאָנזעט, געזוכט די פנימער פון די צוויי ברידער. דער סעקרעטאַר פון דער יוניאָן האָט געכאַפּט דעם אַדוואָקאַטס קוק, מיט די אויגן אים גערופן, און ווען דער אַדוואָקאַט האָט זיך אָנגעבויגן צו אים, האָט ער אים אַריינגעפּליסטערט אין אויער: אַ ברודער איז ריכטיק, דער דריטער, דער אַדוואָקאַט, אויך אַ ברו־

דער, אָבער דער האָט גאָרניט צו טון מיט דער צעשניטענער סחורה.

— ווען האָט איר אים געגעבן דעם שליסל?

— אָה, שוין לאַנג.

— ווי לאַנג?

— אַ פּאָר יאָר.

— אַזוי, אַ פּאָר יאָר. האָט ער ווען עס איז זיך באַנוצט מיטן שליסל?

— נו, דאָס ווייס איך ניט, איך קען עס ניט זאָגן אויף זיכער.

— זייט איר זיכער אַז ער האָט באַנוצט דעם שליסל דאָס מאָל?

— נו, איר פאַרשטייט . . .

— איך פרעג אייך, זייט איר זיכער אַז ער האָט זיך באַנוצט מיט דעם שליסל אין דער נאַכט אַריינצודרינגען אין אייער שאַפּ? יאָ ציניין?

— איך זעץ אויס קעגן דער פראַגע! — האָט זיך דערהערט לעַ־ראָיס שטימע.

— וואָס איז אייער אויסזעצונג? — האָט ריכטער לעווי מיט אומצופרידנקייט אין קול אַ פרעג געטון.

— מיין אויסזעצונג באַשטייט אין דעם וואָס די קלאַגע לויטעט ניט אַז די באַטרעפנדע פערזאָן האָט אַליין באַנוצט דעם שליסל אָדער האָט אַליין צעשניטן די סחורה, נאָר אַז די פערזאָן איז געווען א י נ ־ ס ט ר ו מ ע נ ט א ל אין דער אַרבעט.

דאָס וואָרט אינסטרומענטאַל האָט ווי אַ שווערער אינסטרומענט געקלאַפּט, געהאַמערט: גראַבע קעפּ! איר פאַרשטייט? אינסטרומענ־טאַל!

— אויסזעצונג אָנגענומען, — האָט דער ריכטער אַ זאָג געטון.

וואָס טוט זיך דאָ? האָט דער אַדוואָקאַט לעווענסאָן אַ צעטומל־טער אַ קוק געטון. וואָס ווילן זיי? מאַכן אַ פראָצעס אַ גאַנצן? וואו איז ער, דער . . . וואָס איז זיין נאָמען? כאַזאַנאָוויטש. — שלום כאַ־זאַנאָוויטש! ווילט איר אַזוי גוט זיין פאַרנעמען דעם עדות שטול. — אַדוואָקאַט לעווענסאָן פייערט מיט פראַגן. — האָט דער זשענטלמאַן, מר. בערנאַרד טשייס, אייך געגעבן דעם שליסל פון זיין שאַפּ?

— יאָ.

— ווען ער האָט אייך געגעבן דעם שליסל האָט ער אייך געזאָגט צוליב וואָס ער גיט אים אייך?

— יאָ. אין פאַל זיין שותף זאָל זיך פאַרשפעטיקן, ניט קענען עפענען דעם שאַפּ, זאָל איך עס טון.

— האָט איר ווען עס איז באַנוצט דעם שליסל פאַר דעם צוועק?

— ניין, דער שותף איז אַלע מאָל געקומען פריער.

— האָט איר ווען עס איז באַנוצט דעם שליסל פאַר אַנדערע צוועקן?

— יאָ, אויף אים אָפּגעבן צוריק דעם אייגנטימער.

— האָ? ווי? וואָס האָט איר געזאָגט?

— איך האָב דעם שליסל צוריקגעקערט צום אייגנטימער שוין לאַנג צוריק.

— האָט איר געקראָגן דעם שליסל פון דעם מאַן? — האָט דער אַדוואָקאַט אָפּגעפייערט זיין פראַגע אין בערנאַרדס ריכטונג.

— איך געדיינק ניט.

— דער זשענטלמאַן געדיינקט ניט איר זאָלט עס האָבן געטון, — האָט ער זיך שוין ווידער געווענדעט צו שלומען, — קענט איר אָנגעבן אַ טאָג, אַן אָנדייטונג, אַ סימן, וואָס זאָל אויפפרישן דעם זכרון פון מר . . .

— איך קען ניט אָנגעבן דעם דאַטום, אָבער איך געדיינק גאַנץ גענוי ווי דאָס האָט פּאַסירט. עס איז געווען אַ פרייטיק פאַרנאַכט. יאָ, אַ פרייטיק. איך בין אַרויס פון שאַפּ, לאָזנדיק בלויז אים. אין עטלי־כע מינוט אַרום האָט ער מיך אָנגעיאָגט, מיך געפרעגט צי האָב איך דעם שליסל ביי זיך ווייל ער האָט זיך אויסגעשלאָסן, האָט פאַרגעסן זיין בינטל שליסעלעך דאָרט, צווישן זיי אויך דעם שליסל פון אויטאָ־מאָביל. ביים אויטאָמאָביל האָט ער זיך עס געכאַפּט. אויף ביינטע און סופּיריאָר האָט ער מיך אָנגעיאָגט. איך האָב אים דאַן געגעבן דעם שליסל און האָב אים מער קיינמאָל צוריק ניט געקראָגן.

— דערמאָנט איר זיך איצט אָן דעם? — האָט דער אַדוואָקאַט מיט בייזער פרייד אַ פרעג געטון בערנאַרדן.

איך געדיינק ניט, — האָט בערנאַרד שוואַך געענטפערט.

— דאָס איז אַלעס, — האָט דער אַדוואָקאַט אָנגעוויזן שלומען ער זאָל גיין צוריק אויף זיין פּלאַץ. — זאָל דאָס געריכט מיר ערלויבן,

— האָט ער זיך געווענדעט צום ריכטער. — עס זעט אויס אַז די גאַנ־
צע קלאָגע ווענן אַריינדרינגען אין דער געביידע, צעשטערן אייגנטום
איז באַזירט אויף אַ . . . קורצן זכרון. זייער אַ שוואַכער באַזיס פאַר
אַ קלאָגע. עס זעט אויך אויס, נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט אַז דער
זשענטלמאַן — אַן אַנווייז אויף שלומען, און דער זשענטלמאַן — אַן
אַנווייז אויף בערנאַרדן, און, אויב איך מאַך קיין טעות, אויך דער
זשענטלמאַן — אַן אַנווייז אויף לעראָיען . . .

— איך פּראָטעסטיר! — האָט לעראָי שיר ניט אַ געשריי געטון.
ריכטער לעווי האָט אַ הויב געטון די אויגן, איין אויג האָט זייטיק אַ
קוק געטון, זיך אָפּגעשטעלט אויף לעראָיען, און דער ריכטער האָט
שטיל אַ זאָג געטון: פּראָטעסט אָנגענומען.

— איך אַנטשולדיק זיך, — האָט אַדוואָקאַט לעווענסאָן זיך אַ
נויג געטון מיט אַ אָנשטעל פאַר לעראָיען. — סיי ווי, נעמענדיק אין
אַנבאַטראַכט אַז אָט די זשענטלמען זיינען ברידער — דער פינגער, אָנ־
ווייזנדיק אויף שלומען און בערנאַרדן האָט אויך פאַרטשעפּעט לע־
ראָיען, — בין איך גענייגט צו גלויבן אַז די גאַנצע געשיכטע מיטן
שליסל, מיטן אינסטרומענט וואָס האָט באַדאַרפט זיין אינסטרו־
מענטאַל . . .

— איך פּראָטעסטיר! — האָט שוין לעראָי אַ געשריי געטון.
ווידער האָט ריכטער לעווי אַ הויב געטון די אויגן, קרום אַ קוק
געטון. דער עלעפאַנט בייזערט זיך שוין, האָט אַדוואָקאַט לעווענסאָן
מיט צופרידנקייט באַמערקט.

— פּראָטעסט ניט אָנגענומען, — האָט דער ריכטער שטיל אָבער
דייטליך אַרויסגעזאָגט.

— יאָ, די גאַנצע געשיכטע, — האָט לעווענסאָן שוין גערעדט
פרייליך, — איז ניט מער ווי אַ פאַמיליען אַנגעלעגנהייט און אַלס
אַזעלכע דאַרף זי אינגאַנצן צוריקגעוויזן ווערן. — זיין מאַך מיט דער
האַנט האָט נאָך צוגעגעבן — אַרויסוואַרפן! פּשוט אַרויסוואַרפן. —
וואָס עס בלייבט איז די געוויינליכע קלאָגע וואָס קומט אַרויס פון אַ
באַגעגעניש צווישן סטרייקער און סטרייק ברעכער — נעמליך, זיך
אויפגעפירט ניט אין אָרדנונג, אין וועלכער די אָנגעקלאָגטע דערקלערן
זיך שולדיק . . .

— אויב דאָס געריכט וועט מיר דערלויבן?

ווער בעט עס די געריכט ערלויבעניש? דער ריכטער, די אַדוואָ־קאַטן האָבן אָנגעשטעלט די אויגן אויף שלומען. ער האָט זיך באַמיט צאַמען דעם ציטער אין די ליפּן, האָט נערוועז פאַרריכט די ברילן אויפן נאָז ביז ער האָט דערהערט: וואָס אַזוינס ווילט איר זאָגן? נו, זאָגט, נו! — האָט ריכטער לעווי שוין אַ זאָג געטון שטריינג אָבער ניט בייז.

— מיט דער ערלויבעניש פון געריכט וויל איך זאָגן אַז דער אַד־וואָקאַט, אין זיין טענה אָפּצואווישן די קלאָגע אויפן גרונט פון . . . ברידערליכקייט, וויל איך און . . . — אַן אַנווייז אויף בערנאַרדן — זיינען ברידער, האָט אין דעם פאַל ניט אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג פון קליענט. אויב ברידערליכקייט וואָלט געווען אַ גרונד אויף אַרויס־וואַרפן קלאָגן וואָלט מען דוכט זיך ניט געדאַרפט קיין געריכט. זיינען ניט אַלע מענטשן ברידער? טעאָרעטיש אַמווייניקסטן? אַלע מענטשן זיינען ברידער, אָבער ברודער קעמפט קעגן ברודער. דער פאַקט וואָס דאָ זיינען, אַזוי צו זאָגן, פאַרמישט לייבליכע ברידער איז ניט מער ווי אַ צופאַל, און וואָס אַנבאַלאַנגט מיר, אַ טרויעריקער צופאַל. דאָס ענ־דערט אָבער ניט די זאַך. ברידער זיינען מיר, אָבער איינער פון איין זייט פּלויט, דער צווייטער פון דער צווייטער זייט פּלויט, איינער דער אַרבעטס־געבער, דער צווייטער דער אַרבעטער. איך ווייס ניט ווער איז וועמען מער שונא, דער אַרבעטסגעבער דעם אַרבעטער אָדער דער אַרבעטער דעם באַלעבאָס, איך ווייס אָבער אויף אַזוי פּיל אַז די מיט־לען וואָס די אַרבעטסגעבער נעמען אָן, זיינען ניט די מיטלען פון די אַרבעטער . . .

וואָס פּלוידערט ער דאָרט? האָט אַדוואָקאַט לעווענסאָן זיך גע־דרייט אויף זיין ביינקל און זיין קוק צום סעקרעטאַר פון דער יוניאָן האָט געפרעגט: ווער איז ער, אָט דער פויגל?

די אומרואיגקייט פון אַדוואָקאַט, געריכט האָט זיך איבערגעגעבן שלומען. — וואָס איך וויל זאָגן איז אָטוואָס: דעם שליסל — ברודער אָדער ניט ברודער — האָב איך ניט, האָב אים ניט באַנוצט פאַר קיין צוועק. וואָס אַנבאַלאַנגט ווידער זיך אויפפירן ניט אין אָרדנונג, נו . . . מיר האָבן געפיקעט, מיר האָבן געזען מענטשן, אַרבעטער, גייען פאַרנעמען אונזערע פּלעצער, ווילן אַרויסרייסן דעם ביסן ברויט פון אונזערע מיילער, האָבן מיר געפּרואווט רעדן צו זיי, האָט איינער זיך געוואָרפן שלאָגן, די פּאָליציי האָט אים, זיי אַרויסגעהאָלפן, מיר האָבן

געפּרואווט זיך פאַרטיידיקן, טאַקע בלויז געפּרואווט, קלעפּ האָבן מיר סיי ווי געכאַפּט. מיינט אַט דאָס אַ זיך אויפפירן ניט אין אָרדנונג? אויב פאַרטיידיקן זיך קעגן קלעפּ מיינט אויפפירן זיך ניט אין אָרדנונג, דאַן, פאַרשטייט זיך, בין איך שולדיק, זיינען מיר אַלע שולדיק. דאָס אַלעס, — האָט שלום פאַרשעמט געענדיקט און זיך אַוועקגעזעצט.

— דאַנקען גאָט, — האָט אַדוואָקאַט לעווענסאָן אָפּגעזיפצט. — אַ נפש. ווייזט אויס נאָך אַ גרינער. נו, זאָל ער שוין דברן דער ריכ־טער.

ריכטער לעווי האָט אַרויסגעגעבן זיין פּסק — פינף דאָלאַר שטראָף פאַר אויפפירן זיך ניט אין אָרדנונג. דער „פּראָצעס" האָט זיך געענדיקט.

— ניין, איך גיי אַהיים, איך גיי גלייך אַהיים, — האָט אַדוואָקאַט לעווענסאָן אומגעדולדיק געענטפערט דעם סעקרעטאַר פון דער יוניאָן, צוריקווייזנדיק זיין איינלאַדונג גיין כאַפּן אַ ביס — און הלואי מאַכט איר שוין אַ סוף צו אַט דעם נאַרישן סטרייק. עס ווערט שוין ניט גוט, — האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, פאַרטשעפּעט נאָך אַן אַרויס־גייער פון געריכט. — אַנטשולדיקט, — האָט ער אַ וואָרף געטון דעם פאַרטשעפּעטן, — און זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווער איז דאָס דער רעדנער? וואָס איז דאָס פאַר אַ נפש? דער אופן פון זיין רעדן איז עפּעס ניט פון קיין שניידער.

— וואָס שניידער? אַ בוכהאַלטער!

— אַ בוכהאַלטער? — דער אַדוואָקאַט האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— ווי קומט ער צו אייך?

— איך ווייס אַליין ניט. געקומען מיט אַלע, ער איז דאָ, אַרונ־טער אין סטרייק.

— אַ בוכהאַלטער, אַ ברודער, איך זאָג אייך, עפּעס . . . נו, אַ גוטן . . . — האָט דער אַדוואָקאַט זיך אָפּגעזעגנט מיטן סעקרעטאַר. פּטור געוואָרן פון דער אַנשיקעניש. איצט גייט ער גלייך אַהיים. ניין, ער וועט ניט פאַרקירעווען אין אָפיס. ער'ט טעלעפאָנירן. אָדער ניט טעלעפאָנירן אַפילו. גיין אַהיים, זיך אַוועקלייגן. דער פאַרדאַמטער פּולס . . .

— ניין, איכ'ל צוגיין די צוויי בלאָק, — האָט לעראָי טשייס צו־

ריקגעוויזן די אייגלאַדונג פון זיין ברודער אים נעמען מיטן אויטאָמאָביל. ער האָט ניט געוואָלט פאָרן מיט אים, ער האָט אים ניט געוואָלט זען. נאַדיר אַן עסק — אַ ברודער. ברידער. און דער שלימזל. הלואי קען ער אים פאַרפאַקן אין תפיסה, אָט דעם טויגעניכטס, אָט דעם . . . דאָרט וואָלט ער אפשר עפּעס געלערנט. און דער ריכטער . . . אים איז זיכער ניט געפעלן געוואָרן דער גאַנצער עסק. צום טייוול זאָל עס גיין. דער שוואַרץ יאָר האָט אים אָנגעטראָגן, ער דאַרף זיך פאַרנעמען מיט אַזאַ קליענטעל. אידן, שניידער. ער׳ט אים דאַרפן זען דעם ריכטער. ער׳ט טעלעפאָנירן. נאָך היינט. ניין, היינט ניט. צו הייס. מאָרגן.

אויף מאָרגן האָט לעראָי טאַקע טעלעפאָנירט, געפרעגט אויף גרעטאַן, און קריגנדיק די פראַגע: ווער רעדט עס? האָט ער דערפילט אַז ס׳איז צרות. די אַלטע קלעמפּע דערקענט שוין פלוצלונג ניט זיין שטימע. אויפהייגגען דאָס טרייבל. ער האָט ניט אויפגעהאַנגען. — איר דערקענט גאָר ניט מיין שטימע? — האָט ער היימיש אַ פרעג געטון די „טאַנטע עליזאַ“, אַפילו אַ שמייכל געטון אין דער לופטן. — מר. טשייס, לעראָי טשייס. איז גרעטאַ אין דערהיים?

— כ׳וועל זען, — האָט ער דערהערט אַ פאַרעווע שטימע. די וואַנט אַנטקעגן האָט געפרעגט: וואַרטסט, האַ? זי וועט קומען צום טעלעפאָן, האָט לעראָי ווי געענטפערט דער וואַנט אין געדאַנק. — העללאָ, — האָט ער דערהערט, — עס טוט מיר לייד, אָבער מיסס לעווי איז ניטאָ אין דערהיים. זי איז נאָר וואָס אַרויסגעגאַנגען. אויפן גאַנצן אָוונט איז זי אַוועקגעגאַנגען. אַ גוטן.

לעראָי טשייס האָט פּאַמעליך אויפגעהאַנגען דאָס טרייבל. אַרויסגעגאַנגען. אויפן גאַנצן אָוונט. אַ ליגן! אַ פאַרדאַמטער ליגן! זי איז אין דערהיים. צופאָרן. אַריינגיין, רעדן מיט איר. דערקלערן. רעדן מיט איר, מיט אים . . . ניין, דאָס וועט ניט טויגן. דאָס וועט ניט . . . אה, פאַרדאַמט זאָל עס ווערן. און אַלץ צוליב דעם פאַרדאַמטן שלימזל, אָט דעם . . . פאַרדאַמט זאָל ער ווערן!

(34)

פאַר אַדוואָקאַט לעווענסאָן איז דער סטרייק געווען — אַ געפלאַצטע שינע ביי אַן אַלטן אויטאָ טרייבער. געפלאַצט, דאַרף מען

אַרונטערגיין, איבערבייטן די שינע אָדער פאַרריכטן און פאָרן ווייטער. ניט קיין אַנגענעמע אַרבעט, אָבער אַז מ׳טרייבט אַן אויטאָמאָביל דאַרף מען זיך ריכטן דאַרויף און ניט מאַכן קיין צימעס דערפון. פאַר לעראַי טשייס איז דער סטרייק, דער עיקר, די געריכט פאַרהאַנדלונגען, געווען אַ צוזאַמענשטויס צווישן צוויי אויטאָמאָביל פאָרער, אַ צוזאַמענ־שטויס, וואו ביידע פאָרער גייען אַרונטער, שרייען זיך דורך, יעדער איינער טענהט עס איז דעם צווייטנס שולד און, לעראַי, ניט נאָר האָט ער געליטן היזק, ער האָט נאָך באַדאַרפט זיך פאַרענטפערן — פאַר ריכטער לעווי — למאי ער איז געפאָרן אַזוי שלעכט. וועט אים גע־לינגען צו זען גרעטאַן, איר פאָטער, דערקלערן, פאַרגלעטן? פאַר שלומען איז דער סטרייק, דער פאַרלוירענער סטרייק, געווען אַן אויי־טאָמאָביל צופאַל, אַ צופאַל אין וועלכן דער אויטאָמאָביל איז אַרונ־טערגעפאַלן, צעשמעטערט געוואָרן, ער איז, ער ווייסט אַליין ניט ווי אַזוי, אַרויס אַ גאַנצער און געשטאַנען לעבן דעם צעשמעטערטן אויי־טאָמאָביל, באַטראַכט אים און געטראַכט: און איצטער וואָס?

— גייסט אַרבעטן? — האָט ער אַ פרעג געטון עוועלינען ווען ס׳איז שוין געווען זיכער אַז דער סטרייק איז פאַרלאָרן.

— אַרבעטן. איכ׳ל גיין זוכן. מ׳עט מיך אַרויפנעמען וועל איך אַרבעטן.

— אַרבעטן צוזאַמען מיט סקעבס?

— ניט אַזוי אַנגענעם, אָבער וואָס קען מען טון, אַז מ׳קען ניט אַריבער מוז מען אַרונטער.

— מוז מען אַרונטער, — האָט שלום אומעטיק נאָכגעזאָגט.

— שלומקע, ביסט אַ שלעכטער פאַרלירער. פאַרלוירן דעם סטרייק. ניט גוט, אָבער די וועלט גייט ניט אונטער. היינט האָבן מיר פאַרלאָרן, אַ צווייטן מאָל וועלן מיר געווינען. אַזוי גייט עס שוין. זיך זעצן וויינען?

— נו, ניט וויינען, דאָך . . . וועסט ניט גיין צו דער איי. בי. סי?

— און פאַרוואָס ניט? איין באַלעבאָס פונקט אַזוי שלעכט ווי דער צווייטער. וואָס איז דער חילוק. וואָס אַנבאַלאַנגט שעפער איז דער שאַפּ . . . — זעענדיק שלומס קוק, אַ פאַרוואונדערטער און אַ ווייטאָקדיקער, האָט זי ניט געענדיקט אַרויסזאָגן איר מיינונג וועגן דעם שאַפּ. — ווילסט ניט איך זאָל גיין אַהין?

— ניין, ניט אַהין.

— בלויז דערפֿאַר ווייל ער איז דיין ברודער?

— נו, ווי זאָל איך עס דיר זאָגן, איך קען עס דיר ניט דערקלערן. איך . . .

— ביסט אַ קינד, שלום. — זי האָט אים אָנגענומען ביי די אויערן לעפּלעך, אים אַריינגעקוקט אין פּנים. — ביסט אַ קליין קינד, אַלץ נעמסטו פּערזענליך. — זי האָט צוגעצויגן זיין מויל צו אירן . . . — גוט, איך וועל ניט גיין אַהין. צופרידן? קינד וואָס דו ביסט.

דאָס „קינד" האָט געקושט און געהאַלזט די „מאַמע". אַ טייער מיידל עווועלין, איינפאַך, אָבער אַזוי קלאָר. איר איז אַלץ קלאָר. אַ געשלעג, אַ מלחמה. היינט האָבן מיר פֿאַרלאָרן, מאָרגן וועלן מיר געווינען. זיך זעצן וויינען? אַזוי דאַרף זיין, אָבער פֿאַרוואָס איז דאָס אים ניט אַזוי קלאָר, פֿאַרוואָס . . . נו, ער פֿילט ניט ווי זיך זעצן וויינען, אָבער די גאַנצע געשיכטע, דער סטרייק, דער געשלעג לעבן שאָפּ, נאָכדעם אין געריכט איז פֿאַר אים געווען אַ באַליידיקונג, אַ טיפֿע באַליידיקונג. מענטשן רייסן זיך איבער אַ שטיקל ברויט ווי הינט איבער אַ ביין. ווי ווערט עס אַ מענטש, אַן אַרבעטער אַ סקעב? ווען ער איז געשטאַנען לעבן שאָפּ, געהיט, געזען די סטרייק ברעכער קומען, האָט ער זיי באַגעגנט מיט די אויגן, אויגן איבעראַשטע, פֿאַרוואונדערטע און בעטנדיקע: מענטשן, אַרבעטער, ברידער! טוט עס ניט! ס'איז ניט שיין, ס'איז אַ חרפּה! זייערע אויגן האָבן אָבער די מענטשן ניט אָפּגעשטעלט, רייד אויך ניט, מ'האָט זיך געוואָרפֿן שלאָגן, ער האָט זיך, דעם אמת געזאָגט, ניט געשלאָגן, ער האָט בלויז געקראָגן אַ פּאָר קלעפּ, און די קלעפּ האָבן אים אַזוי ניט וויי געטון ווי די באַליידיקונג. נאָכדעם אין געריכט. ער האָט געוואוסט — ברוך, מלך, דער וועט פֿאַר אַ סענט פֿאַרקויפֿן טאַטע מאַמע, דער אַנדערער וועט בדאי אַרויפֿטרעטן אויף טאַטע מאַמע אַבי ער זאָל שטיין העכער, זיך אַרויסווייזן, זיך אַרויסזען. ער האָט עס געוואוסט, און דאָך ווען עס איז געקומען דערצו, ווען ער האָט זיי דערזען אין געריכט . . . און איצט אַרויפֿגיין צוריק אַרבעטן? ניין, וועגן דעם איז אָפּגערעדט. ניט ברוך וועט אים נעמען, ניט ער וועט גיין צו אים, ניין, צום ברודער וועט ער זיכער ניט גיין, אָבער אַפֿילו אין אַן אַנדער שאָפּ, ווידער אַ באַלעבאָס איבער זיך, ווידער פֿאַרקוקן שווייַנערייען, ווידער קראַצן ציפּערן . . .

קנאַפּע דריי יאָר איז שלום געזעסן אין שאַפּ, געקראַצט ציפערן, געטון די אַרבעט מיט אַ ווידערווילן, אויפן „באַלעבאַס״ צייטנווייז ניט געקענט קוקן פאַר שנאה, דאָך איז ער געזעסן טיילווייז צוליב עוועלי־נען, טיילווייז אָבער אויך צוליב דעם ווייל ער האָט געדיינקט: ענדליך אַן אַרבעטער. אין זיינע סטודענטן יאָרן, אין זיין צייטונגס אַרבעט, אין ניו יאָרק האָט ער זיך אַלץ געפילט — אַ שפּענדל אויפן וואַסער, עס וויגט זיך אויפן וואַסער, ניט עס טראָגט זיך מיטן שטראָם, ניט עס שלאָגט זיך צו צו אַ ברעג. וואָס ער זאָל ניט האָבן געטון האָט ער גע־פילט ער איז אין פרעמדע שיך, אָדער צעלעפּעט — צו גרויס, אָדער צו ענג — עס קוועטשט. ביים שרייב טיש אין שאַפּ, ביי די ביכער, די שיך אויך ענגע, אָבער אַז מען געוויינט זיך צו, טראָגט זיי אויס אַ ביסל . . . איז געקומען דער סטרייק און ער האָט מיט אַמאָל דערפילט אַז אויך ד י שיך זיינען פרעמדע. שוין אין דער יוניאָן, ביי דער פאַרוואונדערונג וואָס דער שרייבער האָט אַרויסגעוויזן ביים פאַר־שרייבן אים: אַ בוכהאַלטער? ווי קומסטו אַהער? האָט ער דערפילט אַז אויך דאָ איז ער אַ פרעמדער. ער איז געגאַנגען פּיקעטן באַגלייך מיט אַלעמען, אָבער ער האָט געפילט אַז ער שטייט און פּיקעט אָט ווי ער וואָלט געשטאַנען און געדאַוונט, געטון עפּעס אַ מצוה. אין דער צייט וואָס די אַנדערע זיינען פּשוט געשטאַנען, געהיט זייער שטיקל ברויט, גרייט זיך צו שלאָגן דערפאַר, אייניקע האָבן אַפילו הנאה גע־האַט פון אַ שטיקל געשלעג. פאַרן שטיקל ברויט דאַרף מען זיך שלאָגן, און ניט נאָר מיט פרעמדע, מיט אַרבעטגעבער, נאָר אויך — און נאָך מער — מיט אייגענע, מיט די ברידער אַרבעטער, און דאָס האָט אים געקריינקט. אַרבעטער קלאַס, רעוואָלוציע . . . אָט דאָס איז דער אַר־בעטער קלאַס? ניין, עפּעס . . . עפּעס איז דאָ ניט קלאָר. מסתמא זיין שולד. אַפילו אַן אַרבעטער קען ער ניט זיין. איבעראַל אַ דורכ־פאַל. אַ דורכפאַל . . .

— נו, וואָס דיינקסטו צו טון? — האָט שלומען אַ פרעג געטון זיין ברודער חיים. אין די עטליכע וואָכן וואָס דער סטרייק איז אָנ־געגאַנגען איז שלום געווען אַן אָפטער אַריינגייער צו זיין ברודער אין הויז. חיים האָט געוואוסט וועגן סטרייק, וועגן דעם „פּראָצעס״ אין געריכט, האָט אַכטונג געגעבן די מאַמע זאָל זיך ניט דערוויסן דערפון, און גאַנץ אָפט גערעדט מיט שלומען וועגן זיין סטרייק, סטרייקס אין

אַלגעמיין, אַרבעטער, גערעדט ווי אַן עלטערער, דערפאַרענער צו אַ יונגן, און שלום האָט זיך אָפּט געוואונדערט ווי קומט עס צו חיימען? ער האָט געדיינקט אַז חיים . ..

— איך ווייס אַליין ניט, — האָט שלום פאַרטראַכט געענטפערט.

— איך דיינק איכ׳ל צוריקגיין צו מיינע צייטונגען, קויפן אַ שטיקל טעריטאָריע.

— דאָס בעסטע וואָס דו קענסט טון.

— דיינקסט אַזוי?

— ווּעסט׳אַך ניט גיין צוריק אין שאָפּ?

— און פאַרוואָס ניט?

— דערפאַר . . . דערפאַר . . . ווייל דו ביסט ניט קיין אַרבעטער.

— האָט חיים געענטפערט מיט אַ שמייכל פון אַן עלטערן, דאָך מיט אַ מין פאַרשעמטקייט. שווער אַנצואווייזן עמיצן אויף אַ חסרון און אים קוקן גלייך אין די אויגן, סיידן מ׳האָט הנאה פון ווי טון יענעם.

— מיט וואָס בין איך ניט קיין אַרבעטער? — האָט שלום אַ פרעג געטון טאַקע שיר ניט באַליידיקט. געוויס, ער אַליין האָט שוין גע־טראַכט ביי זיך אַז ער איז דורכגעפאַלן אַלס אַרבעטער, אָבער פאַר־וואָס דיינקט זיין ברודער אַזוי וועגן אים?

— קוקסט מיך אָן, האַ? ניט נאָר דו, איך אַרבעט שוין לייגגער פון דיר, אַ שווערערע אַרבעט, און בין נאָך אויך ניט קיין אמתער אַרבעטער.

— וואָס הייסט ביי דיר אַן א מ ת ע ר אַרבעטער?

— אַן אמתער אַרבעטער איז דער וואָס אַרבעט זיין גאַנצן לעבן ביי איין פאַך, ווייסט אַז דאָס איז זיין אַרבעט און טראַכט גאַרניט פון קיין אַנדער אַרבעט אָדער גאָר פון מסחר.

— דאָס אַלעס?

חיים האָט אַ קוק געטון אויף זיין ברודער און ערשט דאַן באַגריפן זיין פראַגע. באַנומען די פראַגע, האָט ער מיט אַ שמייכל צוגעגעבן:

— וואָס נאָך ווילסטו? ע ר זאָל מאַכן די סאָציאַלע רעוואָלוציע?

— און פאַרוואָס ניט?

— ביי מיר האָסטו גפועלט. מאַכסט אָבער אַ טעות ווען דו דיינקסט אַז דער אַרבעטער ווערט געבוירן צוליבן קלאַסן קאַמף, סאָצי־אַלער רעוואָלוציע . . . — דער קוק דערביי האָט געזאָגט אַן ווערטער:

איך ווייס, זינט דו גייסט מיט דער מיידל דאָרט, מיט דיין קאָמוניסט־קע. עטל האָט נאָך געהאַט פאַרבינדונגען מיט די שאַפּ מיידלעך, פון זיי זיך דערוואוסט וועגן שלומען מיט עוועלינען און עס, נאַטירליך, איבערגעגעבן היימען. — דער אַמעריקאַנער אַרבעטער לעבט ניט כדי צו מאַכן די רעוואָלוציע. אַן אַרבעטער אַרבעט, וויל מאַכן אַ לעבן פאַר זיך, פאַר זיין ווייב און קינדער, האָבן אַ נישקשהדיקע דירה, אַן אויטאָמאָביל אויב נאָר מעגליך . . .

— צוליב דעם אַליין וועט ער אפשר מוזן מאַכן די רעוואָלוציע.

— אָדער זיך חנפהנען צום באַלעבאָס, גיין סקעבן.

— ניט אַלע גייען דאָך סקעבן.

— ניין, ניט אַלע, אָבער ווייניק, הערסט? זייער ווייניק טראַכטן פון רעוואָלוציע. מיר, אידן, זיינען זייער לייכט אויף דער רעוואָלוציע, דערפאַר אָבער זייער שווער אויף אַרבעט. דער אַמעריקאַנער אַרבע־טער . . .

— דו ביסט ניט קיין אַמעריקאַנער?

— ווי זאָל איך דיר זאָגן? אַמאָל, ווען איך האָב נאָר וואָס זיך אָנגעהויבן אויסגרינען, אַרבעטן, האָט זיך מיר געדוכט אַז איך בין שוין אַן אַמעריקאַנער, איצטער אָ, וואָס מער איך טראַכט וועגן טאַטן . . . ווייסטו? עס דערמאָנט זיך מיר. ווען איך בין געוואָרן, דאָס הייסט ווען עטל האָט מיך געמאַכט, פאַר אַ פּייפּער היינגער, האָט איר ברודער אַ שפּאַס געטון וועגן מיר — אַזוי האָט זי מיר דערציילט — אָט דאָס הייסט אַ איד! אי אַן אַרבעטער, אי אַ באַלעבאָס פאַר זיך. ער איז אַ קלוגער חברה מאַן, וואָלסט אים געמעגט קענען. מיר אידן קענען זייער שווער פאַרטראָגן באַלעבאַטים איבער זיך. און ניט נאָר סתם אידן, אַ ביסל האָט עס צו טון מיט די עלטערן. נו די מאַמע, ווייסטו דאָך — שניט קראָם. און אַפילו דער טאַטע. ווייסט, איך בין געוואָרן אַן אַרבעטער ווייל איך האָב ניט געקענט צוזען דעם טאַטן מיטן קוישיקל . . . דאַן וואָלט איך געוועזן אַוועקגעגאַנגען גראָבן ערד אַבי ניט זיין קיין פּעדלער. קיין פּעדלער בין איך ניט געוואָרן, אָבער אין ערשטן שאַפּ איז מיין ערשטער געשלעג געווען ניט מיטן באַלע־באָס, נאָר מיט אַן אַרבעטער. עה, ווען אַרבעטער זאָלן זיך שוין שלאָגן נאָר מיט די קאַפּיטאַליסטן! דערווייל שלאָגט נאָך איין אַרבע־טער דעם צווייטן. פון פּעדלער בין איך ווייט, אָבער פון טאַטן ניט.

ניט קיין אמתער אַרבעטער. און דו נאָך ווינציקער פון מיר, ביסט מער געראָטן אין טאַטן ווי איך.

— מיטן טאַטן, האָב איך מורא, — האָט שלום אַ זאָג געטון, אַזוי אַרום לאָזנדיק הערן זיין ברודער אַז ער איז מער ניט גענויגט צו רעדן וועגן אַרבעטער, רעוואָלוציע.

— יאָ, מיטן טאַטן איז ניט גוט, — האָט חיים פאַרזאָרגט צוגע־געבן, — ער איז אַ פאַרלאָרענער, — האָט ער שווער אַרויסגערעדט.

— וואָס איז מכח אַן אָפּעראַציע?

— גערעדט מיטן דאָקטאָר. אַן אָפּעראַציע, זאָגט ער, וועט בלויז פאַרלייגערן זיינע מאַטערנישן. ס׳איז אין מאָגן. אַזוי, וויפיל ער׳ט נאָך ציען וועט ער ציען. אויף דער מאַמע איז אַ רחמנות. זי פאַלט פשוט פון די פיס. דו ביסט אין שטוב באַמערקסטו ניט אַזוי, ס׳איז פון איר געוואָרן אַ תל. אַ תל געוואָרן.

— איך באַמערק שוין גאָר. אָבער וואָס זאָל איך טון?

— מ׳דאַרף אים נעמען אין שפּיטאָל.

— אַז ער וויל אָבער ניט!

— איצט, דיינק איך, וועט ער שוין וועלן. אַז עס קומען אָן די ווייטיקן, זאָגט די מאַמע, בעט ער זיך שוין אַליין, זאָל זיין אַ שפּיטאָל, זאָל זיין . . . און טאַקע גלעלט אויך . . . זינט דעם סטרייק . . . אַזוי האָט ברוך דיר געגעבן זיינע פאָר דאָלאַר, גענומען ביי מלכן אויך, זינט דו ביסט אַוועקגעגאַנגען, איז כאַטש נעם לויף נאָך יעדע וואָך אי דעם, אי יענעם. דיר זאָגן דעם אמת, ס׳איז מיר שוין נמאס געוואָרן. אָט פונקט ווי איך וואָלט געקומען בעטן ביי זיי אַ נדבה פאַר זיך. צונעמען אין שפּיטאָל איז . . .

— און די מאַמע?

— די מאַמע, דיינק איך, וועט אַריבערגיין צו מיר.

שלום האָט אַ קוק געטון אויף זיין ברודער. — און איך, הייסט עס, — האָט געזאָגט דער קוק, — איך דאַרף גיין . . .

— דאָס בעסטע וואָס מ׳קען טון, — האָט חיים געענטפערט אויף שלומס קוק. — וואָס דיינקסטו?

— איך דיינק אויך אַזוי, — האָט שלום צוגעגעבן. — האָסטו גע־רעדט מיט איר?

— גערעדט.

— נו?

— זי׳ט גיין, אַ ברירה האָט זי? דו וועסט׳אַך ניט גיין אויפ־האַלטן אַ הויז צוליב זיך מיט דער מאַמע.

גיט עס אים חיים אַן אָנצוהערעניש אַז ער וואָלט עס געדאַרפט טון?

— וועט זיין ביי מיר, — רעדט ווייטער חיים, — וועט זי אַכ־טונג געבן אויף די קינדער. עטל וועט אפשר אַוועקגיין אַרבעטן. איך גלויב אַז דאָס איז דאָס בעסטע וואָס מ׳קען טון. ניט אַזוי?

— יאָ, — האָט שלום שטיל צוגעשטימט און אַ אומעטיקער זיך אָפּגעזעגנט מיט זיין ברודער.

(35)

געקומען פון זיין ברודערס הויז צו זיך אַהיים, האָט שלום מיט אַמאָל דערזען זיין שטוב מיט נייע, פרעמדע אויגן. אָט דאָס איז דאָס הויז וואו ער האָט נאָך צו זיין אַ צוויי דריי טעג; אָט דאָס איז דאָס הויז וואו ער איז געווען. . .וויפיל איז שוין אַז ער איז דאָ אין דעם הויז? איצט דאַרף ער אַוועקגיין. און דער טאַטע דאַרט אין בעט דאַרף אויך אַוועקגיין . . . און די מאַמע? חיים איז געווען גערעכט. זעענדיק די מאַמע יעדן טאָג האָט ער טאַקע ניט באַמערקט ווי אַלט, ווי אויסגעמוטשעט די מאַמע איז געוואָרן. איצט וועט זי אַוועקגיין צו חיימען, אַכטונג געבן אויף זיינע קינדער . . .

שלום האָט מורא געקראַגן די מאַמע זאָל ניט נעמען ריידן צו אים אָט איצטער. ער איז אַריין צו זיך אין אַלקיר, פאַרמאַכט די טיר. ער האָט באַטראַכט די ווענט פון זיין צימער, די בעט, דאָס טישל. אַזאַ פרעמד צימער, און דאָך אַזוי היימיש, אַזוי היימיש, דאָ געלעבט . . . איצט אַוועקגיין . . . — אַן עפּל איידער ער פאַלט אַראָפּ פון צווייג, — איז דורכגעלאָפן אַ בילד ביי שלומען אין מח. דער עפּל קען ניט זען, קען ניט פילן, קען ניט טראַכטן. שלום האָט זיך פאַרטראַכט.

מאַדנע. אַן זיין וויסן, אַן זיין פאַרלאַנג האָט מען אים צוגע־שטופּט צו אַ ברעג. האָט ער דאָך ניט איין מאָל געטראַכט וועגן זיך, עוועליך, אַ הויז. ער און עוועלין — מאַן און ווייב, דאָך האָט ער גע־וואוינט ביי זיין מאַמע, זי ביי אירער. געהייסן האָט עס, ער קען ניט

אַוועקגיין פון טאַטע מאַמע, טאַטע איז קראַנק, ער מוז העלפן אויפ־
האַלטן דאָס הויז, זי מוז אויסהאַלטן איר מאַמע און שוועסטער, אָבער
אין אמתן, אין דער טיפעניש פון זיין האַרצן האָט ער געפילט אַז ניט
דאָס איז געווען די אמתע אורזאַך פון זייער לעבן באַזונדער. האָט ער
דאָך געקענט טון ווי חיים, ברוך — וואוינען באַזונדער און געבן די
פּאָר דאָלאר אין שטוב אַריין, ער האָט געקענט וואוינען מיט עוועלינען
ביי איר מאַמע. אָבער טאַקע דאָס האָט ער ניט געוואָלט. ער און
עוועלין — מאַן און ווייב, דאָס יאָ, ער האָט אָבער ניט געוואָלט זיין
באַווייבט. ניין, ער האָט ניט געוואָלט. נאָך איידער ער האָט געקענט
עוועלינען, צוקוקנדיק זיך צו חיימען מיט עטלען, האָט ער אים אָפּט
מקנא געווען. ווי רואיק זיין לעבן. עטל אַ וואוילע ווייבל, ער וואָלט
געוואָלט האָבן אַזאַ . . . שוועסטער. זיך באַקענט מיט עוועלינען,
האָט ער דערפילט אַז זיין לעבן איז געוואָרן רייכער, פולער. עוועלין,
ניט נאָר אַ מיידל, אַ ווייב, נאָר אויך אַ גוטער חבר. אָבער טאַקע אָט
די חברשאַפט, האָט ער מורא געהאַט, וועט פאַרלאָרן גיין ווען זיי וועלן
אַוועקגיין לעבן צוזאַמען אין איין הויז. מאַן און ווייב, הויז, קינדער.
יאָ, חיים איז אפשר גליקליך, ד אָ ס איז אפשר גליק, אָבער ער
האָט מורא געהאַט פאַר אָט דעם גליק, פאַר אָט דעם שטילן, רואיקן,
איינגעשטעלטן לעבן. איז ער „איינגעשטאַנען“ ביי דער מאַמע, די
מאַמע האָט צוגעגרייט עסן, טרינקען, אַ העמד, זאָקן, צו עוועלינען איז
ער געקומען — אַ מאַן און דאָך אַ געליבטער. איצט. איצט איז גע־
קומען זיין ברודער און אָן זיין וויסן אים אַ שטופּ געטון צום ברעג.
גיי! די מאַמע גייט צו אים, דער טאַטע אין שפּיטאָל . . . און ער?
בלייבן מיט דער מאַמע? אַליין אויפהאַלטן דאָס הויז? ער מיט זיין
מאַמע, עטל מיט אירער. אפשר גאָר איין הויז מיטביידע מאַמעס?
וועט ניט טויגן. און געלט? ער דאַרף עפּעס טון, מוז נעמען עפּעס
טון, אַניט וועלן זיך צעקריכן די פּאָר דאָלאר. אַזוי אויך אַ קנאַפּער
פאַרמעגן. און אַז ער׳ט שוין קריגן אַ ציימונגס טעריטאָריע, די גליקן
וואָס ער׳ט מאַכן, די ערשטע צייט אַלענפאַלס. וואו וועט ער דאָס
אַלץ נעמען? ניין, איצט אויפהאַלטן אַ הויז קען ער ניט. חיים איז
גערעכט. הייסט עס, די מאַמע צו חיימען און ער צו עוועלינען . . .
אַריינגיין צו איר אין הויז, ווערן אַ מאַן, אַ באַלעבאָס, באַווייבט, פאַר־
הייראַט, אַ קינד? . . . אַוועקגיין, זיך אויפהויבן, אַוועקפאָרן, אַוועק־

וואַנדערן. ניו יאָרק . . . אַ שפּענדל, אַ קליין שפּענדל וויגט זיך אויף אַ כוואַליע, די כוואַליע טראָגט מיט זיך געגנוג שמוץ, זי שלאָגט זיך אָן אָן אַ ברעג, וואַרפט אַרויף דאָס שפּענדל, פאַלט אָפּ צוריק און שלעפּט אויך מיט דאָס שפּענדל אויף צוריק. אַ שפּענדל, אַ שפּענדל אויף אַ כוואַליע.

שלום האָט געקוקט אויף דער וואַנט קעגנאיבער, אָבער געזען האָט ער דאָס שפּענדל ווי עס וויגט זיך אויפן וואַסער. אים האָט אַזש גענומען שווינדלען אין די אויגן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, דערזען וועוועליגען. וועוועלין אין שאַפּ, וועוועלין אין דערהיים, וועוועלין מיט אים . . . און ווי האָט ער דאָס אַפילו געקענט אַ טראַכט טון וועגן אַוועקגיין, אַנטלויפן? הונט, מיאוסער נפש, פייגלינג! פייגלינג, מורא פאַרן לעבן, מורא פאַר פאַראַנטוואָרטליכקייט, מורא פאַר אַלץ . . . נאָר זיך באַהאַלטן. געמיינע באַשעפעניש.

ער האָט זיך אויפגעהויבן, גענומען אַרומגיין איבערן צימער. ווי האָט עס אים גאָר געקענט קומען אויפן געדאַנק? שרה. סאָפּיע. די ערשטע אַ שטערנדל תחלת אָוונט . . . די צווייטע אַ רויטער לאָמפּ שפּעט ביינאַכט. וועוועלין — אַ היימישער פייער, וואַרימט און לויכט. אַ הויז, אַ קאַמין, ער און וועוועלין זיצן און קוקן אין פייער אַריין קוקן, שווייגן, און עס איז אַזוי וואַרים, אַזוי גוט, אַזוי שטיל גוט, אַזאַ גוטע שטילקייט, אַזאַ שטילע גוטסקייט. צוגעשוואומען צו אַ ברעג. זיך אַריבערקלייבן צו איר. אַ שמייכל שוועבט אויף שלומס געזיכט. ער זעט, הערט: וועסט מיך אַריינגעמען פאַר אַ קוואַרטיראַנט?

— מיר זיינען זייער פאַרזיכטיק ווען מיר נעמען אריין צו זיך אין הויז. האָט איר עפּעס רעקאָמענדאַציעס? דער עיקר, האָט איר עפּעס אַ פּעט באַנק ביכל?

— אה, אַ באַנק ביכל? דאָס קענען מיר אייך באַווייזן. אַ היבש באַנק ביכל! דער פאַרזיצער פון באַנק איז מיינער אַן עלטער פעטער, מיין זיידנס אַ ברודער, מיין זיידע איז אויך געווען אַ באַנק . . . קוועטשער. ניין, ניט געווען אַ באַנק קוועטשער, אַ חזן איז ער געווען, מיין נאָמען איז טאַקע כאַזאַנאָוויטש, שלום כאַזאַנאָוויטש.

— צופרידן צו קענען אייך, מר. כאַזאַנאָוויטש. איר קענט זיך אַריינקלייבן צו אונז, טאַקע אין אָט דעם אַלקיר דאָ, אָבער פריער וועט איר מוזן זיך איינקויפן אַ בעטל.

— אַ בעטל? דאָ שטייט דאָך אַ בעט. אויב איך מאַך קיין טעות בין איך שוין אין דער בעט אַמאָל געשלאָפן . . .

— אַ מאָל יאָ, אָבער אַלע מאָל, אויף אַלע מאָל דאַרף מען צוויי בעטן, מר. כאַזאַנאָוויטש! — און זי דערלאַנגט אים אַ שנאַל אין נאָז.

יאָ, קויפן נאָך אַ בעטל, און באַשטאַט. זיין פאַרמעגן וועט ער לייכט איינפּאַקן. זיין פאַרמעגן — ביכער, טוט ער אַ וואָרף איין בוך נאָכן צווייטן, ווען עס קומט אָבער צו פּאַפּירן, פּאַפּירלעך, פאַרהאַלט ער זיך. אָט די פּאַפּירלעך . . . לידער . . . צערייסן, צערייסן אַלעס. קיינע לידער מער . . . אַ מאַן, אַ ווייב, אַ הויז, אַ צייטונגס טעריטאָריע, אַ קינד, ווינדעלעך, פּעלישקעס . . . צערייסן, צערייסן, אויס! דאָס פּאַפּירל פאַרהאַלט זיך אָבער אין האַנט, ציט צו די אויגן, די אויגן לייענען, די אויערן פאַרנעמען אַ ריטהם, אַ קלאַנג. ניט קיין שלעכט ליד. ווען האָט ער אָנגעשריבן דאָס ליד? דאָס ליד און נאָך אַ ליד . . . שלום איז שוין געזעסן, געלייענט לידער, געלייגט און איבערגע־לייגט איינצעלנע בלעטלעך, דאָ פאַרריכט אַן אות, דאָרט אויסגעמעקט אַ וואָרט, איין וואָרט בלויז אָבער אַ גאַנצע שורה האָט שוין געשריען: אַנדערש! אַנדערש! הער זיך צו . . . !

שלום האָט זיך צוגעהערט צום ריטהם און קלאַנג פון זיינע לידער ווען ער האָט מיט אַמאָל דערהערט זיין טיר האָט זיך געעפנט. ער האָט ראַפּטאָם אַ דריי געטון דעם קאָפּ.

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? — האָט די מאַמע, אַליין עטוואָס דערשראָקן פון זיין כאַפּ טון זיך, אַ פרעג געטון.

— זיך ניט דערשראָקן, געזעסן פאַרטראַכט, — האָט שלום גע־שטאַמלט, שוין איצט אַ שטייענדיקער, זיינע פינגער האָבן הינטנאַרום געטאַפּט די פּאַפּירלעך, זיי אַוועקשאַרן, באַהאַלטן זיי.

— ביסט געוועזן ביי חיימען? — האָט די מאַמע ניט זיכער געפרעגט.

— יאָ, כ׳בין געוועזן, — האָט שלום געענטפערט און אַ קוק געטון אויף דער מאַמע.

— גערעדט מיט אים?

— גערעדט, — האָט שלום געענטפערט און אַרונטערגעלאָזט די אויגן.

— נו?

— כ׳מיין.

— אַז וואָס זאָל איך טון? ‏'עסט מיר גלויבן, מיין זון, כ'האָב שוין מער קיין כח ניט, איך קען קוים איינשטיין אויף מיינע פיס. — זי האָט זיך אַרונטערגעלאָזט אויף זיין בעט, פאַרדעקט די אויגן, די אַקסלען אירע האָבן געגומען צוקן. — גאָטעניו, פאַרוואָס האסטו מיך אַזוי געשטראָפט? — האָט שלום דערהערט.

אָט דער „גאָטעניו . . . ‟ האָט מיט אַמאָל אַרויפגעבראַכט פאַר שלומס אויגן זיין פאָטער פון צווייטן צימער, דעם טאַטן אין בעט, ווי ער ליגט און פרעגט ביי אים, ביי שלומען: איז וואָס זאָגן דיינע פילאָ־זאָפן, דאָ אַ יענע וועלט צי ניין?

ער האָט זיך צוגעזעצט צו דער מאַמע און אַ פרעג געטון: ווי פילט ער?

די מאַמע האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. אָפּגעווישט די טרערן, האָט זי מיט אַ וויינענדיקער שטימע שטיל גערעדט. — איצט האָט ער איינגעדרימלט, ווייסט'אַך, ער נעמט איין דעם סם דאָרט, דרימלט ער איין, אָבער אַז ער כאַפּט זיך אויף איז איין גאָט זאָל זיך דערבאַרימען. כ'ווייס, אין שפּיטאָל אפשר . . . וואָס ווייס איך? דאָרטן, דאָקטוירים . . .

— אין שפּיטאָל האָבן זיי די בעסטע דאָקטוירים. דאָקטאָר העמ־מאַנד . . . — האָט שלום אַ זאָג געטון, געפילט אַז ער רעדט פאַלשע רייד, די מאַמע פילט די פאַלשקייט, דאָך האָט אים ניט באַנג געטון וואָס ער האָט עס אַרויסגעזאָגט. ער האָט געזען די מאַמע וויל עפּעס הערן, זאָל בדאי זיין אַ פאַלשע האָפענונג, דאָך אַ שטיקל האָפענונג, און אפשר אַ תירוץ, אַ רעכטפאַרטיגונג פאַר זיך, פאַר אים . . .

— און דו?

— איך?

— כ'מיין וואו וועסטו זיך אַהינטון?

דער מאַמעס קוק איז געבליבן הייגנען אויף שלומען. — גיין צו עוועלינען, — האָט זיך שיר ניט אַרויסגעריסן. וואָס קוקט זי אַזוי די מאַמע? ווייסט זי דערפון? איז זי ברוגז למאי ער האָט איר גאָר־ניט געזאָגט, וואַרט זי ער זאָל איר איצטער זאָגן? ניין, ער קען ניט, ער . . . וויל ניט . . . דאָס וועט איר וויי טון. איר זון גייט אַוועק צו . . . עוועלינס מאַמע. ניין, ער'ט ניט זאָגן. — האסט אַ דאגה איכ'ל ניט קריגן קיין צימער?

— יאָ, אַ צימער וועסטו קריגן. אַזאַ דאגה זאָל איך האָבן מיט כ׳ווייס וואָס . . . — זי האָט זיך אויפגעהויבן.
— ווען דיינקסטו וועלן זיי אים צונעמען?
— מיינסט ס׳איז מיר אַזוי גרינג צו . . . — זי האָט ניט געענ־דיקט. טרערן האָבן זי געשטיקט. שלום האָט געמאַכט אַ טראָט, איז געווען לעבן דער מוטער. איר קאָפּ האָט אַ פֿאַל געטון צו זיין ברוסט. זיין האַנט האָט אַ פיר געטון איבער די גרויע האָר, אַ פיר געטון און געבליבן רוען, און ער האָט דערפילט ווי אויך פון זיינע אויגן האָבן זיך אַ שפּאַר געטון טרערן.

(36)

אל מלא רחמים . . .

דער חזן, אַ געלער איד אין ווערן גרוי, מיט אַ שיטער געל בערדל, אַ פּאַמידאָרן רויט און קינדעריש פּנימל, מיט אַ קנעפּל־נעזל, האָט אויסגעזונגען דעם אל מלא רחמים מיט אַזאַ ווייגענדיקער, ציטערנדי־קער שטימע, זיין קינדעריש פּנימל האָט אָנגענומען אַזאַ ווייגענדיקן אויסזען אַז ביי די מייסטע וואָס זיינען געקומען צו דוד כאַזאַנאָ־וויטשעס לויה האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן. אסתר כאַזאַ־נאָוויטש, וואָס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעוויינט אַז די אויגן לעדלעך זיינען ביי איר געווען פאַרשוואָלן, האָט ביי דעם ברייטן, צוויי פּאַסעכ־דיקן רחמים ווידער אויסגעבראָכן אין אַ הילכיקן יאָמער. זי יאָמערט אַזוי ביז וואַנען דער רב פון דודס שול גייט אַרויף מאַכן דעם הספד איבער אים.

דער רב, אַ נידעריק, קיילעכיק מענטשל, מיט אַ פאַרשפּיצט בייכל, אַ טונקל פּנים וואָס גלאַנצט מיטן גלאַנץ פון אַ נאַנען געזיכט, מיט אַ דיקער קאַרטאָפּל נאָז, האָט אַ טאָפּ געטון דאָס פּיצעלע יאַרמעל־קעלע וואָס איז געלעגן ווי אַ קליין פּאַקרישקעלע אויף זיין שפּיץ קאָפּ, פאַרדעקנדיק בלויז דעם קליינעם איי־פאַרמיקן פליך דאָרט, האָט אַ פיר געטון מיט די אויגן: דאָ פּאַר ווען צו ריידן? איינגעבויגן איין אויי־ער צום שמש, געשאָקלט מיטן קאָפּ: יאָ, יאָ, און דאַן אָנגעהויבן:
— . . . און דער נפטר, רב דוד ברב שמול אבא, איז געווען מזרע דוד. און דאַריבער דאַרפן מיר ניט וויינען און דאַרפן ניט קלאָגן, נאָר

זאָגן מזמור לדוד. אַ געזאַנג און אַ לויב צו רב דוד ברב שמואל אבא. ער, ווי דוד המלך, האָט געקענט זאָגן: אחת שאלתי מאת יהוה אותה אבקש שבתי בבית יהוה כל ימי חיי, בלויז איין זאַך האָב איך געבעטן ביי גאָט, זיצן מיין גאַנצן לעבן אין גאָטס הויז . . . עס איז ניט אַוועק־געגאַנגען אַ טאָג וואָס רב דוד זאָל ניט האָבן געווען אין שול, גע־דאַוונט . . .

אסתר האָט ניט געוויינט מער. זי איז געזעסן וויגנדיק זיך מיטן אויבערשטן האַלבן קערפּער און דער קאָפּ האָט צוגעשאָקלט צום רב: יאָ, יאָ, ער איז געגאַנגען אין שול יעדן טאָג.

— און ניט נאָר איז ער געווען אין שול און געדאַוונט, — האָט דער רב געצויגן זיין דרשה, — ער האָט אויך געגעבן זיין נדבה דער שול.

— יאָ, יאָ, — האָט צוגעשאָקלט אסתר. — וואָס ער האָט צוגעבן אויף דער שול, וואָס ער האָט צוגעבן . . .

— . . . און דעריבער קענען מיר זאָגן: מזמור לדוד, יהוה רעי לא אחסר . . . גם כי אלך בגיא צלמות, אַפילו ווען ער גייט אויף יענער וועלט, לא אירא רע כי אתה עמדי, ער גייט אין ליכטיקן גן עדן . . .

— יאָ, יאָ, — שאָקלט אסתר מיטן קאָפּ. אין גן עדן גייט איר דוד . . . זי . . . אויך דאָרטן. גן עדן. גן עדן . . .

ווען מ׳ווערט אָבער פאַרטיק מיטן „זאָגן“, מ׳נעמט אַרויסטראָגן דעם ארון, ברעכט אסתר אויס אין אַ נייעם יאָמערליכן געוויין. די אויגן פאַרשטעלט מיט ביידע הענט, פירט מען זי אונטער די אָרעמס אַרויס פון שטיבל. מ׳זעצט זי אַריין אין אַ אויטאָמאָביל, פאָרן אויפן בית עולם.

אַ לאַנגער וועג צום בית עולם, און אַ לאַנגע רייע אויטאָמאָבילן ציען זיך איינער דיכט הינטערן צווייטן. אַלע שול ברידער פון דער תפארת ישראל שול זיינען געקומען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד זייער שול ברודער דוד כאַזאַנאָוויטש. כבוד, דרך ארץ פאַרן מת. קיין אויטאָמאָביל קרייצט ניט איבער די לאַנגע אויטאָמאָבילן פּראָצעסיע, אַפילו די סיגנאַלן — שטיי און גיי, פאַרלירן זייער שליטה, ניט זיי דיריגירן דעם פאַרקער, דער פאָדערשטער אויטאָמאָביל מיטן מת אינע־וויניק גייט בהדרגה און שטומערהייד, אָן אַ פייף אַפילו, באַפוילט ער: מאַכט אַ וואָרע! דער טויט!

דער טויטער דוד כאַזאַנאָוויטש האָט צוזאַמענגעבראַכט אויפן בית עולם אַפילו אַזעלכע מענטשן מיט וועלכע ער האָט בלויז פאַרביטן אַ גוט שבת אַ גוט יאָר, אָפגערעדט שוין פון זיינע מחותנים זלמן זייד־מאַן, בארני קאהן. דער טויטער דוד כאַזאַנאָוויטש האָט אויך, צום לעצטן מאָל, צוזאַמענגעבראַכט זיינע פיר זין. ביי די פיר ווינקלען פון קבר זיינען געשטאַנען די פיר זין, געשטאַנען מיט ארונטערגעלאָז־טע קעפּ, געקוקט צום ארון.

אָט דאָ ליגט דער טויטער קערפּער פונם פאָטער דוד כאַזאַנאָ־וויטש. ער — זייער אַלעמענס טאַטע. זיי אַלע מזרע דוד. ער איי־נער איז פון זייערטוועגן געגאַנגען איבער די גאַסן, געשלעפּט דאָס קוישיקל, דעם פּאַק מיט סחורה, געקלאַפּט אין טירן, כדי זיי, זיינע קינדער, זאָלן האָבן וואָס צו עסן, זאָלן קענען לערנען, זיי זאָלן שוין ניט דאַרפן קלאַפּן אין קיינע טירן. ער, צוזאַמען מיט דער מוטער וואָס שטייט צווישן צוויי פון אירע פיר זין, האָבן זיך געפּלאָגט אין אַ קרעמל, געהאָרעוועט, ניט פאַר זיך, מישטיינס געזאָגט וואָס זיי האָבן שוין געדאַרפט, פאַר די קינדער. ער, אָט דער דוד כאַזאַנאָוויטש וואָס ליגט איצט אַ טויטער אין דעם קאַסטן, האָט פאַרבונדן זיינע פיר זין מיט זיך, האָט זיי אַלע צוזאַמענגענומען כאַטש איין מאָל אין יאָר, פּסח צום סדר זיינען זיי אַלע געזעסן ביי זיין טיש. ער, אָט דער דוד כאַ־זאַנאָוויטש וואָס ליגט איצט אַ טויטער, האָט אַפילו מיט זיין קריינק פאַרבונדן די פיר זין זיינע מיט זיך. איצט ליגט ער אַ טויטער. זיינע פיר זין שטייען ביי די פיר ווינקלען פון ארון, פון קבר, זייער אַלעמענס אויגן צום איינעם ארון, צום מת אין ארון.

אל מלא רחמים . . .

אסתר כאַזאַנאָוויטש צעווייגט זיך ווידער אויף אַ קול. צווישן עולם הערט זיך אויך אַ געוויין. די פיר זין הויבן אויף די אויגן צו דער מאַמע. זייערע בליקן באַגעגענען זיך. שלום כאַזאַנאָוויטש כאַפּט זיך ער האָט געזוכט ביי זיין ברודער מלך, ביי זיין ברודער לעראָי טשייס, דעם שוואַרצן באַנד אַרום זיין אַרבל. עס וואָלט געפּאַסט ער זאָל אַזוי קומען צו דער לויה, אָט ווי ער איז געקומען צום לעצטן סדר מיט אַ בוקעט בלומען. טאַקע אַ וואונדער וואָס ער האָט ניט געבראַכט קיין בלומען אויפן טאַטנס קבר, אַזוי פירט זיך דאָך באַלייטן, דאָס זעט מען דאָך אין די מואוויס . . . קיין שוואַרצער באַנד ניט, דערפאַר

זעט זיך דייטליך אַ טיכעלע מיט שוואַרצע ברעגן. נו, ווי דען? ווי ער האָסט אים! האָסט אים . . .

אַ לייכטער, אָפּגעהאַקטער דונער האָט געטון אַ לויף דורך. דאָס ערשטע רידל ערד איז אַרונטערגעפאַלן אויפן ארון. די מוטער האָט זיך אַ ריס געטון פאָראויס. חיים האָט זי אַ צי געטון צוריק, די אי־בעריקע דריי זין האָבן ווידער אַ קוק געטון אויף דער מוטער און שלום האָט זיך ווידער געכאַפּט אַז ער קוקט אויף זיין ברודער לעראַי, זעט ווי יענער שעמט זיך מיט דער מאַמעס הילכיקן געוויין. ער קען לייע־נען אויף לעראַיס פּנים: באַרבאַרן, ווילדע מענטשן! וויינען אויף אַ קול, יאָמערן, קענען זיך ניט קאָנטראָלירן ווי ציוויליזירטע מענטשן, ווי אַמעריקאַנער, ווי איך.

ניט קוקן אויף זיי. ניט זען זיי. פאַרוואָס נעמט עס אזוי לאַנג? נאָכוואָס אַזוי פיל מלאָס. ווען ענדיקט זיך עס שוין! . . . צדיק אתה ה׳׳ . . . ד׳׳ נתן ד׳׳ לקח . . . והוא רחום . . .

קדיש.

חיים זאָגט קדיש. ער זאָגט פון עפּעס אַ מין ספרל, זאָגט פּאַמע־ליך, אין דער פּאַמעליכקייט אַן איינגעהאַלטנקייט, זאָל ער, חלילה, פּרואוון אַ זאָג טון גיכער, וועלן די טרערן זיך אַ שפּאַר טון, טרערן וועלן איבעריאָגן די ווערטער.

חיים האָט געענדיקט זאָגן קדיש. עטליכע שול אידן זיינען צוגע־גאַנגען, אָנגענומען אַ ביסל ערד אויפן רידל, אַ וואָרף געטון, מורמלענ־דיק עפּעס דערביי. גלייך נאָך די איינצעלנע לאָפּעטעס ערד האָבן צוויי גרעבער, טאָג אַרבעטער, גענומען וואָרפן ערד. זיי האָבן אָנגע־נומען פולע גראָב אייזנס, געוואָרפן שנעל, אַריינגעשטופּט דעם גראָב אייזן אין דער אויסגעגראָבענער ערד און אַרונטערגעשאַרט מיט אַמאָל אַ סך ערד אין קבר אַריין. גיכער! גיכער! פאַרשיטן די גרוב! זיי איילן זיך אַפילו ניט, זיי אַרבעטן פון טאָג, אָבער זיי האָבן פיינט צו טון אַרבעט ווען אַלע שטייען און קוקן. וואָס שטייען זיי נאָך? פאַר־וואָס גייען זיי שוין ניט אַוועק? האָבן מורא מירן לאָזן דעם קבר אָפן?

דאָס שנעלע אַרבעטן פון די באַגרעבער האָט געיאָגט די אבלים.

— וואָס שטייען מיר נאָך? — האָבן זיי זיך איבערגעקוקט. מ׳קען שוין אפשר אַוועקגיין? איינער רוקט זיך אַרויס, אַ צווייטער, אַ דריי־טער. ווער עס גייט געוואוירע ווערן צו אַ קבר פון אַן אייגענעם, ווער

עס האָט שוין געלאָזט זיין אויטאָמאָביל. דער איינער געלאָזטער אוי־טאָמאָביל איז אַ סיגנאַל פאַר אַלע אַנדערע. ניט נאָר הערט זיך שוין דאָס פירכען פון אויטאָמאָבילן, עס הערט זיך שוין אויך אַ פייף — דאָס רופט איינער, אַ פאַרנומענער געשעפטסמאַן, זיינע מיטפאַרער, ניטאָ קיין צייט, דער טאָג שטייט ניט.

דער אויטאָמאָביל פייף — אַ מין פאַרשווערונג פון טויט, אַ דער־מאָנונג אין לעבן. דוד כאַזאַנאָוויטשעס פיר זין זיינען שוין אויך גע־ווען גרייט צו פאַרלאָזן דעם קבר. די פיר ווינקלען פון ארון זיינען שוין באַהאַלטן, די פיר ווינקלען פון קבר זיינען פאַרווישט געוואָרן, אַ פאַרקיילעכיקט בערגל פרישע ערד האָט זיך שוין געהויפנט, צו דעם בערגל ערד איז געווען געריכטעט דער מוטערס קוק.

חיים האָט אָנגענומען די מוטער אונטערן אָרעם. די פיר ברידער זיינען אָפּגעגאַנגען פון קבר, זיך צעגאַנגען יעדער איינער צו זיין אוי־טאָמאָביל, יעדער איינער אין זיין וועג.



פון דעמזעלבן שרייבער:

ערציילונגען — — — — 1921

בלעטער פאַלן — — — — 1926

די שמאַלץ גרוב — — — 1933

אַ בליאַסק אויף טאָג — — 1935

מאָטיוון — — — — — 1940

רויט און שוואַרץ — — — 1945